# יעקב גאָרדין׳ס דראַמען

ערסטער באַנד

גאָט, מענש און טייפעל
אלישע בן אבויה
דער מטורף
סאַפאָ
אויף די בערג

פּראַכט־אויסגאַבע

פערלאַג פון דעם
„סוירקעל פון יעקב גאָרדין׳ס
פריינט“

## פערזאָנען

(און די אַרטיסטען, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען ביי דער ערסטער אויפפיהרונג).

---

הערשעלע דובראָװנער, סת"ם, — עטליכע און פיערציג יאָהר אַלט ...... דוד קעסלער

פּעסעניו, זיין ווייב, — די זעלבע יאָהרען............מאדאם ווילענסקי

ר' לייזער בדחן, זיין פּאָטער, 70 יאהר אַלט.............ס. טאָרנבערג

פריידעניו } זיינע פלימעניצעס, 18 און 16 יאָהר אַלט .מאדאם ב. קאַליש

ציפּעניו } ..מאדאם פיינמאַן

חאַצקעל דראַכמע, זיין פריינד, אַ וועבער, — עטליכע און פיערציג יאהר אַלט..............................לעאָן בלאַנק

דאָבע, זיין פרוי, אַ קורצזיכטיגע, — די זעלבע יאָהרען...מאדאם נאדאלסקי

מאָטעלע, זייער זוהן, אַ 20 יאָהר אַלט...............דזשייקאָב קאָהן

אוריאל מזיק, — אַ יאָהר 30 אַלט................מ. מאָשקאָוויטש

עס קומט פאָר אין דובראָװנע, רוסלאנד, אין אונזער צייט.

## פראָלאָג — (אין הימעל).

(דער כסא הכבוד אין דער הויך, אונטען — הימלען, וואָלקענס, פיעל שטערען.
זעהר פיעל ענגלען, יונגע שוועבען אין דער לופטען, אַלטע מלאכים
ביי די טרעפּ פון כסא הכבוד, דער שטן שטעהט בעזונדער
פון דער ווייטען.)

כאָר פון יונגע מלאכים:

שטארבען שטארבט אַלעס, וואָס איז און וואָס לעבט,
דאָס לעבען אַליין איז אונשטערבליך.
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואָס וויל און וואָס שטרעבט,
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך...

כאָר פון אַלטע מלאכים:

די ווארהייט איז אייביג, אייביג און איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אַליין.

יונגע מלאכים:

עס שטארבען די פאָרמען, דער שטאָף אָבער לעבט,
די אידעע פון דער פאָרם איז ניט שטערבליך.
אידעע און שטאָף צוזאמענגעוועבט,
דאָס איז גייסט און נאטור, ס'איז אונשטערבליך.

אַלטע מלאכים:

די ווארהייט איז אייביג, אייביג און איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אַליין.

יונגע מלאכים:

אָהן אידעען — דער שטאָף איז פון כאאָס א וועלט
אַלעס איז תהו ובהו:
פאָרמען פון כאאָס שאפט אינטעלעקט,
וואָס בעלעבט דעם שטאָף מיט אידעע.

אַלטע מלאכים:

די ווארהייט איז אייביג, אייביג און איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אַליין.

יונגע מלאכים:

עס שטרעבען די פֿאָרמען אַלס העכער אַרויף
אויף דעם נאַטירליכען לייטער פון׳ם לעבען.
אינטעלעקט, אָדער ווילען, אָדער שאַפֿענדער גייסט ?
דאָס איז צו ענטוויקלונג דאָס שטרעבען.

אַלטע מלאכים:

די וואַרהייט איז אייביג, אייביג און איין:
גוטעס און שעהנעס איז וואַרהייט אַליין.

(עס הערט זיך אַ מעכטיגער קול שופר. אַ בעוועגונג.)

אַן אַלטער מלאך: ער געהט! ער געהט, דער שאַפֿענדער גייסט פון דער אייביגקייט, דער אונשטערבליכער גייסט פון דער וואַרהייט!

אַלע מלאכים: היה, הוה ויהיה!

(אַלע קניען אויסער דעם שטן).

גאָט (אונגעזעהן, מען הערט נאָר זיין שטימע פון כסא הכבוד): אייביג־קייט און האַרמאָניע אין די הימלען און אין אַלע וועלטען, אין דעם אונבע־גרייפליכען רוים און אין דער אונענדליכער צייט.

אַלע מלאכים: היה, הוה ויהיה!

גאָט: וואָס איז נייעס? איז דער שטן דאָ צווישען די בני אלהים?

שטן (טרעט צו, נייגט זיך): דאָ בין איך, אַלטער הער. (אַפּאַרט) מאַנאָטאָן און לאַנגווייליג ציהט זיך דאָ אין די הימלען די צייט, און נאָר מיינע נייעס פון דער מענשען־וועלט מונטערען זיי דאָ אַ ביסעל אויף. די נאַרישע פערדאָרבענע מענשען זיינען מקנא די געטער. נאַרען! עס גיט ניט קיין גליק דאָרט, וואו עס איז ניטאָ קיין אונגליק, ניטאָ פרייד, וואו עס זיינען ניטאָ קיין טרערען, ניטאָ קיין פערגעניגען, וואו עס גיט ניט קיין פערלאַנג, ניטאָ קיין „פיהלען“, וואו עס עקזיסטירען ניט קיין ליידענשאַפטען, ניטאָ קיין צופריעדענהייט, וואו עס גיט ניט קיין קאַמפף, ניטאָ קיין נייעס, וואו עס גיט ניט קיין אויפרעגונג! זיי ווייסען דאָרט ניט, דאָס איין אויגענבליק פון דעם שוואַכען מענשענ׳ס לעבען האָט מעהר אינטערעס, ווי אַ גאַנצע אייביגקייט פון אַ מעכטיגען גאָט! און דאָך! כע! כע! די געטער קענען זיין מענשען און ווילען ניט, די מענשען ווילען זיין געטער און קענען ניט.

גאָט: שטן, פון וואַנען קומסטו יעצט?

שטן: איך האָב געוואַנדעלט איבער דער וועלט און געשפּאַצירט איבער איהר.

גאָט: וואָס הערט זיך נייעס צווישען אדם׳ס קינדער, וועלכע מיר האָבען בעשאַפען אין אונזער געטליכען געשטאַלט?

שטן: קיינע נייעס! זיי װיעדערהאָלען אימער איינע און די זעלבע דומהייטען.

גאָט: ווי? קיינע נייעס צווישען די בעשעפּעניסען, וועלכע שטרעבען אימער העכער און ווייטער, וועלכע בערוהיגען זיך ניט אויף איין אויגענ־בליק, וועלכע דענקען נאָר פון נייע ערפינדונגען, פון ענטוויקלונג און פער־בעסערונג?

שטן: זייער גייסט שטרעבט הויך און דאָך זיינען זיי זעהר טיעף פערזונקען אינ׳ם שמוץ און קויט פון זייער מאַטעריעלען לעבען, ערפונדען האָבען זיי זעהר פיעל נייעס און וואַלגערען זיך נאָך אימער אין זייערע אַלטע, פון דער צייט פערפוילטע און פערשימעלטע איינריכטונגען. פון אויסווענינג האָבען זיי זיך זעהר פיעל פערבעסערט און פערשעהנערט, און פון אינעווענינג זיינען זיי נאָך מעהר פערדאָרבען און פערקריפּעלט; אין דעם ניי־געבילדעטען מענשען זיצט דער אַלטער ווילדער אדם.

גאָט: שטן, דער גייסט פון פערניינונג ביזטו, דאַרום פערניינסטו דעם מענשענס גוטע אייגענשאַפטען. דונקעל ביזטו און נאָר דונקעלעס זעהסטו אַרום זיך. ווי?! טויזענדער יאָהר זיינען פאָראיבער זייט אדם האָט געגעסען פון עץ הדעת און איך האָב איהם פעריאָגט פון גן־עדן, טויזענדער יאָהר געהט ער זייט דאַן אַלץ פאָראויס און פאָראויס, און דו געפינסט איהם נאָך אימער אויף דעם זעלבען אָרט, נעבען די טויערען פון גן־עדן? אונזין!

שטן: אַלטער הער, דער מענש איז ווירקליך זעהר ווייט פון די טויערען פון גן־עדן. ער זאָל שטעהן אויף זיין אַלטען פּלאַץ, וואָלט ער זיך געוויס אומגעקעהרט צוריק. וואָרום דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, האָט ער ניט געפונען, און דיינע וועכטער, די צוויי כרובים, זיינען פון דער צייט געוואָרען אַלט און שוואַך, און דער להט החרב המתהפכת — דער שאַרפער שווערד, וואָס דו האָסט זיי געגעבען, איז געוואָרען פערראָסט און שטומפּף. ניין! דער מענש האָט ווירקליך אַוועק געמאַרשירט ווייט פון די טויערען פון גן־עדן, אָבער וואָס קומט דערפון, אַז ער טראָגט מיט זיך זיין ווילדנעס? ער ציהט פון איין פּלאַץ אויפ׳ן אַנדערען און שלעפּט מיט זיך זיינע אַלטע לומפּען! ער האָט אָנגעזאַמעלט גרויסע רייכטימער און איז געבליעבען רויבער און בעטלער! ער האָט ערפונדען זשעניאַלע הילפסווערקע צו פערגרינגערען זיין לעבען און דענקט נאָר דערפון, ווי אַזוי דעם אַנדערענס לעבען שווערער צו מאַכען! ער האָט מעכטיגע מיטלען צו פערניכטען די הינדערניסע, וועלכע די נאַטור שטעלט איהם, און ער בענוצט זיך אַם מייסטען מיט דיעזע מיטלען נאָר צו פערניכטען זיינע מיטמענשען! אַלטער הער, אדם׳ס קינדער זיינען ווי אַ מאָל צוטיילט אויף הבל׳ס און קין׳ס: די ערשטע ווערען אימער ערמאָר־

דעט, די צווייטע בלייבען אייביגע מערדערס! אינ'ם נייעם געבילדעטען מענשען זיצט דער אלטער אדם!

גאָט: דער ניי־געבילדעטער מענש, ווי איך זעה, געפעהלט דיר ניט. די ווארהייט געזאָגט, מיר אליין איז אויך דער אלטמאָדישער מענש פיעל סימפאטישער. זאָג מיר נאָר, האָסטו געהערט, אָדער פילייכט אליין בעגעגענט דאָרט אויף דער ערד מיין טרייען ליעבען קנעכט — הערשעלע דובראָוונער, זאָגאר פאר דעם גרעסטען גאָט פון די געטער איז אַ פרייד צו האָבען אזא דיענער און פערעהרער.

שטן: הערשעלע סת"ם? הערשעלע דובראָוונער? איך קען איהם. אַ איד — אַ קינד פון דיין אלטען געליעבטען פאָלק. כע! כע! כע! ער שרייבט דיינע היילינע געזעצע אויף פעל פון קעלבער און פערדיענט איינינע גראָשענס אין דיין היילינען נאָמען.

גאָט: איז ער ניט מערקווירדיג פרום?

שטן: יא, ער איז פרום, ווייל ער איז דום און אונוויסענד.

גאָט: איז ער ניט אַ זעלטענער גוטער מענש?

שטן: יא, ער איז גוט, ווייל יעדער קבצן איז אַ בעל צדקה.

גאָט: האָסטו נאָך געזעהן, ווער עס זאָל זיין אזוי ריין אין זיין פאמיליען־לעבען, ווי מיין איד?

שטן: עס איז דערפאר, ווייל זיין עלענדעס לעבען דערוויטערט פון איהם יעדען נסיון.

גאָט: איז ער ניט אַ טרייער, אויפריכטיגער, איבערגעבענער פריינד?

שטן: עס איז דערפאר, ווייל ער האָט ניט מיט וואָס צו טיילען זיך מיט זיי.

גאָט: שטן, שווייג! ער איז אַן עהרליכער מאַן!

שטן: מענשען זיינען עהרליך נאָר דאַן, ווען די עהרליכקייט קאָסט זיי ניט טייער, אָדער ווען די עהרליכקייט ברענגט זיי פראָפיט. ערלויב מיר, איך זאָל איהם נעהמען אויספּרואווען, ועסטו אליין זעהן, ווי מען קען זיך פערלאָזען זאָגאר אויף דעם פיינסטען און בעסטען פון זיי.

גאָט: איך וויל עס זעהן.

שטן: גוט, אָבגעמאכט, דיעזע אויפגאבע וועט מיר ניט זעהר שווער זיין.

גאָט: מיט וועלכע מיטלען דענקסטו אויף איהם צו ווירקען?

שטן: דיין טרייען קנעכט איוב האָסטו ערלויבט פּרואווען מיט צרות, אַ יעצטיגען איד קען מען מיט צרות ניט שרעקען. דער געלערענטער דאָקטאָר פאוסט האָט מיר זיין זעלע פערקויפט פיר איין אויגענבליק פערגעניגען. אזוי

האנדלען קען מען נאָר מיט אַ גוי: אַ איד וועט פאַר פערגעניגען טייער ניט בעצאָהלען. אַלמעכטיגער הער, דו ערלויב מיר איהם פרואווען מיט געלד. יא מיט געלד, מיט קלינגערס...

גאָט: דו גלויבסט, דאָס ביי דיעזען גוטען, פרומען, ערנסטען, מיט אַלע געדאַנקען אין מיין תורה פערטיעפטען אידען, וועט שפּיעלען אַ ראָלע אַזא אונווירדיגע זאַך, ווי געלד?

שטן: מענשען, וועלכע האָבען פרייהייט, רוהם, מאַכט, לאַנד, — אָפּפערען דאָס אַלעס צוליעב געלד, אַ פשיטה שוין דער איד, וואָס האָט אינ׳ם געלד זיין איינציגע שטיצע, זיין איינציגע בעפריעדיגונג פון זיין עהרגייץ? אָה, דו לאָז מיך נאָר צו מיט אַ זעקעל גאָלד צו איהם, ועסטו זעהן, וואָס עס וועט ווערען פון זיין פרומקייט, גוטסקייט, עהרליכקייט, פאַמיליען־לעבען, פריינדשאַפט און אַלע איבעריגע טוגענדען, מיט וועלכע דו שטאָלצירסט?

גאָט: געה און פרואוו!

שטן: אַלטער הער, צווישען פיעלע האָסטו איינעם געהאַט און דעם האָסטו שוין אויך פערלאָרען. איך וויים, מען קען ביי אַ אידען קיין מציאות ניט האַנדלען און דאָך, וועט עס מיך ביליג קאָסטען. (רעכענט אויף די פינגער) פרומקייט? דאָס איז אַן אַלטע איינגעוואָרצעלטע געוואוינהייט, פאַר איהר וועל איך מוזען גוט בעצאָהלען. גוטסקייט? דיעזע טוגענד האָבען זיי נאָר ראַן, ווען זיי האַלטען זיך ניט פאַר קיין חכמים. ווי ער ווערט נאָר אַ חכם, אוים גוטסקייט! כע! כע! כע! גוט איז נאָר אַ נאַר! פאַמיליען־לעבען? דאָס איז נאָר אַליגען, פערדעקט מיט׳ן פאַרטוך פון פרומקייט. דאָס איז אַ פאָרם פון שקלאַפעריי, געשטיצט אויף געזעצע, זנות אונטער דער מאַסקע פון אַנשטענדיגקייט. ע! דיעזע טוגענד קען מען ביי זיי קויפען אָהן אַ גראָשען געלד. מען דאַרף נאָר בעטען מיין שוועסטער־קינד, דער יצר הרע זאָל מיר אַביסעל אונטערהעלפען. עהרליכקייט? נו, אויב ער האָט פרנסה פון עהרליכקייט, וועט מען איהם מוזען בעצאָהלען. אַלטער הער, מיר וועלען האָבען שפּאַס. איך וויים, דער שפּאַס פון די געטער קאָסט דעם מענשען געבעך זעהר טייער, עס איז אָבער זיין אייגענע שולד. וויל דער מענש זיין אונטערוואָרפען (ווינקט אויפ׳ן טראָהן), זאָל ער דולדען, ליידען און ערטראַגען! (אַ קול שופר).

גאָט: איינינגקייט און האַרמאָניע אין די הימלען, אין אַלע וועלטען, אין דעם אונבעגרייפליכען רוים, אין דער אונענדליכער צייט. (פערשווינדעט.)

אַלע מלאכים:

היה, הוה ויהיה!

כאָר פון יונגע מלאכים:

שטאַרבען שטאַרבט אַלעס, וואָס איז און וואָס לעבט,
דאָס לעבען אַליין איז אונשטערבליך.
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואָס וויל און וואָס שטרעבט,
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך...

כאָר פון אַלטע מלאכים:

די וואַרהייט איז אייביג, אייביג און איין;
געטעס און שעהנעס איז וואַרהייט אַליין.

(פ אָ ר ה א נ ג.)

## ערשטער אַקט.

אַ גרויסעס, אָרימעס צימער, צוויי פענסטער צו דער גאַס, פערפרוירען, איין שויב אויסגעבראָכען און פערשטאָפּט מיט אַ שמאַטע. אין מיטען שטוב אַ גרויסער ווייסער טיש, אויף וועלכען עס ליעגען עטליכע יריעות (פּערגאמענט) און אַ חומש, צוגעדעקט מיט אַן אַלטען פּרוכת. אויפ׳ן טיש ברענט אַ לאָמפּ, שטעהט אַ גרויסער טינטער מיט עטליכע געגזענע פעדערען, אָן אַ זייט נאָך אַ טיש בעדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, ביי דער טהיר אַן אויווען. ביי דער וואַנד נעבען טהיר ברענען פינף חנוכה־ליכטלעך. צווישען אויווען און דער וואַנד שטעהט אַ בעט, פערהאַנגען מיט אַ רויטען פאָרהאַנג. אויף דער וואַנד אין אַ שוואַרצען זעקעלע הענגט אַ פּיעדעל).

פּעסעניו: (ביי וועלכער עס איז פערבונדען און מיט וואַטע פערוויקעלט איין באַק, שיילט קאַרטאָפּליעס ביים אויווען, אין וועלכען עס ברענט פייער. זי טראָגט אַן אַלטען וואַרימען בורנוס. לייזער און פריידעניו זיצעןביידע נעבען די חנוכה־ליכטלעך. ער רייסט פעדערען פון אַ גרויסען געגזענעם פליעגעל און זי שערט זיי אַרום מיט אַ שערעל און שניצט אויס דריי־עקיגע שפּיצען.)

ציפּעניו: (האַלט איין פוס אויף אַ קליין ביינקעלע און בינדט צו די פּאַדעשווע פון שוך מיט אַ שטיקעל אָקראַיקע).

פּעסעניו: נו, ציפּעלע, זאָלסטו געזונד זיין, וואָס קלייבסטו זיך אַזוי?

ציפּעניו: שוין, מומעניו! איך בינד צו די פּאָדמיאָטקע צום שוך מיט אַ שטיקעל אָקראַיקע. אַז איך געה שלאָגט זיך אָן שנעע און ביי יעדען טריט שיסט עס אוים: ליאַפּ! ליאַפּ! כאַ־כאַ־כאַ! דאָס איז יאַ, אַז גאָט וויל, שיסט אפילו אַ פּאָדמיאַטקע. נו, וואָס זאָל איך זיי זאָגען?

פּעסעניו: וועסט זאָגען, אַז ר׳ חאַצקעל, דאָבע און מאָטעלע — אַלע זאָלען באַלד קומען אַהער. ביי אונז איז היינט אַ שמחה. אי, מיינע ציין!

ציפּעניו: איך וועל זיי זאָגען: ביי אונז איז היינט אַ גרויסער באַל, כאַ! כאַ! כאַ!

לייזער: נעהמט זי און לאַכט זי! איין פרעהליכער קבצן איז בעסער פון צוויי אומעטיגע גבירים, כע־כע!

פּעסעניו: שטיפעריו, פּלאַפּלעריו, זאָל זיין אַ באַל. זאָג זיי, ערשטענס, איז היינט די פינפטע ליכטעל. ביי לייטען עסט מען היינט לאַטקעס. מיר,

אומשטיינס געזאָגט, האָבען ניט קיין גענוג׳ע שמאַלץ און קיין רעטשענע מעהל, ווע‏לען מיר מאַכען אזוי א סעודה... הערינג צוהאַקען און... אָי, מיינע ציין!

**ציפּעניו**: איך ווייס. ווי דער זיידע זאָגט צום גראַם: א סעודה ווי א דודע, הערינג געהאַקטע און קאַרטאָפליעס געבאַקטע. (פערבינדט דעם קאָפּ מיט אַן אַלטען וואַרימען שאַל.)

**לייזער**: און וועהטאָג פון ציין מיט אַביסעלע כריין. אי, ציפקע סתם, מאַכסט א תל פון מיין גראַם. שש! קום אהער, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגען בסוד (זאָגט איהר אין אויער) זאָג זיי... שש!... עס איז דאָ א גאַנצער גראַפין ראָזינקעס ווייַן, יין צמוקים!

**ציפּעניו** (ווינקט צו איהם און לאַכט): אָה! משקה פון דער פליאַשקע?

**פּעסעניו**: הער־זשע, צוויטענס, דער פעטער ענדיגט היינט אין א גוטע שעה די תורה, וועלכע ער שרייבט שוין זעקס חדשים. מיר האָבען א סיום התורה. זאָג זיי, דער פעטער האָט געזאָגט, זיי זאָלען למען השם קומען. נאַ, ציפּעלע, טהו אָן מיין בורנוס, עס איז זעהר קאַלט. (טהוט פון זיך אויס דעם בורנוס און וואַרפט איהם אויף איהר ארויף.)

**ציפּעניו**: אייער בורנוס איז פונקט אויף מיין מאָס. כאַ־כאַ־כאַ! איך לויף! (אב.)

**פּעסעניו**: אָי, מיינע ציין! מיר דאַכט זיך, איך וועל זיך באַלד אָנהויבען דראַפּען אויף די ווענד. פריידעניו, וואָס טהוסטו דאָס? דו ווייסט ניט, אז ביי חנוכה־ליכט טאָר מען קיין ארבייט ניט טהאָן? שווער לעבען, עס איז א גרויסע עבירה.

**לייזער** (מיט׳ן ניגון פון אקדמות): האָב ניט מורא, עס איז ניט קיין עבירה; עס איז פעדערען צו שרייבען א תורה.

**פריידעניו**: יא, מומעניו, דאָס איז א הייליגע אַרבייט, איהר וועט פרעגען דעם פעטער. עס איז נאָך א מצוה. גאָט׳ס תורה און גאָט׳ס ליכט איז איינע און די זעלבע זאַך.

**פּעסעניו**: אָי, מיינע ציין. אַזאַ ביטערע קעלט, ציפּעניו זאָל זיך חלילה ניט פערקיהלען. איך ווייס, איך האָב די ציין פערקיהלט, ווייל עס בלאָזט דאָ פון פענסטער. אי, רבש״ע! עס זאָל זיך כאָטש מאַכען נאָך וועמען צו שרייבען א ספר. מען דאַרף אזוי נויטיג געלד. ציפּעניו איז אָבגעריסען, אָבגעשליסען — איהר האָט ביידע קיין מלבושים׳לעך ניט... דו ביזט דאָך שוין א מויד, קיין עין הרע... מען וואָלט דיר געדאַרפט מאַכען א נייע קלייד און... און... איך ווייס, אפשר ועסטו גיך אין א גוטע שעה ווערען א כלה.

לייזער: אי, איך ווייס. שש! גיב אהער דעם אויער (זאָגט איהר אויפ'ן אויער) דער גנב מאָטעלע איז אַרויסגעוואַקסען פון דער קאַפּאָטעלע.

פריידעניו: איך וויל זיך ניט מאַכען ניט־ווייסענדיג. איך פערשטעה: ר' חאצקעל וויל, אַז ביי מיר מיט זיין מאָטעלע זאָל זיין אַ שידוך? אָי, איך וואָלט ניט געוואָלט שוין נעהמען אויף מיין קאָפּ אַזאַ שווערען יאָך, נאָר אויב דער פעטער וועט זאָגען, אַז איך דארף אַ כלה ווערען, וועל איך געווים פאָלגען. אבער קליידער איז אַ נאַרישקייט. איך וויל זאָגען: עס איז זעהר אַ גרויסע עולה, וואָס מען מאַכט פאַר אידישע טעכטער אזוי פיעל קליידער ווען זיי ווערען כלות. איך מיין, אַז טייערע שעהנע קליידער זיינען אַן איבריגע זאַך. פון קעלט דארף מען וואַרימע קליידער און פון מיאוס'קייט ווערען שעהנע קליידער ניט העלפען.

פעסעניו: ביזט געוואַנט: שעהנע קליידער האָט אויסגעטראַכט דער יצר הרע.

לייזער: מע זאָגט יאַקבי, אַז דער ערשטער זשענסקי שניידער איז געווען דער ניט־דאָ־געדאַכט אַליין.

פעסעניו: אָי, שווער לעבען, נאָך וואָס דאַרפט איהר איהם דערמאָהנען דאָ אין שטוב און נאָך ביינאַכט? געוואַלד מיינע ציין.. אַן אַלטער מאַן זאָל ניט וויסען עפּעס אַ תרופה צו ציין־וועהטאָג. אי, הפנים אייך הארט ניט?

פריידעניו: מומעניו, מיט גראַם קען מען ניט אָבשפּרעכען קיין ציין־וועהטאָג; איך מיין, פערקעהרט, מען קען פון גראַם ציין־וועהטאָג קריגען. ווער רעדט נאָך פונ'ם זיידען'ס גראַם...

לייזער: שש.. איך קען דיר זאָגען בסוד: איך האָב אַ גוטע תרופה... דו זאָגסט מיך הארט ניט? וועסט באַלד זעהן, (געהט און נעהמט פון ווינקעלע אַ בעזים) דו, שנור לעבען, נעהם דעם בעזים, לעג איהם אַוועק מיט איין עק אויפ'ן שוועל, נעהם זיך מיט דער לינקער האַנד פאַר דער געשוואָלענער באַק... וואָס קוקסטו? טהו ווי איך הייס דיר (זי טהוט אַלעס, וואָס ער זאָגט) איצט טרעט אַריבער איבער'ן בעזים דריי מאָל אַהין און אַהער, און ביי יעדען מאָל שפּיי אָב און זאָג: טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט!

פעסעניו (שפּאַנט איבער'ן בעזים): טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט!

לייזער: נו, שוטה, אַז דיך הארט ניט, פאַרוואָס זאָל דאָס מיך הארען?

פעסעניו (בייז): נאַ, וואָס דעם שווער קען איינפאַלען! (גיט אַ קוק אויפ'ן בעזים און לאַכט שטיל) כאַ־כאַ־כאַ!

**פריידעניו:** זיידע, הפנים דער, וואָס איז אמאָל געווען אַ בדחן, בלייבט אַ בדחן ביז'ן טויט.

**לייזער** (זינגט): יאַ, פריידעניו, אַ בדחן בלייבט אייביג אַ בדחן, אַ גנב בלייבט ביז'ן טויט אַ לאַרכען, און אפילו נאָכ'ן טויט ווינקט אַ מיידעל צו אַ שרכן.

(אַ געוויש. פריידע לעגט די שערעל אָפּענערהייט אויף דעם טיש).

**פּעסעניו:** שאַ! ווער געהט עס? (ציפּעניו לויפט אריין אַ פער־פראָרענע.)

**ציפּעניו:** זיי געהען שוין. (טאַנצט פון קעלט) אָי, אַ קעלט! ווידעניו, איך האָב זיי געזאָגט אייער סוד: גראַם, שטראַם, מאַך מיר אַ לעטניק... אַי! דער פראָסט האָט מיך געשציפּעט ביי די אויערען און ביי דער נאָז. (פּעסי העלפט איהר אויסטהאָן זיך). אָי! וואָס איך האָב געהערט ביי ר' חאַצקלען? מוהמע, עס איז טאַקע אַן אמת? ע! דאָבע האָט מיר געזאָגט, אַז עס קען זיין, אַז ביי פריידעניו מיט מאָטעלען וועט היינט זיין... אָי! אָי! גנב! גנב! (וואַרפט זיך קושען פריידען) אַ קבלת קנין, האַ? (קושט) קבלת קנין? (קושט) קבלת קנין? (קושט).

**פריידעניו:** אָי, לאָז מיך אָב... זעה נאָר, וואָס איז מיט דיר אַזוי די שמחה?

**ציפּעניו:** איך וועל זיין אַ מחותנת'טע, איך וועל טאַנצען, איך וועל עסען לעקעך, איך וועל זיך בלאָזען מיט אַלע מחותנים צוגלייך. כאַ־כאַ־כאַ!

**לייזער** (מיט אַ ניגון): און איך מן הסתם, וועל זאָגען גראַם: ווייַן שעהנע כלה, וויינט ווייבעלעך אַלע... (אַ געוויש) אָי, מען געהט שוין. (דערשרעקט זיך, זעצט זיך אַניעדער און בלייבט שטיל).

**פּעסעניו:** דאָס איז אונזערע. (עפענט די טהיר) קומט אריין, קומט אריין! געסט, ברוך הבא. (חאַצקעל, דאָבע און מאָטעלע אריין, אַלע אין ווינטערדיגע קליידער.)

**אַלע:** גוטען אבענד! גוטען אבענד! (טהוען זיך אויס.)

**דאָבע** (קוקט זיך שטאַרק צו): וואָס מאַכסטו פריידעניו? (קושט זי) קיין עין הרע, קיין בייזע אויג, (שפּייט אָב דריי מאָל) שיינסטו, ווי אַ גוט־אויסגעבאַקענער, געראָטענער פורים־קוילעטש. (קוקט זיך צו) אָי! גאָט איז מיט אייך. ווער האָט עס געלאָזען אָפען די שערעל? אַ שערעל, חלילה, טאָר מען ניט לאָזען אָפען. (מאַכט צו דאָס שערעל.)

**פּעסעניו:** זיצט, זיצט, ר' חאַצקעל, זיצט... דאָבע, לאָזט זיך ניט בעטען. (אַלע זעצען זיך.)

ציפּעניו: זיץ, מאָטעלע. (גיט איהם אַ ביינקעל) אַי, ער שעמט זיך דער גנב. (מאָטעלע זעצט זיך.)

מאָטעלע: אַז איהר וועט זאָגען אַז איך שעם זיך, וועל איך זיך נאָך מעהר שעמען. שווייגט בעסער.

חאַצקעל: נו, וואָס מאַכט איהר, ר' לייזער? ווי געהען אייערע געשעפטען? אייערע שיפען אויפ'ן ים זיינען ניט דערטרונקען געוואָרען, אייערע מויערען ניט פערברענט געוואָרען? אייערע פּאָדריאַדען ניט קאַליע געוואָרען?

לייזער (שטיל): חלילה, ר' חאַצקעל, ביי מיר איז קיין זאַך ניט דער־טרונקען געוואָרען, און ניט קאַליע געוואָרען.

חאַצקעל: נו, וואו איז דאָס עפּעס אונזער ר' הערשעלע דובראָוונער? אונזער בראַווער פרומאַק, אונזער גרויסער למדן, אונזער ויידענער איד? (קוקט זיך אום) כל זמן ער איז ניטאָ, נאָם איך אויסרויכערען אַ ליולקע—ער האָט עס פיינט. (פערררויכערט) נאַ! ניט רויכערען, ניט שמעקען, ניט טרינקען, כמעט גאָר ניט קיין בשר ודם. נו, וואו איז ער?

לייזער: איהר ווייסט דאָך, ווען ביים שרייבען די תורה קומט צום וואָרט „אדושם", געהט ער פריהער אין מקוה, ניט פאַר אייך געדאַכט.

פּעסעניו: שוועד, לעבען, איהר קענט דאָך זאָגען, ער געהט אין וואַסער.

לייזער: דו ווילסט ניט אין מקוה, זאָל זיין אין וואַסער, אַבי ער קומט פון דאָרט אַ נאַסער. (הייבט אויף ביים טיש דעם פּרוכת) איהר זעהט, ער האַלט ביים לעצטען פּסוק. ער דאַרף אָנשרייבען דעם לעצטען „אדושם", איז ער זיך געגאַנגען טובל זיין.

חאַצקעל: איצט אין אַזאַ קעלט טובל זיין זיך? עס דאַרף זיין אַ מאכל. ר' לייזער, איך מיין, היינטיגע צייטען איז ניטאָ אַ סך אַזעלכע כשר'ע אידען, ווי אייער הערשעלע איז. (זיי רעדען שטיל. דאָבע און פּעסעניו רעדען שטיל.)

ציפּעניו: מאָטעלע, וואָס שווייגט איהר? זאָגט עפּעס!

מאָטעלע: איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען; איך בין ניט קיין בעל דרשן.

פריידעניו: וואָס מיינסטו, מען מוז רעדען? אַמאָל אַז מען שווייגט, איז אַ סך גליכער. מיר דוכט זיך, אַז אָפט זאָגען מענשען ליגענס און רעדען נאַרישקייטען, ווייל זיי ווילען רעדען אין דער צייט, ווען זיי האָבען ניט וואָס צו זאָגען...

ציפּעניו: איאָ, ניט מיך מיינסטו?...

פריידעניו: האָט מען! וואָס צו זאָגען, דאַרף מען רעדען, און אז ניט — דאַרף מען שווייגען.

ציפּעניו: מיט מיר פריהער האָט ער געהאַט וואָס צו רעדען און פאַר דיר האָט ער מורא.

מאָטעלע: וואָס זאָל איך מורא האָבען? פריידע איז ניט קיין בער, און איך בין ניט קיין שרעקעדיגער.

דאָבע (צו פּעסי'ן): און איהר, ניט אין מיין מויל געדאַכט, האָט וויעדער ציין־ווערטאָג? אָט פּאָלגט מיך, נעהמט באַבולע פּאַפּיער, צושטעכט מיט אַ גאָפּעל ווי אַ מגן־דוד און...

חאַצקעל (קוקט אויפ'ן וואַנד): און דאָס איז אונזער הערשעלע'ס פּיעדעלע? שפּיעלט ער נאָך אַמאָל?

פריידעניו: אָך, זעהר זעלטען, ר' חאַצקעל, אַמאָל שבת־צו־נאַכט אָדער מוצאי יום טוב.

ציפּעניו: אָה, איהר האָט איהר דערמאָהנט! זי ווערט דאָך פּערצאַ־פּעלט, ווען דער פּעטער שפּיעלט.

פריידעניו: יאַ, ווען דער פּעטער שפּיעלט, ווייזט זיך מיר אויס, אין שטוב ווערט ליכטיגער און פרעהליכער. אַלץ אַרום אונז ווערט גאָר אַנדערש, און די פּיעדעלע רעדט און וויינט, מיר ווייזט זיך אויס, זי דערצעהלט, וואָס די אידען האָבען געליטען אין גלות, און וואָס עס וועט זיין אַמאָל, שפּעטער, אין משיח'ס צייטען.

פּעסעניו: זי שטאַרבט נאָכ'ן פּיעדעל. זי וואָלט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ניט געשלאָפען, אַבי שפּיעל איהר.

ציפּעניו: איהר ווייסט, זי זינגט דעם פּעטער'ס „מזמור לדוד" פּונקט אַקוראַט, ווי דאָס פּיעדעלע שפּיעלט.

חאַצקעל: יאַ, גאָט האָט איהם בעשיינקט מיט אַלע מעלות. מיר זיינען אויסגעוואַקסען אין איינעם, אין חדר געווען חברים — זעהט איהר דאָך! איך בין ניט מעהר, ווי אַ בעל מלאכה, אַ וועבער, און ער איז אַ למדן, אַן איידעלער מענש... דאַכט זיך פּערקעהרט, מיין טאַטע איז געווען דער ערשטער גמרא מלמד אין דובראָוונע און זיין טאַטע...

לייזער: זיין טאַטע איז געווען און געבליבען לייזער בדחן. נו יאַ, נו, איך האָב געוואָלט מאַכען פון איהם אַ כלי־זמר און ער שרייבט גאָר ספרי־תורות. (מיט אַ ניגון) עס מאַכט זיך, דער טאַטע לעגט אויף אַ שטיוועל אַ לאַטע און זיינע ליעבע בנים זיינען גוטע יונים.

פּעסעניו: שוועֶר לעבען.

לייזער (ערשראָקען): אי, איך... איך... ר' חאַצקעל, איך האָב אייך

עפּעס צו זאָגען... ששש! (זאָגט אין אויער) זי... זי זינגט דעם „מזמור לדוד“ פּונקט, ווי ער שפּיעלט.

חאַצקעל: אפשר, פריידעניו, איידער דער פּעטער וועט קומען, וואָלסטו אונז אַ ביסעל געזונגען? עס איז חנוכה היינט, און פאַר וואָס זאָלען מיר זיך ניט אַ ביסעל משמח זיין. וואָס זאָגסטו, מאָטעל גנב?

מאָטעלע: איך זאָג, אַז מען קען שפּיעלען, נעהמט מען און מען שפּיעלט (ניסט).

דאָבע: אַ שנת חיים טובים... מאָטעלע גיב זיך אַ ציה ביים אויער.

פריידעניו: ניין, ר׳ חאַצקעל, איך קען ניט; דער פּעטער זאָגט, אַ פרוי דאַרף ניט זינגען, ווען מאַנסבילען זיינען אין שטוב.

חאַצקעל: אַ פרוי? דו ביסט אַ פרוי! וויים איך! אַ מיידעל, אַ קינד. ע, נישקשה. מעגסט זינגען, אַזוי פּסק׳ען איך דעם דין. איאָ ריכטיג גע־פּסק׳ענט?

פּעסעניו: זינג, נאַר, הערשעלע וועט נאָך ניט באַלד קומען.

מאָטעלע: איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט בעטען. (אַלע: זינג! זינג!).

חאַצקעל: איך בין אַ פּראָסטער מענש; אָבער נאָך מיין שכל נאָך איז זינגען קיינמאָל קיין עבירה ניט, הלואי זאָל זיך נאָר זינגען. אנו, פריידעניו, נאָמיר הערען. (זינגט) זאָגט אַ מיידעלע: מזמור לדוד...

פריידעניו (פאַנגט אָן שעמעדיג): מזמור לדוד... אָי, איך קען ניט.

ציפּעניו: זעה נאָר, ווי זי ברעקעלט זיך. (אַלע:) נו, שוין! נו, שוין אמאָל!

פריידעניו (זינגט): מזמור לדוד ד׳ רועי לא אחסר. (אַלע הערען אויפמערקזאַם. צום סוף העלפען אַלע מאַנסבילען אונטער).

ציפּעניו: אָי! גוואַלד! גזלנים! דער פּעטער גיהט! (אַ בעוועגונג. הערשעלע קומט אריין אין אַן אַלטען פּעלץ. חאַצקעל גיהט ענטקעגען).

הערשעלע (מאַכט מיט די הענד און מיט׳ן קאָפּ, מען זאָל איהם ניט טשעפּען. וואַשט די הענד, זעצט זיך צום טיש, קושט דעם חומש און שרייבט).

פּעסעניו: ששש! ער שרייבט דעם לעצטען פּסוק. (אַלע בלייבען שטיל, הערשעלע שרייבט).

לייזער (חאַצקל׳ען אויפן אויער): איהר ווייסט? ששש... ער שרייבט דעם לעצטען פּסוק.

הערשעלע (כאַפּט זיך אויף מיט פרייד): נשלמו חמשה חומשי תורה, תהלה לאל גדול ונורא, חזק!

לייזער און חאַצקעל: חזק, חזק ונתחזק! (אַלע ברומען מיט).

**הערשעלע:** גוטען אבענד אלע, וואָס מאַכסטו, ר׳ חאַצקעל? נאַ דיר מיין ברייטען שלום עליכם. (גיט איהם און מאַטעלע׳ן די האַנד). אַז מען זעהט זיך געזונדערהייד דאַרף מען שוין דאַנקען און לויבען גאָט ב״ה. קינדערלעך, איך וועל אייך געבען חנוכה־ געלד! כע־כע! עס איז ניטאָ ביי אונז קיין קלענערע קינדער, זיינען זיי די קליינטשינקע. דיר, פריידעניו, פינף איינציגע קאָפּיקע־לעך, און דיר, ציפּעניו, דריי קאָפּיקעס. און מאַטעלע, דו האָב קיין פּעראַיבעל ניט, איך... (זוכט אין די קעשענעס) אויף מיין וואָרט, איך האָב מעהר ניט אַ גראָשען...

**פּעסעניו:** הערשעניו, לעבען, דו האָסט דאָך ערשט געהאַט אַ גילדען?

**הערשעלע:** איך האָב געהענדיג פון מרחץ בעגעגענט.... נעבעך... וואָס דאַרף מען דערצעהלען? — איך האָב ניט מעהר אַ פּרוטה... מאַטעלע וועט מיר מוחל זיין...

**חאַצקעל:** וואָס מיינסטו, ר׳ הערשעלע, ביי מאַטעלע׳ן איז אַ קאָפּיקע אַ מטבע? ער וועבט טלית־קטן׳ס ווי אַ מאַלאַדעץ און פעדדיענט שוין פון פון 8 ביז 12 קערבלעך אַ חודש...

**דאָבע:** קיין עין הרע, קיין בייזע אויג... קיין קליפּה, קיין שליטה! (שפּייט דריי־מאָל).

**מאַטעלע:** איך האָב געוואוסט, אַז מען האַלט דאָ די מיידלעך פאַר קליינע קינדער, האָב איך געבראַכט אַ דריידעל. איהר זעהט, אַ גאַנצע מאַשינע. (ווייזט אַ גרויסען דריידעל).

**ציפּעניו:** אַי, לאָמיר טאַקע שפּיעלען אין דריידעל. טרר! (גיט אַ דרעה)) „נ״, „ג״, „ש״, „ה״... איך וויים, דאָס מאַכט: נס גדול היה שם.... „נון״ געווינט ניט, „שין״ געווינט ניט. „ה״ געווינט, „גימל״ געווינט... אַיאָ, איך געדענק?

**הערשעלע:** יאַ, קינדערלעך, אַ גרויסער נס איז געשעהן דאַמאָלס... און נאָר דורך נסים ונפלאות לעבען מיר אויף דער וועלט. געלויבט איז גאָט און געלויבט איז זיין נאָמען.

**דאָבע:** מען זאָגט, ווען אין די אידישע הייזער ברענען חנוכה־ליכטלעך, בעהאַלטען זיך אלע קליפּות אין די גוי׳עשע שטיבער.

**פּעסעניו:** עס איז אַ קלייניגקייט חנוכה? אַי! מיינע ציין!...

**לייזער:** חנוכה איז אַ יום טוב אַ שעהנער, מען שטאָפּט אָן מיט לאַט־קעס די ציינער און מען נעהמט זיך שפּיעלען אין דריידעל (אַ קוק אויפ׳ן זוהן און ערשרעקט זיך) ע, ר׳ חאַצקעל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: שש! ווייסט איהר ניט, ווען עס איז דער מולד?

ציפעניו: פריידעניו, זעץ זיך נעהענטער; ר׳ מאָטעל, דו האָסט קאָפּיקעס? מיר וועלען שפּיעלען...

מאָטעלע: ביי מיר איז אַלץ זעהר גרויס געלד... צוויי פּיטאַקלעך און א גריווינקע...

פריידעניו: איך וועל ניט שפּיעלען... איך האָב ליעב צו הערען פון וואָס דער פעטער רעדט.

הערשעלע: שפּיעלט, קינדערלעך, מאַכט אייך לוסטיג. ביי אונז אַלע איז היינט יום טוב און ביי אייך קינדער, אויב עס איז בעשערט פון גאָט ב״ה, וועט אפשר היינט זיין א יום טוב שביום טוב...

חאַצקעל: דער גנב מאָטעל מאַכט זיך ניט הערענדיג... בע־כע־כע!

הערשעלע: איך האָב נאָר יסורים, וואָס פּעסעניו קען זיך ניט משמח זיין מיט אונז אַלע גלייך. זי האָט נעבעך ציין־וועהטאָג... וואָלסט אפשר געפרעגט א מומחה?

דאָבע: אָי, יושע משה דער מלמד איז זעהר א גרויסער מומחה... פאַר צוויי קאָפּיקעס שרייבט ער אָב ציין־וועהטאָג אויף אַן איי און קדחת אויף דריי מאַנדלען...

הערשעלע: זיי־זשע מוחל, פּעסעניו, גיב עפּעס כבוד די געסט און איך וועל מיט ר׳ חאַצקל׳ען איבעררעדען (געהען אַן א זייט און רעדען) טאַטע, זיי־זשע מוחל, זיי זיך מטריח אַהער. ר׳ חאַצקעל, איך מיין, עס איז אַן אומכבוד מיר זאָלען זיך דאָ סוד׳ען אָהן איהם... עס פּאַסט גלאַט ניט, ווען אַן עלטערער מענש איז אין שטוב (לייזער געהט צו צו זיי).

חאַצקעל: כבוד אב איז טאַקע א גרויסע זאַך... אָבער האָב קיין פער־איבעל ניט, איך בין אַ פּראָסטער שלש סעודות און נאָך מיין שכל נאָך: א מצוה איז גוט, ווען מען זאַלצט זי ניט איבער.

ציפעניו: פריידעניו, דו ווייסט פון וואָס זיי רעדען? ע! גנב!...אַזש ביי מיר האָט אָנגעהויבען קלאַפּען דער דופק... מאָטעל שטעלט אין קאָן א קאָפּיקע... (זיי שפּיעלען).

מאָטעלע: איך וועל ביי אייך באַלד אַלץ אָבגעווינען...

פריידעניו: יא! איך געווין קיינמאָל ניט... שטענדיג פערשפּיעל איך. (פּעסע שטעלט אויפ׳ן טיש א גראַפין וויין און גלעזלעך).

פּעסעניו: אפשר וועלען די מאַנסבילען דערווייל מאַכען א ברכה?

דאָבע (קוקט זיך צו צו די גלעזלעך): אָי! גאָט איז מיט אייך! וואָס הייסט, איהר שטעלט אויפ׳ן טיש א שצערבאַטע גלעזעל? אז מען טרינקט פון א גלעזעל מיט א פּגימה, חלילה, קען די קליפּה, ניט־ דאָ־ געדאַכט, ניט אין קיין אידישע שטוב געדאַכט האָבען די שליטה.

פעסעניו: וואָס רעדט איהר? און איך האָב ניט געוואוסט! (נעהמט צו דאָס גלעזעל) אידען, נו? הערשעניו, אפשר צוליעב חנוכה?

הערשעלע: יא, יא, זיי וועלען נעהמען צו ביסלעך וויין. דער טאַטע זאָל געזונד זיין, און דו, ר' חאַצקעל... אויף מיר האָב קיין פעראיבעל ניט... איך בין אַליין אויף זיך אַ מקפיד... עס איז ניט, חלילה, ווייל איך וויל זיך אויספיינען געגען אַנדערע, עס איז דערפאַר, ווייל איך מיין: כל זמן דער איד איז אין גלות, מעג ער טרינקען אַ ביסעלע נאָר צו קדוש און הבדלה. ווי זאָגסטו, ר' חאַצקעל, איך זאָלץ אפשר איבער אַ ביסעל, אָבער דאָס איז קיין חסרון ניט. זיי־זשע מוחל, טאַטע... (פיהרט איהם צום טיש).

חאַצקעל: איך בין אַ פּראָסטער מענש, אָבער נאָך מיין שכל: אַז עס מאַכט זיך שוין יא ביי אַ אידען ווען עס איז אַ שמחה, פאַר וואָס זאָל ער ניט אַ זופּ טהאָן און פערגעסען כאָטש אויף אַ ווייילע זיינע צרות מיט זיין גלות? פאַר וואָס זאָל דעם גוי אָנקומען אין גאַנצען? אַ איד דאַרף, חלילה, ניט זיין שכור, אָבער אַמאָל נעהמען אַ ביסעל און מאַכען פרעהליך דעם קבצן, — פאַר וואָס ניט?

לייזער (גיסט זיך אָן אַ גלאָז וויין, ווערט לעבעדיג): איז ער געגאַנ־גען צו דערלאַנגען אַביסעל משקה פון דער פליאַשקע. (גיט אַ קוק אויפ'ן זוהן און דערשרעקט זיך) ע! איך מיין, לחיים, זאָל גאָט געבען מיט מזל. (מאַכט אַ ברכה און טרינקט זשאַדנע.)

חאַצקעל (נעהמט אַ גלאָז): פון אונזער קינדהייט אָן זיינען מיר געוועזן חברים, גוטע פריינד, און איצט אויב גאָט וועט העלפען, וועלען מיר נאָך אפשר גיך ווערען קרובים אויך, לחיים! (טרינקט) וואָס־זשע, ר' הערשעלע, מיר וועלען טרינקען און דו?

הערשעלע: און איך? פריידעניו וועט אפשר היינט אין אַ גוטע שעה ווערען אַ... אַ מיוחסת. איך וועל צוליעב איהר... איך מיין, צוליעב אייך אַלע, שפּיעלען אַביסעלע (געהט נעהמען דאָס פיעדעלע).

פריידעניו (לויפט צום פיעדעלע): אָי! דער פעטער וועט שפּיעלען! דער פעטער וועט שפּיעלען! (נעהמט פון דער זאַנד דאָס פיעדעלע) דער פעטער איז אַ גוטעטשקער... מיר ציטערען אַזש די הענד... איאָ מומעניו, איך בין אַזש רויט געוואָרען? (נעהמט ארוים דאָס פיעדעלע פון זעקעל מיט צערטליכקייט) אַזוי, איז דאָ אַלץ וואָכעדיג, פּראָסט, און אַז דער פעטער שפּיעלט, איז גלייך ווי עס קומט עפּעס פון אַן אַנדער וועלט... איך האָב מורא, דער פעטער וועט לאַכען פון מיר, אָבער איך מיין, אַז די ערשטע פיעדעלע איז געקומען צו דעם מענשען דורך דעם, וואָס אַ מלאך האָט זי

פערלאָרען און זי איז אראָבגעפאַלען פון די הימלען (גיט הערשעלען דאָס פיערעלע).

**הערשעלע:** יא, פריידעניו, אַלץ קומט פונ'ם הימעל. גאָט גיט דעם מענשען צרות און גיט איהם מיט וואָס צו טרייסטען זיך... ער גיט אַ שטימע צו לויבען גאָט און צו זינגען... פון זיין פערגעניגען וועגען. ער גיט כלי זמר צו פרייזען דעם גרויסען בורא העולמים און צו האָבען אַליין אויך הנאה. (לייזער טרעפט אַ צייט, ווען דער זוהן קוקט ניט און טרינקט אוים נאָך אַ גלאָז. הערשעלע טאָנט דאָס פיערעלע, שמירט דעם בויגען מיט קאַניפאל און אין דער צייט רעדט ער פערטראַכט) אַ שעהנע תפלה איז מזמור לדוד ד' רועי לא אחסר. ווען גאָט איז מיין פאַסטוך, וואָס קען מיר פעהלען? אויף גרינע גראָז, אויף שטילע וואַסערען וועט ער מיך לאָזען רוהען, ער וועט דערקוויקען מיין זעעלע דערמיט, וואָס ער פיהרט מיך אויף די וועגען פון גערעכטיגקייט... גם כי אלך בגיא צלמות, איך זאָל אפילו געהן אין דעם טהאָל פון דעם שטן'ס טויט, האָב איך קיין מורא ניט.

**דאָבע:** ניט דאָ גערעדט, ניט ביי נאַכט דערמאָנענדיג.

**הערשעלע** (פערטראַכט): האָב איך קיין מורא ניט, וואָרום ער, מיין גאָט, איז מיט מיר! יא, ער, מיין גאָט איז מיט מיר... (שפּיעלט. אַלע, אַלע הערען אויפמערקזאַם, בעזאָנדערס פריידעניו. אימיצער קלאַפּט אין פענסטער).

**פּעסעניו:** שאַ! ראַכט זיך אימעצער קלאַפּט (אַלע הערען זיך צו. עס הערט זיך אַ שטימע).

**דאָבע:** אָי, מיר ווייזט זיך אויס, איך הער, אַ הונד וואָיעט. מען וואָלט געראַפט איבערקעהרען אַ סקראַב...

**ציפּעניו:** מיין סקראַב איז צוגעבונדען מיט אַ קראַיקע. (לויפט צום טהיר) ווער איז דאָרט? (מזיק עפענט די טהיר, טראָגט אַ שעהנעם פעלץ, אייראָפּייאישע קליידער):

**מזיק:** האָט קיין פּעראַיבעל ניט, וואוינען דאָ אידען?

**ציפּעניו:** איהר זעהט דאָך, אַז ניט קיין טערקען. קומט אַריין, און מאַכט צו די טהיר, זייט מוחל...

**מזיק** (פערטשעפּעט זיך פאַר'ן שוועל): פו! צום שוואַרץ יאָהר! צום טייוועל!! שיער ניט געפאַלען.

**דאָבע:** אָי! ניט דאָ גערעדט! ניט אין קיין שטוב גערעדט!

**פּעסעניו:** ר' איד, ביי אונז אין שטוב דערמאָהנען מיר ניט זיין נאָמען. מען הערט דאָ ניט קיין קללה, קיין שעלטען, חלילה.

**מזיק:** האָט קיין פּעראַיבעל ניט. גוטען אבענד. קודם כל וויל איך

אייך אָהן הקדמות דערצעהלען, ווער איך בין און ווי איך קום אהער. איך בין אליין פון ארשע... איך האַנדעל מיט לאָטעריע־צעטלעך...

**אַלע**: וואָס איז דאָס?

**מזיק**: געווינס־צעטלעך. מען ציהט אַ נומער און מען געווינט געלד. דורך אַזאַ צעטעל איז זעהר גרינג צו ווערען אַ גביר... עס איז איצט חנוכה־צייט, בין איך אויף אַ פּאָר טעג געקומען צו אייך אין דובראָוונע. איך ווייס, ביי נאַכט זיצען איצט אין יעדע אידישע שטוב מענשען, געה איך אום און לעג פאָר מיינע צעטלעך. איך האָב ברוינשווייגער, ליפּציגער, וואַרשאַווער, (נעהמט אַרויס פון בומאַזשניק לאָטעריע־צעטלעך). איהר הערט? מען קען מיט איין מאָל געווינען 50 טויזענד און מען ווערט פּלוצלינג אַן עושר.

**פּעסעניו**: וויפיעל, אַי! מיינע ציין!

**מזיק**: פופציג טויזענד רובעל!

**פּעסעניו**: דו הערסט, הערשעלע?

**דאָבע**: דו הערסט, חאַצקעל!

**הערשעלע**: מיך פערדריסט זעהר, וואָס איהר האָט זיך אומזיסט מטריח געווען. דאָך, אַז איהר זייט שוין דאָ, וואַרימט זיך אָן. מיר טרייבען, חלילה, קיין מענשען ניט פון שטוב. שלום עליכם (גיט איהם די האַנד). זיצט, מה שמיכם?

**מזיק** (זעצט זיך): מיין נאָמען איז אוריאל מזיק.

**דאָבע**: מזיק גאָר? ניט דאָ געדאַכט.

**ציפּעניו** (שטיל): מאָטעל, דו הערסט אַ נאָמען?... (גיט איהם אַ קניפּ) מזיק! כאַ־כאַ! (זיי שפּיעלען און לאַכען). מזיק! כאַ־כאַ! (זיי שפּיעלע און לאַכען).

**חאַצקעל**: מענשען מאַכען זיך אַ געשעפט, האַנדלען מיט דאָס, וואָס עס ווערט זיך אַמאָל טרעפען. נאָך מיין שכל נאָך, פערקויפסטו עפּעס, ווייז מיר שוין די סחורה אויף דער פּאָליצע.

**מזיק** (צייגט אַ לאָטעריע־צעטעל): דאָס איז די סחורה. עס איז אַ פּאַפּיערעל! פּאַפּיערענע געלד איז אויך ניט קיין סחורה, פון דעסטוועגען איז דאָס רייכקייט. אין די גרעסטע באַנק־געשעפטען, אויף די בירזען זעהט מען אויך ניט קיין סחורות און נאָר דורך פּאַפּיערלעך ווערען איבערגעגעבען פון איין האַנד אין די אַנדערע מיליאָנען, מיליאַרדען! אמת, דאָס צעטעל איז קיין געלד ניט, אָבער שטעלט אייך פאָר, פאַר אַ פּאָר רובעל קויפט איהר אַ מעגליכקייט צו געווינען דאָס גרויסע געווינס, און איהר קריגט טויזענד מעג־ליכקייטען צו געווינען לכל הפּחות אַזוי פיעל, אַז דאָס שפּיעלען זאָל אייך גאָר נישט קאָסטען. איך לאָז אייך איבער אַזאַ צעטעל און נעהם ביי אייך

איצט קיין גראָשען געלד ניט. איהר הערט? פאַר גאָר נישט קריגט איהר פון מיר אַ האָפנונג אין קעשענע, אַז אין אַ קורצע צייט אַרום, ווערט איהר אַן עושר. דאָס אָנשטאָט צו לעבען אין אַן ענגער, פינסטערער, קאַלטער שטוב, מיט אויסגעשלאָגענע פענסטער און צובראָכענע ביינקלעך, וועט איהר לעבען אין אַ שעהנער, וואַרימער, ליכטיגער דירה מיט גרויסע חדרים, מיט שעהנע מעבעל, מיט טייערע קאַוויאָרען אויפ'ן פאָל. אזא האָפנונג נאָר צו האָבען איז דאָך שוין עפּעס ווערט... אָהן אזא צעטעל קענט איהר דאָך אפילו ניט האָפען, ווען עס איז פון זיך אראָבצואוואַרפען דעם קבצן.

הערשעלע: ליעבער פריינד, איך נעהם האָפנונגען נור ביי מיין פאָטער אין הימעל, און וואָס איך געווין ביי איהם, דאָס איז מיין געווינס... וואָס ער גיט מיר, מיט דעם בין איך צופריעדען. ווי? האָפען אויף אַ פּאַפּיער־נעם צעטעל, ווען איך האָב אַ גוטען אַלמעכטיגען פאָטער אין הימעל?!

מזיק: וואָס הייסט, ער גיט אייך? פּרואווט אדרבה, טהוט גאָר נישט און פערלאָזט אייך ער זאָל אייך אראָבוואַרפען פון הימעל, וועט איהר ניט שטאַרבען פון הונגער? (לייזער טרינקט בגנבה) זעהט איהר דען ניט, אַז אויף דער וועלט, האָט ניט דער, וואָס וואַרט מען זאָל איהם געבען, — נאָר דער, וואָס האָט שכל און נעהמט אַליין? יא, אונזער גוטער, אַלמעכטיגער פאָטער אין הימעל גיט אייך שכל, איהר זאָלט לעבען ווי אַ מענש, און אויב איהר ווילט דוקא לעבען ווי אַ בהמה — אָך, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען. כאַ! כאַ! וואָס הייסט, איהר קענט נאָר האָפען צו איהם? וואָס מיינט איהר, עס וועט זיך טרעפען צוליעב אייך אַ נס? גיט אַ קוק, אָט שפּיעלען די יונגע לייט אין דריידעל. (נעהמט דאָס דריידעל) דאָ איז אויפגעשריבען „נ", „ג", „ה", „ש" — נס גדול היה שם. דער „נון", דאָס הייסט דער „נס" געווינט ניט. דער „שין" — דאָס הייסט, שם דאָרטען געווינט אויך ניט. וואָס דען געווינט? „ג" גדול, דאָס וואָס איז גרויס, פעהיג, בעגאַבט. וואָס געווינט נאָך? דער „ה", דאָס הייסט, היה, דאָס וואָס איז געוועזן, דער פאַקט, די ווירקליכקייט. אַ נס געווינט ניט, ניין! דאָס וואָס איז דאָרט, ווייס איך וואו, וואָס מען זעהט ניט און וואָס מען בעגרייפט ניט, דאָס געווינט ניט. ע! איהר זייט ניט קיין איד...

הערשעלע: גאָט איז מיט אייך! וואָס הייסט, איך זאָל ניט זיין קיין איד, חלילה?

מזיק: עס רעדט זיך אַזוי, דאָס הייסט, זייט ניט קיין איינגעשפּאַר־טער מענש און נעהמט דאָס צעטעל. איך פערזיכער אייך. איהר וועט געווינען פופציג טויזענד. איהר הערט? אָהן מיה, אָהן ליידען, אָהן קאָפּ־דרעהעניש — פופציג טויזענד רובעל!

הערשעלע: אָי, וועה איז מיר! לאָזט מיך צו רוה, איך בעט אייך! וואָס הייסט, איך וועל געווינען 50 טויזענד? ביי וועמען וועל איך זיי געווינען? ווער וועט עס מיר אומזיסט געבען פופציג טויזענד? אז איך וועל זיין גליקליך און וועל געווינען, וועלען דאָך זיין אַזוינע אונגליקליכע, וואָס וועלען דיעזע פופציג טויזענד פערשפּיעלען, חלילה, איך וועל דאָס ניט טהאָן! (בלייבט פערטראַכט).

לייזער: אַן עושר לעבט אָהן אַ מאַראָקע, ער גיט אַ סך צדקה. די צדקה אין פּושקע, אַ וואוילטאָג אין קישקע (דערשרעקט זיך) איך... איך וויל זאָגען, הערשעלע, אַז דאָס געלד, וואָס מען געווינט, צאָהלט אויס די קאַזנאַ... וואָס האַרט דיך? זאָל זי צאָהלען. (געהט צו מזיק'ן) שש! האָט קיין פּעראַי־בעל ניט, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: (אויפ'ן אויער) וויפיעל איז דער זייגער? (זעצט זיך צוריק).

הערשעלע: און אַ חוץ אַלע זאַכען, נאָך וואָס דאַרף איך אַזאַ אוצר מיט געלד? איך וועל גאָר ניט וויסען, וואָס מען טהוט מיט דעם.

חאַצקעל: ר' הערשעלע, דאָס רעדסטו שוין, זיי מיר מוחל, ווי אַ צו גרויסער תם. אַז דו וועסט שוין קריגען די אַפּותיקא, וועסטו שוין וויסען וואָס אויפצוטהאָן. אָט, למשל, איך בין אַ וועבער, מיין מאָטעל איז אַ וועבער, מיר וועבען כשר'ע טליתים און פערדיענען דערביי אַ טרפה מכה. ווער פערדיענט? דער וואָס וועבט ניט. מיר שלעפּען מיט אונזערע צומאַזאָלעטע הענד די הייסע קנישעס פון אויוועץ און ווער שלינגט זיי? אַ ראַרמאָיעדניק. פאַר וואָס? ווייל מיר זיינען צו גרויסע קבצנים...

דאָבע: חאַצקעל, רעד ניט אַזוי געגען... איך האָב די הענד ניט געוואַשען.

חאַצקעל: דו, אָבער, הערשעלע, זאָלסט האָבען געלד, וואָלטען מיר אין דער היים געהאַט וועב־שטוהלען און מיר וואָלטען ניט געדאַרפט אַרבייטען דער ניט־גוטער וויים אויף וועמען...

דאָבע: ניט דאָ געדאַכט, ניט אין קיין אידישער שטוב געדאַכט.

פּעסעניו: הערשעלע, מיט געלד קען מען זיך אַן עצה געבען. וואָס דען, דלות מיט ציין־וועהטאָג איז עפּעס אַ גרויסער מאכל?

ציפּעניו: אונז וואָלט מען באַלד געקויפט נייע וואַרימע מלבושים. מיינע שיך וואָלטען ניט געווען פערבונדען מיט אַן אָקראַיקע און פריידעניו'ן וואָלט מען געגעבען נדן און געמאַכט שעהנע חתונה־קליידער.

מאָטעלע: דער איד זאָל מיר געבען פופציג טויזענד, וואָלט איך באַלד צוגענומען אָהן קשיות...

דאָבע: ר׳ הערשעלע, אפשר האָט דער איד א גרינגע האנד? מזל ווענדעט זיך נאָר אין א גרינגע האנד.

פריידעניו: איך דארף ניט קיין שעהנע מלבושים. דער פעטער און מיר אלע זיינען שטענדיג געווען צופריעדען אָהן געלד, און גליקליך אויך.

מזיק: ער איז ניט געווען גליקליך און צופריעדען, ער האָט נאָר ניט געוואוסט, וואָס איהם פעהלט. די אלע אונגליקליכע, וואָס לעבען אין ארמוט, וואָלטען ניט געווען אזעלכע שרעקליכע קבצנים, ווען זיי וואָלטען געוואוסט, וואָס זיי פעהלט! ווען זיי וואָלטען געפאָדערט בעסערס, וואָלטען זיי בעסערס געהאט. זאָגט אליין: פאר וואָס זאָלט איהר ליידען הונגער, קעלט, נויט? פאר וואָס זאָלען אייערע קינדער געהן באָרפים און נאקעט, ווען איהר קענט געווינען 50 טויזענד און לעבען בהרחבה? וואָס רעד איך, פופציג טויזענד! איהר דארפט פערשטעהן, געלד לויפט צו געלד. וועט איהר נאָר האָבען פופציג טויזענד, וועלען זיך שוין די טויזענדער מעהרען און מעהרען. ר׳ הערשעלע, אויב איהר ווילט זיך אליין ניט קיין גוטעס, האָט רחמנות אויף די יונגע קינדער. זיי פאנגען ערשט אָן צו לעבען אויף דער וועלט.

פעסעניו: ער איז דען ניט גערעכט?

מזיק: איהר האָט נאָר טעכטער?

דאָבע: זי איז א בעזדיעטיכע, ניט פאר מיר געדאכט, ניט פאר קיין אידישע טאָכטער געדאכט.

פעסעניו (פריינדליך): גוטער פריינד, אונז האָט גאָט ב״ה ניט געגעבען קיין קינדער. דאָס איז פלימעניצעס. ווען ציפעניו איז געבוירען געוואָרען, איז מיין שוועסטער געשטאָרבען, פריידעניו איז געווען אלט צוויי יאָהר. אָט אזא קאראפוזעל געווען. האָב איך זיי אויסגעהאָדעוועט און ערצויגען.

מזיק: נעהמט, נעהמט א צעטעל. איך בעט ביי אייך איצט ניט קיין גראָשען דערפאר און איהר טהוט קיינעם דערמיט ניט קיין שלעכטס: זוכען מיטלען, ווי פטור צו ווערען פונ׳ם דלות איז קיין עולה ניט. (גיט הערשעלע׳ן מיט געוואלט א צעטעל) פופציג טויזענד וואלגערען זיך ניט אין די גאסען. פופציג טויזענד!

פעסעניו: ווי אזוי וועלען מיר וויסען, אז מיר האָבען געוואונען 50 טויזענד?

מזיק: אָה, זייט רוהיג, איך וועל אייך שוין לאָזען וויסען. איך היט עס אָב: איך נעהם א פראָצענט דערפון.

פעסעניו: אזוי? איהר נעהמט אראָב א חלק? בלייבט דאָך אונז שוין ניט קיין פופציג טויזענד.

מזיק: ניין, חלילה, איך נעהם ניט פון אייער טייל, איהר קריגט פופציג טויזענד ביז איין גראָשען.

הערשעלע: האָט קיין פעראיבעל ניט, ר׳ איד, איהר האָט מיך גאָר צוטומעלט. וואָס הייסט? אָי, גאָטעניו פאָטער, וואָס זאָל איך טהאָן? (האַלט דעם צעטעל און ווייס ניט וואָס צו טהאָן).

חאַצקעל: ר׳ הערשעלע, האָב קיין פעראיבעל ניט, איך בין אַ פּראָס־טער מענש, אָבער איך מוז דיר זאָגען, דער איד איז גערעכט. וואָס הייסט, דו פרעגסט גאָט, וואָס דו זאָלסט טהאָן? דו מיינסט איהם הארט טאקע באמת, אויב דו נעהמסט אַ צעטעל צו ניין? נאָך מיין שכל נאָך: גאָט ב״ה איז טאקע גאָט און אַ מענש דאַרף זיין אַ מענש. וויל מען נעהמען אַ צעטעל — נעהמט מען, ניין? — נעהמט מען ניט. אָבער איהם דאַרף מען ניט מישען אין אַזעלכע זאכען.

הערשעלע: איך וועל אייך זאָגען, אויב איך וועל חלילה געווינען, וועל איך וויסען, אַז גאָט ב׳ה האָט מיר בעצאָהלט פאַראויס פאַר אַלע תורות, וואָס איך וועל אָנשרייבען ביז׳ן טויט. איך וועל קענען זיצען רוהיג כל ימי און שרייבען ספרי־תורות פאר ארימע מנינים, פאַר סאָלדאַטסקע שולען, פאַר בתי מדרשים און קלויזען.

מזיק: דאָס וועלען מיר שוין זעהן, ווען איהר וועט געווינען דאָס געווינס.

הערשעלע (בעטראַכט דאָס צעטעל): אָי! ווער קען עס גלויבען, אַז דורך אַ שטיקעל פּאַפּיער קען מען ווערען אַן עושר. אָי! אָי! טאַטע פאָטער אין הימעל, ווי גרויס זיינען דיינע וואונדער? מי כמוך באלים ד׳, מי כמוך נאדר בקודש, נורא תהלות עושה פלא?

פּעסעניו: הערשעלע, אַז מיר וועלען האָבען גענוג געלד, וועל איך קענען פּאָהרען עפּעס צו אַ גוטען רופא און איך וועל נאָך אפשר אי״ה געבענשט ווערען מיט אַ זוהן.

דאָבע: אָי, זאָלט איהר געזונד זיין, ווייס איך איצט אַ מיטעל צו קינדער. (שטיל, מזיק הערט) מען נעהמט די אַלטע טרוקענע הושענות, וואָס די מאַנסבילען שמייסען אָב און וואַרפען ארויף אויפ׳ן ארון קודש, די הושענות פערקאָכט מען אַזוי ווי טהעע און מען טרינקט עס ניין מאָל.

לייזער (קוקט זיך ארום און טרינקט): מען טרינקט ניין מאָל, מען דאַרף עס גערענקען.

מזיק (עפענט דעם בומאַזשניק, ביי איהם פאַלט ארויס אַ גאָלדענער אימפּעריאַל. ער געהט אָן אַ זייט און שרייבט עפּעס, אין דער זעלבער צייט זאָגט ער): ר׳ הערשעלע, צו קינדער איז דאָ אַ ריכטיגער מיטעל.

ציפּעניו: אַ נו, פּעטער לעבען, ווייזט מיר דאָס שעהנע צעטעלע. (צייגט מאָטעלע'ן) זעהסט, מאָטעלע.

פּריידעניו: ווייס איך, וואָס איז דאָרט דאָ וואָס צו זעהן? (ציפּעניו גיט אַ שלעפּ ביי מאָטעלע'ן דאָס צעטעל און רייסט אָן).

הערשעלע (אויסער זיך): אָי! איהר האָט צוריסען? דער טייוועל זאָל אייך! אָי! גאָטעניו, שטראָף מיך ניט פאַר די רעד. זעה נאָר, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען!

מזיק: ניש'קשה. עס שאַדט ניט, ווען עס איז אַ ביסעל צוריסען. איך זאָג, ר' הערש, צו קינדער איז דאָ אַ ריכטיגער מיטעל, אַן עהרליכער איד טאָר ניט לעבען מיט אַן עקרה אַ ווייב מעהר פון צעהן יאָהר. כע! כע! כע! איהר גט אָב אייער אַלטעטשקע און נעהמט אייער יונגע, שעהנע פּלימעניצע (צייגט אויף פּריידעניו).

פּריידעניו: אָי! גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איהר דאָס? ווער איז מיר! וואָס רעדט איהר? (זי פּערדעקט איהר געזיכט מיט די הענד).

פּעסעניו: וואָס? האַ! (הערשעלע גיט אַ קוק אויף איהר און קעהרט זיך אָב. פּעסעניו וויל עפּעס זאָגען בייז, בעמערקט אָבער דעם אימפּעריאַל און טרעט אַרויף מיט'ן פוס און בלייבט שטעהן אַ צומישטע).

מזיק: כאַ! כאַ! כאַ! איך מאַך שפּאַס. אַ גוטע נאַכט. עס איז ניט מעהר ווי אַ שפּאַס (טהוט אַן דעם פּעלץ).

דאָבע: חאַצקעל, ער געהט דאָך שוין אַוועק. אפשר וואָלסטו אויך געגומען אַ צעטעל? פאַרוואָס קומט זיי אַליין פופציג טויזענד? אָה! זעהסט, מיר בייסט עפּעס דאָס רעכטע אויג, אַ סימן אַז מיר וועלען טאַקע האָבען יסורים. (זי קראַצט די לינקע אויג.)

חאַצקעל: דאָבע, פּערגינסט איהם שוין ניט? לאָז ער נאָר געווינען: וואָס ביי איהם, וואָס ביי מיר, דאָס איז אַלץ איינס. דו וועסט ניט האָבען קיין יסורים, — ביי דיר בייסט גאָר דאָס לינקע אויג.

דאָבע: דאָס איז דאָס לינקע? איז דאָך דאָס גאָר אַ סימן פון אַ שמחה.

לייזער (שכור): איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען אַ ביסעל משקה פון דער פלאַשקע. דו ביזט, פּריידעניו, אַ ריכטיגער מיטעל, זאָגט ער. זעהסטו, הערשעלע, דאָס איז שוין אַ גוטער געווינס... ער איז געגאַנגען צו דערלאַנגען...

הערשעלע: טאַטעניו, זיי זיך מטריח, געה צו זיך, איך בעט דיך.

לייזער: ניין! ניין! (זינגט) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען...

**הערשעלע**: האָב קיין פּאַראיבעל ניט, טאַטעניו, איך וויל דיר חלילה ניט פּוגע בכבוד זיין. פערקעהרט, דו זאָלסט, חלילה, ניט לײדען קיין בזיונות. (נעהמט איהם אויף די הענד און טראָגט איהם.)

לייזער (דריגעט מיט די פּיס און שרייט): ניין! ניין! לאָז מיך אָב! איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען...

מזיק: איך האָב זיי פערקויפט אַ לאָטעריע־צעטעל גיכער, ווי איך האָב זיך גערעכט. געווינען אַ גרויס געווינס און ווערען גרינג אַן עושר איז ניט קיין קלייניגקייט. כע! כע! אַ גוטע נאַכט! (געהט.)

פּאָרהאַנג.

## צווייטער אַקט.

(אַ רייכער זאַל. לייזער זיצט אויף אַ קרעסלע און מאַכט אַ מייזעלע פון זיין גרויסע רויטע נאָזטיכעל. ציפּע שטעהט ביים שפּיעגעל און פלעכט איהרע צעפּ. אויף אַ טישעל אין פּוטליאַר ליעגט הערשעלע׳ס פּיעדעלע).

לייזער (גנב׳עט זיך צו צו איהר): קרע! איאָ דו האָסט זיך דער־שראָקען פאַר דער מייזעלע? שש! אַז דו ווערסט חתונה האָבען פאַר מאָטלען וועל איך דיינע שרצים׳לעך מאַכען אזעלכע חיה׳לעך.

ציפּעניו: וואָס הייסט, איך וועל חתונה האָבען פאַר מיין שוועסטער׳ס חתן?

לייזער: שש! (קוקט זיך אַרום דערשראָקען) ניט גערעדט און ניט גע׳טענה׳ט (זעצט זיך אין אַ ווינקעלע).

ציפּעניו: זיידע, זאָגט דעם אמת: אייך געפעלט דאָס, וואָס מיר זיינען איצט אַריין אין די הויכע פענסטער? איך פיהל, גלייך איך זאָל טראָגען דעם פעטער׳ס קאַפּאָטע. עס איז עפּעס ניט צוגעשניטען צו דער מאָס. כאַ־כאַ־כאַ! אויף מיין וואָרט, ווען די שיך זיינען געווען פערבונדען מיט אַ קראַיקע, האָט עס בעסער געסקריפּעט.

לייזער: קעציל, עס איז נאָר ביז וואַנען דיינע קבצנ׳ישע געוואוינ־הייטען וועלען זיך אויסוועבען. אָט איך פיהל בעסער, ווייל איך בין אַ געבוירענער גביר. שוטה, איז דען דאָס שלעכט, וואָס מען עסט אַלע טאָג ראָסעל־פלייש מיט ווייסע חלה און מען קען אָפּט אַ זופּ טהון אַ קאַפּיטשקע? איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען —

ציפּעניו (כאַפּט אונטער): אַ ביסעל משקה פון דער פליאַשקע, ע! איהר ווייסט, מען לאַכט פון אונז, מען רופט אונז: די ניי־געבאַקטע גבירים.

לייזער: וואָס מיינסטו, אַן אַלט־געבאַקטער גביר איז געשמאַקער? איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך וואָלט געווען גאַנץ צופריעדען, ווען... ווען... קום אַהער, איך וועל דיר זאָגען בסוד (זי לויפט צו צו איהם, ער זאָגט איהר אין אויער): ציפּעניו, ביי מיר איז ניט ווי ביי אַלע מענשען. (לויט) ביי לייטען האָט אַ זוהן דרך־ארץ פאַר אַ טאַטען, און איך האָב מורא פאַר הערשעניו.

ציפּעניו: וואָס האָט איהר מורא, ער וועט אייך אָבשמייסען?

לייזער: יא! יא! פשוט מורא. איך מאַך זיך האַרץ, כלומרשט איך בין אַ העלד, אָבער איך שרעק זיך פאַר איהם. מיט'ן מויל בדחן איך זיך, אָבער דאָ פּיהל איך גאָר ניט פסח'דיג. איך בין אַ קליין מענשעלע, און ער צוקוועטשט מיך מיט זיין לומדות, מיט זיין פרומקייט, מיט זיין גוטס־קייט. אַז ער איז דאָ, ווערט לייזער בדחן נאָך מיט צוויי ווערשקעס קלענער, ווי ער איז, ציפּעניו. און איצט זינט ער איז געוואָרען אַ נגיד, ווען ער גיט אַ קוק אויף מיר מיט זיינע קאַלטע פערטראַכטע אויגען, הויבט מיך אָן קיצלען אין דער פּאַטילניצע. הפנים פון געלד קריעגט מען אַ פראָסט אין די אויגען... קינד, איך בין אַ קליין מענשעלע און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען.

ציפּעניו: איהר זייט אַ קליינער מענשעלע און האָט ליעב אַ גרויסע גלעזעלע.

לייזער: יא, אַ קליינער מענשעלע בין איך איצט, אבער עס איז געווען אַ צייט, אַ מאָל, שוין לאַנג, ווען איך בין געווען אין מיין פאַך גרויס און בעריהמט, ווען איך פלעג קומען אויף אַ חתונה, פלעגט מען ווייזען אויף מיר מיט די פינגער, אַלע וויבער פלעגען אָנהייבען ברומען, אַלע מיידלעך קוויטשען פון פרייד: דאָס איז ער! דאָס איז ער! און אַז איך פלעג זיך אַנידערשטעלען בדחנ'ען פלעגט ווערען שטיל ווי אין אַ שוהל צו שמונה עשרה. מיינע אויגען פלעגען זיך אָנצינדען מיט אַ פייער, מיין האַרץ פלעגט אָנהויבען פּאָכען און פלאַטערען, אַלע כלי־זמר פלעגען פון מיר בעגייסטערט ווערען און די ערשטע פיעדעלע פלעגט נאָך מיין בעגעהר וויינען און רעדען... ווי צו ונתנה תוקף פלעגען וויינען די ווייבער, די כלה האָט געגאָסען ביטערע טרערען, שכור'ע מאַנסבילען פלעגען ניכטער ווערען. אָה! עס איז געווען אַ גוטע, אַ זיסע, אַ שעהנע צייט. (בלייבט זיצען טרויעריג.)

ציפּעניו: זיירעניו, וואָס האָט איהר אייך פערזאָרגט? אַז איהר ווילט, וועלען מיר באַלד דאָ שפּיעלען אַ חתונה? שטעלט אייך פאָר, איך בין אַ כלה. אָט זעץ איך זיך אַנידער און פערשלייער זיך (רעקט צו דעם קאָפּ מיט אַ טיכעל) אַזוי שפּיעלען זיך איז ניט שלעכט. (לאַכט.)

לייזער: דו ווילסט הערען? נו, מהיכא תיתי. מאַכט אַ פיעדעלע: טע דע דע דאם (זינגט ווי מען בעזעצט אַ כלה און שטעלט זיך אויף אַ ביינקעל). אָה! וויין, כלה'לע, וויין, עס וועט שוין ניט זיין, וואָס עס איז געווען...

ציפּעניו (מאַכט זיך זי וויינט): אי! אי! אי! (ווישט כלומרשט די טרערען און כליפּעט.)

לייזער: דיינע פרייע טעג זיינען שוין אַוועק, דו שווימסט איצט צו צו אַ פרעמדען ברעג. דו וועסט ניט לאַכען מעהר און ניט זינגען, טראָגען

קייטען וועסטו זיין איצט געצוואונגען. (ציפּעניו הערט זיך צו ערנסט). דיין שעהנע יוגענד נעהמט אַן ענדע, אַנשטאַט טאַטע און מאַמע וועסטו לעבען צווישען פרעמדע. דיין יונגע האַרץ וועט זיין פול מיט צרות, ווי מיט אַ הינדעלע נעבעך וועט מען שלאָגען מיט דיר כפּרות. (ציפּע וויינט אויף אַן אמת) ווי אַ יונגע קוויטעלע נעהמט מען דיך פון דאַנעט, אָ, וועה, גיך אָבער וועסטו ווערען פערוויאַנעט.

ציפּעניו: אָי! אויף מיין וואָרט, עס ווערט טאַקע קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצען. (וויינט.)

לייזער: כלה לעבען, עס קומט די ביטערע צייט, ווען פון דער היים וועסטו זיין זעהר ווייט. (פּעסעניו אַריין, בעל־הבתיש געקליידעט) און ווען דו וועסט וויינען מיט ביטערע טרערען —

פּעסעניו: אָי, שווער לעבען, וואָס איך קען איינפאַלען! (לייזער דערשרעקט זיך און זעצט זיך אין ווינקעלע). זעהט נאַר, דער שווער מאַכט חוזק און זי וויינט. (ווישט איהר אָב די טרערען) נאַרעלע! שווער, הפּנים אַז עס איז גוט, בלייבט קיין אַנדער אַרבייט ניט: אָדער שלאָפען אָדער וויינען. אויף מיין וואָרט, זינגט מיר האָבען געוואונען דעם גרויסען געווינס, ווייס איך ניט, וואוהין איך זאָל זיך אַהינטהאָן. און הערשעלע איז אויך עפּעס אַזוי ווי אַ פרעמדער געוואָרען. שטענדיג פערטראַגען, פערזאָרגט... אין אָרימקייט איז מען עפּעס נעהענטער איינע צו די אַנדערע.

ציפּעניו: וואָס־זשע, מומעניו, איהר האָט שוין חרטה?

פּעסעניו: חרטה? חלילה... דאַנקען גאָט, מען שטעלט אַלע טאָג דעם סאַמאָוואַר, עס איז וואַרים, עס איז דאָ וואָס אָנצוטהאָן... אָבער איך האָב געמיינט, עס וועט זיין בעסער.

ציפּעניו: געווינען דעם געווינס איז אפשר ניט שלעכט, אָבער דאָס, וואָס צוזאַמען מיט'ן געווינס האָבען מיר געוואונען אויך מזיק'ן אין שטוב אַריין, דאָס מאַכט קאַליע דעם גאַנצען צימעס. כאַ־כאַ!

פּעסעניו: נאַר, ער איז דאָך אַ שותּף. הערשעלע אַליין איז דאָך ווי אַ בלינדער אין געשעפט.

לייזער: ווען הערשעלע וועט קענען מזיק'ן אָהן מזיק'ן, וועט מזיק מעגען גע'מזיק'ט ווערען. (גערויש) שאַ! גזלנים! זיי געהען אַהער!... (דערשרעקט זיך. זעצט זיך) לייזער, בעהאַלט דעם ברחן. (ה ע ר ש ע ל ע און מ ז י ק אַריין. הערשעלע אין אַ שעהנע זיידענע קאַפּאָטע, זיי זעצען פּאָרט זייער געשפּרעך.)

הערשעלע: פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אַזעלכע זאַכען? (זעצען זיך רעכטס.)

מזיק: איך האָב געלייענט אַלע ספרי הפילאָזאָפיע, וואָס איז דאָ אין העברעאיש.

הערשעלע: וואָס הייסט, עס זאָל ניט זיין קיין עונש, קיין שטראָף, יעדער מענש זאָל טהאָן, וואָס ער גלוסט? ווי ווילדע חיות וועלען דאָך מענשען זינדיגען, רייסען און טרעטען איינע די אַנדערע מיט די פיס! אַ מענש אָהן אַ צוים איז אַ בעשעפעניש פון גזלה מיט רציחה!

מזיק: און איך זאָג, אַז עס וואָלט געווען בעסער, מיר זאָלען זאָגען צו גאָט: איך דארף ניט דיין שכר און וויל ניט דיין עונש. שטראָף מיך ניט און בעלוין מיך ניט, און לאָמיר זיין קוויט!

הערשעלע: אַז עס זאָל ניט זיין קיין שכר ועונש, וואָס דארף דער מענש לעבען אויף דער וועלט? אונזער פרייד איז צו קעמפפען געגען דעם, וואָס מען טאָר ניט, און אונזער גליק איז צו טהאָן דאָס, וואָס עס איז גוט און הייליג. אָהן דעם איז דער מענש קיין מענש ניט.

לייזער (אונערוואַרטעט): אַ מענש איז ווי אַ שוויין, ער ווייסט ניט ווי אוים און ווי איין.( בעגעגענט הערשעלע׳ס בייזען בליק) ר׳ אוריאל, זייט־זשע מוחל (מזיק געהט צו צו איהם) שש! איך האָב אייך געוואָלט פרעגען וויפיעל איז דער זייגער?

מזיק: ר׳ הערשעלע דובראָוונער׳ס טאַטע זאָל זיך אַזוי נאַריש מאַכען.

הערשעלע (מיט פערדרוס): טאַטע, האָב קיין פעראיבעל ניט. פאַר־וואָס זיצסטו ניט ביי זיך? דו האָסט איצט אַ בעזונדערען אַלקער. (לייזער גיט אַ קוק, גלייך ווי ער וויל עפּעס זאָגען, דערשרעקט זיך און געהט ראָש אב.) יאָ, גאָט ברוך־הוא האָט בעשאַפען שלעכטעס, כדי דער מענש זאָל קענען גוטעס טהאָן.

מזיק: וויבאַלד ניט דער מענש האָט דאָס שלעכטע בעשאַפען, פאַר־וואָס זאָל דער מענש בעשטראָפט ווערען דערפאַר, וואָס איז ניט דורך איהם געקומען אויף דער וועלט? (נעהמט אַרוים סיגאַרען, פעררויכערט) רויכערט אַ סיגאַר, ר׳ הערש, עס איז זעהר גוטע סיגאַרען.

הערשעלע: אַ סיגאַר איז אַ ביטערער לוקסוס פון רויך. ר׳ אוריאל, גאָט האָט בעשאַפען גוטעס און שלעכטעס און האָט דעם מענשען געגעבען אַ פרייען ווילען. דעם מענשענס ווילען איז גאַנץ פריי. (מזיק קוקט אויף איהם לאַנג.)

ציפּעניו: איהר פערשטעהט וואָס זיי רעדען? זיי רעדען איצט אויף קמיעה־לשון. לאָמיך בעסער געהן צום זיידען, ער איז אַוועק פון דאַנען, ווי אַן אָבגעשמיסענער, נעבעך. (אָב)

מזיק: איהר זאָגט, דער מענש האָט אַ פרייען ווילען?... ע! איהר פּרואווט די סיגאַר, עס איז אַן אויסגעצייכענטע סיגאַר זאָג איך אייך.

הערשעלע: ווייס איך: אַ נו, גיט, לאָמיך פּרוּאווען (פּעררויכערט).

מזיק: אַ פרייער ווילען, זאָגט איהר? נו, יאַ, מען זעהט דאָך. ווי קען זיין אַ פרייער ווילען, אַז דער ווילען איז פערצוימט, פערשמידט?... ווען דאָס, וואָס איהר ווילט, דאַרפט איהר זיך ניט ערלויבען; דאָס, וואָס אייך געפעלט, איז פערבאָטען; דאָס, וואָס איהר פערלאַנגט, איז ניט ערלויבט דורך געזעצע, זיטען, מנהגים, פאַלשע מיינונגען, נאַרישע געוואוינהייטען!... ניין! וויבאַלד עס עקזיסטירט מען טאָר און מען טאָר ניט, מוז דער ווילען זיין פערקריפּעלט. אָבער מיר לאָזען זיך אריין צו טיעף אין חקירה. איך דאַרף מיט אייך רעדען פון געשעפט.

הערשעלע: פּעסי, זייזשע מוחל, מיר דאַרפען דאָ רעדען. (צייגט, זי זאָל ארויסגעהן).

פּעסעניו: אַמאָל, ווען דו פלעגסט שרייבען תורות, פלעג איך קענען זיצען ארבייטען אַ זאָק, קוקען און האָבען פערגעניגען פון דיר, און היינט? — נו, זאָל זיין אזוי. (אב)

הערשעלע: אָי, זי האָט מיך דערמאָהנט! איך קלייב זיך נאָך אַלץ אָנפאַנגען שרייבען אַ תורה, וועלכע איך האָב צוגעזאָגט מנדב צו זיין, און קען זיך אַלץ קיין צייט ניט געפינען.

מזיק: איהר וועט מסתמא שפּעטער געפינען אַ צייט. ר' הערש, איך וויל מיט אייך רעדען פון זעהר אַ וויכטיגען געשעפט. איך האָב אַ פּלאַן...

הערשעלע: אָי, די געשעפטען! איך האָב מורא פאַר זיי. ניט אומזיסט האָבען די חכמים געזאָגט, אַז דער האַנדעל איז אַ גזלנות... קרע! (פערהוסט זיך פון דער סיגאַר און וואַרפט זי אוועק) פּע!...

מזיק: אַמאָל איז אפשר דאָס האַנדלען געווען אַ רויבעריי, היינט איז דאָס אַ פרייע קאָנקורענץ. איהר נעהמט מיט געוואַלט ביי קיינעם ניט אָב. איהר ווילט ריזיקירען מיט אייער געלד און עפּעס אונטערנעהמען? טהוט. דער אַנדערער וויל אויך דאָס זעלבע טהאָן? קיינער פערוועהרט איהם ניט. האָסט שכל, וועסטו פערדיענען; האָסט ניט קיין שכל, וועסטו ברעכען דעם קאָפּ... הערט, איך מיין, מיר זאָלען אויפהערען געבען געלד אויף פּראָצענט... ערשטענס, איהר זייט אַן עהרליכער איד, און אייך פּאַסט עס גאָר ניט. אמת, מיר געבען געלד נור מיט אַ שטר עיסקא, אין וועלכער מיר שרייבען, אַז דער פּראָצענט, וואָס מיר נעהמען, איז קיין פּראָצענט ניט. אָבער נאָך וואָס זאָלט איהר נאַרען גאָט מיט אַזאַ פּאָרטעל? דאָס וואָלט מיך נאָך ניט אזוי געהאַרט, עס איז אַ דאגה, נאַרט איהם, אַז ער לאָזט זיך.

הערשעלע: אי, ר׳ אוריאל, זייט איהר אַן אייזערנער אפיקורס!... הארט אויס, גאָט וועט אייך אָבגעבען דערפאר מיט פּראָצענט און אָהן א שטר עיסקא. כע־כע!

מזיק: צווייטענס, אין אַזאַ קליינע שטעדטעל וועלען אונזערע פּראָצענט־אָפּעראַציעס ניט קענען פערוואַנדעלט ווערען אין אַ גרויסען באַנק־געשעפט. מיר קענען שטענדיג האָבען קבצנ׳ישע קליענטען מיט קליינע הלואות... קבצנים טויגען בעסער צו אַן אַנדער זאַך, פּשוט צו דער אַרבייט, אָבער ניט צו פּראָצענט...

הערשעלע: ר׳ אוריאל, איך ווייס נאָר איין זאַך: וואָס מיר זאָלען ניט טהאָן מיט׳ן געלד, עס איז ניט ספרי־תורות שרייבען. ווען איך האָב געשריעבען אַ ספר, האָב איך געוואוסט, אַז איך וועל דערפון קיין עושר ניט ווערען, איך האָב זיך אָבער געפיהלט גליקליך דערמיט, וואָס איך האָב געטהאָן אַ הייליגע אַרבייט, אַ מלאכת אלקים. הפנים די בעפרידיגונג ליעגט ניט אין דער זאַך אליין, וואָס מיר טהוען, נאָר אין דעם ציעל, צוליעב וואָס מיר טהוען דאָס. וואָס איז דער ציעל פון רייכקייט?

מזיק: אָי, הערט אויף צו זיין אַ בעל־חלום. זייט אַ פּראַקטישער מענש און האָט פּראַקטישע ציעלען.

הערשעלע: אַז איך ווייס ניט, נאָך וואָס דאַרף איך דאָס!

מזיק: טייערער פריינד, זאָגט מיר נאָר, איהר וואָלט געוואָלט ווערען צוריק אַ קבצן, וואַלגערען זיך אין אַ פינסטערע, קאַלטע דירה, געהן באָרפיס און נאַקעט און עסען בולבע מיט ברויט?

הערשעלע: דעם אמת געזאָגט: ניין! אָבער אַז איך בין זאַט און אָנגעטהאָן, נאָך וואָס זאָל איך זוכען נאָך מעהר עשירות? איך וועל דען קענען עסען פינף וואַרעמעסען און טראָגען זיעבען קאַפּאָטעס?

מזיק: נאָך וואָס? וואָס רייכער איהר וועט זיין, וועט איהר ווערען אַלץ פרייער, שטאַרקער, קליגער. איהר וועט האָבען מעהר כבוד, מעהר פערגעניגען; איהר וועט קענען מאַכען גליקליך זיך און אייערע קינדער נאָך אייך. יא! יא! איהר קענט נאָך האָבען קינדער, איהר זייט אַ יונגער מאַן, פול מיט לעבען, מיט קראַפט.

הערשעלע: קינדער? אָי, רעדט מיר ניט דערפון, איך בעט אייך! דאָס רופט ביי מיר אַרויס שרעקליכע, זינדיגע געדאַנקען.

מזיק: דער מענש, וואָס האָט ענערגיע, שרעקט זיך ניט. ער ערזייכט שטענדיג אַלץ, צו וואָס ער שטרעבט. אַ שוואַכער מענש אָבער זינדיגט יעדען אויגענבליק מיט זיינע געדאַנקען. דער שטאַרקער מענש טהוט אָב מיט איין מאָל. איז דאָס אַ זינד, האָט ער איין מאָל געזינדיגט. איז דען בעסער

טויזענד מאָל זינדיגען מיט די גערעכטן, איידער איין מאָל מיט א טהאט ? אָי, זייט ניט קיין צבוע׳אק !

הערשעלע : דאָס איז אמת. גאָט ווייס דאָך שוין, אז איך וויל זינדיגען און אז איך זינדיג מיט די גערעכטן ! ווייל מיר האָבען אָבער מורא פאר מענשען, זיינען מיר פאַלש און פערבאָרגען...

מזיק : אָבער, ר׳ הערשעלע, הערט אויס מיין פּלאַן : עס האנדעלט זיך אויף וועגען אַ הייליגע ארבייט, אַ מלאכת אלקים. מיליאָנען אידען דארפען נאָך דערוויילע האָבען טליתים... דאָ אין שטעדטעל ווערען די טליתים פאַבריצירט פון קליינע אונטערנעהמער, אָדער פון די ארבייטער, פון די וועבער אַליין... מיר וועלען דאָ ערעפנען אַ טליתים־פאַבריק מיט מאשינען, דאמפּף און אַלע זיבען זאכען... די קליינע אונטערנעהמער וועלען אונז מוזען אָבראַמען דעם וועג און די אַרבייטער וועלען מיט דאנקבארקייט געהען אַלע צו אונז אַרבייטען. בערעכענט נאָר וואָס איהר טהוט אויף : איהר בעשעפטיגט אייך מיט אַ געטליכע סחורה, איהר גיט אַרבייט הונדערטער אָרימע לייט, איהר וועט דאָס גאַנצע שטעדטעל אָנפילען מיט קאָמערציע און פרנסה. די עהרליכע אידען וועלען קענען האָבען גוטע טליתים און ביליג... וואָרים אונז וועט זיך לוינען.

הערשעלע : זעהט איהר, דאָס געפעלט מיר ! דאָס איז אַ גוטער פּלאַן ! אַ זאַך, וואָס קען זיין גוט און נוצליך פאַר אַלע, דאָס געפעלט מיר ! ר׳ אוריאל, איהר האָט אַ גוטען קאָפּ און איך מיין, אַז קיין בעסערען בעל־עצה האָט מיר גאָט ברוך־הוא ניט געקענט צושיקען... יאַ, גאָטעניו פאָטער, דער פּלאַן געפעהלט מיר ! (זיפצט).

מזיק : דער פּלאַן געפעלט אייך, דער בעל־עצה, גאָט זיי דאנק, געפעלט אייך אויך און דאָך זייט איהר עפּעס אזוי אונמוטיג. ר׳ הערשעלע, איהר האָט יסורים. איך פיהל, איהר טראָגט אין הארצען אַ פערבאָרגענעם וועהטאָג. (פּלוצלינג פריידעניו׳ס שטימע. זי זינגט „מזמור לדוד“. זיי בלייבען שטיל. מזיק בעטראכט איהם).

הערשעלע : ר׳ אוריאל, איהר זייט אַ קלוגער מעניש, איהר זייט מיר געווים ניט קיין שונא... איך האָב שוין לאַנג געוואָלט מיט אייך זיך אַן עצה האַלטען... אויף זיך אַליין האָב איך מורא צו פערלאָזען זיך אין אַזאַ זאַך... עס איז קיין קלייניגקייט ניט. און... און... איך וועל אייך זאָגען דעם אמת : אויב איך זינדיג אָפּט מיט מיינע גערעכטן, אויב איך טראָג אַ וועהטאָג אין הארצען, זייט איהר אין דעם אויך אביסעל שולדיג.

מזיק: איך? גאָט איז מיט אייך!

הערשעלע: נאָך לאַנג... דעם ערשטען אבענד, ווען איהר זייט געווען ביי אונז... האָט איהר געזאָגט: אז... אַז פריידעניו... מיין ווייב׳ס פּלימעניצע... אַז...

מזיק: וואָס האָב איך, חלילה, געקענט זאָגען פון פריידעניו? (איראָניש) האָב איך געזאָגט, אַז זי איז שעהן, ווי אַ ראָזע אין מאָנאַט מאַי, רייצענד ווי די שטראַהלען פון דער זון, דאָס איהרע צוויי אויגען זיינען ווי לייכטענדע שטערען, איהר שטימע ווי די מוזיק פון ענגלען, איהרע ציין געטאָקט פון פּערלמוטער, איהרע ליפּען ווי צוויי רויטע רובינען, איהר האַלז געשניצט פון מאַרמעל?... אָדער וואָס האָב איך געזאָגט?

הערשעלע: ביידע זיינען זיי אויסגעוואַקסען ביי מיר אין שטוב, אבער זי איז מיר שטענדיג געווען ליעבער. מיט אייער איין וואָרט האָט איהר אויסגעגראָבען אַ געדאַנק, וואָס איז געווען טיעף בעהאַלטען, פון וועלכען איך האָב פריהער קיין צייט און קיין העזה ניט געהאַט צו טראַכטען... איצט וויל איך דעם געדאַנק צוריק בעגראָבען און ער האַלט זיך שטאַרק פאַר מיין מוח... איך טרייב איהם פון זיך און ער לאָזט מיך ניט אָב. גאָטעניו, איך וויים ניט, וואָס זאָל איך טהאָן?

מזיק: גאָט האָט געשאַפען אינ׳ם מענשענ׳ס לעבען פיעל פרייד און גליק... דער מענש דאַרף נאָר איינס טהאָן: לעבען און געניסען. נאָר איין מאָל לעבט מען אויף דער וועלט. ר׳ הערשעניו, די צייט שטעהט ניט, די יאָהרען פליהען, די לוסט געהט פאָראיבער.

הערשעלע: וואָס רעדט איהר דאָס? דאָס איז ניט קיין אידישע רייד, ניט קיין אידישע געדאַנקען! לאָזט מיך! (מזיק האַלט איהם) לאָזט מיך! איהר ווילט מיך פערגיפטען מיט אייערע אפּקורס׳ישע געדאַנקען! איהר ווילט מאַכען אַ תל פון מיין לעצטען פונק אידישקייט! לאָזט!

מזיק: שאַ! וואָס מאַכט איהר אַזאַ ליאַרם? טהוט, ווי איהר פערשטעהט. איך זאָג אייך נאָר, עס איז דאָ געפיהלען, וועלכע רעדען צום אידען, ווי צו יעדען מענשען. פערקעהרט, אויב איהר זייט אין דער אמת׳ען אַ פרומער, כשר׳ער איד, ווי קענט איהר לעבען מיט אַן עקרה העכער צעהן יאָהר? ווייסט איהר דען ניט, אַז דאָס ווערט גערעכענט פאַר אַזאַ חטא, ווי אונן בן יהודה אָט געטהאָן, און עס קען זיין, איהר זייט גאָר חייב מיתה דערפאַר? און אַ חוץ אַלע זאַכען טאקע, וואָס איז דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער וועלט אָהן קינדער? פאַרוואָס זאָלט איהר אַליין רויבען ביי זיך דעם גרעסטען נחת, די גרעסטע נחמה? איהר האָט איצט געגוג מיטלען אייער ווייב צו פערזאָרגען ביז׳ן טויט... זי וועט קענען לעבען בעסער, ווי

איהר האָט זיך אמאָל גע'חלום'ט... איהר ווילט מיך פּאָלגען? טראַכט ניט, וואַנקט ניט, געטוֹמען און געטהאָן און שוין... ביי אונז אידען טרעפען זיך אַלע טאָג אַזעלכע זאַכען... גרויע גרייזע זקנים גט'ען זיך מיט זייערע אַלטע ווייבער און נעהמען יונגע מיידלעך... איהר זייט נאָך אַ יונגער מאַן. אָה! איהר טראַכט צופיעל פון יעדע נאַרישקייט, דערפאַר האָט איהר קיין בעשלאָסענהייט ניט צו טהאָן עטוואָס. (פריידע זינגט) האַ? זי געהט אהער... אָי! וואָס זאָגט איהר פאַרט? איך האָב פערגעסען פערשליסען די קאַסע. (געהט און זינגט נאָך איהר:) גם כי אלך בגיא צלמות, האָב איך ניט מורא פאַר שלעכטס (צום הימעל איראָניש) כי אתה עמדי... דו ביזט מיט מיר. כאַ! כאַ! כאַ! (אב.)

הערשעלע: הארט אויס, ר' אוריאל! בלייבט... פונקט איצט נאָך די רייד בלייבען אַליין מיט איהר; ווען דער גאַנצער גוף ברענט און דער קאָפּ איז צומישט? דאַכט זיך, ווי ער רעדט, איז דאָס אַ גערעכטע זאַך... על פּי דין בין איך אויך גערעכט... פון דעסטוועגען פיהל איך אָבער דאָך, אַז מיר קומט ניט קיין קניפּ אין בעקעלע דערפאַר... מסתמא איז דאָך דאָס ניט זעהר כשר. ניט לאַנג געטראַכט, זאָגט ער, געטומען און געטהאָן! (זעצט זיך נעבען טישעל, וואו דאָס פּיעדעלע ליעגט) גאָטעניו, איך האָב מורא, איך האָב מורא! איך האָב מורא! (ער קלאַפּט צונויף די הענד און ציטערט אַזוי, דאָס צוזאַמען מיט איהם ציטערט דאָס טישעל. פריידע קומט.)

פריידעניו: פעטער, וואָס איז מיט אייך? (ער פערדעקט זיין געזיכט) איהר פיהלט שלעכט, חלילה? (וויל נעהמען זיין האַנד, ער לאָזט ניט) וואָס איז? איהר זייט בייז אויף מיר?

הערשעלע: יאָ, איך בין בייז, אָבער ניט אויף דיר, חלילה, איך בין בייז אויף זיך... איך בין בייז, ווייל איך בין די לעצטע צייט ביסלעכווייז אַלץ געוואָרען אַן אַנדערער... פריידעניו, איך האָב מורא, איך בין שוין ניט הערשעלע דובראָוונער מעהר...

פריידעניו: איך זעה, איך פיהל און פערשטעה, דאָס דער מאַן, וואָס רעדט איצט צו מיר, איז ר' הערשעלע דובראָוונער און ניט קיין אַנדערער...

הערשעלע: פריידעניו, דו ביזט אַ קלוגעטשקע, ביזט אַ גוטע, ביזט אַ כשר קינד און איך וויים, דיר מעג מען זאָגען דעם גאַנצען אמת... הער: איך לעב שוין מיט דער מוהמע עטליכע און צוואַנציג יאָהר און מיר האָבען ניט קיין קינדער... (זעהר אויפגערעגט) יאָ, מיר האָבען ניט קיין קינדער... איך האָב צו איהר חלילה גאָרניט, זי איז אַ פרומע כשרה אידענע און האָט מיר, חלילה, קיינמאָל ניט אָנגעטהאָן קיין עגמת נפש... אבער... ע, פערשטעהסט, אַן עהרליכער איד טאָר ניט לעבען מיט אַ ווייב אַן עקרה. אַ איד

דארף חתונה האָבען נאָר צוליעב קינדער, אַז ניט טאָר מען גאָר ניט חתונה האָבען.... און אַ חוץ אַלע זאַכען, איך וויל האָבען אַ קינד.... כאָטש איין קינד... יאָ, וועה איז מיר ! ווען איך זאָל האָבען איין זוהן ! יאָ, פריידעניו, הפנים איך וועל מוזען דער מוהמען געבען אַ גט.

פריידעניו : אָרימע, אונגליקליכע, מוהמעניו ; וועה איז מיר פאַר איהר הארץ !

הערשעלע : עס איז טאַקע נעבעך זעהר אַ גרויסער רחמנות אויף איהר, אבער זי איז אַן עהרליכע אידענע און וועט געוויס מקבל באהבה זיין דאָס, וואָס דער אידישער דין פאָדערט... הער, פריידעניו, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען... ע... ע... שטעל זיך פאָר, איך האָב זי שוין אָבגע'גט און... און...

פריידעניו : איהר דאַרפט גאָר ניט זאָגען מעהר ! איך זאָל זיין אַ פאַלשע, וואָלט איך זיך געמאַכט, אַז איך פערשטעה גאָר ניט און וויים ניט פון וואָס צו זאָגען. איך וויל ניט זאָגען קיין ליגען, פעטער... ניט אומזיסט האָט עס מיר געגעבען אַ קלאַפּ, ווי מיט אַ דונער איבער'ן קאָפּ, ווען... דאַמאַלס... חנוכה... צו דער פינפטער ליכטעל.. איהר געדענקט, ווען ר' אוריאל האָט געזאָגט ? ניט אומזיסט ווער איך פער־ציטערט יעדעס מאָל, ווען איהר גיט אַ קוק אויף מיר !... אבער פערגעסט ניט, זי איז מיין צווייטע מוטער... און זאָל מיך גאָט שטראָפען, אויב איך וועל איהר, חלילה, עפּעס בייזעס טהאָן.

הערשעלע : קינד, ווער קען דאָס האָבען אַ האַרץ איהר טהאָן שלעכטס ? אַז זי וועט ניט וועלען מיט איהר גוטען פרייען ווילען נעהמען אַ גט, וועל איך זי ניט נויטען, חלילה... אָבער... אויב יאָ... און... און... אויב זי אַליין וועט איינוויליגען, אַז ניט אַן אַנדערע, אַ פרעמדע זאָל פער־נעהמען איהר פּלאַץ דאָ... וועסטו... (ציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער) וועט... מיינסטו.... אַז... אַי, פריידעניו, ווי שווער עס איז צו רעדען פון אַזעלכע זאַכען ! (זיי שוויינען ביידע לאַנג) דו שווייגסט ?

פריידעניו : פעטער, איהר פיהלט אַליין און איהר ווייסט, וואָס איך קען ענטפערען.. עס איז איבריג צו רעדען.

הערשעלע : אָה ! פריידעניו, פערגעס ניט, דו ביזט אַ יונג קינד, און איך בין צוויי און פיערציג יאָהר אַלט.

פריידעניו : אָה, וואָס רעדט איהר ? אין מיינע אויגען, אַ יונגער מאַן נעבען אייך ווייזט אויס ווי אַ נאַרישער קונדס, אַ גאָרנישט ! ווען איהר זאָגט עטוואָס איז גלייך, ווי אַ נביא רעדט און וואָס איהר טהוט — טהוט איהר ווי אַן איידעלער אונגעוואָוינליכער מענש. אָה, פעטער ! ווען איהר נעהמט

אייער פיעדעלע און אייערע אויגען ווערען בעגייסטערט און דאָס פּנים ווערט בעלייכטעט מיט אַ הימלישע ליכט, גלייך ווי די שכינה רוהט אויף אייך... דאַן... דאַן... מיין איך, אַז מיין הארץ, מיין זעעלע, מיין לעבען, אַלעס געהערט ניט מעהר צו מיר... און איך דענק, ווי גליקליך וואָלט איך געווען, ווען איך זאָל קענען ביז'ן טויט בלייבען אין דעם הויז וואו איהר זייט! ווען איך זאָל קענען בלייבען ביי אייערע פיס. (לאָזט זיך אַראָב מיט אַ געפיהל פון פערגעטערונג צו זיינע פיס. הערשעלע גיט אַ קוק אויף איהר, נעהמט דאָס פיעדעלע און שפּיעלט „מזמור לדוד“. זי קוקט אויף איהם און סופלירט די ווערטער. ווען זי זאָגט: „גם כי אלך בגיא צלמות“ קומט שטיל מזיק און בלייבט שטעהן אונבעמערקט. נאָכ'ן שפּיעלען בלייבען ביידע לאַנג שטיל).

פריידעניו (מיט אַ פערשטיקטער שטימע): פּעטער, איך מיין, אַז איך האָב אייך ליעב...

הערשעלע: אָבער... אויב... חלילה... טאָמער, פריידעניו, זינדיגען מיר צו גאָט ברוך הוא?

פריידעניו: איך וויים ניט... עס קען זיין, אבער איך מיין, אַז איך האָב אייך זעהר שטאַרק ליעב!

הערשעלע: קינד, פריידעניו, אפשר טאָרען מיר נאָך ניט דענקען דערפון... אפשר איז דאָס אַן אונגליק?

פריידעניו: איך וויים גאָר ניט! פּעטער, איך זאָג נאָר דעם אמת: איך האָב אייך ליעב.

הערשעלע (אויסער זיך): אָי, געוואַלד, רבונו של עולם! אויב עס איז אויף מיר חלילה נאָר אַן אָנשיקעניש פון'ם שטן, העלף מיר! פערלאָז מיך ניט, גאָטעניו! איך האָב נאָך אין מיין לעבען ניט געפיהלט, ווי איך פיהל איצט! איך וועל חלילה פון זינען אַראָב! איך וועל חס ושלום פערגעסען, אַז איך בין אַ איד, אַז איך בין אַ מענש, אַז עס איז דאָ הייליגע געבאָט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט, כביכול! אָי! איך...

מזיק: ר' הערשעלע, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען... (פריידעניו ערוואַכט ווי פון שלאָף. שטעהט אויף און געהט לאַנגזאַם אב).

הערשעלע: יא, ר' אוריאל, איהר זייט גערעכט: וויל מען עטוואָס טהאָן, דאַרף מען ניט טראַכטען אַ סך. וואָרים וואָס מעהר מען טראַכט, זינדיגט מען מעהר. (ציפּעניו לויפט אַריין און עפענט די טהיר פון מיטען).

ציפּעניו: נאָר כלי־זמר פּעהלען, ווייטער איז דאָס אַ גאַנצע חתונה... אַלע מחותנים זיינען דאָ! כאַ־כאַ־כאַ! זייט מקבל פּנים, חתן'ס צד געהט! (פּעסיע ערשיינט.)

פּעסעניו (אין טהיר): קומט אַריין! קומט אַריין! הערשעלע איז דאָ!

(חאַצקעל, מאָטעל און דאָבע).

אַלע: גאָט העלף! גאָט העלף! (מזיק נעהמט פּאַפּיער, זעצט זיך שרייבען.)

פּעסעניו: זיצט! זיצט! עס איז דאָך אַזאַ שמחה, אַז מען דערזעהט איצט אַ מענשען אין שטוב. איין ווייל... איך ברענג באַלד איינגעמאַכץ, לעקעך און פערבייסען. (אב)

ציפּעניו: זעהט נאָר, מאָטעלע האָט עס אַ שעהנע נייע קאַפּאָטע. פּי! (גיט אַ פּייף)

דאָבע: שטיפּערין, מען טאָר ניט פּייפען אין שטוב — מען רופט צונויף די ניט־דאָ־געדאַכטען.

מאָטעלע: זי איז אַליין אַ ניט־דאָ־געדאַכט.

חאַצקעל: וואָס מאַכסטו, ר' הערשעלע? דו זעהסט אויס, חלילה, ווי דיר פעהלט עפּעס.

מזיק (זיצט ביים טיש און שרייבט): יעדען מענש פעהלט עטוואָס; דעם, וואָס פעהלט גאָר ניט, דער איז קיין מענש ניט.

חאַצקעל: האָב קיין פּעראיבעל ניט, האָסט אפשר איצט קיין צייט ניט? איך בין געקומען צו דיר רעדען מכח צוויי זאַכען, צוויי ענינים. ר' הערשעלע, מיר זיינען אַלטע גוטע פריינד און זינט גאָט האָט דיר געהאָלפען און דו ביזט אויפגעקומען...

דאָבע: קיין עין הרע, קיין בייז אויג... דעם ניט־גוטען אויף צופּוקענים, טפו! (שפּייט).

חאַצקעל: ...האָב איך שטענדיג גערעכענט, אַז דו האָסט, איז פּונקט אַקוראַט, ווי איך האָב... נאָר אַז איך האָב ניט געדאַרפט, האָב איך ניט געבעטען.

הערשעלע: ביזט גערעכט, חאַצקעל... פערגעס אָבער ניט, איך האָב אַ שותף, ער האָט אויך אַ דעה. (מזיק געהט נעהמען פּאַפּיער. ל י י ז ע ר קומט אַריין שטיל, דערשראָקען און קוקט זיך ארום).

חאַצעל: איך בין אַ פּראָסטער שלש סעודות און וועל דיר זאָגען: נאָך מיין שכל, איז דאָס, וואָס דער מזיק איז אַ שותף אינ'ם געלד און האָט אַ דעה ביי דיר, — ניט זעהר יעלה ויבוא'דיג.

לייזער: עס איז אַ יעלה ויבוא ויגיע ויראה וירצה וישמע ויפּקד ויזכר—(אַ קוק אויפ'ן זוהן און דערשרעקט זיך). ר' חאַצקעל, איין אויגענבליק.

(חאַצקעל גערט צו צו איהם) שש! איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: היינטיגען שבת בענשט מען ראש חודש? (ער זעצט זיך אין אַ ווינקעלע).

חאַצקעל: אי, דולט מיר ניט די פּיאַטע איצט מיט ראש חודש!

(הערשעלע גערט צו צום פאָטער, און זאָגט איהם עפּעס שטיל מיט כעס.)

דאָבע: אָי! וואָס זאָגסטו פאַרט? מיר בייסט עפּעס אין נאָז; עס איז אַ סימן, אַז מען וועט זיך חלילה קריעגען. (מזיק גערט צו צו מאָטעלען).

מזיק: מאָטעלע, וואָס איז דאָס? איהר טראָגט גאָר אַן אויערריננגעל, ווי אַ אידענע?

מאָטעלע: יאָ, איך טראָג אַן אויערריננגעל, אָבער ניט ווי אַ אידענע, ווי אַ בחור. (ציפּעניו לאַכט.)

דאָבע: אָי, לאַנג לעבען זאָלט איהר. איהר ווייסט, וואָס פאַר אַן אויערריננגעל דאָס איז? עס איז געקליבען געוואָרען זיבען שטיקלעך זילבער פון זיעבען פאַר פאָלק, וואָס האָבען זיעבען שוועסטער און שוויעגערס און זיעבען טאַטע־און־מאַמעס. ער איז אַ ציטערדיגער ביי אונז און דאָס אויערריננגעל איז אַ שמירה. כל זמן ער טראָגט עס, קען דער ניט־דאָ־געדאַכט ניט שטעהן אין זיינע ד׳ אמות.

מזיק (בעטראַכט דאָס אויערריננגעל): אַזוי? דאָס איז מערקווירדיג. (זעצט זיך צוריק.)

ציפּעניו (גיט מאָטעלען אַ קניפּ): מאָטעלע, אַז דו ביזט יאָ אַ ציטעריגער, פאַרוואָס ציטערסטו ניט? (דאָבע גיט אַ מאַך אויף איהר.)

הערשעלע (זעצט זיך צוריק אויף זיין אָרט): נו, חאַצקעל, לאָמיך הערען, וואָס האָסטו געוואָלט זאָגען?

חאַצקעל: איך וועל דיר זאָגען אָהן הקדמות: מיר מאַכען איצט טליתים, איך און מיין מאָטעלע... מיר זיינען גוטע וועבער און אַז מיר טהוען אַ מלאכה, טהוען מיר!

דאָבע: אַי, איז ער אַ בעל־מלאכה, קיין בייז אויג זאָל איהם ניט שאַדען. (שטיל) ער ווייסט ניט, אַז איך גיב איהם טרינקען אַלע אין־דער־פריה וואַסער, געקאָכט אין קעפּלעך פון פּאָסטערנאַק מיט שאָלעכץ פון קנאָבעל, דאָס איז זעהר גוט צום געזונד.

חאַצקעל: די בעלי־בתים, ביי וועלכע מיר אַרבייטען, זיינען רוצחים און גזלנים. זיי זאָגען, אַז ביי טליתים דאַרפען אַרבייטען נאָר עהרליכע, כשר׳ע אידען און אַליין זיינען זיי טרפה הערצער און קעשענע־שניידער. הם! אַליין איז ער אַ גנב, און וויל דער אַרבייטער זאָל זיין אַ צדיק! האָבען מיר זיך מישב געווען עטליכע וועבער, און איך מיט מאָטעלען, און מיר ווילען מאַכען אַן אייגענע חברותא... בעריל לאַפּטיוך איז אויך מיט

אונז. ער ווייס פון אזא מין קראַכמאַל, וואָס אפילו פראָסטע טליתים קענען אויסווייזען ווי זיידענע, ווי אַנטיק מאָרע... אַזוי מיט פאַסען... בין איך נעקומען, דו זאָלסט אונז געבען געלד... עס וועט הייסען: דו לייהסט מיר...

הערשעלע: יא, פאַר וואָס ניט? (אַ קוק אויף מזיק'ן און דערשרעקט זיך, ווי לייזער.) איך וואָלט דיר געוויס געגעבען, נאָר, דו פערשטעהסט, דו דאַרפסט דאָס איצט גאָר אין גאַנצען ניט. מיר עפענען דאָ, אם ירצה השם, אין גיכען אַ גרויסע טליתים־פאַבריק און איהר וועט אם ירצה השם אַלע זיין פערזאָרגט, אַלע.

חאַצקעל: אַזוי? נו, ווייסטו וואָס? לאָמיר אַלע זיין שותפות... איין חברותא...

הערשעלע: דו וועסט זעהן, די גאַנצע שטעדטעל וועט זיין כמעט אַזוי ווי בשותפות מיט אונז. קיינער, חלילה, וועט זיך ניט נויטיגען אין אַרבייט און אין פּרנסה.

חאַצקעל: אַזוי? הייסט עס ניט געטאַנצט מיט'ן בער! נו, נו. מיר וועלען זעהן. איצט מכח דעם צווייטען עסק. איך וואָלט דיך געוואָלט פרעגען, ר' הערשעלע, וואָס הערט זיך מיט אונזער שידוך? פריידעניו איז עפּעס אי יאָ אַ כלה, אי ניט אַ כלה. עס איז עפּעס אַזאַ שידוך, וואָס איז ניט קיין טומטום און ניט קיין אנדרגנוס. איך פערשטעה ניט, וואָס דאַרף מען נאָך אָבציהען און אָבלעגען? אי מאָטעלע, אי פריידעניו, זיי זיינען שוין ביידע ראוי...

דאָבע: קיין בייזע אויג!

חאַצקעל: ראוי לחופה ולקדושין.

לייזער: ברוך אתה ד' מקדש עמו ישראל על ידי חופה וקדושין.

הערשעלע (בייז): טאַטע! (לייזער דערשרעקט זיך און בעהאַלט זיך אין זיין ווינקעלע).

מזיק (געהט צו צו הערשעלען): איהר זעהט, דער חשבון איז ריכטיג. (שטיל) ר' הערשעלע, האָט איהר שוין אָנגעהויבען, שטעלט אייך ניט אָב אין מיטען וועג. גערעכנט מיין עצה: גענומען און געטהאָן! (זעצט זיך צוריק).

הערשעלע: יא, ר' חאַצקעל, דו ביזט גערעכט. (ציטערט) מכח דעם איז ווירקליך צייט צו רעדען. איך וויל אָבער, מען זאָל פריהער... פריהער זאָל מען הערען, וואָס זי... וואָס פריידעניו אַליין וועט זאָגען... (פעסיע קומט מיט אַ טאַץ פול מיט פערבייסען און סערוועטקעס).

פעסעניו: איהר זעהט? ניט צו פערזינדיגען... (נעהמט אַ סערוועטקע) אָבער, אָט די זאַכען ווייס איך ניט, מען דאַרף דאָס פאַר'ן פערבייסען, אָדער נאָכ'ן פערבייסען?... (שטעלט אויפ'ן טיש).

ציפּעניו: אָט רופֿ איך שוין אַריין פריידעניו. אַ סופֿ! די עלטערע שוועסטער אַראָב פון מאַרק, וועט די אינגערע אויך קענען האָבען אַ האָפּענונג. כאַ! כאַ! זיידע, ווען איך וועל ווערען אַ כלה, וועט איהר מיך בעזועצען. (אָב רעכטס. הערשעלע ציטערט).

פעסעניו: וואָס איז, הערשעלע? זעהט, ווי ביי איהם ציטערען די הענד, גלייך ווי ער וויל, חלילה, אימעצען בע'גזלן'ען. דאָבע פערבייסט, דאָס איז געבאַקען געוואָרען אויף הוילע ווייסלעך פון אייער.

דאָבע: קיין עין הרע, געראָטען ביי אייך. אָט! אָט! מיר ווערען דאָך באַלד אמת'ע מחותנת'טעס. (צוקושט זיך מיט איהר).

(פריידע און ציפּע קומען.)

הערשעלע: פריידעניו, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען... דאָס הייסט, ניט איך. ר' חאַצקעל פרעגט... ער וויל וויסען וואָס הערט זיך מכח'ן שידוך.

חאַצקעל: איך וועל דיר זאָגען, ווי אַ פּראָסטער מענש: דו ביזט עפּעס צו קידער־ווידערדיג. איך ווייס, אפשר געפעלט דיר איצט ניט אונזער גאַנצער משא ומתן? ביזט יעצט פון די גדולים און מאָטעל איז אַ זוהן פון חאַצקעל דראַכמע.

פריידעניו: דער שידוך? ר' חאַצקעל, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: קיין תנאים איז דאָך ביי אונז ניט געווען. אויב איך האָב פריהער גע־שוויגען, איז ניט ווייל מאָטעלע איז מיר געווען געפעהלען. איך האָב נאָר געמיינט, אַז עס דאַרף אַזוי זיין... אָבער איצט... זייט ניט בייז אויף מיר, איך קען ניט...

דאָבע: מאָטעל האָט אויך ניט גע'חלש'ט נאָך דיר... פאַר דיר האָט ער מורא און פאַר ציפּעניו'ן ניט... חאַצקעל, זעהסט? איך האָב דיר געזאָגט, איך האָב געזעהן אין חלום אַ שוואַרצע קאַץ... אָט האָסטו דיר!

פעסעניו: פריידעניו, דו ווילסט ניט דעם שידוך? וואָס הייסט עפּעס? פאַר וואָס?

לייזער (פון זיין ווינקעלע): זי וויל בעסער בלייבען אין דער היים, אין אייגענע הענד...

הערשעלע (בייז): טאַטע, ווילסט זיצען ווי אַ מענש, זיץ דאָ, און אַז ניט, וועל איך דיך בעטען, דו זאָלסט זיך מטריח זיין!...

ציפּעניו: אַזוי? איהר שטעהט ניט אָן! אַ גאַנצע בת־מלכה געוואָרען. זאָג אַליין, מומעניו, איז ניט אַ רחמנות אויף מאָטעלען?

מאָטעלע: מיינט ניט, אַז איך וועל מיך שטאַרק נעהמען צום האַרצען. איך מיין, אַז עס איז ניט גוט צו האָבען אַ ווייב, פאַר וועלכע מען מוז זיך שעהמען...

ציפּעניו: געוויס דאַרף מען זיך שעמען פאַר איהר, זי איז ניט פון אונזער משפּחה!

פריידעניו: איך בעט אייך, פערצאַפּט מיר ניט דאָס בלוט אומזיסט.

ציפּעניו: איך מיין, מי מעג האָבען אַ פעטער אַ גביר, און ר' חאַצקעל דראַכמע'ס שנור איז גאָר קיין בזיון ניט.

פּעסעניו: פריידעניו, אויב עס איז דערפאַר, ווייל דעם פעטער האָט גאָט ב"ה געהאָלפען און דו האַלטסט זיך גרויס, איז דאָס זעהר אַ גרויסע עולה.

דאָבע: געדענקסט, מאָטעלע, אַז מיר זיינען געגאַנגען אהער האָבען מיר בעגעגענט אַ גויה מיט לעדיגע עמער. זעהסט? זי וויל נאָך ניט אַזאַ שידוך...

חאַצקעל: מיין מאָטעל איז ביי מיר חלילה ניט קיין זאַוויאַל, ניט קיין בראַק... גאָר ניט, זי וויל ניט, מסתמא ווייסט זי דאָך פאַר וואָס?

הערשעלע: איך וועל אייך ערקלערען פאַר וואָס. הערט אויס, מיר זיינען דאָ אייגענע מענשען, כמעט איין משפּחה. אויב פריידעניו וויל ניט דעם שידוך, געפעהלט אפשר דער שידוך ציפּעניו. איהר מעגט מיר גלויבען, זי וועט געוויס קריגען נדן און כלה־מתנות ווי אַ בעל־הבתיש קינד. אָבער איך וויל מיט אייך איצט רעדען גאָר פון אַן אַנדער זאַך... ניט פון די קינדער, איך וויל רעדען פון זיך אַליין, דאָס הייסט: פון מיר און פּעסעניו. ראש חודש אלול איז געוואָרען 22 יאָהר נאָך אונזער חתונה, און ווי איהר ווייסט, גאָט האָט אונזער זיווג ניט געבענשט מיט קינדער. צוליעב וואָס לעבט אַ מענש, ווען ניט צוליעב קינדער?

פּעסעניו (טרויעריג): יאַ, אַזוי איז דאָס. די ווייבער פלעגען זיך אָפּט וואונדערען, אַזאַ עהרליכער איד ווי הערשעלע זאָל לעבען אַזוי פיעל יאָהר מיט אַן עקרה. איך האָב אָבער זיי שטענדיג געזאָגט: מיין הערשעלע איז גאָר אַן אַנדער מענש, און די צוויי יתומות, וואָס זיינען ביי אונז אין שטוב, זיינען אונזערע קינדער (פריידעניו וויינט). יאַ, פריידעניו, הערשעלע איז גערעכט: צו וואָס לעבט אַ מענש, אויב ניט צוליעב קינדער? איהר ביידע זייט אונזערע קינדער און מיר לעבען נאָר צוליעב אייך... (קושט פריידעניו'ן).

הערשעלע: דו האָסט מיך ניט פערשטאַנען, פּעסעניו... ניט דאָס מיין איך... איך מיין... איך וויל האָבען אייגענע קינדער...

חאַצקעל (שטיל): ער וויל האָבען אייגענע קינדער. נאָך מיין שכל נאָך הייסט עס, ער וויל האָבען אַן אַנדער ווייב... (אַלע) וואָס?!

לייזער: דעם בדחן'ס אויג האָט דאָס לאַנג געזעהן.

הערשעלע: יאַ, פּעסעניו, אויב איך בעדייט עפּעס ביי דיר, זיי ניט

בייז אויף מיר. אויב דו קענסט, זיי מיך דן לכף זכות. איך וויל מיר זאָלען זיך גט'ן.

פעסעניו: גט'ן ? ! וואָס הייסט, הערשעלע, דו האָסט דאָך קיינמאָל גאָר נישט גערעדט דערפון !

הערשעלע: איך האָב ניט גערעדט, אָבער איך דענק שוין לאַנג דערפון.

פעסעניו: גט'ן ! אָי, וועה איז מיר ! וועה איז מיר ! (וויינט. אַלע ווייבער ווישען זיך די טרערען).

הערשעלע: דאָס הייסט, חלילה, אויב דו ווילסט ניט, וועל איך דיך ניט נויטען. דו בלייבסט דאָ אין שטוב ווי דו ביזט געוועזן און קיינער וועט ניט וואַגען דיר פוגע בכבוד צו זיין. און איך ? איך וועל עס איבערטראָגען באהבה. וואָס זאָל מען טהאָן ? אַ מענש קען דאָך ניט זיין גליקליך מיט אַלעמען.

פעסעניו: ניין, הערשעניו, איך וויים, דו ביזט אַן עהרליכער איד, אַן איידעלער מענש. אויב דו געפינסט, אַז מיר דאַרפען זיך גט'ן, וואָס זאָל מען טהאָן ? מסתמא איז דאָך אַ גזר מן השמים. נאָמיר זיך גט'ן... וועה איז מיר ! (וויינט).

חאַצקעל (שטיל): נאָך מיין פּראָסטען שכל: פאַר וואָס איז דער גזר מן השמים ניט געקומען פאַר'ן געלד ?

דאָבע: אי, פעסע לעבען, איך האָב אייך געזאָגט: שטענדיג ביי ראש חודש בענשען זאָגט די תחינות פון מוטער רחל. זי איז אויך געוועזן אַ בעזדיעטיכע נעבעך.

פעסעניו: וואָס העלפט איצט רעדען ? מסתמא ווייסט הערשעלע, וואָס ער טהוט... אי ! באַרימדיגער פאָטער אין הימעל, אויף אַזאַ שלאַג האָב איך זיך ניט געריכט. אָבער אַז עס איז ניטאָ קיין ברירה, קען מען זיך דאָך ניט העלפען...

פריידעניו (פאַלט איהר אויפ'ן האַלז): ניין ! מומעניו, עס איז דאָ אַ ברירה ! אויב מאָטעלע האָט ניט געגען מיר... האָב איך אפילו באַלד חתונה... איך... (קען ניט רעדען פון געוויין).

מאָטעלע: איך וויל ניט מען זאָל מיך מיט מיר וואַרפען. אָט יא, אָט ניין ! דעם אמת געזאָגט: איהר זייט פאַר מיר צו איידעל... איהר זייט ניט מיין גלייכען... ציפעניו איז אַן אַנדער זאַך...

הערשעלע: פעסעניו, וואָס זשע וויינסטו אַזוי ?

פעסעניו: אַביסעלע וויינען... גאָט וועט מיך ניט שטראָפען פאַר די טרערען...

פריידעניו: מומעניו, טייערע מומעניו, איך בין ניט שולדיג... (זי וויינט).

פעסעניו: נארעלע, וואס קענסטו שולדיג זיין? קינד מיינס, אז עס איז בעשערט פון גאט מיר זאלען זיך גט'ן, קען מען דאך מיט געוואלד ניט לעבען צוזאמען. (גיט אויף איהר א קוק) וואס? דו? אה! דאס מיינסטו?... דאס הייסט, דו! איך, אלטע נאר, האב ניט פערשטאנען... נו, פריידעניו, איידער א פרעמדע זאל דא פערנעהמען מיין פלאץ, איז דאך שוין בעסער די, וועלכע איך האב כמעט פאר אן אייגען קינד גערעכענט... זאל דיר גאט געבען גליק... אזעלכע מענער ווי ר' הערשעלע וואלגערען זיך ניט אין די גאסען... 22יאהר געלעבט צוזאמען און איך האב חלילה קיין שלעכט ווארט פון איהם ניט געהערט... וויין ניט, נאר... איך וועל זיין ביי ציפעניו, אבער איך וועל דיך אויך ניט פערגעסען... און... פריידעניו, אז גאט וועט דיר בענשען מיט קינדערלעך, וועל איך זיי ניאנטשען ווי מיינע אייגענע, ווי מיינע אייניקלעך... אז איך קען ניט זיין א מאמע, וועל איך כאטש זיין א באבע. (וויינען איינע ביי דער אנדערער אין די ארעמס).

הערשעלע: ווי אזוי קען מען געהן מיט אן אייגענעם וועג, אז מען מוז אויף יעדען טריט אימעצען צוטרעטען? ווי קען מען פאר זיך אליין אב־טיילען א שטיקעל גליק, אז מען דארף עס רייסען מיט פלייש און בלוט!... ניין! איך האב מורא, ער לייגט מיט זיין גאנצע פילאזאפיע, — גליקליך זיין וועל איך קיינמאל ניט קענען! (וויינט ביטער). פעסעניו, זיי ניט בייז אויף מיר! איך פערדיען ניט דיינע כשר'ע טרערען! איך בין א סך ערגער, ווי דו האסט מיך גערעכענט. איך ווייס, איך פיהל, ווי שווער דיר איז איצט. א, פעסעניו, פעסעניו! (אלע וויינען).

(מוזיק בעטראכט הערשעלען איראניש.)

פ א ר ה א נ ג.

## דריטער אקט.

(נאָך אַ פיעל רייבערער זאַל ביי הערשעל'ען אין הויז. בלומען, פּארטיערען. עס איז נאַכט — לאָמפּען ברענען אויף די טישען. אין אַ ווינקעלע צווישען בלומען אַ גרויסע אייזערנע קאַסע, ביי וועלכער מזיק זיצט און צעהלט גרויסע פּעקלעך מיט געלד... לייזער געהט אום איבער'ן שטוב, אונגעדולדיג).

לייזער: מערקווירדיג, כאָטש צוריים זיך, ניטאָ! נאָך אמאָל: אַכמע, באַכמע, גאַכמע, דאַכמע, האַכמע... (שרייט אין טהיר) נו גיכער דאָרט! האָסט געהערט, וואָס ר' אוריאל האָט געזאָגט? (אַ אידישער דיענער טראָגט אריין אַ פלאַש וויין מיט צוויי גלעזער.) וואו האַלט איך? האַכמע, וואַכמע, זאַכמע...

מזיק (געהט צו צום וויין און גיסט אָן): איהר וועט נעהמען אַ ביסעלע? איך האָב אייך ליעב ווען איהר זייט שכור.

לייזער: אַ שאלה, אויב איך האָב די מעלה צו מאַכען אַ יעלה! (טרינקט אַ גאַנצע גלאָז) ר' אוריאל, שש!... איך מוטשע מיך שוין צוויי טעג צו געפינען אַ גראַם צום נאָמען חאַצקעל דראַכמע, און כאָטש צוריים זיך... איך געה נאָכ'ן „אלף בית": „א" אַכמע, „ב" באַכמע, „ג" גאַכמע, „ד" דאַכמע „ה" האַכמע... ניטאָ! לחיים. (טרינקט ווייעדער.)

מזיק: יא! ביי חאַצקעל דראַכמע גראַמט זיך ניט... כאַ־כאַ־כאַ! זיצט, ר' לייזער, מיר וועלען טרינקען און שמועסען, (זיי זעצען זיך. מזיק זופּט לאַנגזאַם, און צו ביסלעך.) ווי אַלט זייט איהר?

לייזער (טרינקט): עס האָט זיך ביי מיר שוין אריבערגעקאַטשעט איבער די זיבעציגער, ר' אוריאל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: ווען דאַרף הערשעלע קומען צו פאָהרען?

מזיק: עס קען זיין היינט, עס קען זיין אין אַ פּאָר טעג אַרום... איהר בענקט נאָך איהם און ער מסתמא בענקט נאָך זיין יונג ווייבעל.

לייזער: זאָל מיר גאָט געבען אַ קרענק אויב איך בענק... איך פיהל זיך דאָ אין דער היים, נאָר ווען ער איז אין דער היים ניטאָ. לחיים. (טרינקט) אַ מערקווירדיגע זאַך, איך האָב איבערגעטאַפּט דעם גאַנצען „אלף בית", „פּ" פּאַכמע, „ק" קאַכמע, „ר" ראַכמע.

מזיק (זופּט, פערטראַכט): אָט האָסטו אַ מענש, בעשאַפען געוואָרען

אין דעם געשטאַלט פון גאָט, האָט אָבגעלעבט העכער זיבעציג יאָהר און וואָס איז ער? נאָך וואָס האָט ער געלעבט? וואָס האָט ער אויפגעטהאָן? וואָס פערשטעהט ער מעהר פון אַ בהמה? כאַ־כאַ־כאַ! געהט אום און ברעכט זיך דעם קאָפּ אויפ'ן גראָם פון אכמע, דראַכמע, האַכמע. אַם מייסטען אָט אַזוי ברעכט מען דעם גאַנצען לעבען דעם קאָפּ איבער'ן גראַם און פּלוצלונג קומט דער מלאך־המות און זאָגט: געטליכער ברחן, גענוג גראַמלען זיך. טרינקט, ר' לייזער. איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען, כאַ! כאַ!

לייזער: ר' לייזער טרינקט ווי אַ קייזער און ר' זרחי טרינקט ווי אַ מאָנאַרכע... (טרינקט.) איהר לאַכט פון מיין גראַם, האַ? גיט אהער אייער אויער, איך וועל אייך זאָגען בסוד: שש! איהר זייט במחילה אַ מלמד. למשל, ווען ביי אַ קינד טהוט וועה דאָס בייכעלע, גיט מען איהם אַ צאַצקע... וואָס מיינט איהר, פון אַ צאַצקע געהט אַוועק דער בויך־וועהטאָג? אָבער גאָר ניט! וואָס־זשע דען? דאָס קינד פערשפּיעלט זיך מיט דער צאַצקעלע און פערגעסט אויף אַ ווײלע, וואָס עס טהוט זיך אין בייכעלע. ידידי ר' אוריאל, ביי יעדען מענשען נעבעך טהוט וועה דאָס בייכעלע. איהר זייט אַ וואויל־לערנער, זאַבאַוועט איהר זיך מיט אַ וואַזשנע צאַצקע, אַן אַנדערער שפּיעלט זיך מיט עטוואָס אַנדערעס, איך שפּיעל זיך מיט גראַם. עס איז אָבער נאָר דערפאַר, ווייל דאָס בייכעלע טהוט וועה. (זינגט.) איז ער געגאַנגען צו דער־לאַנגען אַ ביסיל משקה פון דער פליאַשקע. (טרינקט)

מזיק: דאָס בייכעלע טהוט וועה? כאַ! כאַ! כאַ! דאָס איז ניט שלעכט.

לייזער: איהר פרעגט: מיט וואָס איז לייזער ברחן מעהר פון אַ בהמה? הע! לייזער ברחן קען זיין אַ בהמה, אַ בהמה אָבער קען ניט זיין קיין ברחן... מען דאַרף עס קענען... איהר ווילט עפּעס הערען פון מיר? למשל: מיין זוהן רופט מען צבי הערש, צ ב י איז „צ" „ב" „י", דאָס מאַכט: צדיק באמונתו יחיה. אויב איהר ווילט פערקעהרט, מאַכט עס: צאָרט בעריי־יעהאָ. און טאָמער ווילט איהר, ווייזט מיין זוהנ'ס נאָמען בעשיינפּערליך, אַז גאָט האָט בעשאַפען צעהן מאָס רייר. וואָרים אַ מאָס רופט זיך קב „ק" „ב" איז הונדערט און צוויי, ווי צבי... און הערש, ווען מען פערדרעהט די אותיות, מאַכט עשרה.... הייסט עס עשרה קב... צעהן מאָס. עהע! אָדער כרומה אייער נאָמען איז אוריאל. „א" איינס, „ו" זעקס, „ר" צוויי הונדערט, „י" צעהן, „א" איינס, „ל" דרייסיג. צוזאַמען איז דאָס צוויי הונדערט און אַכט און פיערציג, דאָס הייסט רמ"ח ענטקעגען די רמ"ח אברים, וואָס אַ מענש האָט... און אַז איהר ווילט, מאַכט רמ"ח פערקעהרט „חמר", אַן עזעל, אָדער דאָס איז „מחר", מאָרגען נאָכ'ן קאַלטען קוגעל... און אַז איהר ווילט, מאַכט עס

גאָר רחם. ניט טראַכטענדיג, מאַך איך פון די אותיות פון א ו ר י א ל ריעזע ווערטער: אלי אור, מיין גאָט איז ליכט; יאר לי, ער וועט מיר לייכטען; לא יראו, זיי וועלען ניט זעהן. און אין רוסיש מאַכט פון אוריאל: או רילאָ! אין מאָרדע אריין הייסט עס, האַ? און טאָמער איז אייך ווענינ, זאָג איך, אַז די ראשי תיבות פון מזיק מאַכט: „מ" מאָשעניק, „ז" זשוליק, „י" יאַבער־ניק, „ק" קאַטאָרזשניק! כי! כי! כי! איהר פרעגט, וואָס איז לייזער בדחן? ער איז אַ מענש מיט אַ נשמה, ווי אַלע מענשען. ער איז אַ איד און אַ איד האָט אַ גוטען קאָפּ און האָט שכל. איהר זייט אַ חכם, ווייל איהר לאַכט, ווען עס לאַכט זיך, און וויינט, ווען עס וויינט זיך? איך בין מעהר בריה פון אייך: איך לאַך און ברחן זיך, ווען מיר ווילט זיך וויינען, ווען מיין האַרץ ווערט אין מיר צוריסען און קיינער ווייסט ניט וואָרום. טאַקע באמת, וואָס איז מיר געבליעבען פון מיין גאַנצען לעבען און וואָס האָב איך דאָ אין דער גרויסער רייכער שטוב? ע! איז ער געגאַנגען... שש! בייגט צו דעם אויער. איך וועל געהן זאָגען, אַז איהר האָט געהייסען געבען נאָך אַ פלאַש משקה... ער איז געגאַנגען צו דערלאַנגען אביסעל משקה פון דער פליאַשקע... און האָט גענומען צו דעם גומען... (אָב, מיט דער לעדיגער פלאַש.)

מזיק (פערטראַכט): אָט האָסטו דעם מענש: אַ גראָבער נאר און רעדט, ווי אַ חכם. אַ דענקער, און בדחנ'ט זיך. מאַכט גרימאַסען ווי אַן אַפּע, און פיהלט ווי אַ גאָט. טרוימט, ווי אַ קעניג, און לעבט, ווי אַ שקלאַף! (אַ גערויש) אה! מיר דאַכט זיך, מיין שותפ'ס שעהן יונג ווייבעל געהט אהער. (פריידעניו קומט פון אַן אינערסטע טהיר, זי איז זעהר רייך געקליידעט און בעפּוצט מיט ציערונג.)

פריידעניו: איהר זייט דאָ אליין, ר' אוריאל? איז ניטאָ קיין בריעף? (געהט צום שפּיעגעל.)

מזיק: ניין! איך מיין, ווייל ר' הערשעלע האָט ניט געשריעבען, וועט ער אליין היינט קומען. פריידעניו, ערלויבט מיר אייך זאָגען: איהר דאַרפט ניט קוקען אין שפּיעגעל. אייער שעהנהייט שיינט זיך אָב ניט נאָר אינ'ם קאַלטען גלאָז.

פריידעניו (טרויעריג): איך קוק אין שפּיעגעל, ווייל די לעצטע צייט איז דאָס ביי מיר געוואָרען אַ געוואוינהייט. איך האָב קיין אַנדער זאַך ניט, וואָס צו טהאָן, און בין נאָר פערנומען מיט זיך אליין. מיינט איהר ניט, ר' אוריאל, אַז עס איז זעהר טרויעריג און לאַנגווייליג צו לעבען אויף דער וועלט?

מזיק: דאָס לעבען איז אַ שעהנער גאָרטען, פול מיט פרוכט־בוימער. פערשיעדענע פּירות פון פרייד און פערגעניגען וואַקסען איבער'ן מענשענ'ס

קאָפּ. דער מענש וויל זיך אָבער ניט אויפהויבען אַביסעל צו עררייכען דיזע פּרוכטען, ער רייסט נאָר די גרינע ביטערע בלעטלעך פון די בוימער, קייט זיי און קלאָגט זיך, אַז דאָס לעבען איז ניט געשמאַק. כע! כע! בלעטלעך קייען איז ערלויבט און פּירות עסען איז פערבאָטען! איין מאָל האָט די פרוי געוואגט צו געניסען פון די פערבאָטענע פרוכטען — זי האָט געהאַט דאָס גליק צו עסען און געבען דער גאַנצער מענשהייט פון די פרוכטען פון עץ הדעת... דעם בוים פון וויסען!... דורך דער פרוי וועלען די מענשען פריהער אָדער שפּעטער געניסען אויך פון דעם עץ החיים — בוים פון לעבען...

פריידעניו: איך בין ניט קיין געלערנטע און פערשטעה ניט, וואָס איהר האָט געזאָגט פון עץ החיים און עץ הדעת, דאָס וויס איך אָבער, דאָס נאָכדעם ווי די מוטער חוה האָט געהאַט פערגעניגען פון די פערבאָטענע פרוכטען, איז געקומען דער טויט, די שמערצען, טרערען און ליידען... און וואָס איז יעדער פערגעניגען? אַ קורצע הקדמה צו לאַנגע וועהטאָגען און שמערצען. איך טהו אָן אַ נייע קלייד, בעפּוץ זיך מיט ציערונג, דאָס גיט מיר פערגעניגען אויף איין אויגענבליק, נאָכדעם ווערט ער מיר מיאוס און דאָס האַרץ שמערצט.

מזיק: דאַרף מען זיך זוכען נייע, אַנדערע, נאָך ניט איבערגעלעבטע פערגעניגענס.

פריידעניו: ניין, פערגעניגען קען אַ מענשען ניט גליקליך מאַכען און קיין פרייד גיט דאָס לעבען ניט.

מזיק: וועניג פרייד קענט איהר האָבען דאָ אין ר׳ הערשעלע׳ס הויז?

פריידעניו: דאָ אין הויז האָב איך פערנומען דעם פּלאַץ פון דער איידעלע פרוי, וועלכע איז געווען מיין צווייטע מוטער. עס איז שוין העכער דריי יאָהר, ווי ר׳ הערשעלע׳ס הויז דערמאָנט מיך דאָס יעדען אויגענבליק.

מזיק: איהר קענט עס ניט פערגעסען, ווייל אייך האָט פעראייניגט מיט ר׳ הערשעלען ניט אַ געפיהל פון ליידענשאַפט, נור אַ געפיהל פון פערגעטערונג. פערגעטערונג איז אַ הימליש געפיהל. מיר לעבען אויף דער ערד. פערגעטערונג איז דאָס ערשטע געפיהל, וואָס אַ פרוי רופט ביי אונז אַרויס. אָבער די אויפגאַבע פון אַ מאַן איז, דיזע געטין ערנידעריגען און צו אַ פרוי מאַכען. עס איז גרויזאַם, גראָב, אונפּאָעטיש, אבער אזוי וויל די נאַטור.

פריידעניו (הערט איהם ניט): אָה, ווען איך זאָל וועניגסטענס אַ קינד האָבען.

מזיק: פון קינדער ערוואַרטעט איהר פרייד? קינדער נעהמען צו ביי די פרויען זייער חן, מאַכען זיי פאַר דער צייט קראַנק און אַלט, רייסען

זיי אָב פון דער גאַנצער לעבעדיגער וועלט... רייכע, געבילדעטע פרויען טהוען אַלע מיטלען אום קיין קינדער ניט צו האָבען. אָפּפערען די יוגענד, די פרייהייט, די שענהייט, ניט פיהלענדיג קיין ליעבע, קיין ליידענשאפט ? ! פוי ! אונזין !... (אַ גערויש) ווער געהט עס ? (דאָבע אריין אין טהיר.)

דאָבע : קומט אריין, מחותנת'טע. פריידעניו, דו זיצסט מיט אַ מאַנס־ביל אָהן אַ שומר ?...(שטיל) זאָג איהם, ער זאָל אוועקגעהן, ער האָט אַ שלעכטע אויג. (פריידע גיט אויף איהם אַ קוק.)

מזיק : איך פערשטעה שוין. (געהענדיג) זעהט נאָר די קליפּה זאָל זיך אין אייך ניט אריינכאַפּען.

דאָבע : אַזוי ווי איך הער ניט, זאָל מיר ניט שאַדען. (פערדעקט די אויערען). פריידעניו, די מוהמע איז דאָ מיט מיר... פעסעניו, קומט אריין. (פעסע אריין, זי איז זעהר אַלט געוואָרען).

פריידעניו : אַי, מומעניו ! אַזוי לאַנג ניט געווען ביי אונז. וועה ! ווי אַלט און פערענדערט איהר זייט געוואָרען. איהר זייט בייז אויף מיר ?

פעסעניו : ניין, קינד, פאַר וואָס זאָל איך בייז זיין אויף דיר ? גאָר ניט, איך בין אריין אין שטוב, האָט מיך אַ קלאַפּ געטהאָן אין הארצען... פאָרט אַ אידענע. (ווישט אָב אַ טרער.) נו, פריידעניו, וואָס מאַכסטו ?

פריידעניו : וואָס איך מאַך ? מיר... איז גוט, איך בין רייך און קיין מאַמען האָב איך ניט. אַי ! מומעניו ! (פאַלט איהר אויפ'ן האַלז וויינען).

דאָבע : מיר ווייסען, דיינער איז ניטאָ, זיינען מיר געקומען... ציפּעניו איז אויך מיט אונז געגאַנגען, זי האָט אָבער חרטה געהאַט... דערצו האָבען מיר נאָך אין וועג בעגעגענט אַ גלח...

פריידעניו : און וואָס מאַכט ציפּעניו ? איז זי געזונד ?

דאָבע : ניט צו פערזינדיגען, צוויי קינדער, ווי בריליאַנטען... ביי דער עלטערער מיידעלע האָב איך נעכטען אָבגעקוועטשט זאַוואַלקעס.

פעסעניו : פריידעניו, מיר זיינען געקומען ביי דיר בעטען אַ טובה. עס איז אונז איצט זעהר שלעכט. ר' חאַצקעל מיט מאַטעלען מוזען, חלילה, בדיל דל ווערען און אונז אַלע וועט בלייבען נאָר צו געהן אין די הייזער.

דאָבע : אייער פאַבריקע האָט אונז דערשטיקט... אַזוי ווי אַ גרויסער ניט־דאָ־געדאַכט שטעהט זי אין שטעדטעל און שטיקט אונז אַלע... דער מחותנת'טעס געלד, ציפּעניו'ס נדן, אונזער אייגען ביסעל אָרעמקייט, אַלץ האָט צוגענומען דער שלימזל. ווען דו זאָלסט נאָר וועלען בעטען ר' הערשעלען... אַ יונגע ווייבעל קען אַלץ אויספיהרען... אַן אַלטע ווייב קענען זיי ארויס־וואַרפען, אָבער נאָך אַ יונג ווייבעל נעהמען זיי אַלע איין די כפּרה.

פעסעניו (זיפצט) : אי ! וועה איז מיר !... (ציפעניו עפענט די טהיר) אַט איז ציפעניו !

דאָבע : שקאָצעל קומט... האָסט נאָך אַמאָל חרטה געהאט ? (ציפעניו אַריין, אָרים געקליידעט און זעהט זעהר שלעכט אויס).

ציפעניו : איך בין געקומען, וואָס זאָל איך טהאָן ? אז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער. אי ! וואָסערע קליידער און ציערונג אויף אונזער גביר'ענטע. געדענקסט, מומע, זי פלעגט האַלטען אין איין טענה'ן, אז קליידער מיט ציערונג זיינען שמאַטעס ? (קוקט זיך אַרום) גרויסאַרטיג ביי דיר, שוועסטער.

פריידעניו : ביזט מיר מקנא ? ציפעניו, דאָס אַלץ גיט ניט קיין גליק.

ציפעניו : ווער עס איז דיר מקנא, דעם זאָל די אויגען אַרויסקריכען !

דאָבע : ע, ציפקע, דו ווילסט זיך גאָר קריעגען ? זעה נאָר, האָסט שוין מסתמא ווידער אָנגעטהאָן אַ זאָק אויף דער לינקער זייט.

פעסעניו : חלילה, ניט קריעגען זיך, מיר זיינען געקומען בעטען, פריידעניו זאָל אונז העלפען.

פריידעניו : אי, שוועסטער, ווי דו זעהסט נעבעך שלעכט אויס ! פון דיר איז געוואָרען אַ תל.

ציפעניו : מעגסט מיר גלויבען, עס איז ניט פון תענוג.

פריידעניו : די קינדער האָבען דיך אַלט און קראַנק געמאַכט. ביזט אַזאַ יונגעטשקע, ערשט דריי יאָהר נאָך דיין חתונה און האָסט שוין צוויי קינדער.

ציפעניו : אונזער איינציגע נחמה, אונזער פרייד, אונזער נחת זיינען קינדער ! עס איז ניטאָ קיין גרעסערער גליק פון קינדער ! אַזוי פערשטעהען מיר, קבצנים ! ווי די נגידים מיינען, ווייס איך ניט ! מיין עלטערע מיידעלע קלעטערט אום איבער'ן גאַנצען שטוב, ווען זי געהט, קאַטשעט זי זיך ווי אַ קאַטשקעלע ! — אי ! געזונד זאָל זי זיין ! — איהר שטימעלע קלינגט אין אַלע ווינקעלעך.

דאָבע : קיין עין הרע, קיין בייז אויג. טפו. (שפייט אָב).

ציפעניו : און דאָס קלענערע ברומט אין וויעגעלע, ווי אַ טייבעלע. דאָס איז אַ רייכקייט ! דאָס איז אַ כשר'ע רייכקייט ! מען ראַבעוועט און מען גזל'ט עס ניט ביי קיינעם. גאָט גיט עס דעם מענשען און דער מענש גיט עס אָב גאָט'ס וועלט. יאַ, קינדערלעך, דאָס איז אַן אמת'ע כשר'ע רייכקייט !

דאָבע : די גרעסטע ברכה פון גאָט איז קינדער. אין בין שוין קיין ע"ה 45 יאָהר אַלט און, זעהסט, איך טראָג אַ קמיעה... אפשר וואָס... זאָל איך, חלילה, ניט מפיל זיין.

פריידענו : פון דעסטוועגען, ווען דו ביזט געווען אַ מיידעל האָסטו געשטיפּט און געלאַכט, און איצט, ציפּעניו, ביזטו שוין ווי אַן אַלטע.

ציפּעניו : אַ מענש קען ניט שטיפען זיין גאַנצען לעבען... און אויב מיר לאַכט זיך ניט, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל עס זיינען דאָ מענשען, וואָס צווינגען אונז צו וויינען.

פריידעניו : שוועסטער, מיט שנאה רעדסטו צו מיר. מיר זיינען פרעמדע איצט...

ציפּעניו : יאָ, מיר זיינען שונאים ! מיר זיינען פרעמדע ! מיר אַלע דאַרט רייסען קריעה, מיר אַרבייטען, מיר האָרעווען און איהר, גבירים, רייסט ביי אונז דעם לעצטען ביסען פון מויל... איהר טרינקט אונז.

פריידעניו : ניט מיר, איהר זייט אונז שונאים, אַזוי זאָגט דער פעטער. ער האָט געגעבען דער מומעניו פינף טויזענד רובעל, דיר נדן געגעבען, און ר' חאַצקעל האָט דאָס געלד גענומען צו קאָנקורירען מיט אונזער פאַבריק. איהר האָט זיך אַליין אונגליקליך געמאַכט.

פעסעניו : ר' חאַצקעל האָט געבעטען איינמאָל עטליכע רובעל, נאָך אַמאָל עטליכע רובעל, האָב איך געגעבען. ביז עס איז געוואָרען אויס געלד און אויס געשעפט.

דאָבע : וואָס מיר ווינשען דיר שלעכטס, זאָל עס קומען אויף אונז, טאַטע פאָטער וכל ישראל אמן.

פריידעניו : וואָס וויים איך ? דער פעטער זאָגט.

ציפּעניו : דו ווייסט נאָר, וואָס דער פעטער זאָגט, נו, און אַליין ביזטו קיין מענש ניט ? דו ווייסט ניט. אַז אַמאָל האָסטו געהאַט גוטע פריינד, אייגענע מענשען און איצט ביזטו פון זיי אָבגעשניטען געוואָרען, האָסט געהאַט איין שוועסטער, מיר זיינען געווען יתומות, צוזאַמען אויסגעוואַקסען, און איצט זיינען מיר שונאים. פרעמדע. און דו ווייסט עס גאָר ניט ? דו ווייסט ניט, אַז דו האָסט גענומען די פרוי, וואָס האָט דיך אויסגעהאָדעוועט און ערצויגען, ווי אַ לייבליכע מוטער, און דו האָסט זי אַרויסגעטריבען פון איהר שטוב און פערנומען איהר פּלאַץ ? דו פיהלסט ניט, אַז איהר האַרץ איז, נעבעך, צובראָכען און איהר לעבען איז שוין אויף אייביג צושטערט ? (וויינט).

פעסעניו : וואָס רעדסטו דאָס, גאָט איז מיט דיר ! זאָל נאָר פריידעניו זיין גליקליך, און איך... איך... (וויינט).

פריידעניו : איך האָב קיינעם פון זיך ניט אָבגעשניטען און בין אַליין פון אַלע אָבגעשניטען געוואָרען ! דו זעהסט מיין רייכקייט, מיינע שעהנע קליידער און די וואונדען פון מיין האַרצען זעהט קיינער ניט. מומעניו ! אייער אונגליק האָט מיך ניט גליקליך געמאַכט, אייער צובראָכען האַרץ האָט מיין

האַרץ ניט ערפולט מיט פרייד! מיר האָבעןביידע געגלויבט דאַן, אַז עס קען און עס דאַרף אַנדערש ניט זיין. מומעניו, אַזוי ווי אין אַ וואַלד בלאָנדזשע איך דאָ אום איינע אַליין און... אויב איהר זייט ניט בייז אויף מיר, האָט אויף מיר רחמנות. (אַלע פרויען וויינען. לייזער קומט שכור, מיט אַ פער־פראָבטע פלאַש וויין, וועלכע ער שטעלט אויפ'ן טיש).

לייזער: שאַ! וואָס איז דאָ? אַ גאַנצע ווייבערשע קאַפּעליע! פיער אידענעס, מיט פיער פערוויינטע נעזער. (זינגט) אי, וויינט ווייבעלעך מיט טרערען, אפשר וועט דער אויבערשטער דערהערען.

ציפעניו (ווישט אָב די טרערען): אָה, דער זיידע ר' לייזער לאַכט פון אונזערע נעזער און אַליין טרינקט ער משקה פון אַ גרויסער פליאַשקע. כאַ! כאַ! כאַ! וואָס מאַכט עפּעס מיין אַלטער גוטער פריינד?

לייזער: ציפעניו, מיינע געשעפטען געהען אויסגעצייכענט: מיין פאַבריקע האָט מיך שוין בעזאָרגט מיט אַ טלית, אין וועלכען מען וועט מיך אריינלעגען אין קבר. (מיט אַ ניגון) איז ער געגאַנגען (מזיק אַריין).

מזיק: ר' הערשעלע איז געקומען! (אַלע ווייבער דערשרעקען זיך און ווייסען ניט וואוהין צו געהן. לויפען אום, ווי צושראָקענע שאָף).

פריידעניו: קומט, איך וועל אייך אַרויסלאָזען דורך מיין צימער! (אַלע ווייבער אין אַ גרויסע אונאָרדנונג אָב).

לייזער (טרייבט די ווייבער מיט זיין נאָזטיכעל): ווייבער, הוש! ר' לייזער, בעהאַלט דעם בדחן! (זעצט זיך אין זיין ווינקעל).

מזיק: איהר זייט שכור, טראָגט זיך בעסער אָב (דער דיענער עפענט די טהיר, אַריין מיט אַ טשעמאָדאַן, נאָך איהם ר' הערשעלע אין רייזע־קליידער).

הערשעלע: גוטען אבענד. עליכם שלום ר' אוריאל. וואָס הערט זיך ביי אונז דאָ?

לייזער (ווי מען איז מחדש די לבנה): שלום עליכם, עליכם שלום, שלום עליכם, עליכם שלום, שלום עליכם, עליכם שלום. סמן טוב ומזל טוב יהא לנו ולכל ישראל אמן. קול דודי הנה זה בא מדלג על ההרים, מקפּץ על הגבעות.

הערשעלע: ביזט אַזוי שכור, אַז מען קען דיר אפילו קיין שלום עליכם ניט געבען. פּע! וואָלסט אפשר געגאַנגען שלאָפען? וואָס מאַכט פריידעניו? (געהט צו איהר טהיר) פריידעניו, איך האָב דיר געבראַכט רויטע, גרינע און געלע זיידענס אויף קליידער און בריליאַנטענע אויערינגלעך. (שטיל) איך וועל דיך שפּעטער אַ קוש טהאָן, ווען איך וועל האָבען צייט און קיינער וועט ניט זיין.

לייזער: איך בין טאַקע געוועזן אַ קבצן, אַ בדחן, אָבער אַז איך פלעג

קומען פון אַ נסיעה, פלעגען מיר ביידע מיט מיין אַלטעטשקע צוגעהן פון שמחה, אַזוי ווי צוקער.

הערשעלע: נו, וואָס הערט זיך ביי אונז? איך האָב אייך געפאָלגט און האָב געמומען קרעדיט, וואָס מעהר, מען גיט גאָר אָהן שאלות.

מזיק: איך האָב געוואוסט, אַז איהר וועט פאָהרען אַליין, וועט איהר מאַכען אַ גוטען איינדרוק. יאַ, מיר דאַרפען איצט אַריינכאַפּען, וואָס מעהר.

הערשעלע: אַריינכאַפּען גאָר! (דערזעהט די פלאַש) וואָס איז דאָס, וויין? אַ גלאָז וויין וואָלט איך דוקא געטרונקען. איהר וועט רויכערען אַ סיגאַר? (נעהמט אַרויס אַ גרויסען פּאָרטסיגאַר און פּעררויכערט).

מזיק: וויין וועל איך אויך טרינקען, אָבער ניט רויכערען. איך האָב אויפגעהערט רויכערען. איהר זעהט, וואָס פאַר אַ קאָרקען־ציהער? אַ ענגלישער (נעהמט פון דער טאַשע אַ גרויסען מעסער מיט אַ קאָרקען־ציהער, עפענט די פלאַש, גיסט אָן די גלעזער, פערגעסט דעם קאָרקען־ציהער אויפ'ן טיש).

הערשעלע: אַוועקגעוואָרפען רויכערען? וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַריש־קייט? איך האָב אָן אויסגעצייכענטע סיגאַר. (טרינקט) דאָס איז הפנים דער ביליגער וויין? האָט ניט קיין אַראָמאַט. איך פערשטעה ניט, וואָס מיינט איהר מיט'ן אַריינכאַפּען? (פעררויכערט אַ סיגאַר).

לייזער: אָט גיב מיר די גלאָז, וועל איך דיר ווייזען וואָס הייסט אַריינכאַפּען.

הערשעלע: זיי זשע מוחל, אַרויס פון דאַנען, אַרויס באַלד!

לייזער (דערשראָקען): איך געה שוין (געהט). ר' אוריאל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען. שש! זאָגט מיר איך בעט אייך, היינטיגעס יאָהר איז אָן עיבור יאָהר? (אַ קוק אויפ'ן זוהן) איך פיהר דעם ברחן שוין אַרויס פון דאַנען (אָב).

מזיק: דער פלאַן איז גאַנץ איינפאַך. (ביידע טרינקען) מיר האָבען יעצט אָנגענומען אויף באָרג זעהר פיעל און איך האָב די לעצטע צייט פער־האַלטען אַלע געלד־צאָהלונגען. ר' הערשעלע, מיר האָבען איצט אין דער קאַסע מזומן ביי אַ 75 טויזענד רובעל. אָט האָט איהר דעם שליסעל פון קאַסע (גיט איהם).

הערשעלע: 75 טויזענד? קיין עין הרע אַ שעהנע סומע. אָבער וואָס, עס איז דאָך ניט אונזערס, דאָס מוז מען בעצאָהלען.

מזיק: בעצאָהלען? במחילה. ר' הערשעלע דובראָוונער, איצט איז די ריכטיגע צייט צו באַנקראָטירען.

הערשעלע: וואָס הייסט באַנקראָטירען, ווען דאָס געשעפט געהט

גוט און אין קאַסע איז אַזוי פיעל מזומן? (גיסט זיך אָן נאָך ווײן) איהר וועט טרינקען? (גיסט איהם אויך אָן) באַנקראָטירען!

מזיק: ווען די געשעפטען געהען שלעכט איז שוין שפּעט צו באַנקראָ־טירען. איצט איז די צייט. מיין פריינד, עס איז נאָך בעסער פון אַ געווינס, מיר ווערען ד'ריי מאָל אַזוי רייך מיט איין קלאַפּ!

הערשעלע (שפּרינגט אויף פון זיין אָרט): אַזױ? (בערענקט זיך) אָבער זייט זשע מוחל, ר' אוריאל, גאָט איז מיט אייך. וואָס הייסט. איהר ווייסט דאָך, אַז קודם כל וויל איך האַנדלען עהרליך און בלייבען אַן עהרליכער מאַן און אַן עהרליכער איד.

מזיק: געוויס, ווייל איהר זייט און בלייבט אַן עהרליכער איד איז גוט צו באַנקראָטירען. ביי אַזאַ פיינעם עהרליכען מאַן, ווי ר' הערשעלע, וועלען די קרעדיטאָרען מיט שמחה נעהמען 50 קאָפּיקעס פאַר אַ רובעל. אין האַנדעל הייסט עהרליכקייט, ניט זיין קיין נאַר, נעהמען וואָס מעהר און אָבגעבען וואָס װעניגער, אַזוי טהוען די אַלע גרויסע, ועמען מיר זיינען שולדיג, און אַזוי וועלען מיר טהאָן. אָבער עהרליכקייט? איהר בלייבט אַן עהרליכער מאַן און אַן עהרליכער איד געוויס, וואָרום וואס האָט עס צו טהאָן מיט אידישקייט? און אין דער קאַסע וועט בלייבען דאָס געלד. איהר בערעכענט נאָר.

הערשעלע: יאָ, נאָמיר אקערשט בערעכענען, וויפיעל איז די גאַנצע סומע? (זעצען זיך ביידע צו איין טישעל און רעכענען).

דיענער (אין טהיר): בעל־הבית, ר' חאַצקעל דראַכמע וויל אייך זעהן.

הערשעלע: חאַצקעל גאָר? וואָס איז דאָס עפּעס?

מזיק: ער איז אויף זעהר גרויסע צרות.

הערשעלע: אַזוי? נו לאָז איהם אריין (דיענער אָב). ר' אוריאל, ווי אַזוי אָבער וועלען מיר דאָס מאַכען? פערגעסט ניט, באַנקראָטירען איז קיין קלייניגקייט ניט.

מזיק: איהר פערלאָזט זיך נאָר אויף מיר. (חאַצקעל און מאָטעלע אַריין. ביידע נידערגעשלאָגען).

הערשעלע: וואָס איז דאָס עפּעס אַזוי שפּעט? איך בין ערשט געקומען פון וועג, בין מיעד.

חאַצקעל: איך האָב זעהר וועניג צו רעדען, ר' הערשעלע.

הערשעלע: איך האָב געהערט אויף דער קלפּא האָסטו געהאַט זעהר פיעל צו רעדען, מען זאָל מיך ניט מאַכען פאַר אַ ראש הקהל. איך האָב אייך נעגעבען צו שטייער אויף אַ שוהל, האָב אייך אַליין אויסגעבויט אַ מרחץ. און איך פערדיען ניט ביי קהל דעם כבוד? האַ?

חאַצקעל: האָט קיין פעראיבעל ניט, איך בין ניט געקומען רעדען פון

כבוד. אייך קומט כבוד, אייך קומט אלץ. איך זעה דאָך דאָס מיט מיין פּראָס־טען שכל. איך, מאָטעל, בעריל לאַפּטיוך און אונזער גאַנצע חברותא, מיר אַרביי־טען, מיר קריכען פון דער פעל און איהר ווערט רייכער. מיר מאַכען גוטע טליתים און פיהרען אָרענטליך אונזער אייגענעם געשעפט, און מיר לעגען צו דעם קאָפּ. אייך גלויבט מען, אונז גלויבט מען ניט. אייך צאָהלט מען, אונזערע בעלי־חובות לאַכען פון אונז. יא! הפּנים איהר האָט עס פּערדיענט. אייך קומט אלץ... איהר האָט זכות אבות.

מאָטעלע (אַ פּאַרט): זכות אבות איז גוט, ווען מען האָט מזיק׳ן ביי דער זייט.

הערשעלע: שוטה, דו האָסט געוואָלט מיט דיינע הענד מלחמה האַל־טען מיט אַ פאַבריק, מיט דיינע פינגער האָסטו געוואָלט אָבשטעלען רעדער, מיט עטליכע געליענע גראָשען האָסטו געוואָלט געהן געגען אַ קאַפּיטאַל?! ווער איז דיר שולדיג?

חאַצקעל: בעריל לאַפּטיוך האָט געוואוסט דעם סוד, ווי אַזוי צו מאַכען דורך קראָכמאַל די טליתים, ווי זיידענע, און איהר האָט ביי אונז דעם סוד פּשוט גע׳גזל׳ט. יא! הפּנים פון גזלה קען מען רייך ווערען, אָבער ניט פון אַרבייט!

מאָטעלע: עטליכע מאָל איז מיר אַזוי דערגאַנגען צום האַרצען, אַז איך האָב געמיינט, איך וועל געהן און וועל אונטערצינדען די טרפה׳נע פאַב־ריק מיט הכל בכל!

חאַצקעל: שאַ! גולם!

הערשעלע (אויסער זיך): דו הערסט, וואָס אַ שייגעץ רעדט? וואָס הייסט אונטערצינדען מיין פאַבריק, מיין גוטס, מיין פערמעגען?

מזיק: אונזער פאַבריק, אונזער פערמעגען, מיינט איהר.

הערשעלע (הערט ניט): אין אָסטראָג וואָלסטו ביי מיר פערפוילט געוואָרען. קיין סיביר וואָלט איך דיך פערשיקט. קיינער האָט קיין רעכט ניט נעהמען ביי דיר, וואָס עס געהערט צו דיר, און קיינער האָט קיין רעכט ניט אָבצונעהמען ביי מיר מיין אייגענס! (לייזער גנב׳עט זיך אריין).

חאַצקעל: וואָס הערסטו איהם? ווייס איך, וואָס ער רעדט... אַ אינגעל... קיינער וויל חלילה ביי דיר ניט צונעהמען. מיר זיינען געקומען בעטען... העלף אונז אַרויסקאַראַבקען זיך... פּעסי׳ס פינף טויזענד רובעל נעבעך. מיר זיינען דאָך אַמאָל געווען טרייע גוטע פריינד.

הערשעלע: פריינדשאַפט איז פריינדשאַפט און געשעפט איז גע־שעפט. דיר איז גוט צו זיין אַ פריינד, אַז דו האָסט זיך ניט מיט וואָס צו טיילען.

חאַצקעל: אמאָל זייט איהר אויך געווען אַ גוטער... מיט'ן לעצטען צו־טיילען זיך.

הערשעלע: אַז מען האָט קיין שכל ניט, איז מען אַ גוטער. מען דאַרף פערשטעהן, ווי יענעם אַ טובה צו טהאָן. ווי קען איך דיר העלפען? געבען דיר אַ ביסעל געלד, אַ נדבה? איך וויים, וואו און ווען מען דאַרף צדקה געבען. דיר וועט מיין צדקה ניט העלפען, עס וועט נאָר זיין אַרויסגע־וואָרפען געלד. זאָל איך דיר אפשר געבען אַזוי פיעל, אַז דו זאָלסט ווערען דער מאַכער און איך זאָל ניט קענען מיט דיר קאָנקורירען? איך מיין, דו רעכענסט מיך ניט פאַר אַזאַ נאַר.

מזיק (בייז): איהר פערגעסט צו זאָגען, אַז איהר האָט נאָך אַ שותף אויך, וואָס קען האָבען אַ שטיקעל דעה!

לייזער: דו הער דעם שותף מיט דער דעה, ווי מיין לינקע פאָה.

הערשעלע: ביזט ווידער דאָ? איך האָב דאָך דיר געהייסען געהן שלאָפען! (לייזער דערשרעקט זיך) עי! נעהמט איהם צו פון דאַנען! (דער דיענער קומט און שלעפט איהם אַרויס) מע וועט איהם דאַרפען ערגעץ וואו אָנדינגען קעסט! עס איז אַ בזיון צו האַלטען איהם אין שטוב.

חאַצקעל: הייסט עס, מיט וואָס זאָל איך געהן אַהיים?

הערשעלע: אַזוי ווייט קען איך דיר יא העלפען: איך וועל זעהן, אַז פעסי זאָל דורך דיר ניט ליידען. איך וועל איהר הייסען אַלע חודש אַרויסגע־בען פון מיין קאַנטאָר פון צוועלף ביז פופצעהן רובעל.

מזיק: פון אונזער קאַנטאָר מיינט איהר.

הערשעלע: און דו מיט דיין זוהן געה אַרבייטען צו מיר אויפ'ן פאַבריק.

מזיק: צו אונז אין פאַבריק, ווילט איהר זאָגען.

הערשעלע: יא! יא! איהר זייט עהרליכע אידען און צו טליתים דאַרף מען האָבען אַזעלכע אַרבייטער. וועסט פערדיענען ביי מיר דיין חיונה בכבוד און וועסט לעבען רוהיג. ווי קומסטו צו פיהרען אַ געשעפט? דערויף דאַרף מען שכל, געלד, קאָפּ־דרעהעניש, קענטנים. האָסט געוואָלט פיהרען אַ געשעפט מיט נסים? מיט נסים קען מען ניט לעבען אויף דער וועלט.

מזיק: נס גדול היה שם.

הערשעלע: וואָס קען זיין זיכערער און רוהיגער? מען אַרבייט און מען קריגט בעצאָהלט.

מאָטעל: נאָך רוהיגער און זיכערער איז צו ליגען אין דער ערד.

חאַצקעל: איך בין אַ פּראָסטער מענש, און ווען דו ר' הערשעלע ביזט געווען אַן אָרימאַן, האָב איך דיך נאָך געקענט פערשטעהן, אָבער איצט?

איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן. פריינדשאפט איז גאָר ניט. א טובה טהאָן דארף מען ניט מיט'ן גוטען ווילען, נאָר מיט שכל. דער, וואָס איז א גוטער, דער איז א נאַר! הפנים פון דער אַרבייט און האָרעוואַניע ווערען מיר אַלץ גרעסערע בולוואַנעס און איהר ווערט דערווייליע שטאַרקערע חכמים. נו, לכל הפחות א דאַנק, וואָס איהר גיט אונז אַרבייט. וואָס קענען העלפען טענות, אז מען וויל עסען? מיר ווילען מיט מאָטעלען מאָרגען אָנפאַנגען צו אַרבייטען. האָט קיין פעראיבעל ניט, וואָס מיר האָבען אייך מטריח געווען. א גוטע נאַכט. מסתמא ביזטו גערעכט.

מאָטעלע: גאָט זאָל אייך בעצאָהלען פאַר דער טובה (זיי געהען).

מזיק: אזוי איז דאָס: ווער עס איז שטאַרקער, דער איז גערעכט. קומט, איך וועל אייך געבען א צעטעל, מען זאָל אייך מאָרגען צונעהמען צו דער אַרבייט (אַלע אָב).

הערשעלע (בלייבט זיצען פערטראַכט): ער מיינט, איך בין אַן אַנדער מענש געוואָרען. איך בין דער זעלבער, והא ראיה, ער האָט איבערגעפיהרט פעסי'ס געלד, איך בין איהר מעהר ניט מחויב צו געבען, פון דעסטוועגען, וועל איך זי ניט פערלאָזען. און ער אַליין? איך פיהל, מיך פערדריסט, מיר טהוט וועה דאָס האַרץ. אָבער ער איז אַליין שולדיג, יעדער מענש האָט דאָס, וואָס ער פערדיענט. זיין אייגענע שולד. עס איז נאָר, ווי ער אַליין זאָגט: איך האָב גענומען די מיה צו לערנען און צו פערשטעהן דאָס לעבען און ער איז געבליבען דער זעלבער פראָסטער האַצקעל דראַכמע. (שטעהט אויף) מען וואָלט געדאַרפט א ביסעל אַריינקוקען אין ספר. איך האָב שוין ניט געהאַלטען קיין ספר אין די הענד, איך געדענק אַליין ניט (שטעלט זיך אויף די קניע לעבען טשעמאָדאַן און נעהמט אַרויס א ספר). אומזיסט מיטגעפיהרט, איך האָב איהם אין וועג אַפילו ניט געעפענט. (זעצט זיך לערנען) אך! פריידעניו'ס מתנות. מען דאַרף געהן צו איהר. איך האָב זי געזעהן נאָר פון וויטען. (געהט) ער זאָגט: 75 טויזענד איז דאָ אין דער קאַסע. מען וואָלט געדאַרפט בעסער איבערקוקען די חשבונות און איבערצעהלען דאָס געלד. (געהט צו צו דער קאַסע, שלעפּט אַרויס גרויסע זעק מיט געלד, צעהלט טויזענדער און לעגט זיי אין א זאַק) איין טויזענד (צעהלט), צוויי טויזענד, (צעהלט) דריי טויזענד.
(פריידעניו קומט אין אַ ווייסען פעניואַר, די האָר צולאָזט). וואָס איז? גאָט איז מיט דיר! (פערמאַכט די קאַסע).

פריידעניו: וואָס איז דאָ געווען פאַר קולות? מיר האָט זיך אויסגעוויזען, איך הער ווי די מומע וויינט... מיר ווייזט זיך אָפּט אויס, **איך הער...**

**הערשעלע:** וואָס ווייזט זיך דיר אויס, קינד? ווי קומט אהער די מומע?

פריידעניו: איך ווייס ניט, מיר ווייזט זיך אָפּט אויס.

הערשעלע: נאַרעלע, זעה בעסער וואָס פאר אויערינגלעך איך האָב דיר געקויפט (גיט איהר אַ פוטליאר).

פריידעניו (עפענט): אך! ווי שעהן! (ווערט בעגייסטערט) ווי ריינע טראָפּען וואַסער געגען דער זון, אַזוי שיינען זיי. אַ נו, מיר ווערט פּאַסען? (טהוט אָן) אַ יאָ שעהן? (לויפט צום שפּיגעל) אָבער וואָס קומט מיר ארויס דערפון? (ווערט ווידער טרויעריג) איך קען זיך מיט קיין זאַך ניט פרעהען. יעדע מינוט אַזוי ווי אַ שלאַנג טרעט מיר צום האַרצען און זויגט דאָס בלוט.

הערשעלע: פריידעניו, איך האָב דאָ אַ ביסעל צו טהאָן. געה, איך וועל באַלד קומען.

פריידעניו: איך ווייס, דו ווילסט בעסער בלייבען דאָ און צעהלען געלד...

הערשעלע: הער, איך האָב גערעדט מיט מענשען... איך וועל מיט דיר זומער אי"ה פּאָהרען קיין וויען צו אַ פּראָפּעסאָר... גאָטעניו, אויב דו וועסט מיר געבען אַ זוהן, בעט איך מעהר גאָר ניט ביי דיר...

פריידעניו: ניין! איך בין קראַנק... איך וויל ניט, איך דאַרף ניט זיין אַ מוטער פון קינדער...

הערשעלע: אויב דו ביזט חלילה קראַנק? געוויס... וואָס דאַרף איך קינדער? דיין געזונד איז מיר טייערער פון קינדער. אָבער וואָס פעהלט דיר דען, חלילה?

פריידעניו: מיר פעהלט קיין זאַך ניט און איך האָב גאָר נישט. איך בין רייך און בין פיעל אָרימער פון ציפּע'ן... איך האָב פערנומען מיין מוטער'ס פּלאַץ און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען... (וויינט).

הערשעלע: איך פערשטעה ניט, וואָס ווילסטו?

פריידעניו: איך וויל זיין גליקליך! גיב מיר גליק! גיב מיר פרייד!

הערשעלע: אַי! פריידע, דו ווייסט אַליין ניט, וואָס דו פערלאַנגסט!

פריידעניו: איך דאַרף גאָר ניט און פערלאַנג גאָר ניט! איין זאַך נאָר. איך וויל מיין קראַנקעס האַרץ זאָל פיהלען דאָס, וואָס איך האָב געפיהלט, ווען דו האָסט מיר דאַן געשפּיעלט אויף דער פיעדעלע. געדענקסט?

הערשעלע: ביזט אַ נאַרעלע, דאַן האָבען מיר ערשט געשטרעבט צו אונזער גליק, איצט קענען מיר דאָס ניט פיהלען מעהר און מיר וועלען דאָס מעהר ניט פיהלען!

פריידעניו: ווי? האָט דען די פיעדעלע דאַן מיר אַ ליעגען געזאָגט?

ניין! ניין! דאָס וואָלט געווען שרעקליך. איך בעט דיך, זיי ניט פרעמד צו מיר.

הערשעלע: געוויס בין איך צו דיר ניט פרעמד. (עפענט די קאַסע און גיט אַ קוק) וויפיעל האָב איך איבערגעצעהלט? דריי טויזענד דאַכט זיך... האַ?

פריידעניו: קום אהער... נעהם דיין פיערעלע... שפּיעל מיר נאָך איין מאָל... נאָר איין מאָל נאָך! און איך וועל דאָ וויעדער זיצען ביי דיינע פיס...

הערשעלע: אי, וואָס רעדסטו קינד! שפּיעלען? איך האָב שוין העבער צוויי יאָהר די פיערעלע אפילו אין האַנד ניט געהאַלטען. מיר דאַכט זיך, איך וועל שוין קיין מאָל ניט קענען שפּיעלען מעהר.

פריידעניו: קיין מאָל ניט מעהר? אַלץ איז אָבגעשטאָרבען?!... עס וועט ניט קומען מעהר צוריק?

הערשעלע: איך פערשטעה ניט, וואָס איז מיט דיר? פריידעניו, געה צו זיך, בערוהיג זיך... איך דאַרף דאָ אַ ביסעל איבערקוקען די חשבונות, געה, קינד, און שלאָף געזונטערהייד. (ער גיט זי אַ קאַלטען קוש אין שטערען).

פריידעניו (שטעהט אויף, קוקט אויף איהם לאַנג און זאָגט שטיל): אַ גוטע נאַכט! (ראַש אָב. מען זעהט ווי זי פערשטיקט איהרע טרערען. ער בעמערקט עס ניט).

הערשעלע: הפּנים זי איז טאַקע ניט מיט אַלעמען, מען וועט דאַרפען מאָרגען שיקען נאָכ'ן דאָקטאָר (געהט, טרינקט אויס אַ גאַנצע גלאָז וויין און צוריק צו דער קאַסע). דאָס האָב איך שוין געצעהלט, דריי טויזענד, (לעגט דאָס איבערגעצעהלטע אין סאַקוואָיאַזש) פיער טויזענד! (צעהלט) פינף טויזענד! (צעהלט) זעקס טויזענד! וואָס איז דאָס? דאַכט זיך גאָר ניט, פּאַפּיערלעך, און דאָך אַז מען גיט אַ קוק אין דער קאַסע און מען דערזעהט אַזוי פיעל ריעזע פּאַפּיערלעך, ווערט דאָס האַרץ פול מיט פרייד, דער שלאָף געהט פערביי, מען פערגעסט אַז מען איז מיעד, אַז מען איז הונגעריג... מען פערגעסט אויף אַלץ! יעדער הונדערטער רעדט צו דיר, ווי אַ לעבעדיגע זאַך, יעדע אַסיגנאַציע גלעט דיך, ווי אַ וואַרים ווינטעלע. אי! וויפיעל הנאה, פרייד, מאַכט, ליעגט אין אָט די קליינינקע שעהנינקע פּאַפּיערעלעך! (מזיק אריין) הידד! עס וואַקסען די טויזענדער, ווי פּרשות! נאָך אַ פּרשה!... נאָך אַ טויזענדער! זעקס! זיעבען! אַכט!

מזיק: וואָס איז, ר' הערש, איהר גלויבט מיר ניט? איהר קוקט נאָך מיינע חשבונות?

הערשעלע (דערשרעקט זיך): דאָס זייט איהר, ר' אוריאל? איך וויל גלאַט זעהן, אפשר האָט איהר אַ טעות געהאַט...

מזיק: יאָ, איך זעה, איך האָב אַ ביסעל אַ טעות געהאַט... איך גלויב

איך צו פיעל און האָב אייך אויסגעלערענט צו פיעל געשעפטסמאַן צו זיין. מיר איז אַריין אין נאָז, ווי איהר האָט דאָ פריהער גערעדט: מיין געלד! מיין פאַבריק! מיין קאַנטאָר! איך וועל הייסען! איך וועל זעהן! אי, איך האָב מורא, איהר וועט מיר צופיעל בעל־הבית!

הערשעלע: איהר קענט זיין רוהיג... איהר זייט דאָ אַזאַ בעל־הבית, ווי איך.

מזיק: אַז מיר זיינען דאָ אַליין, זאָגט איהר דאָס מיר. אָבער ווי אַזוי וועל איך דאָס קענען איבערצייגען, אַז איהר וועט וועלען געגען מיר האַנדלען מעשה סוחר? איך האָב זיך מיט אייך ניט צושריעבען, ווייל איך האָב אייך געהאַלטען פאַר אַ יאָלד... איך לאַך טאַקע פון יאָלדען, אָבער איך ווייס, מען קען זיי גלויבען! איצט אָבער האָב איך מורא: איהר הויבט אָן ווערען צו פיעל חכם און אין דער קאַסע איז דאָ צופיעל מזומן...

הערשעלע: נו! אויב איהר גלויבט מיר ניט, וועלען מיר זיך צושרייבען. מיר האַרט ניט, אפילו מאָרגען.

מזיק: מאָרגען? אַ דאַנק דעם טאַטען אייערען! איך האָב מורא! איך וועל די גאַנצע נאַכט ניט קענען שלאָפען! איך האָב געזעהן, איהר האָט געצעהלט דאָס געלד מיט צופיעל הנאה... גלייך ווי עס זאָל זיין אין גאַנצען אייערעס.

הערשעלע: וואָס־זשע ווילט איהר? איך וואָלט געוואָלט וויסען. רעדט: וואָס ווילט איהר?

מזיק: איך וויל פשוט די 75 טויזענד רובעל נעהמען צו זיך דערווייל, ניש'קשה, איהר האָט מיך מעהר אין דער האַנד. (מאַכט עטליכע טריט צו דער קאַסע).

הערשעלע (וואַרפט שנעל אַריין אַלע פּעקלעך געלד אין זאַק און מאַכט צו די קאַסע): וואָס? אַזאַ סומע מיט געלד זאָל איך אייך גאָר אָבגעבען? וואָס מיינט איהר, איך בין פון זינען אַראָב?

מזיק: פאַר וואָס האָב איך אייך שטענדיג נאָך מעהר געגלויבט? אָה, איצט זעה איך, ווער איהר זייט!

הערשעלע: נו, זעהר שעהן! פון מאָרגען אָן וועט איהר מיר ניט גלויבען מעהר!

מזיק: פון מאָרגען אָן? בלאָ! מאָרגען קען שוין זיין צו שפּעט! איהר מיינט ניט, אַז איהר וועט מיך נעהמען אויף זיכער. איהר האָט ניט געטראָפען דעם אָרט! צדיק מיינער!

הערשעלע: און איהר מיינט ניט, אַז איך וועל אייביג גלויבען, אַז אַלץ, וואָס איהר זאָגט, איז תורת לאָקשען! (ציטערט פון אויפרעגונג).

מזיק: אָה! איך ווייס, איהר זייט שוין א גרויסער חכם געוואָרען, אויסגעלערענט אויף מיין קאָפּ!...

הערשעלע: איך געפעהל אייך ניט, וועל איך ניט זיין קיין אונטער־פיהרער אויף אייער חתונה. (פערשליסט די קאַסע) א גוטע נאַכט! איך געה שלאָפען!

מזיק: איהר האָט א טעות! איהר געהט נאָך ניט שלאָפען! (פער־צוימט איהם דעם וועג) איהר ווילט מיר ניט געבען דאָס געלד, שרייבט מיר אונטער א פּאַפּיער, אַז איהר האָט ביי מיר גענומען צו בעהאַלטען הונדערט טויזענד... טאָמער באַנקראָטירט איהר אָדער איך ווייס וואָס, קען איך אייך לכל הפחות אריינזעצען אין אַסטראָג. איך שרייב באַלד אויף און איהר שרייבט מיר אונטער!

הערשעלע: אַי, זייט ניט קיין שוטה! וואָס הייסט, איך וועל אייך אונטערשרייבען פּאַפּיערען! וועלכע פּאַפּיערען? וואָסערע פּאַפּיערען?

מזיק: וואָס? אונטערשרייבען א פּאַפּיער אויך ניט?

הערשעלע: ניין! איהר האָט מיר געגלויבט אַזוי פיעל, וועט איהר מיר גלויבען נאָך א נאַכט!

מזיק: איך וויל אייך ניט גלויבען מעהר! איך בין אייך ניט מחויב מעהר צו גלויבען! גיט מיר א פּאַפּיער אָדער דאָס געלד! איך קען בעשטעהן, איהר זאָלט מיר גלויבען!

הערשעלע: אי! געהט צו אַלע שווארץ יאָהר! איהר ווילט מיר ניט גלויבען, גלויבט ניט! איך געה!...

מזיק: איך גלויב אייך ניט און וועל אייך ניט לאָזען געהן. איך גלויב ניט! איך גלויב ניט! (כאַפּט ארויס ביי איהם דעם שליסעל און לויפט עפענען די קאַסע, הערשעלע לאָזט איהם ניט, ער וואַרפט איהם אום, כאַפּט דעם פּאַק מיט דער גאַנצער סומע געלד און לויפט. הערשעלע נאָך איהם).

הערשעלע: גזלן! רוצח! גנב! אהער גיב דאָס געלד! (כאַפּט איהם) איך וועל דיך ניט ארויסלאָזען פון דאַנען א לעבעדיגען! אהער גיב דאָס געלד! (זיי ראַנגלען זיך, מזיק רייסט זיך ארויס, לויפט צום טיש און דער־זעהט דעם קאָרקען־ציהער).

מזיק: אוועק פון מיר! איהר זעהט דאָס מעסער? איך בין פאַר זיך ניט פעראַנטוואָרטליך איצט! (וועהרענד מזיק רעדט, ווידערהאָלט הערשעלע איינס און דאָס זעלבע: מיין געלד! מיין געלד! ער ציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער).

הערשעלע: אָה! דו ווילסט מיך הרג'ענען? צונעהמען מיט געוואַלד

דאָס געלד? מיט א מעסער גאָר! ווי אַן אמת'ער רוצח!... גיב אהער דאָס געלד! דאָס געלד אהער! (שלעפּט ארוים ביי איהם דאָס מעסער, זיי ראנגלען זיך ביידע, ווי פּערוווירטע, ביידע פאלען, הערשעלע שטעכט איהם מיט'ן קאָרקען־ציהער אין האלז און שרייט) ניין! דאָ וועסטו קרעפּירען פריהער, איידער דו וועסט צונעהמען מיין געלד! עס איז מיין געלד! מיין געלד! (א גאנצער פּאַק מיט געלד צושיט זיך איבער'ן פּאָל. פריידעניו און לייזער לויפען אריין דערשראָקענע).

פריידעניו: וועה איז מיר! וואָס איז דאָ געשעהן!

הערשעלע (קלייבט דאָס געלד און ווארפט אין סאקוואָיאזש, ווי משוגע) מיין געלד! מיין געלד! מיין געלד!!

(פ אָ ר ה א נ ג.)

## פיערטער אקט.

(זעהר אן ארימעס צימער ביי חצקאל׳ן אין הויז. ביים טהיר אַ דייזשקע מיט וואַסער. ביים אויוועז גרויסע שייטלעך האָלץ. אַ טיש. אַ לאַנגע הילצערנע באַנק. צוויי ביינקלעך און אַ קליין שטולעכעל. ביי דער וואַנד אַ בעט. אַ קליינע שאפקע).

חאַצקעל (זיצט ביים אויוועז אויף דער ערד און שפאַלט מיט א האַק די גרויסע שייטלעך האָלץ. ראָבע ביים טיש, ארבייט א זאָק און צעהלט די „אויגלעך“).

דאָבע (שטיל): איין און צוואַנציג, צוויי און צוואַנציג, דריי און צוואַנציג, פיער און צוואַנציג... אי! איך האָב שוין אראָבגעלאָזט אן אויגעל. (לעגט אוועק דעם זאָק) חאַצקעל, האַק ניט דאָס האָלץ אויפ׳ן שוועל, וועסט נאָך, חלילה, דעם שוועל א האַק טהאָן.

חאַצקעל: האָב קיין מורא ניט, דאָבע, דעם שוועל וועט ניט ווערה טהאָן (האַקט).

דאָבע: מיך האַרט ניט דער שוועל. אָבער ווען דו וועסט חלילה א האַק טהאָן דעם שוועל און נאָכדעם וועט ציפּע אריבערטרעטען דעם שוועל, וועט זי חלילה האָבען א קינד מיט א צוהאַקטע ליפּ.

חאַצקעל: דאָבע, ציפּעניו איז דען ווידער שוין... ע...

דאָבע: אין אַ גוטע, כשר׳ע, מזל׳דיגע שעה... דאַנקען גאָט. נו, און דו ווייסט גאָר ניט, אַז מען גיט אַ האַק די אויבערשטע פּריטעלקע, איז ביים קינד די אויבערשטע ליפּ צושפּאָלטען און אַז מען גיט אַ האַק אין שוועל, איז די אונטערשטע צוהאַקט? קיין זאַך ווייסטו ניט, גלייך, חלילה, דו ביזט גאָר ניט אויסגעוואַקסען צווישען מענשען.

חאַצקעל: מיט מיין פּראָסטען שכל קען איך ניט פערשטעהן, ווי אזוי קען מען איבערהאַקען אַ מענשען די ליפּ, ווען ער איז גאָר ניטאָ דערביי, ווען ער איז נאָך גאָר אפילו ניט געבוירען געוואָרען. נאָר גאָר ניט, די ווייבער ווייסען דאָך מסתמא בעסער אין אזעלכע זאכען.

דאָבע: דו הער אויף טענה׳ן און קום בעסער אהער. אָט אזוי. זעץ דיך אויף דעם קליין ביינקעלע. ציה אויסביידע הענד, אָט אזוי (טהוט אָן אויף זיינע הענד באַוועל). איך דארף צואוויקלען אַ פּאַסמע באַוועל (וויקעלט).

אהא! חאַצקעל כל־בו׳ניק, דו האָסט געמיינט, דו וועסט ביי מיר זיצען אָהן ארבייט? געהסט ניט אין פאַבריק, ביזטו ביי מיר אין דער היים אָנשטאָט א שיקסע, להבדיל, א כפרה... וואסער אָנגעשלעפּט, האָלץ אָנגעהאַקט, קיין עין הרע, קיין בייזע אויג. האַלט די פּאַסמע! איך וועל אָנוויקלען א גאַנצען קניילכעל באַוועל. (זי וויקעלט לאַנג. זיי שווייגען ביידע, ער הויבט אָן באַלד דרעמלען און בויגט זיך צו מיט׳ן קאָפּ צו איהרע קניע). שש! ער איז אַנ־דרעמעלט געוואָרען... איך האָב זיך מורא אַ ריהר טהאָן, איך זאָל איהם פּלוצים ניט אויפוועקען. זאָל ער אַ ביסעל שלאָפען... (בלייבט זיצען רוהיג, גאַנץ שטיל) מען זאָגט יאַקבי, אַז מען וועקט אויף אַ מענשען פּלוצים פון שלאָף, קען ער חלילה געכאַפּט ווערען. (לייזער קומט פון גאַס מיט אַ שטעקען).

**לייזער:** גאָט העלף! זעה נאָר, וואו ער איז אַנשלאָפען געוואָרען. אי! ר׳ חאַצקעל, איהר זייט נאָך אַלץ אַ גנב?

**דאָבע** (פערשעמט): אַי, געהט... ער האָט זיך נאָר אָנגעבויגען...

**חאַצקעל:** ניין! איך האָב טאַקע אַ דרעמעל געכאַפּט. (וואַשט די הענד ביי דער דייזשקע) גאָט העלף, ר׳ לייזער, גאָט העלף, איך זעהן איצט איז אַ גאַנצע זכיה.

**לייזער:** ר׳ חאַצקעל, איך בין געקומען אונמיסטען צו׳ן אייך, איך דאַרף אייך זאָגען זעהר אַ נויטיגע זאַך. (פיהרט איהם אויף אַ זייט, שטיל) שש! זייט וויסען עס איז דאָ! איך האָב זיך לאַנג געמוטשעט, אבער איך האָב עס געפונען. איהר ווייסט: הא לחמא עניא?

**חאַצקעל:** אויב איך ווייס? הא לחמא עניא הייסט: אָט דאָס אָרים קבצניש ברויט. איך קען דאָס ניט נאָר פון דער הגדה, איך ווייס דאָס פון לעבען.

**לייזער:** שש! אָט דאָס איז דאָס. איהר קוקט מיך אָן? אָט דאָס איז דאָס.

**חאַצקעל:** וואָס איז דאָס?

**לייזער:** הא לחמא עניא, אז איהר וועט זאָגען פערקערט וועט זיין הא עניא לחמא און עס גראַמט זיך מיט חאַצקעל דראַכמע... הא עניא לחמא — חאַצקעל דראַכמע!...

**חאַצקעל:** אי, איהר אַלטער משוגע׳נער, זיצט, וועט איהר זיין אַ גאַסט ביי אונז... כאַ! כאַ! כאַ!

**לייזער** (זעצט זיך): און וואו איז דאָס עפּעס אייער גאַנצער עולם, האַ? (מיט אַ ניגון) דער עולם איז אַ גולם, און אַ חכם איז דער איינער, וואָס גיט דעם עולם אין די ציינער... (שטיל) הא עניא לחמא — חאַצקעל דראַכמע...

דאָבע: ציפעניו איז געגאַנגען אין יאַטקע. איהר ווייסט דאָך אין מיטען וואָך קענען מיר ניט עסען קיין פלייש. האָב איך איהר געזאָגט, זי זאָל געהן, אפשר וועט זי טרעפען וואָלוועל, זאָל זי קויפען א לונג־און־לעבער אָדער אַ פוסנאָהע. און די מחותנת'טע פעסי איז ביי דעם גביר. מען האָט זי געשיקט רופען, פריידעניו איז דאָך שוין ווידער... ניט דאָ גערעכט, ניט דאָ גערעכט, ניט אין קיין אידישע שטוב גערעכט. איהר געהט אריין אַמאָל צו זיי?

לייזער: ניין! איך בין מיר ביי אפרים כלי־זמר אַ קעסט־קינד און פיהל זיך איצט, ווי אַ בלינטשיק אין סמעטענע. וואָס זאָל איך אַהין געהן? מיט מיר שעמט מען זיך און דעם כבוד בין איך זיי מוחל. אבער, זאָגט נאָר, ידידי ר' חאַצקעל, מה היום מיומים? וואָס זיצט איהר עפּעס אין דער היים? גזלן, איהר וויקעלט דאָ באַוועל? (דאָבע פערשמט זיך ווידער.)

חאַצקעל: וואָס איך זיץ אין דער היים? אָט דאָס איז דאָך די קלאָץ־קשיא. ר' הערשעלע האָט מיך געוואָלט גליקליך מאַכען און געבען מיר אַ טשין פון אַ פריקאַזטשיק, דאָס הייסט, איך זאָל אַליין ניט אַרבייטען און זאָל נאָר אומגעהן און האַוקענען אויף די, וואָס אַרבייטען יאָ. האָב איך איהם בעדאַנקט. ניט איך, ניט מאָטעלע, — מיר ווילען פון איהם ניט קיין שום טובות! נו, אָבער לכל הפחות אַרבייט, ווי פאַר אַ פּראָסטען אַרבייטער זאָל מען געבען גענוג? וויים איך! אַ קדחת שונאי ישראל, דריי טאָג אַרבייט איך און דריי טאָג ניט! מען גיט אונז צו פערדיענען נאָר אַזוי פיעל, מיר זאָלען פון הונגער ניט פערכליאַנעט ווערען. מאָטעלע איז אַליין אַוועק אין פאַבריקע אַרבייטען און איך, ניט אומגעהן פוסט־און־פּאַס, דיען איך דאָבע'ן אָנשטאָט אַ שיקסע. דאָס איז מזיק'ס פּאַריאַדקעס. ר' הערשעלע ווייס ניט, אַזעלכע נאַרישקייטען ווי חאַצקעל דראַכמע ליעגען איהם איצט ניט אין זינען... און איך וועל ניט געהן קלאָגען זיך אָדער בעטען אַ לאַסקע ביי איהם! (גיט אַ האַק בייז אַ שטיקעל האָלץ) ניין! דאָס וועלען מיינע שונאים ניט דער־לעבען!

דאָבע: אַי, דער מזיק! ער האָט אונז אַלע צו'מזיק'ט. ווען ער איז געווען קראַנק, האָבען מיר געמיינט, מיר וועלען שוין פון איהם פּטור ווערען. זאָל מיך, איך האָב די הענד ניט געוואַשען, ניט שטראָפען פאַר די רייד. ער האָט זיך אָבער אויסגעקאַטשעט. עפּעס רעכטס וואָלט גאָט צוגענומען, אַ צרה לאָזט ער אונז איבער.

חאַצקעל: פונדעסטוועגען איז ער דריי חדשים אומגעגאַנגען מיט אַ פערבונדענע כלי. מען זאָגט, זיי האָבען זיך שיער ניט צו'הרג'עט פאַר'ן געלד. און פון יענעם טאָג געהט הערשעלע אום שטענדיג זעהר אַ צוטראָגענער.

ראנקען גאָט, וואָס איך בין אַ קבצן. לכל הפחות פאַר׳ן געלד וועט מיר קיין מזיק ניט איבערבייסען דעם גאָרגעל.

**דאָבע:** בעריל לאַפּטיוך זאָגט יאַקבי, אַז דאָס האָט ר׳ הערשעלען אָבגעקאָסט מיליע־מיליאָסען מיט געלד, איידער זיי האָבען זיך איבערגעבעטען. ר׳ לייזער, וויפיעל איז מיליע־מיליאָסען?

**לייזער:** אַ סך!...

**חאַצקעל:** נו, יאָ, אַבי עס איז ביי זיי ווידער שטיל, קוצעניו מוצעניו... זיי זיינען יעצט נאָך שטאַרקערע גוטע פריינד און דער גאַנצער פּלאַקער איז מזיק.

**לייזער:** אַי, ווען איך דערמאָן מיך, וואָס יענע נאַכט האָט זיך אָבגעטהאָן! אַ געשריי: קאַראול! קאַראול! ביי מיין תכשיט אַ מאַשינקע פון פּליאַשקע, מזיק אַ צובלוטיגטער ווי אַ חזיר! געלד! בלוט! ביידע וואַלגערען זיך אויף דער ערד, פריידע אַ טויט־דערשראָקענע, ביי מיר די נשמה אויפ׳ן שפּיץ נאָז! — ע! דאַנקען גאָט, איך בין איצט ביי אפרים כלי־זמר. (געהט צו דער שאַפע) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען אַ ביסעל משקה פון דער פּליאַשקע, און האָט ער גענומען צו דעם גומען. (זוכט, דאָבע לאַכט).

**חאַצקעל:** ר׳ לייזער, אייער טרחה איז אומזיסט... איהר וועט ניט געפינען אפילו אַ לעק... היינטיגען שבת האָבען מיר אפילו קידוש געמאַכט אויף טרוקענע חלה...

**לייזער:** טרוקענע חלה? פע! און אָט איז אונזער ציפעניו. (ציפּע קומט מיט אַ קאָשעק, אַ שאַל אויף די פּלייצעס, זי איז אין אַ גוטע לוינע).

**ציפּעניו:** אָה, אַ גאַסט! גאָט העלף, זייִדעניו. גוט, וואָס איהר זייט געקומען. איך דאַרף אייך נויטיג עפּעס פרעגען. (פיהרט לייזער׳ן אָן אַ זייט, ער איז זעהר פּעראינטערעסירט) שש! זאָגט מיר, איך בעט אייך... ע! ע! פאַר־אַ יאָהרען ווינטער איז געגאַנגען אַ שנעע? (אַלע לאַכען).

**לייזער:** אַזוי גאָר? גוט... איך מוז זאָגען: גוט...

**דאָבע:** אַי, מיר בייסט עפּעס אין לינקען אויער, איך האָב מורא, איך האָב מורא, מיר וועלען חלילה האָבען עפּעס אַ שלעכטע בשורה.

**ציפּעניו:** שוויגער לעבען, אַ שלעכטע בשורה האָב איך אייך געבראַכט: איך האָב קיין מציאות ניט געהאַנדעלט. אויף יעדען לונג איז דאָ צוואַנציג בעלנים און אויף איין פוסנאָהע זיעבצעהן ווייבער... בין איך געקומען אָהן אַ פוס און אָהן אַ לונג. אַיאָ אַ שלעכטע בשורה? כאַ! כאַ! כאַ! די קינדערלעך שלאָפען נאָך?

**חאַצקעל:** מאָטעל וועט נעבעך קומען אַ הונגעריגער פון דער אַרבייט.

דאָבע: נו, מיר ווע̇לען איהם אָבקאָכען פיש־קארטאָפליע, ער האָט עס ליעב און עס וועט איהם זיין צו געזונד, קיין עין הרע, קיין בייז אויג.

ציפּעניו: זיידע, קארטאָפליעס מיט וואסער, מיט א סך פעפער און אָהן פיש, רופט זיך ביי אונז פיש־קארטאָפליע. איהר האָט עס ליעב? פיש קארטאָפליע, ע! ע! טאראטאָפליע... אי, צו קארטאָפליע הפנים גראמט זיך קיין זאך ניט.

לייזער: קארטאָפליע פון פיש מהודו ועד כוש, מכוש ועד הודו, באלד זיי זיך מודה, צו האָסטו געגומען צו דיין כשר'ן גומען...

ציפּעניו (שלאָגט איבער): אביסעל משקה פון דער פליאשקע, כא! כא! כא! שווינער לעבען, און וואו איז דאָס די מומעניו?

דאָבע: מען האָט זי גערופען צו פריידען. זי האָט דאָך וויעדער דעם חולאת, ניט אין אונזער שטוב גערעכט. אלע חודש קומט עס אָן אויף איהר. נא! האָסטו געהערט אביסעל א חולאת? קיין זאך טהוט ניט וועה און מען איז קראנק; ניט משוגע און דאָך ניט ביים זינען. — (ציפּע בלייבט זיצען א טרויעריגע.)

חאַצקעל: דאָס איז די מרה־שחורה. מען זאָגט, אלע גבירים קרענקען מיט דעם חולאת.

דאָבע: דו ווייסט! עס קומט דערפון, וואָס ווייבער האָבען ניט קיין קינדער... וואָס זאָגסטו פאָרט, ווי מיר בייסט אין לינקען אויער...

לייזער: איך זאָל וויסען, אז מורנו ורבנו ר' הערש איז ניטאָ אין דער היים, וואָלט איך אריינגעגאנגען זי זעהן. זי איז טאקע א גרויסע נגידה און פון דעסטוועגען איז אויף איהר נעבעך א רחמנות.

ציפּעניו: יא, ר' לייזער, געהט אריין צו איהר. איהר וועט פערדיענען א מצוה — זי איז זעהר עלענד. אי! איהר זאָלט זי זעהן, ווען עס קומט אָן אויף איהר: שטיל, ווי א טויב, רעדט אליין צו זיך, זינגט אין דער שטיל און איז אזוי אומעטיג. — (אלע בלייבען שטיל. פויזע. פלוצלונג א גערויש. ציפּעניו כאפּט זיך אויף דערשראָקען) וועה איז מיר! וואָס איז דאָס עפּעס? מיר האָט זיך אָבגעריסען דאָס הארץ! (א איד אן ארבייטער לויפט אריין זעהר דערשראָקען).

ארבייטער: גאָט איז מיט אייך... איך בעט אייך... שרעקט אייך ניט... מען טראָגט אייער מאָטעלען אהיים.

אלע: אי, וועה איז מיר! וואָס איז?...

דאָבע: אן אונגליק האָט מיך געטראָפען!

ארבייטער: עס איז חלילה ניט קיין גרויסע סכנה. מיט'ן ראָד האָט ביי איהם אָבגעריסען א האנד!

חאַצקעל: די פאַבריקע! די פאַבריקע! אי די פאַבריקע!

ציפּעניו: וואו איז ער? מאָטעלע... מאָטעלע! (לויפט צום טהיר. אנקעגען קומען אידישע ארבייטער, וועלכע טראָגען מאָטעלען, ער איז אויסגעשמירט אין בלוט, איין האנד פערוויקעלט מיט א סך ווייסע טיכער, דורך וועלכע עס זעהט זיך אַרויס דאָס בלוט. גאָר אויבען א ווייסער נייער טלית אויף אין בלוט. ציפּע שרייט ניט מיט איהר קול) וועה איז מיר! ער איז טויט! ער איז טויט!

דאָבע: מיין קינד! מיין איינציג קינד! מיין מאָטעניו!..

אַרבייטער: גאָט איז מיט אייך, ער איז נאָר אין חלשות. (זיי לעגען איהם אויפ'ן בעטעל.)

חאַצקעל: גאָט! דיינע טליתים מאַכט מען איצט מיט רערער, וועלכע רייסען אונז די גליעדער! זעהט, מיין זוהן! מיין זוהן. (אלע נעבען בעטעל.)

ציפּעניו: מאָטעלע! אי! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען. (זי און די מוטער שרייען נעבען איהם.)

מאָטעלע (קומט צו זיך. מיט זעהר א שוואַכע שטימע)! אי! (וויל א שמייכעל טהאָן) שרעקט אייך ניט, עס איז גאָר ניט. נאָר איין האנד אָבגעריסען. אי, וואָס איז דאָרט אַ האנד ביי אַן אַרבייטער... טאַטע, דו ווייסט, ער... ר' הערשעלע... איז פּונקט געשטאַנען נעבען פענסטער... ניט ווייט פון מיר... מיין בלוט האָט אויף איהם געגעבען אַ שפּריץ... אי. ציפּעניו... (חלש'ט. אַ דאָקטאָר און אַ פעלדשער קומען, איילענדיג.)

חאַצקעל: מאָטעלע, מיין קינד, שטאַרק זיך. אָט איז געקומען דער דאָקטאָר. זוהן מיינער!

ציפּעניו: וועה איז מיר! וועה איז מיר! וואָס וועט פון אונז זיין? וואָס וועט זיין פון אונז — (קלאָגט).

דאָבע: מיין קינד! מיין זוהן! אַ שלאַג האָט מיך געטראָפען, וועה איז מיר! (אַלע וויינען, די אַרבייטער ווישען די טרערען. דער דאָקטאָר נעהמט פון פּאַק זיינע אינסטרומענטען).

(אַ סך אידען און ווייבער דערשראָקענע קוקען אַריין אין די פענסטער און אין טהיר).

פערוואנדלונג.

(אַ הויף נעבען דער פאַבריק. עס הערט זיך ווי די רעדער רוישען און די מאַשינען קלאַפּען. מזיק פיהרט אַרויס הערשעלען. הערשעלע זעהר בלאַס).

מזיק: נאָך פיהלט איהר ניט גוט? קומט אַרויס אהער אביסעל

אויפ'ן לופט. עי, ווער איז דאָרט? דערלאַנגט אַהער אַ ביינקעל. (אַן אַרבייטער טראָגט אַרויס אַ ביינקעל) זעה נאָר, ווי בלאַס ער איז געוואָרען!

הערשעלע: איך האָב דערזעהן רויטע בלוט, בין איך געוואָרען ווייס. אי! (שפּילעט אָב דעם קראַגען פון העמד).

מזיק: וואָס איז דאָרטען אַזעלכעס? אַזוי געהט דאָס לעבען: דעם רייסט אָב אַ האַנד, דער פערליערט אַ פוס, פיעלע ווערען גע'הרג'עט אין מלחמה. דאָס לעבען שטעלט זיך ניט אָב דערמיט און די וועלט ווערט אויף דאָס מינדעסטע ניט פערענדערט. וואָס בעדייטעט מאָטעלע אין דער גרויסער וועלט פאַבריק, וועלכע רופט זיך נאַטור?

הערשעלע: מזיק, דו ביזט גערעכט: מאָטעלע בעדייטעט גאָר־ניט... נו, און הערשעלע בעדייטעט אַ סך? אי! ווי זאָגט אונזער פּיוט: דער מענש איז געגליכען צו אַ צובראָכענעם שאַרבען, צו דעם שאָטען, וואָס לויפט פאָרט, צו דעם שטויב, וואָס ווערט געטראָגען פון ווינד, צו אַ חלום, וואָס ווערט פערשוואונדען...

מזיק: ע! דאָס איז אַן אַלטע אידישע ליעדעלע, מיט וועלכע דער איד פערביטערט זיך שטענדיג אַליין דאָס לעבען און וואַרפט אויף זיך אַליין אַרויף אַן אימה ופחד. נאָך לאַנג, לאַנג האָט אונזער אידישער צרות־העלד איוב געזאָגט די זעלבע חכמה: דער מענש איז ווי אַ גראָז, וואָס געהט אויף און ווערט פערשניטען, ווי אַ שאָטען, וואָס לויפט... ניין! מיר געפעהלט שוין פיעל בעסער, ווי דער דייטשער געלערענטער דאָקטאָר האָט געזאָגט: „פער־געניגען וויל איך, פון אַלעס זאָל מיין אויג געניסען, דאָך ווייטער זאָל שטערבען מיין זין!"

הערשעלע: אַ איד בין איך און די אַלטע אידישע ליעדעלעך וועלען לעבען אין מיר ביז מיין טויט. דעם מענשען קען מען גיכער פון מיר אויסקאָ־ראָנייען, אָבער ניט דעם איד... ניין! דער, וואָס האָט דיר געזאָגט: ער וויל פערגעניגען מיט'ן אויג געניסען און מיט'ן זינען שטערבען, — איז געוויס געוועזען אַ גוי... דער איד מיינט: מען קען ניט געניסען, ווען דער זינען שטערבט. און דער זינען קען ניט שטערבען, ווען מען געניסט!...

מזיק: מען דאַרף אָבער זיין ניט נאָר אַ איד, מען דאַרף זיין אַ מענש!

הערשעלע: יאַ, מענש אויך!... אי! אַמאָל פלעג איך זיך פאָרשטעע־לען, ווי שרעקליך עס וועט הילכען דער שופר הגדול, וועלכער וועט ערשאַלען פאַר'ן גרויסען יום הדין, און וועט וועקען די טויטע מענשען, וואָס ליגען אין די קברים. און... רופען זיי צום כסא המשפט... מזיק, ווען פון זיין ברוסט האָט זיך היינט אַרויסגעריסען דער פירכטערליכער יאָמער־געשריי, האָב איך דער־פיהלט, אַז עס איז דאָ עטוואָס, וואָס הילכט שרעקליכער פון קול השופר

הגדול !... מזיק, דער מענש האָט אין איהם געשריען, דער אמת'ער נאַטירליכער מענש... און ווי טיעף אין מיר זיינען שוין געשלאָפען די מענשליכע געפיהלען, זיין יאָמער־געשריי האָט זיי ערוועקט ! און ווען איך האָב דערזעהען די בלאַסע פנים'ער אַרום איהם, זייער אמת'ן שרעק און רחמנות, האָב איך פערשטאַנען, דאָס דיעזער מענשליכער יאָמער־געשריי איז דער מעכטיגער שופר, וואָס רופט אונז צום יום הדין, וואָס צוברעכט דעם פאַנצער, וואָס ליעגט אויף אונזער הארץ, און וועקט אויף דעם מענשען פון זיין קבר... ביי דעם געשריי פערשווינדעט גוי און איד, בעל־הבית און אַרבייטער, חכם און נאַר... דער מענש נאָר ערוואַכט... דער מענש, דער מענש !...

מזיק : אָה, איך וויים, וואָס אַ איד רופט מענש ! געווים ניט מאַכט, קראַפט, טהעטיגקייט, ערפינדונגס־פעהיגקייט, דרייסטיגקייט פון גייסט, ניין! זאָרגען זיך, ווי אַ שוואַכע פרוי, גריבלען, וואַנקען, ניט האָבען קיין הנאה פונ'ם לעבען, פיעל טראַכטען און וועניג טהאָן — דאָס איז דער אידישער מענש ! איהר דאַרפט זעהר נויטיג דעם מין מענש אַרויסרופען פון קבר, ער זאָל קומען און פערגיפטען דאָס לעבען ? וואָס קוקט איהר ? האָט קיין מורא ניט, אויף אייך איז שוין ניטאָ קיין בלוט, מע האָט עס אָבגעוואַשען....

הערשעלע : אָבגעוואַשען ? הם... יאָ אָבגעוואַשען, אָדער ניט אָבגעוואַשען, זיין בלוט שרעקט מיך ניט. זעהסטו דאָן, אין יענער נאַכט, ווען איך האָב דיין בלוט געזעהן אויף זיך, האָב איך מורא געהאַט, איך האָב געפיהלט מיאוס, איך האָב געפיהלט שלעכט... זיין בלוט אָבער שרעקט מיך ניט. עס טהוט מיר וועה. איך פיהל ניט מיאוס, איך פיהל אַ שאַרפען וועהטאָג.

מזיק : כע ! כע ! כע ! דומהייטען ! אייערע נערווען האָבען זיך אַ ביסעל צושטיפט. איהר זעהט דאָס צום ערשטען מאָל... קומט, פרישע לופט וועט אייך ווידער געזונד מאַכען — עי ! בעריל לאַפּטיוך, נעהם צו דאָס בענקעל ! (אַ אידישער אַרבייטער טראָגט דאָס בענקעל אַוועק) וויים איך, נאַרישקייטען ! אָט האָב איך אַמאָהל געזעהן, אין אַ גרויסע פאַבריק האָט עס איינעם פערטשעפעט, און דאָס גרויסע ראָד האָט איהם אויפגעהויבען אַ לעבעדיגען גאַנץ הויך און דאַן ערשט אַראָבגעשלעפּט אַרונטער און צומאָ־לען אויף אַש. (פיהרט איהם).

הערשעלע (פערטראַכט) : אָט אַזוי איז דאָס הפנים : דאָס ראָד פונ'ם לעבען הויבט אויף הויך, גאַנץ הויך און נאָכדעם וואַרפט עס אַראָב און צומאָלט אויף אַש... אויף אַש און שטויב!...

מזיק : נו, אַ איד אָהן אַש און שטויב איז ווי אַ גוי אָהן בראַנפען און אָהן ביער. קומט, מיר וועלען אַליין נעהמען צו ביסלעך קאָניאַק. זעה נאָר,

ווי בלאַס ער איז ! כע ! כע ! כע ! איהר זייט נאָך גאָר גרין... עס איז נאָר א געוואוינהייט... אויף די גרויסע פאַבריקען ברעכט עס פיס און עס רייסט הענד יעדע מינוט און גאָר ניט... מען דאַרף זיך נאָר צוגעוועהנען... סענטי־מענטאַל האָט מען געקענט זיין אמאָל, ווען דער מענש האָט געאַרבייט מיט'ן מענשען... יעצט אַרבייטען מיר מיט מאַשינען און דער מענש דאַרף זיין פּינקטליך, שטאַרק און קאַלט ווי א מאַשינע... זעהסט ? דער מענש האָט זיך אין איהם אויפגעכאַפּט, איז ער געוואָרען אויס מענש... כע ! כע ! כע ! (ביידע אָב). (די מאַשינען און רעדער רוישען).

פערוואַנדלונג.

(הערשעלע'ס קאַבינעט. א שאַפע מיט ספרים, אויף וועלכער עס ליעגט זיין פּיעדעלע אין א פוטליאַר. אין מיטען צימער א שרייב־טיש, נעבען וועלכען עס שטעהט א הויכע אייזערנע קאַסע, עטליכע שטוהלען. לייזער און פּעסעניו זיצען טרויעריגע, פריידעניו געהט אום פערבראָכען די הענד און זינגט שטיל מיט א וויינענדיגע שטימע „מ ז מ ו ר ל ד ו ד". ביסלעכווייז ווערט דונקעל).

פּעסעניו : פריידעניו, וואָס טהוט דיר וועה, מיין קינד ? ביזט קראַנק, האַ ?

פריידעניו : דאָס האַרץ טהוט מיר וועה, מומעניו. אזוי ווי א שלאַנג זויגט מיר דאָס בלוט, איך קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. מיך האַרט קיין זאַך ניט און מיך פרעהט קיין זאַך ניט. איך פיהל גלייך, ווי איך שווים אין א ים פון אומעט און טרויער. (געהט צום שאַפע און נעהמט דאָס פּיעדעלע און בעטראַכט זי).

לייזער : אָבער פאַר וואָס איז דאָס, פאַר וואָס פיהלסטו אזוי ?

פריידעניו : איך ווייס אַליין ניט. עס קומט פּלוצלונג אזא פערדרוס, אזא ערגער, אזא האַרץ־וועהטאָג.

פּעסעניו : אי, וועה איז מיר. (שטיל צו לייזער'ן) איך וואָלט געדאַרפט אַריבערלויפען זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך. נאָר ווי לאָזט מען זי איצט אַליין ?

לייזער : מע לאָזט אהין קיין מענשען ניט, א פּשיטה שוין ווייבער... מען טרייבט זיי, ווי די גענז. דער דאָקטאָר מאַכט איצט די אָפּעראַציע. (א געוויש) אֵי ! איך האָב מורא, מיר דאַכט זיך דעם ברחן'ס בעל־הבית געהט. (הערשעלע און מזיק אריין. לייזער שטעהט אויף).

הערשעלע (זעהר טרויעריג) : זעהט, וואָסערע געסט ביי מיר אין קאַנטאָר. נו, פריידעניו, וואָס מאַכסטו ? ביזט געקומען מיך זעהן ?

פריידעניו : איך קום אהער אָפט און איך הער זיך צו, ווען וועט די פּיעדעלע שפּיעלען און די פּיעדעלע שווייגט. ווי א טויטע ליעגט זי שטיל און

אמאָל האָט זי גערעדט. אי! איך וואָלט געוואָלט הערען נאָך אמאָל, וואָס האָט זי דאמאָלס געזאָגט... האָט זי מיך אָבגענארט? ניט דעם אמת געזאָגט?

הערשעלע (לעגט צוריק דאָס פיעדעלע): בערוהיג דיך, פריידעניו, איך בעט דיך. האָב רחמנות אויף זיך, האָב רחמנות אויף מיר.

פריידעניו (פערטראכט): עס ציהען זיך גרויע לאנגע טעג אָהן ליכט און אָהן פינסטערניס, אָהן קעלט און אָהן ווארימקייט, אָהן צרות און אָהן פרייד.

הערשעלע: ניטאָ קיין פרייד דאָרט און ניטאָ קיין פרייד אין דער היים (זיפצט שווער).

פריידעניו: אַך, איך פערשטעה. קום, מומעניו, דער פעטער וויל געווים בערעכענען זיינע חשבונות און איבערצעהלען נאָך אמאָל דאָס געלד... דאָס געלד קלינגט, און די פיעדעלע־שוויגט... ר' אוריאל, זינט איהר האָט אונז געבראכט דעם גרויסען געווינס, האָבען מיר אַלץ פערשפּיעלט.

פּעסעניו: יא, אַלע פערשפּיעלען און דער געווינס קומט קיינעם ניט אָן!

מזיק: איהר מיינט, זי איז ניט גערעכט? (עפענט די קאסע) גיט א קוק, עס איז דאָ, וואָס צו בערעכענען און איבערצעהלען. (ביידע פרויען אָב).

הערשעלע (זעצט זיך): ניין! דאָס געלד האָב איך שוין איבערגע־צעהלט... די חשבונות? זעהסטו, די חשבונות, דאכט זיך, איז יא צייט צו בערעכענען.

לייזער (וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען א דערשראָקענער, גיט א מאך מיט'ן האנד און גנב'עט זיך שנעל צו דער טהיר): א גוטען! (וויל ארויסלויפען).

הערשעלע: זיי זשע מוחל טאטע, איך האָב דיר געוואָלט עפּעס זאָגען. געה ניט אוועק, איך בעט דיך... בלייב דאָ... עס איז ניטאָ קיין לעבעדיגער מענש אין שטוב. איך בין דאָ אַליין... איך האָב חרטה, טאטע, וואָס איך האָב דיר געלאָזט זיין ביי פרעמדע מענשען אויף דער עלטער.

מזיק (אפּארט): ער זוכט אינ'ם בדחן דעם מענשען.

לייזער: איך בין ניט ביי פרעמדע; מיט אפרים'ען דעם כלי־זמר זיינען מיר אייגענע. מיר פערשטעהען איינע די אַנדערע, מיר האָבען פון וואָס צו שמועסען, וואָס פון די אמאָליגע אַלטע יאָהרען צו דערמאָהנען. ניין, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, דאָרט, ביי די פרעמדע בין איך אין דער היים, און דאָ אין דער היים בין איך געווען אין דער פרעמד. דאָרטען, פערשטעהסטו, איז ניטאָ קיין מעלאנכאָליע, קיין מרה שחורה. איז דאָ וואָס צו עסען, האקט מען אריין מיט לאפּעטיט, ניטאָ וואָס צו אכל'ן — דערצעהלט מען גלייכ־

ווערטלעך, מען קריגעט זיך און מען מאַכט שלום, מען לאַכט, מען שפּיעלט אַ דאַמקע, מען שפּיעלט אַ ביסעל מוזיק... איך לופטער דורך דאַרטען דעם בדחן. איך ווייס, פאַר דיר איז דאָס אַ בזיון, אָבער דאָרטען איז דאָס אויפ'ן פּלאַץ. געוויס, איך קען דיר ניט גויטען דורכ'ן שאַלאָטען שמש דו זאָלסט אפרים'ן צאָהלען פאַר אַזאַ אַלטען טאַטען, אַ גראָבען יונג...

הערשעלע: ניין, טאַטע, הלילה, ניט דאָס האָב איך געמיינט, דו האָסט מיך ניט פערשטאַנען...

לייזער: איך וויל זאָגען, אויב דו וועסט אפילו ניט צאָהלען, וועט מיך אפרים אויך הלילה ניט אַרויסטרייבען. ביי קבצנים שפּיעלט עס ניט קיין גרויסע ראָלע. אָבער איך דאָ? וואָס דאַרף איך דאָ און וואָס האָב איך דאָ? אַ גוטען טאָג... עס איז שוין בין השמשות און מען מעג זאָגען: אַ גוטע נאַכט. (שטיל) זעקס, זיעבען, אַכט (אָב).

מזיק: נו דאַרפט איהר אייך אַזוי שרעקען פאַר'ן מענש? כע! כע! כע! ר' הערש, אין יעדען מענש זיצט אַ בדחן...

הערשעלע: יאַ! אָבער אין יעדען בדהן זיצט אַ מענש. דו ווייסט, ווי גרויס מיר זאָלען זיך ניט האַלטען, ווי רייך און שטאַרק מיר זאָלען ניט זיין, מיר האָבען דאָך מורא פאַר'ן מענשען. ווען מיר בויען אַ שול, אַ קהל'שען מרחץ, אָדער ווען איך, למשל, האָב געוואָלט בויען דאָ אַ האָספּיטאַל, אָדער ווען איך צאָהל פיר מיין פאָטער'ס קעסט. דאָס איז נאָר ווייל איך האָב מורא פאַר'ן מענשען, נאָר ווייל מיר ווילען בעצאָהלען דעם מענשען כאָטש אַ קליינע טייל פון אַ גרויסען הוב, נאָר ווייל מיר מיינען, אונז וועט געלינגען לכל הפּחות אָבנאַרען דעם מענשען, פערבלענדען, אונטערקויפען... מזיק, קיין זאַך שרעקט דעם מענשען ניט אַזוי שטאַרק, ווי דער מענש אַליין. (עס ווערט ביסלעכווייז דונקעלער).

מזיק: איך פערשטעה ניט! איך ווייס, מען האָט מורא פאַר גאָט, אנדערע האָבען מורא פאַר'ן טייוועל. איהר האָט גאָר מורא פאַר'ן מענשען! וואָס זשע, דער מענש איז אַזאַ כל יכול?

הערשעלע: מיט גאָט קען מען זיך אויסגלייכען... פונ'ם טייוועל האַלט מען זעהר ווייניג, ווען מען האַלט זיך שוין אַליין פאַר אַ בריה מיט אַ הכם. אָבער דער מענש? אונזערע חכמים זאָגען: די עבירות, וואָס בין אדם למקום, צווישען מענש און גאָט איז יום כפּור מכפּר. אָבער בין אדם להברו, וואָס איין מענש זינדיגט געגען אַנדערען, — דאָ העלפען ניט די טרערען, די צדקות, די תהינות און תפילות פון יום כפּור. (אַ גערויש) שאַ, גוער איז דאָס דאָרט? (עטליכע אידישע אַרביטער פיהרען אַריין דאָבע'ן און ציפּע'ן. זיי זיינען זעהר פערוויינט).

ארבייטער: האָט קיין פעראיבעל ניט, ר׳ הערשעלע, דער דאָקטאָר האָט זיי געהייסען אוועקפיהרען אין קאנטאָר. מען קען איבער זיי די אָפּעראַציע ניט ענדיגען... אָי! מיר האָבען זיי קוים מיט געוואלד אָבגעריסען (אָב).

הערשעלע (זאנפט): געהט אריין אהין... קומט, ראָרטען זיינען אונזערע (פיהרט זיי).

דאָבע: אָי, ניט אומזיסט האָט זיך מיר פאראכטאָגען שבת צו נאכט גע׳חלום׳ט, אז איך האָב פערלאָרען א צאָהן. ניט א צאָהן, אַן אויג האָט מען מיר אויסגעריסען פון קאָפּ! מיין איינציג קינד האָט איהר מיר געמאכט פאר א קאליקע.

ציפּעניו: שוויגער, וואָס דארפט איהר רעדען? ער איז דאָך אונזער בעל־הבית און וואָס קען עס הארען א בעל־הבית? מאָטעלע האָט שוין ניט קיין הענד, וועט אַן אנדערער ארבייטען. (וויינט).

הערשעלע: ציפּעניו, איך בין ניט נור דיין בעל־הבית — איך בין דיין פעטער און דיין שוואָגער.

ציפּעניו: זינט איהר האָט גע׳גט די מומעניו זייט איהר מיר ניט קיין פעטער מעהר. און דערמיט וואָס איהר האָט מיין שוועסטער אונגליקליך געמאכט, זייט איהר מיר ניט קיין שוואָגער. (ביידע אָב אין דער אינערסטע טהיר).

הערשעלע: אַלע זיינען מיר פרעמדע, אַלע שונאים. ראכט זיך, עס ווייזט זיך אויס, אַלע ווילען זיין קרובים מיט א נגיד, אַלע שעצען אזוי טייער זיין פריינדשאפט. אָבער דאָס ווייזט זיך נור אויס... ווען די צייט קומט, דאָס זיי רעדען אמת, ווי זיי פיהלען, זעהט מען — אַלע זיינען שונאים, אַלע זיינען פרעמדע... אין חלום נאָר זעהט מען אַלע מיט זיך, אין דער ווירקליכקייט איז מען אַליין! אַליין! מזיק, איך בעט דיך... איך וויל איצט דאָ אַליין בלייבען.

מזיק: איך וויל אייך אָבער איצט אַליין ניט לאָזען. איך האָב מורא, איהר זייט צו נערוועז... און... און אַ ביסעל צו פיעל פערנומען מיט׳ן מענש... מענש!

הערשעלע: וואָס קענסטו מיר איצט העלפען? דו האָסט מיר געקענט העלפען ווערען רייך, ווערען גרויס, בעריהמט, האָבען כבוד, אָבער מיך גליקליך מאכען, מיך בערוהיגען, מיין גייסט בעפריעדיגען, מיין קראנקע זעלע געזונד מאכען, דאָס ביזטו ניט אימשטאנדע, איך בעט דיך, פערלאָז מיך איצט...

מזיק (סארקאסטיש): דער מענש וויל בלייבען אַליין אָהן מיר?

הערשעלע: יא, געה, איך וויל בלייבען אַליין מיט זיך. דו הערסט ניט? (בייז) איך זאָג דיר, געה אוועק פון דאנען! (מזיק געהט).

מזיק: שלעכט מיט אזא שותף! דאכט זיך ער האָט שוין אַלע עלע־

מענטען, פון וואָס דאָס גליק ווערט צוזאַמענגעשטעלט, און קען זיך דאָך דאָס גליק ניט שאַפען. ווילסטו איהם העלפען? דאַן לאָזט ער זיך פיהרען נאָר א געוויסע צייט, און הויבט זיך אָן ארומקוקען, חרטה האָבען, תשובה טהאָן. בלייבט טויב צו דיינע רעד און הערט זיך צו, וואָס דער מענש זאָגט — געה מאַך געשעפטען מיט אזעלכע ברואים! (אָב).

הערשעלע: איך האָב גאָר אַליין ניט געפיהלט, ווי עלענד, ווי פרעמד איך בין. קיין איין פריינד, קיין איין מענש אפילו אין דער גאַנצער וועלט, צו וועמען איך זאָל קענען קומען יעצט מיט מיין צוזאַמענגעזאָגט הארץ, אויס־וויינען מיינע צרות, ערצעהלען אַלע מיינע טעות'ן און ערוואַרטען איין וואָרט פון טרייסט און האָפנונג. מיין אייגענער פאָטער פיהלט זיך ניט אין דער היים ביי מיר, ביי זיין איינציגען זוהן. מיין פריידעניו? איך פערשטעה זי ניט. איך בין געווען פערנומען מיט געשעפט און האָב קיין צייט ניט געהאַט איהר פריינד־שאַפט צו ערווערבען. אָה! איך מוז מודה זיין, זי! די גע'גט'ע איז אמאָל געווען מיין טרייסטער פריינד אין דער וועלט און איצט... איצט זיינען מיר פרעמדע. ווי שלעכט איך וואָלט ניט געווען, וואָלט זי מיר מוחל געווען, וואָרום זי... זי איז געווען אַן אמת'ער פריינד... אמת'ע פריינדשאַפט וויים ניט פון חשבונות און אויסרעכענונגען... (פעסי אריין) אָי!

פעסעניו: קיינער ניטאָ דאָ? איך האָב געוואָלט שיקען נאָך נאשא־טירנע ספירט, ציפעניו'ן שלאָגט אַלע ווײַלע א חלשות צום הארצען. (געהט צו דער אויסערסטער טהיר).

הערשעלע: עס איז גוט, וואָס איהר זייט געקומען, מיר ווילט זיך מיט אייך רעדען...

פעסעניו: רעדען? ניט איצט... איהר זייט אַליין דאָ... א פרעמדער...

הערשעלע: מיינט ניט, אז עס איז אזא גרויסער חטא...

פעסעניו: ניין! אָבער פון וואָס קען איך מיט אייך רעדען, אָדער איהר מיט מיר? אז מיר זיינען דאָך פרעמדע מענשען... אָבער וואָס זיצט איהר אין דער פינסטער? זאָל איך אייך הייסען אריינטראָגען א לאָמפּ? (אין טהיר) טראָגט אריין א לאָמפּ!

הערשעלע: ניין, איך וויל זיצען אין דער פינסטער. (א דיענער ברענגט א לאָמפּ. אָב).

פעסעניו: אָי! וועמען שיקט מען? (אפּארט) וועה איז מיר, ער האָט נעבעך ניט מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדען. (געהט צום טהיר. לייזער ראש אריין).

הערשעלע: וואָס איז?

לייזער (רערשראָקען) : פּעסי זייט זשע מוחל, איך דאַרף אייך עפּעס זאָגען... שש !

פּעסעניו : נו, אייערע סודות ! עס ליעגט מיר איצט מעהר ניט אין זין.

לייזער : פּעסעניו, צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען קומט מיר אויס צו זאָגען אזא סוד, פון וועלכען מען וועט ניט לאַכען. (שטיל) איך האָב ערשט געהערט אין גאַס, מאָטעלע האָט ניט אויסגעהאַלטען די אָפּעראַציע... זיי זיינען דאָרט ? מע טאָר זיי ניט זאָגען.

פּעסעניו : אָי ! ווי אַזוי וועט עס ציפּעניו איבערטראָגען ! און די אָרימע מאַמע נעבעך. וועה איז מיר (ביידע אָב).

הערשעלע : וואָס איז דאָרט שוין ווידער ? אה ! וואָס געהט עס מיך אָן און וואָס קען עס מיך הארען ? (געהט אום) וואָס ערוואַרטעט מיך אין דער צוקונפט ? אַקוראַט ווי איך קוק אריין אין אַ פינסטערען תהום, אין אַ שרעק־ליכען אָבגרונד. איך האָב מורא ! איך האָב מורא צו לעבען ! אזא לעבען שרעקט מיך און איבערמאַכען דאָס לעבען וועל איך ניט קענען. (פּלוצלונג אַ כאַפּ ביים קאָפּ) אָי ! אַ שרעקליכער געדאַנק איז מיר איינגעפאַלען ! גאָט, דו ווייסט, וואָס איך פיהל, דו ביזט אַ גוטער און וועסט מיר מוחל זיין ! איך האָב מורא צו לעבען ! איך האָב מורא צו לעבען ! (פערדעקט זיין געזיכט און בעמערקט ניט ווי חאַצקעל געהט אריין. ער איז ניעדערשלאָגען און פערוויינט. פּויזע).

חאַצקעל : בעל־הבית, האָט קיין פעראיבעל ניט. (הערשעלע דער־שרעקט זיך) איהר דאַרפט אייך ניט שרעקען : איך בין געקומען רופען אַהיים מיין אונגליקליכע ווייב און מיין אָרימע שנור נעבעך...

הערשעלע : אַזוי ? זיי מעגען שוין געהן אַהיים ? שוין געענדיגט די אָפּעראַציע ?

חאַצקעל : יא, זיי מעגען שוין אַהיים געהן. אייער דאָקטאָר האָט געענ־דיגט דאָס, וואָס אייער פאַבריק האָט אָנגעהויבען. שש ! איך וויל נאָך ניט, זיי זאָלען דאָרט וויסען... (שטיל) ר' הערשעלע, מיין זוהן איז געשטאָרבען אונטער'ן מעסער.

הערשעלע : אי, וועה איז מיר ! געשטאָרבען ? ברוך דיין אמת.

חאַצקעל : ווער זאָגט עס, אַז עס איז דאָ אַ דיין אמת ? איהר ? איהר גלויבט, אַז עס איז דאָ אַ דיין אמת, פאַר וועלכען איהר וועט דאַרפען אָבגעבען דין וחשבון ? אָי, ר' הערשעלע, ניט מיט איהם און פיר אַלץ, אפילו מיט מיר אַליין, וועט איהר זיך ניט קענען בערעכענען.

הערשעלע : יא, ר' חאַצקעל, איך פיהל און איך גלויב אַז, פריהער אָדער שפּעטער, יעדער מענש וועט מוזען אָבגעבען דין וחשבון. אָבער מיט דיר ? דיר אָבגעבען רעכענונג ?

חאַצקעל: יא, מיר אייער אַרבייטער וועט איהר מוזען פריהער פון אַלע אָבגעבען דין וחשבון. אַמאָל זיינען מיר געווען ברידער, איצט בין איך אייער באַטראַק! אַמאָל בין איך געווען דיין פריינד, איצט בין איך דיין קנעכט. אַמאָל פאַר׳ן שרייבען אדושם, פלעגסטו זיך טובל זיין אין וואַסער און איצט ביזטו זיך טובל אין אונזער בלוט! אינ׳ם בלוט פון אונזערע אונשולדיגע קינדער!

הערשעלע: חאַצקעל האָב רחמנות אויף מיר, איך בעט דיך.

חאַצקעל: דו האָסט געהאַט אַן אַלטען טאַטען, וועלכען, דאַכט זיך, דו פלעגסט אָבגעבען כבוד מעהר ווי מען דאַרף, האָסטו אָבער אויף איהם רחמנות געהאַט? האָסטו רחמנות געהאַט אויף דיין ווייב, אַן עהרליכע כשר׳ע אידענע, וועלכע האָט דיך געאַכטעט, ווי אַ מלאך? האָסטו רחמנות געהאַט אויף דיין יונג ווייב, וועלכע איז דורך דיר געוואָרען נעבעך, ווי אַ צומישטע?

הערשעלע: דורך מיר?

חאַצקעל: יא, דורך דיר! האָסטו געהאַט רחמנות אויף דיין חבר, דיין בעסטען פריינד און אויף זיינע קינדער? אָי! וועה! אין דער צייט, ווען דו זיצסט דאָ און צעהלסט געלד ליגט ביי מיר אין שטוב אַ בר מנן... אַ טויטער, וועלכער איז דורך דיין געלד גע׳הרג׳עט געוואָרען. דו האָסט פערשפּראָכען די גאַנצע שטעדטעל גליקליך צו מאַכען מיט דיין פאַבריקע און דו האָסט אונז אַלע בע׳גזל׳ט, אונגליקליך געמאַכט, פערדאָרבען... ר׳ הערשעלע דובראָוונער, דו האָסט געשפּיעלט אַ קאָמעדיע מיט גאָט... האָסט געזוכט נאָר אַ היילִיגע אַרבייט, מלאכת אלקים, האָסט געמאַכט טליתים פאַר אידען. נאַ! זעה! (נעהמט אַרויס פון בוזים אַ טלית אין בלוט) דאָס איז איינער פון דיינע טליתים, ער איז אין בלוט! ער איז אויסגעווייקט אין דעם בלוט פון מיין קינד און אין די טרערען פון זיינע אָרימע יתומים׳לעך! מיין געשטאָרבענער זוהן האָט דיר איבערגעפיהרט אַ טלית, פערשרייב עס אויף מיין חשבון! (ראַש אָב אין די אינערע צימערען).

הערשעלע (בלייבט לאַנג אָהן בעוועגונג. דאַן נעהמט ער דעם טלית און בעטראַכט): אויסגעווייקט אין זיין בלוט און אין די טרערען פון זיינע יתומים... און דאָס זאָל איך אויך פערשרייבען אויף זיין חשבון... אי! עס איז אַ גרויסער חשבון, אַ שווערער חשבון.... איך האָב צו פיעל צו צאָהלען און פיהל, אַז איך מוז באַנקראָטירען. באַנקראָט! איך באַנקראָטיר איצט ניט אַזוי ווי דאַמאָלס, מיט מזיק׳ן בשותפות. ניין! אַליין! יענע חובות האָב איך געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען און האָב ניט געוואָלט צאָהלען, איצט וואָלט איך אפשר געוואָלט צאָהלען, נאָר איך האָב ניט מיט וואָס. (עפענט די קאַסע) איהר זעהט? אַ

פולע קאַסע מיט גאָלד און דעם קלענסטען חוב, וואָס אַ מענש איז שולדיג אַ מענשען קען מען מיט דעם ניט בעצאָהלען. אָי גרויסער גביר, וואָס פאַר אַ שרעקליכער אָרימאַן דו ביזט! (בעטראַכט דעם טלית און לעגט איהם אויף דער קאַסע) צו פיעל רעד דאַרף מען האָבען אום צו קענען אויסדריקען אַלץ וואָס איך פיהל... גרינגער וואָלט געווען אַזאַ שמערץ אויסוויינען, אָבער איך האָב ניט קיין טרערען. (דערזעהט דאָס פיעדעלע) אָה! איך וויל שפּיעלען... נאָך אַמאָל שפּיעלען... (נעהמט אַראָב פון שאַפע. מאַכט צו אַלע טהירען) אַמאָל האָבען מיך גאַנץ אַנדערע געפיהלען געצוואונגען צו רעדען דורך דיר, איצט זאָלסטו נאָך אַמאָל, נאָך א י י ן מאָל רעדען פאַר מיר... פריידעניו זאָגט, דו קומסט פון די הימלען. טראָג צוזאַמען מיט דיינע טענער אויף מיינע זיפצען און סטעהנען אַהין, פון וואַנען דו קומסט. (שפּיעלט פּיאַנאָ און מיט געפיהל „מזמור לדוד“, נאָכדעם פערדעקט ער זיין געזיכט און בלייבט שטיל). פריהער האָב איך ניט געהאַט קיין טרערען און איצט פיהל איך, איך וועל קענען וויינען... יאַ! איך וויין! און מיר קומט ווידער אויפ'ן זין אַ שטיקעלע פּיוט, וואָס פּאַסט זעהר גוט פאַר אַ באַנקראָט, וועלכער געהט ענדיגען אַלע זיינע געשעפטען. (נעהמט פון שאַפע אַ מחזור, שטעלט זיך ביי דער קאַסע, ווי ביי אַ שטענדער) אָי! (אַ לאַנגער זיפץ) אנוש מה יזכה, וואָס קען דער מענש זוכה זיין און ווי קען ער זיין ריין? טמא בשארו, ער איז טמא מיט זיין ליב, אונריין מיט זיין וועזען און מאַכט טמא מיט זיין טויט. כל ימי חיו תוהו, ולילותיו בוהו, ועניניו הבל (וויינט). יאַ, אַלע טעג פון זיין לעבען זיינען תוהו, זיינע נעכט בוהו, זיינע געשעפטען הבל. אַזוי ווי אַ חלום איז זיין לעבען, שרעקען פערפאָלגען איהם שטענדיג. ביי נאַכט שלאָפט ער ניט, ביי טאָג רוהט ער ניט, עד ירדם בקבר... אָי! מה יתאונן אדם חי? וואָס קען זיך בעקלאָגען דער אָרימער מענש? ער איז געבוירען צו מאַטערען זיך און ליידען. זיין סוף איבערצייגט, וואָס זיין אָנפאַנג איז... טהוט ער צדקות, וועט מען איהם מאַכען אַ לויה צום בית עולם. צופה בחכמה, וועט זיין חכמה געהן מיט איהם אין גרוב. (פאַלט צו צום פערבלוטיגטען טלית און וויינט. נאָכדעם הויבט ער אויף דעם קאָפּ ענטשלאָסען. נעהמט דעם טלית, בינדט איהם צו צו הענדטעל פון דער קאַסע, מאַכט אַ שלייף אויפ'ן האַלז, גיט אַ לאַנגען קוק אַרום זיך, גיט אַ טיעפען זיפץ און זעצט זיך אַראָב, די קאַסע פערשטעלט זיין קערפּער. פּויזע. דאַן ערשיינט פריידעניו).

פריידעניו: די פּיעדעלע האָט ווידער גערעדט, זי האָט נאָך אַמאָל געזאָגט די וואַהרהייט... איך הער זיך צו און הער זיך צו און זי שווייגט... וואָס איז זי אַנטשוויגען געוואָרען?... אָי! וואַרום רעדסטו ניט נאָך? (זינגט פּיאַנאָ) גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע כי אתה עמדי. הערשלע, די

פיעדעלע שווייגט און דו שווייגסט, וואו ביזטו? (בעמערקט איהם פלוצלינג) אי! אי! (שרייט פערצווייפעלט. לייזער, פעסי, דאבע, ציפעניו, חאצקעל פון אינערסטער טהיר. מזיק פון דרויסען. דיענער ברענגען ליכט). אי! איך האב מורא! איך האב מורא צו קוקען אויף איהם!

אַלע (דערשראָקען): וואָס איז? וואָס איז געשעהן? (חאצקעל בעמערקט איהם).

פעסעניו (העלפט איהם אראָבנעהמען): ניט מורא פאר איהם.... מיין הארץ בלוטיגט פאר איהם!...

חאַצקעל: פאָטער אין הימעל... (נעהמט איהם אראָב) ער איז טויט.... (וויינט) ברוך דין אמת. (ער און לייזער לעגען איהם אויף דער ערד און דעקען איבער מיט׳ן טלית).

לייזער: גאָטעניו, ניט דער ברחן, דער אַלטער לייזער רייסט איצט קריעה (רייסט קריעה און וויינט).

(אלע ווייבער וויינען אין פערצווייפלונג.)

מזיק (אפּארט): אזוי פיעל געלד אין דער קאסע און האָט דאָך ניט געוואָלט לעבען מעהר. וואָס זשע, אפילו די מאכט פון געלד איז אויך בעגרע־נעצט?... ווי! מען קען נאָר דורך געלד פערפיהרען, פערדארבען, פערקריפּלען, אָבער אין גאנצען פערניכטען דעם מענשען קען מען ניט? אויב אזוי האָב איך הפנים פערשפּיעלט.

פעסעניו (פאַלט צום קערפּער): איצט, ווען ער איז טויט, ערלויבט מיר כאָטש וויינען לעבען איהם... (וויינט. אלע וויינען).

(א שופר ווייט. א כאָר פּיאַנאָ.)

שטאַרבען שטאַרבט אַלעס, וואָס איז און וואָס לעבט,
דאָס לעבען אַליין איז אונשטערבליך,
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואָס וויל און וואָס שטרעבט,
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך...

(פ אָ ר ה א נ ג.)

# אלישע בן אבויה
# אַ דראַמאַ אין פֿיער אַקטען

## פערזאָנען

(און די אַרטיסטען, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען ביי דער ערסטער אויפפיהרונג).

---

אלישע בן אבויה, א זעהר שעהנער מענש — 45 יאָהר אַלט.... י. פּ. אדלער
בתבורית, זיין פרוי, אַ מיאוס'ע — די זעלבע יאָהרען..מאַד. מערי עפּשטיין
נעמי, זייער טאָכטער — 20 יאָהר אַלט............מאדאם ווילענסקי
מרימי, זייער דיענסט, א שמרונית — 60 יאָהר אַלט....מאדאַם שעהנגאָלד
רבי מאיר, א יונגער תנאי — א יאָהר 30 אַלט.........עליאס ראָטשטיין
ראש הישיבה, אַ גרייז־גרויער מאַן...................גראַף
שמעון הנזיר, טראָגט לאַנגע האָר און ווייסע קליידער, בלאַס און מאָגער
— אַ יאָהר 25 אַלט.....................דזש. גינזבורג
טוביה האביוני, אַן אַלטער בעטלער מיט אַ בעטלער־זאַק, — 70 יאָהר
אַלט..............................לעאָן בלאַנק
בעאַטאַ, אַ שעהנע יונגע פרוי...............מאדאַם ס. אדלער
אבנימוס הגרדי, אַ גריך, אַ אידען־פריינד................שראַגע
קווּעזיטאָר אַנטאָניוס סערוויוס, אַ יאהר 40..............קאָנראַד
אַ איד, אַן עם־הארץ.......................... ג. רובין

תלמידי חכמים, אידען, נאַזאַרענער, רוימישע סאָלדאַטען.

עס קומט פאָר אין דער ערשטער העלפט פון צווייטער יאהרהונדערט.

## ערשטער אקט.

(אַ קליינער גאָרטען נעבען אלישע בן אבויה'ס הויז. עטליכע פּאַלמען, בייטען מיט בלומען, דיוואַנען און ניעדריגע טאַבורעטען צום זיצען. אַ פאַנטאַן — אַ גריכישע געטין, ביי וועלכער עס פליסט וואַסער פון מויל.

ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף, זעהט מען אַ גרופּע מענער און פרויען, גע־קליידעט אין אָרימע דונקעלע קליידער, אַלע אויף די קניע. די הענד אויפ'ן האַרצען. די אויגען צו גאָט. אין צענטער פון דער גרופּע שמעון הנזיר, טוביה האביוני און מרימי).

שמעון הנזיר (לעזט פאַר שטיל מיט גרויס התלהבות):

די וועלט איז אַ חרוב'ע אָרימע שטוב,
דאָס לעבען ניט מעהר ווי אַ פינסטערע גרוב,
לעבען און ליכט איז דאָ נאָר אין הימעל.
קיין פרייד און קיין גליק איז ניטאָ אויף דער ערד.
פון מענשען'ס געדאַנקען ווערען זינד נאָר געמעהרט —
זיין פערלאַנג איז הבל הבלים און שימעל.

(מרימי וויינט, אַלע זינגען פּיאַנאָ).

שמעון הנזיר:

טרערען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד,
אונזער איינציג ציערונג איז פון תשובה אַ קלייד,
די ערלעזונג ווערט געקויפט נאָר דורך שמערצען.
ליעבע איז דער נאָמען פון אונזער מעכטיגען גאָט,
פערגעבען און ליעבע — דאָס איז זיין הייליג געבאָט.
מענש, בוי איהם אַ טעמפּעל אין הערצען!

(זיי פערדעקען זייערע פּנים'ער און זינגען די זעלבע סטראָפּע.
בתבורית קומט, הערט זיך צו.)

בתבורית (בייז): איהר פּרעפּעלט שוין ווידער אייערע טרפ'נע תחינות דאָ ביי מיר אין גאָרטען, האַ? (אַלע דערשרעקען זיך און לויפען פאָרט. מרימי און טוביה שטעהען אויף. שמעון בלייבט שטעהן אויף די קניע גאַנץ רוהיג און בעט שטיל). איהר ווילט מאַכען מיין הויז צו שאַנד און שפּאָט ביי אַלע אידען, האַ? אָהן אייך זיינען מיר וועניג אין לייטישע מיילער? מרימי, וויפיעל מאָל האָב איך דיר געזאָגט: ווען דו ווילסט זיך משוגע

מאכען מיט דיין נייע עבודה זרה, זאָלסטו זיך געפינען אַן אנדער פּלאַץ, ניט ביי מיר דאָ!

שמעון (פאַר זיך): אַ פּלאַץ האָבען די גערעכטע דאָרט, ביי זייער פאָטער אין הימעל.

מרימי: בעל־הבית'טע, איך האָב מיר ערלויבט היינט, ווייל מיר האָבען אַזאַ גרויסען גאַסט — אונזער ברודער שמעון הנזיר איז געקומען...

בתבורית: עס איז אַ צייטעל! יעדער שווארץ יאָהר מאַכט זיך אַ נייע עבודה זרה. און ווי מען קעהרט זיך נאָר אָב אויף אַ ווייַלע, קלייבען זיך צונויף די אַרומיגע דיענסטען, קנעכט, בעטלער און פון וואַנען דער רוח רייסט זיך אָב און מען פּרעפּעלט. זאָג דיינע לצים זיי זאָלען געהן, מענשען דאַרפען אהער קומען און מיר דאַרפען זיך פאַרבערייטען. דו, אַלטער בעטלער, אַרויס פון מיין גאָרטען!

טוביה: דיין גאָרטען? אויב דו האָסט בעשאַפען דאָס לאַנד דאָ אונטער דיינע פיס, אויב דו האָסט געמאַכט אָט די גרינע בוימער, אויב דו האָסט פון זיך אַרויסגעבראַכט דיעזע שעהנע, בליהענדע בלומען, דאַן איז דאָס דיין גאָרטען. אויב ניט, איז דאָס דיין גאָרטען פונקט אַזוי ווי מיין גאָרטען.

בתבורית: וואָס? דיין גאָרטען גאָר? איהר הערט אַ חוצפּה פון אַן אַלטען שלעפּער? פאָרט פון דאַנען! אויך דו, ווייסער עבודה זרה'ניק, שוין זאָלסטו דאָ ניט זיין.

שמעון: איך בין דאָ ניטאָ, איך בין ביי מיין פאָטער אין הימעל.

מרימי: מיר זיינען אַלע דאָרט, וואו אונזער ברודער שמעון איז...

בתבורית: דו ביזט אויך דאָרט, דו אַלטער גולם?

מרימי: אַזוי זאָגט גאָט, אונזער האַרר.

שמעון (שטעהט אויף): דאָס, וואָס דו זעהסט, (צייגט אויף זיך) דאָס איז ניט איך.

בתבורית: דו ביזט ניט דו? ווער דען ביזטו?

שמעון (צייגט אויף זיך): דאָס, וואָס דו זעהסט, איז נור אַ זינדיג שטיק ערד, אַ לעהמענע כלי. מעגסט עס אַרויסוואַרפען אַהין, מעגסט עס אַריינוואַרפען אהער, מיך האַרט ניט. איך בין ביי מיין פאָטער אין הימעל.

בתבורית: משוגעים, איך וויל ניט הערען אייערע ווילדע רייד. אַרויס פון דאַנען! (טרייבט זיי).

שמעון (רוהיג): מעגסט מיך טרייבען און שלאָגען, ביזטו דאָך מיין שוועסטער.

בתבורית: איך דיין שוועסטער? ניט דערלעבען זאָלסטו...

מרימי: אזוי זאָגט גאָט, אונזער הארר...

שמעון: מעגסט זאָגען יא, מעגסט זאָגען ניין, ביזט דאָך מיין שוועסטער, — מיר האָבען איין פאָטער אין הימעל.

בתבורית: פאָרט פון דאַנען! אויך דו, אַלטער שד, אהיים! אהיים!

טוביה: גוטער מענש, איך בין אין דערהיים! מיין היים איז די גאַנצע וועלט. און וואו עס וואוינען מענשען, דאָרט איז מיין וואוינונג, און וואו עס איז דאָ ערד אונטער מיינע פיס, דאָרט איז מיין ווייכעס בעט. און וואו עס איז דאָ ריינע קלאָרע קוואַל־וואסער, דאָרט איז מיין ווייןְ־קעלער, און וואו עס וואקסט עפּעס, וואָס מען קען קייען, דאָרט איז מיין קיך און מיין עס־צימער... דו דאַרפסט אַ סך, דערפאַר האָסטו גאָר ניט. איך דאַרף גאָר ניט, דערפאַר האָב איך אַ סך... די גאַנצע וועלט איז מיינע...

מרימי (שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ): אזוי זאָגט גאָט, אונזער הארר...

בתבורית (אויסער זיך): דער איז ביי זיין פאָטער אין הימעל, און דער איז ביי זיך אין דערהיים! (כאַפּט אַ בעזים) געה, צו דיין פאָטער אין הימעל!

מרימי (לאָזט ניט): גאָט איז מיט אייך... זעהט בעסער, אונזער הערר קומט — רבי אלישע בן אבויה געהט! (אלישע בן אבויה שעהן געקליי־דעט, אויף די ליפּען שפּיעלט אַ גוטער שמייכעלע.ביידע פרעמדע בלייבען גאַנץ גלייכגילטיג. אלישע ברעגנגט מיט זיך אַ גריכישען בוך).

בתבורית: איך וועל שווערען, ביי איהם וועלען אָט אַזעלכע אויף זיין אורחים... ביי איהם איז דאָך פּונקט פערקעהרט.

אלישא: וואָס טהוסטו, קינד? אַ בעזים איז געשאַפּען פיר שטוב און מיסט (נעהמט צו ביי איהר דעם בעזים). כע! כע! מענשען זיינען אפשר שטענדיג שטויב, זיי זיינען אָבער ניט שטענדיג מיסט. פריעדען צו אייך, איהר פרעמדע מענשען.

טוביה: אויף דער וועלט איז ניטאָ און עס דאַרף ניט זיין קיין פרעמדע מענשען.

אלישע: אזוי? נו, זייט דאָ ניט קיין פרעמדע, זייט מיינע געסט, ווער עס איז ביי מיר, דער איז מיין גאַסט.

שמעון: מיר זיינען ניט ביי דיר. מיר זיינען ביי אונזער פאָטער אין הימעל.

אלישע (ענטציקט): אינטערעסאַנטע, וואונדערבאַרע מענשען!

בתבורית: ביי אַן אַנדער אידען וואָלט מען די עבודה זרה'ניקעס געטריבען מיט שטעקענס פון הויף און דו ביזט אַ מכניס אורח. נו, ביי דיר קומט דאָך אויס, אַז די נאָז דאַרף זיין אויף דער פּאַטילניצע! (בייז אָב).

אלישע: פריינד, איהר דארפט אויף איהר קיין פעראיבעל ניט האָבען. די גאנצע רעכטע, וואָס אַ פרוי האָט יעצט, איז דאָך נאָר צו טענה'ן אביסעל און צו בייזערען זיך. מרימי, פיהר די געסט אין הויז, גיעב זיי וואסער צו וואשען זייערע פיס, וויין צו לעשען זייער דורשט און עסען צו שטילען זייער הונגער.

שמעון: איך דארף ניט עסען יעצט. איך עס נאָר איין מאָל אין טאָג, ווען די זון פערגעהט.

אלישע: און ווען עסטו, מיין אַלטער פריינד?

טוביה: איך עס, ווען איך האָב הונגער און האָב וואָס צו עסען. די זון קוקט ניט אויף מיר, ווען איך בין הונגעריג און איך קוק ניט אויף דער זון, ווען איך עס...

אלישע: כע! כע! דאָס איז אַ גוטער כלל... ווי איך זעה, בעלאַנגסטו, אַלטער, צו דער חברה, וואָס רופען זיך אביוניטען, אביונים?

טוביה: ווי אַזוי האָסטו דערקענט, אַז איך בין אַן אביוניט? יא, איך בין עס, דאָס נעהמט זיך פון וואָרט „אביון“. מיר זיינען די רייכסטע מענשען אין דער וועלט.

אלישע: כע! יא, איהר זייט עס. מענש, עס איז זעהר לייכט צו זיין צופריעדען, ווען מען בעדארף נאָר אַ בעטלערזאַק, ניין! דו פערלאַנג פיעלעס, האָב גרויסע בעדערפניסען, וויל אַ סך און זיי דאַן צופריעדען!...

טוביה: דער יצר הרע זאָגט: וויל, וויל נאָך, וויל נאָך, אָהן אַ שיעור, אָהן אַ ברעג. נו, וויל גאָר ניט, בלייבט דער יצר הרע מיט אַ נאָז און דו בלייבסט צופריעדען. קום, מרימי, איך וויל עסען.

שמעון: און איך וועל נאָר מיינע מידע פיס וואשען און וועל אביסעלע אויסרוהען זיך. אי, גאָט, פערגיעב מיר, וואָס איך זאָרג אַזוי פיעל פאַר מיין זינדיגען אונווירדיגען קערפער. (געהט) וועה איז צו דעם מענשען, וואָס וויל זיך צופריעדען שטעלען דאָ אויף דער פינסטערער ערד.

מרימי: יא, גאָטעניו, וואָס איז דער מענש, און וואָס וויל דער מענש? טפוי! (אַלע דריי אב).

אלישע: אונזער יעצטיגער לעבען שאַפט מערקווירדיגע מענשען מיט ערשטוינליכע לעבענס-אנשויאונגען. דער נאַזאַרענער וויל טויטען די געפיהלען פון לעבען, פערניכטען דעם מענשענס גייסט און געדאַנק. פון דער אידישער פרומקייט איז אויסגעוואַקסען אַ דונקעלער גלויבען פון זעלבסט-פערניכטונג; דעם אביוניט'ס אנשויאונג איז שוין ניט אַזוי טרויעריג. ער מאַכט זיך לוסטיג איבער זיינע אייגענע צרות, שטעלט זיך אַליין אַ פייג אונטער דער נאָז און מיינט ער האָט עס אָבגעטהאָן אַ שפּיצעל דעם

יצר הרע !... כע ! כע ! יא, דער מענש זוכט זיין גליק און זיין גערַאנק וואנדעלט ארום איבער די גרויסע פעלדער פון רענקען און פיהלען, וועט ער אמאל געפינען, וואס ער זוכט? אזוי לאנג ווי ער וועט עס זוכען דארט אין די הימלען, וועט ער עס ניט געפינען דא אויף דער ערד! (אב אין גארטען אריין פערטראכט).

שמעון (מען הערט זיין שטימע פון הויז): טרערען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד, אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה א קלייד, די ערלעזונג ווערט געקויפט נאר דורך שמערצען. . .

בתבורית (קומט אן שרייענדיג): נעמי, גיב אכט דארט, דעם טאַ־טענס שעהנע אורחים זאלען וואס ניט אוועקלאדכענען! (זי קומט מיט מרימי, טראגען פיעל פערשיעדענע טעפּיכען און קישענס פון העלע קאלירען, זיי פערשפרייטען עס איבער די בענק און דיוואנען).

בתבורית: אין מיטען דערינען פערגלוסט זיך איהם א שמחה! מען בלייבט אהן הענד פון ארבייט! (זי איז שטארק בעשעפטיגט).

מרימי: נאך וואס דארפט איהר אייך בעמיהען? אהן אייך וועט מען דען ניט טהאן וואס מע דארף?

בתבורית: איך זאל ניט ארבייטען, וואלט איך דאך ניט געהאט קיין רעכט א מויל צו עפענען... נעמי! ברענג נאך א פאר קישענס... אלע אידען קלאגען און ביי איהם איז שמחה וששון... (נעמי קומט מיט א קישען) אין מיטען מיטוואך איז ביי דיין טאטען א שמחה...

מרימי (ארבייטענדיג): נאך וואס דארף מען די אלע שמחות?

נעמי: איך האב ליעב שמחות!... אבער ניט ווי ביי אונז... וויים איך, קומען זיך צונויף און רעדען פון אומעטיגע זאכען... ביי די רוימער קומען זיך צונויף יונגע העררען און דאמען, מען עסט טייערע מאכלים, מען טרינקט זיסע ווינען... שקלאפען זינגען און שפּיעלען... נאכדעם געהט מען אין צירקוס זעהן, ווי מענשען ווערען צוריסען פון לעמפערטען...

מרימי: דאס איז טאקע א שמחה...

בתבורית: עס געהט אוועק אזוי פיעל וויין און בשמים און האניג־נעבעק און וואס האט ער דערפון? ווען מען קומט דערפון ארויס א טובה?

נעמי: מאמע, זאג בעסער, האסט א טויטעל? גיב נור א קוק ביי זיך אין קעשענע.

בתבורית: טויטלען האט זיך דיר פערגלוסט! (גיט נעמי'ן א טויטעל און קייט אליין אויך). איך וויים, ער האט זיך פעררריסען מיט די אידען און קען ניט זיין קיין נשיא, קיין ראש הישיבה, זאלען כאטש די רוימער איהם

מאַכען פאַר אַ גבאי, פאַר אַ מוכסן, פאַר וואָס עס איז... מרימי, געה צאָפּ אָן וויין אין די קרוגען.

מרימי: ווייַן איז דעם שטן׳ס בלוט, אַזוי זאָגט גאָט, אונזער האַרר.

נעמי: מרימי, שש! אַיאָ, איך בין אַזוי שעהן אָנגעטהאָן, אַז מען קען ניט דערקענען, אַז איך בין אַ אידישע מיידעל?

מרימי: גאָט קען יעדען דערקענען! (אלישע קומט, זיי בעמערקען איהם ניט.)

בתכורית: שמחות! אַן אַנדער טאַטע וואָלט כאָטש געזעהן אַ שדוך פיר זיין קינד. נו, יאַ! וועלכער איד וועט זיך וועלען מיט איהם מתחתן זיין! . . .

נעמי: מוטער, איך וויל ניט דו זאָלסט רעדען פון שדוכים! איך שעם זיך. . .

מרימי: זי איז ניט גערעכט? נאָך וואָס דאַרף מען גאָר אין גאַנצען די שדוכים? (אָב).

בתכורית: אַ שעהנער בעל תכלית איז דער טאַטע דיינער! גוט, זיין פאָטער האָט איהם איבערגעלאָזט אַ פערמעגען, האָט ער וואָס צו וואַרפען אין דער בלאָטע אַריין. וואָס וואָלט געווען, אַז עס וואָלט ניט זיין? (אלישע קומט).

אלישע: קינד, מען דאַרף ניט טראַכטען דערפון, וואָס וואָלט געווען, אַז עס וואָלט ניט זיין. . . עס איז זעהר טיעף. . . יאַ, איך ווייס, זאָגאַר ביי מיר אין דער היים, האַלט מען ניט זעהר שטאַרק פון מיר. . . עס איז שווער צו פערשטעהן אַ מענשען. . .

נעמי (שטיל): איך זאָל זיין אַ טאַטע, וואָלט די מאַמע ביי מיר גע־שוויגען. . .

בתכורית: דו זאָלסט זיין אַ מענש ווי אַלע מענשען.

אלישע: אַ דענקענדער מענש שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ער איז ניט ווי אַלע מענשען.

בתכורית: נו, יאַ, דו ביזט דער למדן, דער חכם, דער מבין, און די גאַנצע וועלט איז משוגע, ווען אַלע אידען זאָגען יאַ, זאָגסטו ניין! ביי אַלע אידען איז טרויער, ביי דיר איז היינט אַ סעודה... אַליין ר׳ עקיבא עליו השלום איז דאָך ביי דיר קיי און שפּיי, היינט וואָס בעדייטען שוין אַנדערע? (ווייגענדיג) און אָט מיט אַזאַ מענשען דאַרף מען אָבלעבען די יאָהרען! שמחות גאָר מיט געסט, אַז דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען און די טאָכ־טער האָט ניט קיין חתן! (בייז אָב).

אלישע (זיפצט שטיל): נו, און דו, נעמי, האָסט פון מיר אזא מיינונג ווי די מוטער?

נעמי: די מוטער בעלאַנגט צו די אַלטע וועלט. וואָס ווייסט זי? זי האָט דאָך מורא צו רעדען מיט א רוימער.

אלישע: נעמי, מיר געפעהלט ניט, וואָס פּונקט היינט ביזטו געקליידט אין רוימישע קליידער... היינט פּאַסט ניט.

נעמי: פערקעהרט, היינט ווע‎לען דאָך דאָ ניט זיין נאָר אידישע געסט? (אַפּאַרט) ביי איהם קומט שטענדיג אויס ניט אזוי ווי מען דאַרף....

אלישא: ווייל דאָ וועלען זיין רוימער, האָסטו געדאַרפט טראָגען אידישע קליידער.

נעמי: האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אידישע קליידער זיינען אזוי הייליג ווי רוימישע... (אַפּאַרט) וואָס פערשטעהט ער, וואָס איז שעהן און וואָס איז ניט שעהן?

אלישע: געוויס, אידישע קליידער זיינען ניט הייליג. אָבער קיינער דאַרף ניט דענקען, אַז מיר שעמען זיך מיט דעם, וואָס מיר זיינען אידען! איך דאַרף זיך ניט חנפה'נען צו יענעם, דאַרף זיך ניט שעמען מיט זיך אַליין. פערקעהרט, מען פעראַכטעט אַ מענשען, וועלכער וויל זיך אַליין אָבלייקענען מיט פרעמדע קליידער, פרעמדע זיטען און אַ פרעמדע שפּראַך, פערשטאַנען?

נעמי: יא, יעצט פערשטעה איך, (שטיל) געה, פערשטעה וואָס ער מיינט... אי, ער זאָל מיר וועלען פאָלגען, וואָלט ער גאָר אַן אַנדער מענש געוועזן.

אלישע: וואָס האָסטו געזאָגט? קום אהער, קינד, איך האָב מורא, דו האָסט מיך ניט ליעב!

נעמי: איך האָב מורא מיט דיר צו רעדען... ביזט אַזאַ מענש, מען קען קיינמאָל ניט טרעפען, וואָס דיר קען געפעהלען און וואָס דיר קען ניט געפעהלען...

אלישע: טרעפען איז שלעכט... טרעפען הייסט געהן ווי אַ בלינדער פערד אין גרוב אריין... אַ מענש דאַרף דענקען...

נעמי: דו אַליין לאַכסט פון די אידען, פלוצלונג, אידישע קליידער!

אלישע: איך לאַך ניט פון די אידען, איך וויל ניט ציינגען אַז מיין האַרץ ווינט צוזאַמען מיט זיי... איך לאַך פון דעם, וואָס מאַכט די אידען לעכערליך...

נעמי: די מוטער זאָגט, דיך קען מען ניט צופריעדען שטעלען, ווייל דו לעבסט פאַר זיך אַליין און דיך אַרט ניט פאַר קיינעם...

אלישע: און ווי מיינסטו? (בתבורית שרייט: נעמי! אהער געה!).

נעמי: איך? איך ווייס ניט. די מוטער רופט. (שטיל) עס איז אזוי גוט, וואָס זי רופט מיך... מיר איז אונערטרעגליך שווער צו בלייבען מיט איהם אליין, שש!... ער ווייסט ניט, אז צוליעב א רוימער האָב איך היינט אָנגעטהאָן א רוימישע קלייד... (לויט) פאָטער, האָסט ניט פערגעסען, האָסט צוגעזאָגט צו קויפען מיר א שנירעל פּערעל... אי, ווייסע פּערעל אויף א ווייסען האלז... אי! (אָב).

אלישע: מען וועט איהר דארפען קויפען פּערעל... איך האָב נאָר איין קינד... איך וויל, זי זאָל זיין צו מיר נאָהענט, און זי איז ווייט, שרעקליך ווייט פון מיר... איך וויל, זי זאָל פיהלען און דענקען ווי איך און זי... א מוטער קען האָבען מעהר איינפלוס אויף א קינד ווי צעהן טויזענד פאָטערס (מרימי קומט).

מרימי: גוטער הערר, ברודער שמעון הנזיר פרעגט אויב ער קען רעדען מיט אייך, ער וויל פרעגען, ווי קומט עס, אז אזא גרויסער מענש, ווי איהר, וועלכער פערשטעהט, זאָל ניט וועלען גלויבען...

אלישע: דער, וואָס פערשטעהט, גלויבט ניט...

מרימי: אָה, הערר! פּאָלגט מיר, רעטעט אייער זעעלע אינ'ם נייעם גלויבען.

אלישע: מיר האָבען געננוג צרות מיט'ן אלטען גלויבען, ברענגט איהר אויף אונזער קאָפּ א נייע צרה... קינד, וואָס געפעהלט דיר אינ'ם נייען גלויבען?

מרימי: מיר זיינען שמרונים, איהר זייט אידען, זיי זיינען רוימער, גריכען — אלע גלייך. אזוי זאָגט גאָט אונזער הארר. מיר האלטען זיך ניט גרויס געגען קיינעם און אלע זיינען מיר ברידער און שוועסטער דורך דער ליעבע.

אלישע: איהר קליינע, אָרימע, פערפּאָלגטע מענשעלעך! יעצט האָט איהר אייך ניט מיט וואָס גרויס צו האלטען, זייט איהר ענוים און איהר האָט אייך ליעב. וועט איהר אָבער ווערען א מאכט, דאן, מיין איך, וועט די ליעבע זיין טויט, ווי אלע שעהנע ווערטער פון די הייליגע געבאָטען... איהר וועט נאָך אפשר זיין אמאָל מעהר שטאָלץ פון די אידען און מעהר ברוטאל פון די רוימער.

מרימי: וואָס זאָגט ער? יא, ברודער שמעון, קום אריין. (שמעון און טוביה קומען. מרימי אָב).

אלישע: אלטער, ווי מיינסטו: מען דאַרף פערשטעהן ווי אלע? אָדער דער פערשטאַנד איז אונז געגעבען געוואָרען מיר זאָלען פערשטעהן העכער פון אלע?

טוביה: איך מיין, מען דארף פערשטעהן, אז מען פערשטעהט ניט.

שמעון (לעגט צונויף זיינע הענד): פאָטער אין הימעל, העלף מיר עפענען די אויגען פון דעם בלינדען פערבלאָנדזשעטען מענשען. (בעטעט שטיל) אָה, גאָט, וואָס פערשטעהט א מענש און וואָס ווייסט א מענש?

טוביה: אז מען גיט א שפרונג אין דער לופטען, ווערט מען ניט גרעסער. די פיס האָבען זיך אויף א ווײַלע אָבגעטיילט פון דער ערד, — די אייגענע פיס וועלען דיך באַלד אראָבשלעפען צוריק צו דער מוטער ערד!

אלישע (בייז): אונזין! מיט די פיס שפרינגט אין דער הויך נאָר א פערד. א מענש הויבט זיך אויף אויף די פליגלען פון זיינע געדאַנקען ביז די וואָלקענס...

טוביה: און בלייבט זיצען מיט'ן בעל מחילה אויף דער ערד (אלישע לאַכט שטאַרק). און איך וועל מיר דערווייל נעהמען און בעגיסען די בלומען, זיי ווילען נעבעך א טרונק (נעהמט א כלי און וואסער פון פאָנטאַן).

שמעון: ברודער אלישע בן אבויה, איך בין געקומען צו דיר אינ'ם נאָמען פון אונזער פאָטער אין הימעל... ער אליין האָט מיך געשיקט.

אלישע: זעהר א ווייטע שליחות... איך האָב מורא, איך וועל דיך דארפען שיקען צוריק צו איהם...

שמעון: מיר האָבען געהערט, דו קריטיקירסט די אידען פונ'ם אלטען געזעץ...

אלישע: פערקעהרט, איך קריטיקיר דאָס אלטע געזעץ פונ'ם אידען.

שמעון: אלישע בן אבויה, דו שטעהסט שוין אויפ'ן וועג פון ערלע־זונג... איך ווייס, דו ווילסט זיי פערלאָזען... און געהן מיט'ן וועג פון ערלעזונג.

אלישע: ניין! איך וויל בלייבען מיט זיי. איך זאָל זיי וועלען פער־לאָזען, וואָלטען מיך זייערע פעהלערען און חסרונות ניט געקרענקט... ברודער, דער איינציגער וועג פון ערלעזונג, איז דער וועג פון פערשטאַנד...

שמעון: זיי זיינען יעצט פעראַכטעט און פערהאַסט. עס איז אַן אונגליקליכעס פאָלק...

אלישע: ברודער, ווער עס פערלאָזט זיין פאָלק, ווייל עס איז אונ־גליקליך, דער איז א פעררעטהער און א פייגלינג!

שמעון: איך זעה, גאָט האָט נאָך ניט געעפענט דיין האַרץ... איך גיב דיר איבער צו מיין פאָטער אין הימעל. קום, ברודער אביוני.

אביוני: געבענשט זיינען די אָרימע, צו זיי געהערט גאָט'ס קעניג־רייך (געהט).

אלישע: בלייבט... ביי מיר איז היינט א יום־טוב, ווי אמאָל ביים

גריכישען דענקער עפיקור. יעדען 20טען טאָג אין חודש פערזאַמלען זיך מיינע פריינד, מיר טרינקען וויין, לעזען פּאָעזיע און געניסען פרייד און פערגעניגען...

אביוני: אַזאַ יום־טוב האָב איך יעדען טאָג אין יאָהר. איך זיץ אין גאָט'ס גאָרטען. טרינק רוישענדע קאַלטע וואַסער פון אַ קוואַל און הער די זיסע שירים פון די ליעבע פויגעלעך. זעהסט? (נעהמט ארויס פון בוזים אַ הילצערנע פייפעלע און שפּיעלט אַזוי ווי אַ פויגעלע טרילערט).

שמעון: ברודער, הער אויף! פערגעניגען איז פונ'ם טייוועל, שמערץ און ליידען זיינען פון גאָט צו לייטערען אונזערע זעעלען... (טוביה הערט אויף שפּיעלען).

אלישע: ניין! וואָס מעהר פרייד און וואָס ווענינער שמערצען דאַרף דער מענש! געניסען איז טוגענד, נור דאָס געניסען דאַרף זיין ריין ווי די טוגענד אַליין. (אַ גערויש). אהאַ! אימיצער קומט שוין (מאיר קומט). מיין יונגער פריינד, דער גרויסער אידישער געלערענטער רבי מאיר...

מאיר: שלום עליכם, רבי ומורי. (דריקט זיין האַנד, נייגט זיך פון דער ווייטען צו די פרעמדע).

אלישע: דו זעהסט דעם אַלטען? זיין בעטלער־זאַק איז לעער, זיין קאָפּ איז אָבער פול מיט געדאַנקען.

טוביה: אַ לעערער זאַק און אַ פולער קאָפּ — דאָס זיינען די איינציגע זאַכען אין דער וועלט, וואָס קיינער וועט דיר ניט מקנא זיין. (אלישע און מאיר לאַכען).

מאיר (אַפּאַרט): דאַכט זיך אַזוי שטאָלץ; אין דער ווירקליכקייט אָבער איז ער גוט צו יעדען איינעם.

שמעון: פאָטער אין הימעל, איך פערבלייב דאָ מיט דער האָפנונג צו לאָזען הערען דיין הייליג וואָרט צווישען זינדיגע בעלי תאוות.

מאיר: רבי, בעפאָר די געסט וועלען קומען, וויל איך וואָס פון אייך לערנען. מיר האָבען היינט בשום אופן ניט געקענט דערמאָהנען זיך, ווי אַזוי ר' עקיבא האָט געלערענט דעם פשט פונ'ם פסוק „גם זה לעומת זה ברא אלהים...“ איינס געגען דאָס אַנדערע האָט גאָט בעשאַפען... ווי האָט עס ר' עקיבא ערקלערט?

אלישע: ר' עקיבא האָט ניט געקענט ערקלערען, ער האָט ניט געהאַט קיין קאָפּ פון אַ דענקער... ער האָט שפּעט אָנגעפאַנגען צו לערנען.

מאיר: רבי, ער האָט אָבער ליעב געהאַט דאָס אידישע פאָלק מיט'ן גאַנצען האַרצען.

אלישע: ליעבע פון אַ בעגרענצטען מענשען שטערט מעהר ווי זי

העלפט. ווען מען לערענט אן אלטען איז גראדע ווי מען שרייבט אויף אלטע צוריבענע פאפיער... ביי א יונגען תלמיד געהט עס אריין אין זיין בלוט. דברי תורה נבלעו בדמיו. נאך עקיבא'ס בעגריעף איז גאט א חנוני, א קרעמער, וועלכער זיצט ביי זיך אין קלייטעל, שרייבט אין פנקס אונזערע חובות און צאהלט מיט גראשען זיינע ליעבלינגע. . . זה לעומת זה, מיינט ער: גאט האט בעצאהלט איוב'ן פאר זיינע צרות און קרעץ מיט געלד און רייכ־טהום. פע! דאס איז זעהר קליינליך.

טוביה: עס איז בעסער, ווען גאט גיט דיר גאר ניט און האט ניט וואס ביי דיר צו צונעהמען!

מאיר: און ווי פערשטעהט איהר, רבי, דעם געדאנק פון את זה לעומת זה?

אלישע: עס איז א פראגע: את זה לעומת זה ברא אלהים? האט גאט געקענט בעשאפען זאכען וואס זיינען א היפך, א געגען, א ווידערשפרוך איינע צו די אנדערע? אויב ער האט בעשאפען גוטסקייט, נאך וואס האט ער אויך בעשאפען שלעכטסקייט? ווי קען זיין, דער בורא פון גערעכטיגקייט זאל מאכען אויך די אונגערעכטיגקייט?

שמעון (דערשראקען): גאט אין הימעל, גוטער פאטער. בעשטראף איהם ניט באלד פאר זיינע שרעקליכע רייד! גיב איהם צייט תשובה טהאן. בעשטראף איהם ניט באלד!

אלישע: שרעק זיך ניט, קינד, ער וועט מיך ניט בעשטראפען און דיך ניט בעלוינען. מענשען בעשטראפען און בעלוינען זיך אליין. (א געהויש, פיעלע שטימען, עס ווערט זעהר פרעהליך). אה, מיינע פריינד קומען! מיינע פריינד! ווייבער, די געסט זיינען דא! (אבנימוס הגרדי, קוועזיטאר, עטליכע רוימער קומען. אלע פיהרען א לוסטיגען געשפרעך). וואס מאכט אבנימוס הגרדי? דער גריך, וואס שטודירט פלאטא און ליעבט די אידען מעהר, ווי זיי ליעבען זיך אליין. מאיר, נאך אזא שטילען, גוטען און איבערגעבענעם פריינד איז שווער צו געפינען. (דריקט זיין האנד). וואס מאכט דעם דעספאט האדריאן'ס קוועזיטאר, וועלכער קומט אהער אלס פריינד און דענקער און ניט אלס צינזען־מאהנער און חטאים־זוכער? (דריקט זיין האנד).

קוועזיטאר: פריינד אלישע, איך קען דא היינט, לײדער, לאנג ניט פערבלייבען.

אלישע: דאס וועלען מיר זעהן. (צו מאיר'ן מיט התלהבות) זיי זיינען אלע אדער סטאאיקער, אדער עפיקורעער, — זיי זיינען דענקער, און ווער עס דענקט, איז מיין פריינד. (אלע גריסען זיך מיט מאיר'ן; דערווייל האבען די פרויען — בתבורית, נעמי און מרימי געבראכט אמפארען מיט וויין און

בעכער, געבעקס, ברענענדע ליכט, וועלכע גיבען א שעהנעם גערוך, אלע זעצען זיך ארום פאַנטאַן אין גרופּען. מען גיסט אָן אלע בעכער). וויין פיר אלע! (מען דערלאַנגט וויין יעדען).

שמעון: וויין און פרויען פיהרען דעם מענשען אין שאול תחתיה... אָה, ברידער, עס איז בעסער, דער האלז זאָל פערלעגט ווערען מיט א מכה, בעפאָר מען טרינקט, און די אויגען זאָלען אויסגערונען ווערען, בעפאָר מען קוקט אויף א פרוי!

אלישע: הייסט עס, וויין און פרויען זיינען איבעריגע זאכען? ע! (צייגט אויפ׳ן הימעל) אויב ער איז א קלוגער גערטנער, וועט ער ניט פלאַנ־צען אין זיין גאָרטען, וואָס מען דאַרף ניט. פריינד, דיעזע מיינע אונבעקאַנטע אורחים זיינען מערקווירדיגע מענשען. איינער איז אין גאַנצען אין הימעל, דער אַנדערער איז אין גאַנצען אויף דער ערד.

אבנימום: אלטער, דו ביזט דאָך קלוג גענוג צו טרינקען א בעכער וויין?

טוביה: איך טרינק נור דאַן, ווען עס איז ביי מיר טרוקען אין האלז...

בתבורית: ער שטאָפּט אין יעדען... אז דער בעטלער וועט ניט טרינ־קען, בין איך אונגליקליך!

אלישע: צו וואָס לעבען מענשען, וועלכע ווילען ניט געניסען פון דער פרייד? וויוואַט!

קוועזיטאר: ליעבער פריינד, גענוס און פרייד זיינען נור שוואכקיי־טען. די הויפּטזאַך, דער מענש זאָל מיט זיין פערשטאַנד אונטערדריקען די שרעקליכסטע געפיהלען פון וועהטאָג און שמערץ.

אבנימום: אה! דער סטאָאיקער מיט׳ן עפיקורעער וועלען שוין אָנפאַנגען א בלוטיגען קריעג. וויוואַט! (אלע מענער טרינקען און רעדען צווישען זיך).

נעמי: זעה, מרימי, איז דער שטאָלצער רוימער ניט גרויס און שטאַרק ווי איינער פון זייערע מאַרמאָרנע געטער?

מרימי: א גרויסע זאך איז א שטיינערנער גאָט!

אלישע (צו זיין פרוי, גליקליך): גוטע, עהרליכע קערלען, איאָ? דענקענדע מענשען? עס איז א פערגעניגען, גיב אונז נאָך וויין. ווער אויך פרעהליך, קינד!

בתבורית: טרינקען זאָלען זיי שוין צום לעצטען מאָל. דענקענדע מענשען! (זי און מרימי אָב).

קוועזיטאר (שטיל צו נעמי): ביזט אזוי שעהן געקליידעט, קיינער וועט ניט גלויבען, אז דו ביזט א אידישע מיידעל.

נעמי (ענטציקט): טאַקע? אָה, דו זאָגסט עס נאָר אזוי.

קווערזיטאר: איך מיין עס... (נאָך שטילער) ליעבע נעמי, ווען?...

נעמי: ווען דו וועסט בעפעהלען!

קווערזיטאר: אַלזאָ, זיי פאַרבערייטעט.. (לויט) פריינד אלישע, דיין שעהנע טאַקטער רענקט, ווי אַ וואהרע רוימערין. (שטיל צו איינעם פון די רוימער) אַם וועניגסטען, ווען איך וועל קומען פון יודעאַ צוריק קיין רוים, וועל איך האָבען מיט וואָס צו בעריהמען זיך...

אבנימוס: איך מיין, אַז עס איז בעסער אַז אַ אידישע פרוי זאָל דענקען ווי אַ אידישע פרוי. פריינד רבי אלישע בן אבויה, מען דאַרף ניט פערליערען קיין צייט אומזיסט.

אלישע: יא, יא! באַלד וועלען מיר אָנפאַנגען דעם צווייטען געזאַנג פון האָמער'ס איליאַדע. אָה, גרויסער האָמער, איך פערגעטער דיך... (נעהמט אַ בוך).

שמעון: פאָטער אין הימעל, אַ מענשען פערגעטערט ער!

אלישע: קינד, בעסער אַ מענשען פערגעטערען, איידער אַ גאָט פערמענשלען! אַלזאָ מיר פאַנגען אָן. פאַרבערייטעט זיך צו לעזען. (בתבורית און מרימי ברענגען נאָך וויין).

קווערזיטאר: מיין פריינד אלישע, ענטשולדיג, איך קען דאָ לאַנג ניט פערבלייבען (פיהרט איהם אָן אַ זייט). אַ בריעף איז ערהאַלטען געוואָרען פונ'ם פראָקוראַטאָר רופיוס, איך זאָל איהם באַלד שיקען געלד. דו ביזט אַ רייכער מאַן און דו מוזט מיר אויף אַ קורצע צייט לייהען צעהנ־טויזענד גאָלד־שטיק.

אלישע: מען מיינט, איך בין זעהר רייך, ווייל מיין האַנד איז פריי. רוימער, די סומע, וואָס דו בעטסט, איז ביינאַהע אַלץ, וואָס איך פערמאָג... אין אונזערע אונרוהיגע צייטען דאַרף מען זעהר פאָרזיכטיג זיין... פערגעס ניט, איך האָב איין קינד... ניט דו, ניט איהר מוטער, זאָגאַר זי אַליין ווייסט ניט, ווי טייער זי איז מיר... פריינד, פערשטעה מיך, איין קינד...

קווערזיטאר: דו קריגסט דיין געלד אין גיכען צוריק. דערויף גיב איך דיר דאָס עהרענוואָרט פון אַ פאַטריציער, פון אַ נאָבעלמאַן און רענקער...

אלישע: איך ווייס ניט, אויב איך קען עס דיר פערשפּרעכען.

קווערזיטאר: איך מוז דיר זאָגען די וואהרהייט. העלפסטו מיר יעצט, וועל איך דיר דאָס געלד אומקעהרען, ווען די אָרימע און מיטעללאָזע אידען וועלען ביסלעכווייז אָהן נויט און צוואַנג איינצאָהלען זייערע צינזען. אויב אָבער ניט, וועל איך, לײדער, זיין געצוואונגען געגען מיין ווילען, צו זאַמלען

דאָס געלד ביי די אידען דורך געוואלד, גרויזאַמקייט און פּילייכט גאַר דורך בלוטפערגיסענעס... מיר מוזען טהאָן, וואָס מען הייסט אונז...

אלישע: דארפסט דאָס געלד באַלד?

קוועזיטאר: יא, מיין פריינד, אויב עס איז מעגליך...

אלישע: איין אויגענבליק. (געהט צו צו זיין פרוי, שטיל) בתבורית, זיי אַזוי גוט, גיב מיר דעם שליסעל פון'ם אייזערנעם קאַסטען.

בתבורית: וואָס? וועה איז מיר! וועניג וואָס די גוים צאַפּען ביס־לעכווייז אונזער בלוט, זויפען אונזער וויין און פרעסען אונזער ברויט...

אלישע: שש. קינד... איך וועל דיר שפּעטער אַלעס ערקלערען...

בתבורית: גזלן, רוצח, ווילסט אונז בערויבען, בע'גזל'ען, נעהמסט צו ביי מיר און גיסט אָב דעם גוי־חזיר, דעם רוימער!...

אלישע (ענערגיש): שש! דער רוימער איז פריהער פון אַלץ אַ מענש, ער איז אַ דענקער און די הויפּטזאַך, ער איז מיין פריינד. איך זאָל ניט האָבען קיין צוטרוי צו מיין פריינד, דארף איך אַליין קיין צוטרוי צו זיך ניט האָבען. גיכער, עס איז ניט שעהן ער זאָל ווארטען! (זי גיט איהם דעם שליסעל. אלישע געהט. דער קוועזיטאר שיקט נאָך איהם צוויי רוימער. אַליין געהט ער צו נעמי'ן).

בתבורית (צו רבי מאיר וויינענדיג): זעהט, וואָס ער, דער משוגע־נער טהוט מיט אונז?

מאיר: שש! מען טאָר ניט מבזה זיין אַזאַ מאַן ווי רבי אלישע בן אבויה! מאַנכעס מאָל קענען מיר ניט פערשטעהן, וואָס אַ גרויסער מענש טהוט (ער בערוהיגט זי).

נעמי (נאאיוו): יא, אַנטאָניוס, די אידען זאָלען מיר פאָלגען, וואָל־טען זיי אַלע געטהאָן ווי איך. נאָך וואָס דארף מען זיין אָבגעטיילט און אָבגעזונדערט און פערהאַסט?... איז דען ניט בעסער קליידען זיך ווי די רוימער און אויפפיהרען זיך ווי זיי? וואָס איז דער אונטערשיעד איד אָדער רוימער? ווי זאָגט דער פאָטער, מיר זיינען אַלע מענשען. ניט וואַהר?

קוועזיטאר: יא, מיין געליעבטע, מיין שעהנע אידישע רוימערין (רעדען שטיל).

שמעון (שטעהט אויף): זינדיגע, שטערבליכע מענשען, ווילט איהר הערען וואָס גאָט, אונזער פאָטער אין הימעל, זאָגט אַצינד צו אייך?... (אַלע: הערט! הערט! אַ געלעכטער).

טוביה: ברודער שמעון, רעד ניט צו דער וואַנד! רעד ניט צו אַ טויטען און רעד ניט צו אַ פרוי, ווען זי מאַכט לאַטקעס... (געלעכטער. אלישע קומט, נאָך איהם טראָגען די רוימער אַ גרויסען לעדערנעם זאַק. זיי געהען אָב).

קוועזיטאר: אַ דאנק, פריינד אלישע! פריינד, עס טהוט מיר זעהר לייד צו פערלאָזען אַזאַ געזעלשאַפט, אָבער איך מוז געהן. מיר מוזען טהאָן, וואָס מען הייסט אונז. בלייבט אַלע אין פריעדען (ראש אָב).

אבנימוס: מיין טייערער גוטער פריינד אלישע, וואָס איז עס היינט מיט דיר?

אלישע: שוין... מיר קעהרען זיך באַלד אום צוריק צו אונזער בעליעב־טען האָמער (לעזט):

„ווי שאַרען פון זשומענדע ביהנען, וועלכע פליהען אין רייהען
געדיכטע צו די בליהענדע בלומען פון פריהלינג מיט אַ שטורמישע
פרייד און געטומעל"....

(דער ראש הישיבה מיט עטליכע אַלטע תלמידי חכמים קומען).

בתבורית: אַהאַ! זיי זיינען געקומען! דו וועסט זעהן, מיר זיינען אידען! מיין ניט, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין דין ודיין בישראל! מען וועט זיך נעהמען צו דיר!...

אלישע: אָה, וועלכע אונערוואַרטעטע געסט!

נעמי (צו אבנימוס): קומט... אַז אידען קומען, וועט מען געוויס, אָדער וויינען, אָדער זאָגען מוסר (זי און אבנימוס דערווייטערען זיך אין גאָרטען).

ראש הישיבה: אויך דו, ר' מאיר, ביזט דאָ ביי איהם?

מאיר: רבי, איך לערען דאָ... ווי זאָגט מען: איך עס נאָר דאָס אינע־ווענינגסטע פונ'ם מילגרוים, די שאָלעכץ וואַרף איך אַוועק.

ראש הישיבה: און דו ר' אלישע בן אבויה לעזט ספרים חצונים, גוי־אישע ביכער? האַ?... ר' עקיבא האָט געזאָגט: ווער עס לעזט ספרים חצונים, האָט ניט קיין חלק אין עולם הבא!

אלישע: ווען עקיבא זאָל קענען לעזען און פערשטעהן די ספרים חצונים, וואָלט ער ניט געזאָגט אַזאַ נאַרישקייט.

מאיר (שטיל צו אלישע): רבי, איהר זייט אַ בריה צו מאַכען זיך שונאים, דערפאַר דערצעהלט מען פון אייך גאָט ווייס וואָס. נאָך וואָס זאָלט איהר אייך מיט אַלעמען קריעגען?

אלישע: קינד, אַז מען זאָגט דעם אמת, מוז מען זיך מאַכען שונאים.

ראש הישיבה (וועלכער האָט דערווייען בעמערקט די סטאַטוע): רחמנא יצילני! וואָס איז דאָס? אַן אָבגאָט ביי אַ אידען אין הויז!

מאיר: ניין, רבי, עס איז נאָר פון שעהנקייט וועגען. קיינער, חלילה, רעכענט עס ניט פאַר אַ הייליגטהום... (דער קוועזיטאָר גנב'עט זיך אַריין אונטער אַ בוים און הערט זיך צו).

ראש הישיבה: ר׳ אלישע, ניט נאָר פרעמדע, דיין אייגען ווייב בעקלאָגט זיך אויף דיר...

אלישע (ערשטוינט): מיין ווייב?!...

בתבורית: איך האָב דען אַן אנדער ברירה? אַ גאַל מוז דאָך אַמאָל פּלאַצען!...

ראש הישיבה: ר׳ אלישע, שעמסט זיך ניט צו מאַכען דאָ שמחות, וועהרענד די בלוט־דורשטיגע רוימער ערלויבען אונז ניט צו פייערען אונזערע הייליגע ימים־טובים, צו היטען אונזער שבת קודש, צו מאַכען חתונות נאָכ׳ן אידישען מנהג, צו מל׳ן אונזערע קינדער? די ניעדערטרעכטיגע רוימער ערלויבען ניט, אונזערע כלות זאָלען זיך בעפּוצען מיט בלומען און דו זיצסט דאָ צווישען פּאַלמען און בלומען און טרינקסט וויין.

אלישע: מיט ווייגען און זיפצען קען מען דעם צווייטען זעהר ווענינ העלפען.

קוועזיטאר (אַפּאַרט): געמיינע אידען, איהר וועט שוין האָבען אייער שטראָף.

ראש הישיבה: וואָס דאַרף דער איד די גוי׳אישע חכמות? איז ווענינ דאָ צו לערנען אין דער תורה הקדושה?

אלישע: זעהסט? דער בעכער מיט וויין קעהרט זיך ניט אום, ווייל דער פונדאַמענט איז שווערער פונ׳ם וויין מיט׳ן בעכער. איהר אָבער גיסט אין אייער בעכער צופיעל דינים, הלכות, מצוות, סיגים, מנהגים... און דער פונדאַמענט איז צו גרינג. (צייגט אויף שמעון׳ען מיט טוביה׳ן) דאָס האָט זיך שוין פון אידישען בעכער אַרויסגעגאָסען.

ראש הישיבה: וואָס־זשע, דו בעלאַנגסט חלילה צו זיי, צו די מינים, צו די מאמינים אין ישוע הנוצרי?...

אלישע: גלויבען איז יעדען מענשען׳ס פּריוואַט זאַך. איך דאַרף קיינעם ניט אָבגעבען קיין חשבון, וואָס איך גלויב און ווי איך גלויב.

מאיר (צום ראש הישיבה): רבי, פערגעסט ניט, ער איז אַ גרויסער געלערענטער און דערפאַר אַליין קומט איהם מעהר כבוד פון אַן אַנדערען.

ראש הישיבה: אלישע, דיין אייגען ווייב זאָגט: דו ביזט מעהר איבערגעגעבען צו די טרפה׳נע געמיינע רוימער, ווי צו דיינע ברידער — די אידען...

קוועזיטאר (אַפּאַרט): אידען, דאָס וועט אייך ניט געשענקט ווערען!

אלישע (בעטראַכט זיין פרוי): מיין פרוי בעשולדיגט מיך? זי איז מיין קינד׳ס מוטער און איך דאַרף איהרע רייד ניט אָבלייקענען.

ראש הישיבה: ר' אלישע בן אבויה, ווילסטו רען געה; געגען דיין גאַנצען פאָלק ישראל?

אלישע: איך זאָל דאַרפען געהן געגען דער גאַנצער וועלט, וואָלט אי‌ך דאָך ניט אַראָבגעקעהרט פון מיין וועג!

ראש הישיבה: אָי, צו פערלירען אַ אידען איז אַ גרויסער וועהטאָג, ווער רעדט נאָך צו פערלירען אַזאַ תלמיד חכם, ווי אלישע בן אבויה... אין דער צייט ווען דאָס אידישע פאָלק איז אַזוי צובראָכען און אונטערדריקט, דאַרף ביי אונז אַלע זיין איין געפיהל, איין געדאַנק, איין הארץ... בערענק זיך, וואוהין וועט דיר דאָס אַלץ פיהרען? דו האָסט אַ פרוי, דו האָסט אַ קינד, דו האָסט ברידער... דו דאַרפסט געהערען צו זיי...

אלישע: יאַ, איך דאַרף געהערען צו זיי... קיינער אָבער דאַרף ניט געהערען צו מיר... אַלע האָבען צו מיר טענות, איך האָב צו קיינעם קיין טענות ניט... פיעלע בעשולדיגען מיך, איך מאַך קיינעם ניט שולדיג...

ראש הישיבה: אלישע בן אבויה, מיר זיינען דיך געקומען פרעגען: ווילסטו זיין אַ איד, ווי אַלע אידען? וואָס פאַר אַן ענטפער גיסטו אונז? (פּויזע. קיין ענטפער. פּלוצלונג אַ געטומעל, אַ פרויען שטימע, פיעלע מענער הוקען און שרייען און פייפען. בעאטא, אַ טויט דערשראָקענע, לויפט אריין. טראָגט זעהר שעהנע רוימישע קליידער, וועלכע זיינען אין אונאָרדנונג. נאָך איהר לויפען אַריין פיעלע אידישע יונגע לייט און רוימישע סאָלדאַטען. נעמי און אבנימוס ערשיינען. מרימי לויפט אַרוים פון הויז אַ דערשראָקענע).

בעאטא (קוים וואָס זי אָטהעמט): גוטע מענשען, רעטעט מיך... דיעזע ווילדע אונמענשען ווילען מיר שלעכטעס טהאָן... זיי געהען אהער! זיי געהען אהער!...

אלישע: ווער וועט וואַגען דיר שלעכטעס טהאָן דאָ, ביי מיר? זעץ דיך, קינד, און בערוהיג דיך.

בעאטא: גוטער מענש, דו קענסט מיך ניט... דו ווייסט ניט, ווער איך בין.

אלישע: ווער עס איז דאָ, איז מיין פריינד און מיין גאַסט. (ער ברענגט איהר אַ ביסעל ווייַן אין אַ בעכער).

בתבורית: נו, יאַ, אַזאַ פרוי איז ביי איהם אויך אַ גאַסט און אַ פריינד...

טוביה: שוועסטערעל, מען דאַרף ניט רייצען די הינד אויף אַ פער־בלאָנדזשעטע שאָף.

נעמי: איאָ, עס איז אַ שאַנדע צו קוקען אויף איהר!...

שמעון: געפאַלענע פרוי, וואָרום קעהרסטו זיך ניט אום צו דיין גוטען פאָטער אין הימעל? ער פערגיט יעדען מענשען זיינע זינד.

אַ גאַסט: זי האָט אַ שעהנעם קערפּער... כע! כע!

ראש הישיבה: אַמאָל פלעגט מען אַזעלכע זינדיגע פרויען אויפ'ן פייער פערברענען און היינט איז מען זיי מכנים אורח! אי, גאָטעניו פאָטער!

אלישע: קינד, פאַל ביי זיך ניט אַראָב. די נאַטור האָט בעשאַפען די פרוי צו זיין מוטער, שוועסטער, און געליעבטע. קיין געפאַלענע פרוי האָט די מוטער נאַטור ניט בעשאַפען... מענשען ווענדען פריהער אָן אַלע מיטלען, דו זאָלסט פאַלען און רופען דיך נאָכדעם מיט פעראַכטונג געפאַלענע... ביי מיר ביזטו גלייך מיט זיי אַלע דאָ!

נעמי: דו הערסט, מוטער, ער פערגלייכט זי צו מיר!

בתבורית: ער וויים דען, וואָס ער רעדט?...

בעאַטא (בעטראַכט איהם מיט אַ געפיהל פון פערגעטערונג): דו ביזט עס, דער גרויסער אלישע בן אבויה? דו ביזט ניט אַזאַ מענש ווי אַלע. דו ביזט אַן אַנדערער...

ראש הישיבה: אָה, אלישע, איך בין דיך געקומען פרעגען, נאָך וואָס זאָלסטו זיין, ווי זי זאָגט, אַן אַנדערער, אַן איש אחר, ווען דו קענסט זיין אַן אב ושופט בישראל! און צוליעב וואָס? צוליעב נאַרישקייטען, צוליעב ספרים חצונים, צוליעב אונזיניגע גוי'אישע ביכלעך, צוליעב ניעדריגע תאוות!

אלישע (גיט אויף איהם אַ קוק. צוקט מיט די אַקסלען. רייסט אוים אַ בלום, גיט בעאַטא'ן): אָרימעס, אונגליקליכעס קינד! איהם קיין ענטפער קען איך ניט געבען. דיר אַם ווענינגסטען, קען איך געבען אַ בלום...

בעאַטא: אָה, גרויסער מאַן! (זי טראָגט צו די בלום צו איהרע ליפּען. דער ראש הישיבה און תלמידי חכמים געהען בייז אַוועק. בתבורית פער־ברעכט די הענד אין פערצווייפלונג. נעמי ווייזט מרימי'ן, ווי שעהן בעאַטא'ס קלייד איז. שמעון בעט גאָט. טוביה, אַ גליקליכער, צייגט אבנימוס'ן, וואָס פאַר אַ גוטער מענש אלישע איז).

(פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט ל א נ ג ז א ם.)

## צווייטער אַקט.

(אַ גרויסער פּלאַץ נעבען אַ געדיכטען וואַלד. עס ליעגען פיעל אָבגעהאַקטע בוימער און געזונטע קלעצער. דער ראש הישיבה, די אַלע תלמידי חכמים און פיעלע אידען אַרבייטען. אייניגע זעגען האָלץ, אַנדערע טראָגען די אָבגעזעגטע שטיקער. ביי יעדען זעג האַלטען זיך פיער מענשען. אַ לייכטען שטיק האָלץ טראָגען 5—6 אידען. פון דער וויטען שטעהען רוימישע סאָלדאַטען מיט שפּיזען און שווערדען. די אידען זינגען „על נהרוֹת בבל“, פיעלע פון זיי וויינען).

ראש הישיבה: אי! זכור ד׳ לבני אדום (ציינט אויף די רוימער) את יום ירושלים... פערגעס ניט, גאָטעניו, וואָס זיי האָבען געטהאָן צו דיין הייליגע שטאָדט! אָנשטאָט צו זינגען משירי ציון, זינגען מיר שבת על נהרות בבל! שבת קודש איז היינט, פאָטער, און דיינע קינדער זיינען געצוואונגען היינט צו אַרבייטען. דיין תורה איז פערשטערט, דיין בית המקדש איז חרוב, דיין שטאָדט ירושלים איז אין גוי׳אישע הענד. דאָס אונשולדיג בלוט פון דיין פאָלק ווערט פערגאָסען, ווי וואַסער, און קיין הילף, קיין טרויסט, קיין האָפנונג איז ניטאָ. עד מתי, אבי? ביז וואַנען נאָך, טאַטעניו, פאָטער אין הימעל? ווי לאַנג נאָך? (וויינט. זיי הויבען אָן וויעדער זינגען על נהרות בבל. קוועזיטאר קומט מיט צוויי סאָלדאַטען).

אַ איד: אי, דער בלוטזויגער געהט. ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

קוועזיטאר (צו די רוימער): ערלויבט זיי ניט צו רעדען. ערלויבט זיי ניט צו זינגען. דער איד דאַרף ניט זינגען! פון ליעדער ערוועקט זיך דער רעוואָלוציאָנערער גייסט... שווייגען דאַרפען זיי און אַרבייטען געצוואונגענע אַרבייט!

ראש הישיבה: אַרבייט, קינדער, גאָט זעהט, אַז מיר מוזען מחלל שבת זיין און וועט אונז, חלילה, ניט שטראָפען דערפאַר (אַלע אַרבייטען).

קוועזיטאר: אהאַ, אַלטער יהודי, דיר איז שווער צו אַרבייטען? איך האָב אייך געהייסען צווינגען אַרבייטען דעם שבת, ווייל איהר פערפאָלגט יעדען, וואָס איז אַ פריינד צו די רוימער... אונזער פריינד אלישע בן אבויה זאָגט, אַז שבת אַרבייטען איז ניט קיין פערברעכען... איהם צוליעב אַרבייט איהר היינט.

ראש הישיבה: אלישע בן אבויה? אָה, גאָט, ניט אומזיסט האָט איינער פון דיינע נביאים געזאָגט: מהרסיך ומחרביך ממך יצאו... די צו־שטערער און פערדערבער פון אידישען פאָלק זיינען אידען...

קוועזיטאר: איהר מיינט, איך ווייס ניט, ווארום אַ גאַנצער קהל אידען טראָגען איין שטיק האָלץ? דאָס איז אַ אידישער שפּיצעל אָבצונאַרען די רוימער. איהר ווילט אייך מאַכען די אַרבייט אַזוי גרינג, אַז אייער גאָט זאָל זעהן, אַז איהר אַרבייט דאָך ניט אום שבת... אייערע רבנים לערנען אייך דאָס צו טהאָן. מיר ווייסען אַלץ.

ראש הישיבה (שטיל): רבונו דעלמא, ווי אַזוי קען אַ גוי וויסען פון דעם סוד?

קוועזיטאר: ווען די רוימער האָבען אַזעלכע איבערגעגעבענע פריינד, ווי אלישע בן אבויה, איז זיי ניט שווער צו וויסען, ווי אַזוי איהר ווילט אַרומגעהן די געזעצען און די בעפעהלען פון אונזער אימפּעראַטאָר האדריאַן... פון אידען ערפאַהרען מיר די אידישע געהיימניסע!

ראש הישיבה: גאָט אין הימעל, אלישע איז ניט נאָר אַ כופר בעיקר, ער איז אַ מסור אויך!...

קוועזיטאר: עי! נאָר צוויי אידען זאָלען שטעהן ביי אַ זעג און נאָר איין איד זאָל טראָגען יעדען שטיק האָלץ!

אַ איד: הער אויס, ווען משיח וועט קומען, וועלען די גוים אַרבייטען מיט די זייטען. ווי איהר זעהט מיר אַ מענשען אויף דער וועלט!

קוועזיטאר: איהר ווילט אונז אָבנאַרען? מיר וועלען זיך ניט בערו־היגען, ביז מיר וועלען ניט אויסמעקען דעם האַרטנעקיגען אידען פון דער וועלט!

ראש הישיבה: רוימער, פיעלע האָבען געוואָלט די אידען אויסמעקען און וואו זיינען זיי? וואו זיינען די מצריים, וועלכע האָבען די אידען פער־קנעכט? וואו זיינען די פלשתים, וועלכע האָבען די אידען פערפאָלגט? וואו איז בבל, וואָס האָט די אידען אונטערדריקט? די מעכטיגע פעלקער, וואָס האָבען פערפאָלגט די שוואַכע אידען, זיינען פערשוואונדען פון דער ערד און ישראל לעבט. אויך רוים וועט פאַלען, אָבער ציון וועט קיינמאָל ניט חרוב ווערען!...

קוועזיטאר: אַלטער נאַר, דיין ציון ליעגט אין רואינען.

ראש הישיבה: רוימער, מען קען ציון ניט חרוב מאַכען! ווי קענסטו חרוב מאַכען אַ שטאָדט, וועלכע איז ניט געבויט אין דרויסען, נאָר וועלכע שטעהט פעסט און וועט אייביג שטעהן אין די הערצער און אין די געדאַנקען פונ'ם גאַנצען אידישען פאָלק?

קוועזיטאר (צו א סאָלדאַט): ציי׳ג דעם פרעכען יהודי, ווי מען דאַרף אַרבייטען און שווייגען! (אַ סאָלדאַט שלאָגט איהם. אַלע אירען: „אַי, טאַטע פאָטער אין הימעל!“ קוועזיטאר זעצט זיך אויף אַ שטיק האָלץ. שמעון הנזיר און טוביה האביוני קומען, מיעד פון אַ ווייטען וועג). עי, וואָס איז דאָס פאַר שפּאַציר־געהער — ווער זייט איהר?

טוביה: ווער? איך? איך בין קיינער ניט, דערפאַר הער איך קיינעם ניט. איך צאָהל קיינעם אין דער וועלט קיין צינזען ניט, דערפאַר צאָהלט די גאַנצע וועלט צינזען מיר...

קוועזיטאר: מיט וועמען רעדסטו דאָס? איך פרעג, ווער זייט איהר און וואוהין געהט איהר?

שמעון: מיר זיינען גאָט׳ס קינדער.

קוועזיטאר: גאָט האָט געמעגט האָבען אַ ביסעל מעהר אַנשטענדיגע קינדער...

שמעון: און מיר טראָגען איבער דער וועלט גאָט׳ס וואָרט.

קוועזיטאר: נאָך וואָס זאָלט איהר זיך אומשלעפּען איבער דער וועלט מיט אַזאַ נאַרישקייט? שטעלט אייך בעסער אַרבייטען. אירען דאַרפען אַרבייטען אום שבת... עי, נעהמט זיי צו דער אַרבייט! (די סאָלדאַטען שטויסען זיי).

שמעון: מיר געהערען ניט צו זיי, מיר געהערען צו אונזער פאָטער אין הימעל.

קוועזיטאר: צום פאָטער אין הימעל? זאָל ער צוויי מאָל אַזוי פיעל אויסאַרבייטען!

טוביה: דו ווילסט, איך זאָל שבת אַרבייטען, וועל איך אַרבייטען. ניט דער מענש איז געשאַפען געוואָרען צוליעב דעם שבת, דער שבת איז געשאַפען פאַר׳ן מענשען. דו ווילסט ניט, היינט זאָל מיין שבת זיין, וועט זיין מיין שבת, ווען איך וועל פון דיר פּטור ווערען (אַרבייט לוסטיג). ווען מיין זעעלע איז צופריעדען, קען קיינער מיין שבת ניט צושטערען...

שמעון: רוימער, ווי שטאַרק און שטאָלץ דו זאָלסט ניט זיין, איך וועל דיר בעזיעגען מיט גאָט׳ס וואָרט...

קוועזיטאר: עזעל! בעזיעגען בעזיעגט מען נאָר מיט דעם! (שלאָגט איהם מיט זיין פויסט. שמעון פאַלט).

שמעון: מעגסט שלאָגען מיין גוף, מיין זעעלע קענסטו ניט עררייכען... דיין רוימישע קעניגרייך איז גרויס — אַלץ אָבער וועט בעלאַנגען צום נאַזאַרענער... ביסלעכווייז און שטילערהייד נעהמען מיר איין די וועלט... מיר האָבען אונזערע צווישען אייערע (סאָלדאַט שלאָגט איהם).

שמעון: שלאָג, ברודער, דאָס האַרט מיך זעהר ווייניג. מיר האָבען ביידע איין פּאָטער אין הימעל...

טוביה: ווען עס וואָלט אָבער ניט געווען קיין אונזערע, זייערע, אייערע, מיינע, דיינע — וואָלט דאָך ניט געדאַרפט זיין קיין אויבערשלאָגער און קיין אונטערשלאָגער (ציינט פריהער אויפ'ן קוועזיטאר, נאָכדעם אויפ'ן סאָלדאַט).

קוועזיטאר: ביז זון־אונטערגאנג זאָלען זיי אַלע דאָ שווער און פלייסיג אַרבייטען.

אַ איד: אַרבייטען זאָל מיט דיר דער מלאך המות, רבונו של עולם.

קוועזיטאר: איך געה! (די סאָלדאַטען טרייבען אונטער אַלעמען פלייסיגער צו אַרבייטען. קוועזיטאר געהט, ענטקעגען קומט אבנימוס).

אבנימוס: דאָ איז דאָס... אַנטאָניוס סעוועריוס, דיך זוך איך...

קוועזיטאר: מיך פרעהט זעהר צו זעהן איינעם פון מיינע געאַכטעטע פריינד...

אבנימוס: הער, מיין יוגענד־פריינד און גרויסער געלערענטער — ר' מאיר איז געקומען צו לויפען צו מיר זעהר אַ בעטריבטער. מען האָט, זאָגט ער, אַליין דעם אַלטען ראש הישיבה און פיעלע געאַכטעטע זקנים געטריבען אַרבייטען אים הייליגען אידישען טאָג שבת.

קוועזיטאר: מיר מוזען טהאָן, וואָס מען הייסט אונז.

אבנימוס: אָה, לאָזט זיי, אָם ווענינסטענס, אַכטען די געזעצע פון זייער רעליגיאָן.

קוועזיטאר: קיין רעליגיאָן אין דער וועלט איז ניט אַזוי שעדליך פאַר רוים, ווי די אידישע. זאָגט דען ניט דאָס זעלבע, זאָגאר אַזאַ אידישער געלערענטער ווי אלישע בן אבויה?

ראש הישיבה: אה, אלישע, ווי שווער דו זינדיגסט געגען דיין פאָלק.

אבנימוס: איך האָב איהם פערשפּראָכען, באַלד דיך געפינען און בעטען דו זאָלסט זיי בעפרייען. זייט דאָך ניט אַזוי אונגערעכט צו זיי...

קוועזיטאר: מיין פריינד, שטאַאַטס־אינטערעסען שטעהען העכער פון דעם, וואָס מיר רעכענען גערעכט און אונגערעכט.

אבנימוס: וואָרום זאָלט איהר צו די אידען זיין גרויזאַמער, ווי צו אַנדערע פעלקער?

קוועזיטאר: די אידען זיינען די געפעהרליכסטע געגנער פון רעגיערונג — ניט נאָר זיינען זיי אַליין שטענדיג אונצופריעדען, זיי פערגיפטען אויך אַנדערע מיט'ן גיפט פון אונצופריעדענהייט און פּראָטעסט! די העכערע פּאָליטיק פאָדערט מען זאָל דיזע רעבעלישע נאַציאָנאַליטעט פערניכטען,

אָדער, אַם ווענינגסטען, אַזוי אונטערדריקען, אַז פון זייער פרייען גייסט זאָל גאָר נישט בלייבען.

אבנימוס: רוימער, דיעזע שוואַכע נאַציאָנאַליטעט האָט אַ גרויסע מאַכט, וועלכע איהר ווערט קיינמאָל ניט בעזיעגען. לכו וחזרו על בתי כנסיות ובתי מדרשים שלהם, געה אונטערזוך זייערע צאָהלרייכע שוהלען, הייזער פון פערזאַמלונגען און פאָרשונג, אין דעם ליעגט זייער גרויסע מאַכט (דער ראש הישיבה הויבט אויף אַ שווערען קלאָץ און פאַלט). זעה, דער עהרענווירדיגער אַלטער מאַן פאַלט אונטער זיין לאַסט. אינ'ם נאָמען פון אונזער פריינדשאַפט בעט איך דיך, בעפריי זיי פון דער אַרבייט.

טוביה (העלפט דעם ראש הישיבה אויפשטעהן): אַלטער, דו האָסט אַ שטאַרקען קאָפּ און שוואַכע פיס... עס איז דערפאַר, ווייל דו דרשן'סט אַ סך אין בית המדרש, און געהסט אום ווייניג אין פרייען פעלד. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט אַ שטאַרקען קאָפּ און שוואַכע פיס...

קוועזיטאר: אה! וואָס טהוט מען ניט צוליעב פריינדשאַפט? אידען, איהר זייט פריי פון דער אַרבייט. (שטיל צו די רוימער) דעם צווייטען שבת זאָלען זיי צוויי מאָל אַזוי פיעל אויסאַרבייטען. געהט! (סאָלדאַטען אָב). קום, אבנימוס הגרדי, דו געהסט? (ראש הישיבה גיט אַ צייכען אבנימוס'ן ער זאָל בלייבען).

אביונימוס: ענטשולדיג, דער אַלטער מאַן וויל מיר וואָס מיטטהיילען, איך מוז איהם אויסהערען...

קוועזיטאר: עס איז פּראַקטישער צו האַלטען זיך פון די אידען וואָס ווייטער.

אבנימוס: ביזטו דען ניט אַ פריינד צו אלישע בן אבויה?

קוועזיטאר: אַ איד, וואָס איז געגען אידען, איז דעם רוימער'ס פריינד.

אבנימוס: יאַ, מען זאָגט, אלישע ווערט באַלד זאָגאַר דיין שוויגער־פאָטער ווערען.

ראש הישיבה: וועה איז מיר! ער געהט זיך מתחתן זיין מיט דעם בן אדום, מיט דעם צורר היהודים...

קוועזיטאר: אַ איד מיין שוויגער־פאָטער? אבנימוס, איך בין רוימער און פּאַטריציער! אויפ'ס ווידערזעהן! (אָב).

ראש הישיבה: אבנימוס הגרדי, דו איבערצייגסט אונז, אַז אויך צווישען די אומות העולם זיינען דאָ צדיקים.

אבנימוס: אַלטער ראַבבי, יעדעס פאָלק האָט גוטע און שלעכטע

מענשען. (דער ראש הישיבה פיהרט איהם, זיי רערען שטיל, נאָך זיי די זקנים און עטליכע אירען. זיי פערשווינרען אין וואלר).

שמעון: און מיר וועלען געהן אין איינזאַמקייט, דאַנקען גאָט פאַר דעם, וואָס ער טהוט אונז נאָר גוטעס, און נאָר גוטעס, וואָרום ווען גאָט הייסט אונז שלאָגען און טהאָן געצוואונגענע אַרבייט, איז דאָס אויך נאָר, ווייל ער וויל אונז גוטעס טהאָן. אָי, מיר האָבען אַ גוטען פאָטער אין הימעל. (פער־שווינרט אויך אין וואַלר. שפּעטער גנב'ען זיך עטליכע מענשען אַוועק אהין צו איהם).

טוביה (אַלע זעצען זיך אַרום איהם): ווייסט איהר, וואָס מיר וועלען טהאָן? ברידערלעך, מיר וועלען שפּיעלען אַ שיר צו דעם, וועד עס האָט בעשאַפען די גרויסע שעהנע וועלט. (נעהמט אַרויס זיין פייפעלע).

אַ איד: אום שבת שפּיעלען!

טוביה: ווען איך שפּיעל ווערט ביי מיר שבת, און ווען עס איז ביי מיר שבת — שפּיעל איך. יאָ, חברים'לעך מיינע, ווען איך שפּיעל, זעהט איך מיין זיסע יוגענד און פיהל די גליקליכע צוקונפט... איך זעה גרינע פעלדער מיט ווייסע לעמעלעך, הער דעם געוויש פונ'ם גרינעם וואַלר, און דאָס געזאַנג פון די פויגעלעך. (שפּיעלט, אַלע הערען אויפמערקזאַם). הערט, קינדער, איך האָב... דאָס הייסט, איך האָב גאָרנישט, אָבער מיין זאָק האָט פיינע נים, וועלכע איך האָב אָבגעריסען געהענריג דורכ'ן וואַלר. ווער עס האָט ציין, דעם לאַדעט מיין זאַק איין צו אַ גרויסען מאָלצייט דאָרטען, אונטען, נעבען קליינעם טייכעלע... (שטעהט אויף) ברידערלעך, האָט איהר געזעהן אויף דער וועלט נאָך אַזאַ גביר אדיר, ווי איך, טוביה אביוני? (געהט שפּיעלענדיג, אַלע נאָך איהם. אב... מען הערט אין וואַלר טוביה'ס שפּיעלען. פּויזע. אַ געדויש — אלישע'ס שטימע).

אלישע: עס שפּרייזט דער פערד מיט מונטערע טריט, דאָס ווינטעל שטיפט אינ'ם פרייען פעלר. (אלישע קומט רייטענדיג אויף אַ פערד, ר' מאיר געהט נעבען איהם צופוס, שפּעטער זעהט מען בעאַטאַ'ן, זי איז פערהילט אין אַ מאַנטעל. זי האַלט זיך פון דערווייטען). שטעה, מאיר, דו דאַרפסט זיך אומקעהרען. מיר זיינען פונקט אַ תחום שבת פון שטאָרט.

מאיר: שוין אַ תחום? רבי, הערענריג דיך, האָב איך גאָר ניט בעמערקט דעם מהלך. ווי אַזוי ווייסטו, רבי, אַז עס איז שוין אַ תחום?

אלישע: איך בין זיך משער נאָך די טריט פון מיין פערר. (שטייגט אַראָב). קעהר זיך אום, מאיר.

מאיר: אָה, רבי, קעהר זיך אויך אום. קעהר זיך אויך אום... איך מיין, רבי'ניו, קעהר זיך אום צוריק צו דיין פאָלק און צו דיין גאָט...

אלישע: כע! כע! קינד, איך האָב געהערט אַ בת־קול: שובו בנים חוץ מאלישע. קעהרט זיך אום, מיינע קינדער, אויסער אלישע... (לאַכט) מיך דאַרף מען ניט. מיך דאַרף קיינער ניט, איך בין אַן איבריגער... וואַרט איין אויגענבליק, איך וועל צובינדען מיין פערד. (פיהרט דאָס פערד צו אַ בוים).

מאיר: רבי, וואָס מיינסטו מיט'ן בת־קול?...

אלישע: מאיר, געוויס גלויב איך ניט, אַז אַ בת־קול קומט פון הימעל — עס איז פשוט די שטימע פון פאָלק; איך זאָל זיך אומקעהרען, מוז איך ווערען אויס אלישע, דאַן וועל איך זייער ליעבע און זייערע סימפּאַטיען סיי־ווי־סיי ניט געווינען. איך וועל זיך נור מאַכען צום נאַרען. מאיר, מען קען זיך ניט אומקעהרען און זיך אַליין ניט ברענגען מיט זיך. כע! כע! איך קען ניט געהן צוריק אָהן אלישע'ן!

מאיר: אָה, רבי, מיט וועמען ביסטו אויף דער גרויסער וועלט?

אלישע: קינד, איך בין אַליין מיט זיך. נאָר אַ קליינער מענשעלע האָט מורא פאַר זיך אַליין, און ער לויפט צום המון־עם...

מאיר: איז דען ניט אַ גרויסע זאַך צו געהן צוזאַמען מיט'ן פאָלק פאַר זיין אַלגעמיינעם גליק?

אלישע: יא, קינד, עס איז אַ גרויסע העלדענטהאַט צו געהן מיט'ן פאָלק פאַר'ן פאָלק. עס איז אָבער נאָך אַ גרעסערע העלדישקייט צו געהן געגען דאָס גאַנצע פאָלק, שטרעבענדיג דערמיט דאָס פאָלק גליקליך צו מאַכען.

מאיר: פאַר וואָס רבי, איז דאָס אַ גרעסערע העלדישקייט?

אלישע: די, וואָס געהען מיט'ן פאָלק, זיינען געליעבט און געאַכטעט, ווען זיי טהוען זאָגאַר פּראַקטיש גאָר ניט אויף. די אָבער, וואָס געהען געגען פאָלק, ווען זיי טהוען זאָגאַר פיעלעס אויף, זיינען זיי דאָך געהאַסט און פעראַכטעט!... דו מיינסט, מיר איז גרינג צו געהן געגען אַלע? איך וויל אָבער דערמיט עפענען זייערע בלינדע אויגען. דו מיינסט, מיר טהוט ניט וועה דאָס האַרץ צו פערשפּאָטען דאָס, וואָס ביי זיי איז הייליג? איך וויל אָבער דערמיט וועקען זייער פערשלאָפענעם געדאַנק. דו מיינסט, עס וואָלט מיר ניט געשאַפט פערגעניגען צו פאָהרען שפּאַציערען ניט דוקא אום שבת? איך וויל אָבער דערמיט אָבלאַכען פון זייערע בעגריפע וועגען דעם, וואָס מען טאָר און מען טאָר ניט! עס איז לייכט צו מאַכען זיך פריינד מיט דעם, וואָס דו זוכסט זכיות פאַר זיי; עהרליך איז אָבער דער, וואָס זאָגט דעם אמת, הגם ער קויפט זיך פיינד דערמיט. מאיר, קעהר זיך אום!

מאיר: בעפאָר מיר וועלען זיך שיידען, רבי, וויל איך דיך פרעגען, ווי־זשע קומט עס וואָס, ווי די חכמים זאָגען, מטטרון זוכט זכיות אויף אידען?

אלישע: מטטרון זאָל יעצט דאָ זיין, וואָלט איך איהם געזאָגט, אז ער ווייסט ניט פון זיין חיות...

מאיר: אָה, רבי, מטטרון איז אַ טייל פון דער גאָטהייט!

אלישע: אַ טייל?! קינד, טיילען קען מען נאָר אַ קערפּער. דאָס, וואָס עס איז ניט קערפּערליך, טיילט זיך ניט. איז גאָט ניט קיין קערפּער — טיילט ער זיך ניט. און עס איז ניטאָ קיין מטטרון׳ס. איז ער יאַ אַ קערפּער, דאַן איז ער גאָר קיין גאָט ניט! (אבנימוס קומט).

מאיר: רבי, ווייטער געהן האָב איך מורא. לעב וואָהל. (וויל געהן).

אלישע: לעב וואָהל, מאיר.

אבנימוס: עי, יונגער פריינד, דיך דאַרף איך. (קוקט ניט אויף אלישע׳ן).

אלישע: און דיין אַלטען פריינד דאַרפסטו גאָר ניט? עי, אבנימוס, וואָס זעהסטו עפּעס אויס אַזוי, ווי ביי דיר זאָלען זיין אייליג די ציין... כע! כע!

אבנימוס (קעהרט זיך אום פון איהם מיט פעראַכטונג): מאיר נהראי, דער אַלטער און דיינע איבריגע פריינד זיינען בעפרייט פון דער אַרבייט. זיי האַלטען איצט דאָרט אין וואַלד אַ וויכטיגע אסיפה און, איך גלויב, דיין געגענוואַרט דאָרט איז נויטווענדיג...

מאיר: אָה, מיינע אָרימע אונגליקליכע ברידער. רבי, ווי קען איצט אַ איד געהן זיך בעזונדער מיט זיין וועג, ווען זיי זיינען אַלע אזוי ניעדערגעשלאָגען, ערדיענדיגט און פערפאָלגט?... דאָרטען זיינען זיי? איך געה שוין. לעב וואָהל, אבנימוס. רבי, ווילסט אפשר שטייגען צוריק אויף דיין פערד? וועל איך מיך איינבויגען און דו וועסט שטעלען דיין פוס אויף מיין רוקען...

אלישע: ניין, קינד, איך דאַרף ניט קיין פרעמדען רוקען... ווער עס קען אַליין ניט אויפ׳ן פערד אַרויפשטייגען, דער דאַרף ניט רייטען.

מאיר: דאַן לעבט וואָהל! (שטיל) פאָהרט בעסער אַוועק בעפאָר זיי וועלען אייך דאָ טרעפען...

אלישע: אַנטלויפען? קינד, איך בין אין מיין לעבען נאָך קיינמאָל פון קיינעם ניט אַנטלאָפען. (מאיר ראש אב אין וואַלד).

אבנימוס: לעב וואָהל, פריינד מאיר! (געהט).

אלישע: איז אלישע בן אבויה דיין פריינד ניט מעהר?

אבנימוס: אַ מענש, וואָס פערקויפט זיינע ברידער, אַ פעררעטהער און מסור קען מיין פריינד ניט זיין!

אלישע: שוטה, קענסטו דעם, וועמען דו בעשולדיגסט? אָדער פיליכט האָט די אידישע זין ניט גוט געווירקט אויף דיין גוי׳אישען קאָפּ?

אבנימוס: וואָס טויג אַ גוטער אידישער קאָפּ, ווען דאָס האַרץ איז ניט אידיש? איך שעהם זיך דערמיט, וואָס איך האָב דיך אַמאָל פאַר אַ פריינד גערעכענט. איך קען דיך ניט מעהר! (ראָש אב).

אלישע: דו?! (וויל איהם רופען צוריק) ניין! פערענטפּערען דאַרף זיך נאָר דער, ווער עס שטעהט ניט העכער פון דער בעשולדיגונג. הם, זאָגאַר דער גוי מיינט, אַז איך בין ניט אידיש געגוג... (פערטראַכט זיך, ווערט טרויעריג. זעצט זיך) הייסט עס, נאָך אַ פריינד פערלאָרען. וויפיעל איז מיר געבליעבען און וויפיעל האָב איך גאָר אין גאַנצען געהאַט? (בלייבט זיצען פערטראַכט. בעאַטאַ קומט שטיל און לאַנגזאַם).

בעאַטאַ: איך ציטער גראַדע ווי איך זאָל דאַרפען איצט רעדען מיט אַ גאָט. ער איז איצט ווייט פון מיר. זיינע געדאַנקען זיינען איצט אין די הימלען ביי די געטער. ווער ווייסט, פיליי׳כט האָט ער מיך שוין לאַנג פער־געסען. איהם אָבער... אַזעלכע ווי ער פערגעסט מען ניט. (לויט) גרויסער מאַן, דערקענסטו מיך?

אלישע: האַ? יאַ, קינד, איך האָב דיך דערקענט. ווי וואונדערבאַר! איך האָב געמיינט, איך בין דאָ אַליין צווישען ערמאָרדעטע בוימער און טויטע שטיקער האָלץ, און דאָ נעבען מיר איז אַ לעבעדיגער מענש... איך בין ניט אַליין?

בעאַטאַ: ניין, דו ביסט ניט אַליין, איך בין דאָ נעבען דיר. און ווען איך בין ניט געווען נעבען דיר, זיינען מיינע געדאַנקען און מיין האַרץ געווען מיט דיר. זינט איך האָב דיך געזעהן, טרעט דיין הערליכע געשטאַלט ניט אָב פון מיר. אַזאַ מענש, ווי דו, קען מיט איין בליק צושמיעדען צו זיך אויף אייביג.

אלישע: צושמיעדען? די, וואָס זיינען געשמיעדט, זיינען שקלאַפען.

בעאַטאַ: עס זיינען פאַראַן קייטען, וועלכע זיינען טייערער פון דער פרייהייט. גרויסער מאַן, איך האָב יעדען טאָג געזוכט דיך צו זעהן.

אלישע: קינד, וואַרום ביסטו ניט געקומען?

בעאַטאַ: קומען צו דיר האָב איך ניט געוואַגט. איך האָב דיר נאָכ־געפאָלגט פון דער וויטען... כאָטש איך האָב אַ רעכט צו דענקען, אַז דו דאַרפסט זיך איצט ניט שעהמען מיט מיר...

אלישע: ווער עס שעהמט זיך מיט זיינע מיט־מענשען, דער איז אַליין קיין מענש ניט.

בעאַטאַ: דו האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ מענשען. פיעלע מענער האָבען מיר געזאָגט זיסע רייד, זיי האָבען אָבער גערעדט צו דער פרוי. דו ביסט דער ערשטער, וואָס האָט גערעדט צו מיר, ווי צו אַ מענש. אין

געהיים זיינען זיי אַלע בערייט צו פאַלען צו מיינע פיס, עפּענטליך אָבער געפינען זיי פאַר נויטיג מיך מיט די פיס צו טרעטען... דו האָסט אָפען געצייגט מיר אַכטונג און פריינדשאַפט.

אלישע: אַ! ביי אונז איז אַ גאַנצער חידוש צו זעהן, אַז אַ מענש האַנדעלט ווי אַ מענש.

בעאַטאַ: מיט דיין וואָרט האָסטו מיך אויפגעהויבען פון שטויב. מיט דיין בלום האָסטו מיך רייך געמאַכט. זעהסט, איך טראָג זי אויף מיין האַרץ. (נעהמט אַרויס די בלום) איך האָב פיעל שטיינער און דימאַנטען, דיעזע בלום אָבער איז מיין רייכסטע און טייערסטע ציערונג.

אלישע: כע! כע! קינד, ביסט אַליין איינע פון די שעהנסטע בלומען, וואָס די מוטער־נאַטור האָט בעשאַפען.

בעאַטאַ (ליידעשאַפטליך): גרויסער, שטאַרקער מאַן, זיי מיין פריינד!

אלישע: פריינדשאַפט רעדט ניט מיט אַזאַ ליידענשאַפטליכע שפּראַך. זיי פאָרזיכטיג, קינד, איך קען די שפּראַך! קינד, איך קען זיין דיין ראַטה־געבער, דיין בעשיצער, אָבער ניט דיין פריינד. אַ געזונטער, ליידענשאַפט־ליכער מאַן נעהמט אָן די פריינדשאַפט פון אַ שעהנע פרוי, נאָר דאַן, ווען ער דענקט דערמיט פון אָנפאַנג צו פערמאַסקירען זיינע אַנדערע געפיהלען. איך האָב פיינט פערמאַסקירטע מיטלען! געה אין פריעדען, קינד, און ווען דו וועסט דאַרפען ראַטה, שוץ און הילף, קום צו מיר. אלישע בן אבויה ענטזאַגט זיך ניט צו טהאָן גוטעס זאָגאַר פאַר די, וועלכע צאָהלען איהם מיט שוואַרצע אונדאַנקבאַרקייט, און דו ביסט אַן עדלע, גוטע זעעלע. געה אין פריעדען. (ראש הישיבה, מאיר, זקנים, און פיעלע אידען קומען. אַ איד).

בעאַטאַ: ווען דו בעפעהלסט מיר צו געהן, מוז איך געהן. ערלויב מיר פריהער אַ קוס טהאָן די נאָבעלע האַנד, וועלכע האָט דערלאַנגט אַ בלום דער ביליג־געשעצטער, פון אַלעמען ערניעדריגטער און פעראַכטעטער בעאַטאַ'ן. (קוסט זיין האַנד).

ראש הישיבה: איהר זעהט, מיט וועמען אלישע בן אבויה פער־ברענגט זיין שבת קודש? מיט געמיינע, אויסגעלאַסענע פרויען.

בעאַטא (בייז): ראַבבי, ווען אַלע וואָלטען מיט אונז אַזוי פערבראַכט די צייט, ווי אלישע בן אבויה, וואָלטען קיין געמיינע אויסגעלאַסענע פרויען ניט געוועזן אויף דער וועלט! (פערשווינדט אין וואַלד).

ראש הישיבה: אלישע בן אבויה, מיר האָבען ערשט געהאַט אַ בעראַטונג וועגען דיר. און אַז דו ביסט שוין יא דאָ, דאַרפען מיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך ערקלערען — הלנו אתה אם לצרנו — בעלאַנגסטו צו אונז,

אָדער צו אונזערע בלוטיגע שונאים? געגען דעם פרעמדען פיינד זיינען מיר שוואַך, אָבער געגען אייגענע פיינד האָבען מיר נאָך גענוג מיטלען.

אלישע: יא, דער שוואַכסטער מענש האָט גענוג מיטלען צו טהאָן אונרעכט...

ראש הישיבה: אלישע בן אבויה, אַלץ רעדט געגען דיר!

אלישע: דאָס קימערט מיך ווייניג, אַזוי לאַנג ווי איך אַליין רעד פאַר זיך!

ראש הישיבה: אידישקייט טרעטסטו מיט די פיס!

אלישע: די אידישקייט פיהלט ניט קיין וועהטאָג, ווען איך טרעט זי מיט די פיס, און פיהלט ניט קיין פרייד, ווען איהר ליובט זי! איהר בעסער קימערט אייך וואָס ווייניגער פאַר אידישקייט, און וואָס מעהר פאַר'ן לעבעדיגען אידען, וועלכער ליידט און פיהלט...

אַ איד: דערפאַר אַליין איז ער דאָך שוין ווערטה מען זאָל מאַכען פון איהם אַ תל עולם, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

ראש הישיבה: גאָט'ס הויז איז חרוב און דו טרויערסט ניט.

אלישע: ביים גרויסען גאָט, וועלכער האָט אַלע מלוכות, אַלע הימלען, וועלטען מיט עולמות, ביי איהם איז חרוב געוואָרען אַ שטוב, דאַרף איך, קליינער מענשעלע, טרויערען!

ראש הישיבה (בייז): בלינדער מענש! ווייסטו דען ניט, אַז צוזאַמען מיט'ן בית המקדש זיינען געפאַלען גאָט'ס תורה און זיינע הייליגע געבאָטען?

אלישע: וואַרום דערלאָזט ער דאָס? אַ שטערבליכער קינד טהוט אַלץ, אום זיינע געזעצען זאָלען ניט פאַלען, וואַרום האָט ע ר געשוויגען? דער אונגליקליכער בר־כוכבא און הונדערט־טויזענד אידען זיינען ערמאָרדעט געוואָרען, בעשיצענדיג זיינע הייליגע געבאָטען, וואַרום האָט ער זיי ניט געהאָלפען? ר' עקיבא איז געוועזען אַ מאַרמאָרנע זייל פאַר גאָט'ס תורה הקדושה, וואַרום האָט ער דערלאָזען, מען זאָל ר' עקיבא'ן מיט אַלע זיינע תלמידים אויסשלאַכטען, ווי שאָף? רבי חוצפית המתורגמן האָט זיין לעבען לאַנג מיט זיין צונג ערקלערט און געגעבען צו פערשטעהן די מיינונג און בעדייטונג פון דער תורה, פון רעסטוועגען, ווען די רוימער האָבען זיין צונג אַרויסגעריסען און געוואָרפען צו די הינד, האָט ער ניט געשיקט זיינע דונערען און בליצען, צו בעשטראָפען דיעזע הענקער און מערדער!

מאיר (צום ראש הישיבה): רבי, איהר זעהט, איהם טהוט וועה דאָס האַרץ פאַר די אונשולדיגע אידישע קרבנות!

ראש הישיבה: ניין! איך זעה נאָר, אז ער לייקענט אָב גאָט, אונזער בורא יתברך! (אַלע מורמלען).

אלישע: איך לייקען גאָרנישט אָב. איך זאָג נאָר, אז קיינער מישט זיך ניט אין דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער ערד, אינ׳ם מענשענ׳ס לעבען.

ראש הישיבה: הייסט עס, דו גלויבסט ניט אין שכר ועונש?

אלישע: ניין! איך גלויב ניט!

אַ איד: אויף שטיקער דאַרף מען איהם צורייסען דערפאַר! ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט! (אַלע מורמלען).

אלישע: עס שטעהט אין דער תורה, ווען דו געפינסט אַ נעסט, זאָלסטו די מוטער אַוועקשיקען און די קליינע פויגעלעך זיך נעהמען — והארכת ימים, דערפאַר וועסטו לעבען לאַנג. איך האָב געזעהן ווי איינער האָט געטהאָן פונקט פערקעהרט: ער האָט די מוטער גענומען און די קליינע פויגעלעך אַוועקגעוואָרפען, און דאָך לעבט ער ביז איצט, און איז געזונד ווי אַ פערד! אַ צווייטער אָבער האָט געטהאָן ווי מען דאַרף: ער האָט די מוטער געלאָזט און די קליינע פויגעלעך גענומען, ער איז דוקא אויפ׳ן שטעל אַראָבגעפאַלען פון בוים און דער׳הרג׳עט געוואָרען. וואו איז דער והארכת ימים?!

ראש הישיבה: ווער! ווער! אוי לאָזנים שכך שומעות! (אַלע מורמלען).

מאיר: רבי, ער לערנט אפשר אַ פאַלשען פשט אויפ׳ן פסוק. דאָס, חלילה, איז נאָך ניט אַזאַ אונגליק...

ראש הישיבה: וואָס? איצט לערנען אַזעלכע פשטים, ווען מיר אַלע דאַרפען זיין פעראייניגט ווי איין מענש, ווען מיר דאַרפען אונזער גאַנצען שכל, אונזערע אַלע קרעפטען אָנווענדען ווי אויפצובויען צוריק גאָט׳ס הייליגע שטאָדט ציון?!

אלישע: ניט אין ציון ליעגט דעם אידענ׳ס רעטונג! ניין! ציון איז אַ קעניגרייך פון גאָט, דער איד דאַרף אַ קעניגרייך פונ׳ם מענשען. אייער אונגליק איז, וואָס איהר זאָרגט נאָר פאַר גאָט, דערפאַר קענט איהר ניט זאָרגען פאַר זיך. ווען דאָס אידישע פאָלק איז געווען שטאַרק, האָבען זיי געפאָדערט גאָט זאָל וואָס מעהר טהאָן פאַר זיי און אַליין האָבען זיי וואָס ווייניגער געטהאָן פאַר איהם. איצט אָבער האָט איהר איין אויפגאַבע: צו בעשיצען גאָט, צו רעטען זיין תורה, צו טהאָן זיינע געבאָטען. איהר וואַגט ניט אַליין זאָגאַר אַ געדאַנק צו האָבען. יעדע קלוגע און נאַרישע זאַך, וואָס איהר אַליין טראַכט אויס מיט אייערע מח, איז גאָר געגעבען געוואָרען פון גאָט אויפ׳ן באַרג סיני! איהר אַליין זאָגאַר געהערט ניט צו זיך. איהר

זייט גאָט'ס פאָלק ! (אַ מורמעל) איהר נעהמט זיך אָן צופיעל פאַר גאָט, דערפאַר פערפאָלגט איהר און אונטערדריקט דעם מענשען ! (אַלע מורמלען בייז. דער ראש הישיבה בעראָט זיך מיט די זקנים).

אַלע : רשע ! רשע !

מאיר (שטיל צו אלישע'ן) : רבי, איך בעט אייך, רעדט ניט געגען זיי מיט אַזאַ גרויסקייט. עס איז בעסער ווען מען איז אַ שפל רוח בפני כל אדם.

אלישע : וואָס ? אַ שפל רוח ? איך זאָל ערניעדריגען מיין גייסט געגען אַ מענשען, ווען איך רעכען, אַז דער מענש דאַרף ניט ערניעדריגען זיין גייסט זאָגאַר געגען גאָט ? !

מאיר : רבינו, גלויבט איהר דען, אַז דערמיט וואָס מען צוקריעגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט, קען מען די וועלט קליגער און בעסער מאַכען ? (אלישע ענטפערט ניט).

שמעון (מען הערט זיין שטימע פון וואַלד) : טרערען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד. אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה אַ קלייד. ליעבע איז דער נאָמען פון אונזער מעכטיגען גאָט. (כאָר זינגט עס).

אלישע : איהר הערט ? דער טרויעריגער געזאַנג דאַרף אייך שרעקען מעהר פונ'ם חורבן ירושלים. דאָס טרויער־ליעד איז שאַרפער און געפעהרלי־כער, ווי דער שווערד פון די רוימער. איהר האָט אַזוי לאַנג זיך געלערנט צו ענטזאגען זיך פון זיך אַליין, ביז עס האָט געמוזט געבוירען ווערען אַ געדאַנק, אַז גאָט אַליין ווערט זיין אַ גאָט נור דאַן, ווען ער וועט זיך ענטזאגען פון זיך אַליין. איהר ווילט, דער מענש זאָל זיין אַ שפל רוח, אָט איהר שפלים, בעטלער און אביונים, וועלכע געהען איינגנעהמען די וועלט !... איהר דולדעט ניט קיין מיינונגס־פערשיעדענהייטען, און איהר פערפאָלגט זיי, דאָס מאַכט זיי שטאַרק און פעראייניגט. איהר ווילט זיי פערניכטען, און שאַפט פון זיי אַ מאַכט... איך האָב מורא, זיי וועלען נאָך אַ מאָל צונעהמען ביי אייך אייער גאָט, אייער תורה, אייערע געדאַנקען, און אייך אַליין וועלען זיי בעצאָהלען מיט פעראַכטונג און פערשפּאָטונג ! (כאָר הערט אויף זינגען). איך קוק אין דער צוקונפט און זעה, די נאָכוועלט וועט זיין דאַנקבאַר די גריעכען, ווייל זיי האָבען געשאַפען גרויסע פּאָעטישע און פילאָזאָפישע ווערק. די אידען וועט מען ניט דאַרפען דאַנקבאַר זיין. פאַר וואָס קומט זיי ? זיי האָבען דאָך אַליין גאָרניט געשאַפען. גאָט האָט דאָך אויפגעשריעבען ישעיה'ס בוך, גאָט האָט געזונגען שיר השירים, גאָט איז דער דיכטער פון דוד'ס פסאַלמען, גאָט איז געווען דער אויטאָר, וואָס האָט פערפאַסט די מערק־ווירדיגע אידישע טראַגעדיע „איוב“. נון, וועלען זיי ביי אייך צונעהמען גאָט דעם מחבר מיט אַלע זיינע חבורים און אייך וועט מען פיר אייער פּאָעזיע,

אייערע געדאנקען, אייערע הימנען, אייערע משלים בעצאָהלען מיט שנאה, רציחה, פעראַכטונג און שפּאָט!...

ראש הישיבה: געגוג! איך קען ניט און וויל ניט פערשטעהן, וואָס דו דרשנ׳סט דאָרט. ניט דו רעדסט דאָס, דאָס רעדען פון דיר די טרפה ספרים חצונים. ניט צו אונז געהערסטו, דו געהערסט צו די מינים! (אַלע: יא, יא, צו די מינים!).

אַ איד: צו די מינים, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

ראש הישיבה: עס איז בעוויזען געוואָרען אז גוים זיינען דיר ליעבער פון אידען, ספרי מינים שטעלסטו העכער פון די הייליגע שריפטען. אום צו ווייזען אַ נצחון געגען דיין גאָט און דיין פאָלק געהסטו זאָגאַר זיך מתחתן זיין מיט אַ גוי, ערל טמא, וועלכער פערצאַפּט יעדען טאָג אידיש בלוט און רויבט אונזער לעצטע ביסעל אָרימקייט. דיין טאָכטער געהט זיין דאָס ווייב אָדער קעבס־ווייב פון דעם רוימישען קוועזיטאר, הא?

אלישע: וואָס? מיין טאָכטער! (פערטראַכט) הגם איך ווייס שטענ־דיג דער לעצטער, וואָס אין מיין אייגען הויז קומט פאָר... אָבער ניין! אונזין! אונזין! אונזין!

ראש הישיבה: גלויבסט ניט אין גאָט, ווי אַ איד דאַרף גלויבען. לייקענסט אָב שכר ועונש, לעסטערסט גאָט׳ס תורה, ביזט אָפּען מחרף ומגדף דאָס אידישע פאָלק, ביזט מחלל שבת בפרהסיא, דו גיסט איבער דיינע ברידער צום שונא אין די הענד. (אַ איד: „מומר להכעים און משומד" ! אַלע שרייען דאָס זעלבע). מיר האָבען, בעונותינו הרבים, פערלאָרען אונזער מאַכט און מיר קענען דיך איצט ניט בעשטראָפען, ווי דיר קומט!

אלישע: יא, אמאָל וואָלט איהר מיך פערשטיינערט? פאַר וואָס? ווען האָב איך שלעכטעס געטהאָן?

ראש הישיבה: אַלע פיער מיתות משונות — סקילה, שרפה, הרג וחנק איז ווניג פאַר אַ אידען, וואָס פערשפּאָט זיין גאָט און פערראַט זיינע ברידער! דארום...

מאיר: רבי, אפשר וואָלטען מיר זיך נאָך אמאָל בעראַטען... מיט גוטען קען זיין...

ראש הישיבה: ניין! מען דאַרף וואָס גיכער אויסרוימען דאָס שלעכטע מערת ישראל! אלישע, אַזוי ווי עכן דער עוכר ישראל, האָסטו אַריינגעבראַכט חרם אין דיין שטוב. און אַזוי ווי עכן דאַרפסטו צוזאַמען מיט דיין חרם נחרם ווערען מקהל ישראל! ניט אונזערער ביזטו, געהערסט צו אונזער שונא. ביזט ניט קיין איד, ביזט פון די מינים! די אויסגעלאַסענע פרוי האָט דיר געגעבען דיין פּאַסענדען נאָמען: אחר ביזטו און אחר וועט דיין

פערפלוכטער נאָמען זיין: פון דור צו דור וועט דיין נאָמען זיין לחרפה ולשמצה בישראל!...

מאיר (פערברעכט די הענד): אָה! אונגליקליכער גרויסער מענש!

ראש הישיבה: יעדער איד וועט לויפען פון דיר ווי פון א פעסט! קיין מגע ומשע וועט קיינער פון אונז מיט דיר ניט האָבען; פערנעהמט וואָס איך זאָג! פערשאָלטען זאָל זיין דער איד, וואָס וועט שטעהן אין אחר'ס ד' אמות! (אַלע טרעטען אָב פון איהם). פרעמדער, געה צו די פרעמדע! פון אונז ביזטו אָבגעשניטען אויף אייביג! (אַלע געהען ראָש אָב).

אלישע: מאיר, מיין טרייער תלמיד און איינציגער פריינד, אויך דו? (מאיר פערדעקט זיין געזיכט און צוואויינט זיך שטארק. דער ראש הישיבה פיהרט איהם אוועק. אַלע אָב). אַלע! אַלע! אַלע! (בלייבט זיצען אויף אַן אָבגעהאַקטען בוים. בעאַטא, וועלכע איז שוין פריהער עטליכע מאָל ערשיע־נען צווישען די בוימער, געהט ראָש צו צו איהם) דו? (שטעהט אויף).

בעאַטא: גרויסער מענש, איך האָב אַלץ געהערט און מיין הארץ בלוטעט פאַר דיר...

אלישע (שטאָלץ): וואָס? דומהייטען... מיין פערד וואַרט שוין געוויס אויף מיר מיט אונגעדולד... איך מוז פאָהרען (געהט). קען וואָס אלישע בן אבויה טהאָן פאַר דיר? דאַרפסטו מיין הילף? ווילסטו וואָס בעטען?...

בעאַטא: יא, איך וויל בעטען... אלישע בן אבויה, טרייב מיך ניט פון דיר... דאָס איז די הילף וואָס איך וויל פון דעם הילפלאָזען מענשען... האָסט ניט קיין איין זעעלע אַרום זיך... ביזט אַליין... קיינער שעצט דיך ניט, קיינער פערשטעהט דיך ניט, קיינער האָט דיך ניט ליעב... ערלויב מיר צו זיצען ביי דיינע פיס און שווייגען שטיל... איך וועל ניט וואַגען אַ וואָרט צו רעדען אין דיין געגענוואַרט... איך וועל נאָר אין דער שטיל גיסען טרערען, ווען דיין נאָבעלעס הארץ וועט וועה טהאָן, און וועל וויינען, ווען דו וועסט פיהלען שמערצען. אלישע, שענק מיר דאָס גליק און דאָס רעכט צו נעהמען אויף זיך אַ טייל פון דיינע ליידען!

אלישע (געריהרט): קינד, עס איז גענוג, אַז יעדער פון אונז זאָל ליידען פאַר זיך אַליין. עה! מיינע ליידען זיינען גאָר ניט אַזוי גרויס, איך זאָל נאָך דאַרפען אַ טייל פון זיי אַרויפוואַרפען אויף אַן אַנדערען. וואָס? זיי זיינען אַלע געגען מיר? דערפאַר בין איך דאָך געגען זיי אַלע! דער, וואָס געהט מיט אַלע, איז געבונדען, געהינדערט פון צו טהאָן נוצליכעס פאַר אַלע... דער אָבער, וואָס געהט אַליין איז אונאָבהענגיג און פריי צו טהאָן פאַר אַלע פּיעלעס. איך געה אַליין! מיך שרעקט מען ניט איבער מיט ווייבערשע קללות און מיין פרייען ווילען קען מען ניט צוברעכען מיט פערפאָלגונגען!

אזוי לאַנג ווי דער גערדאַנק לעבט אין מיר, איז ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ קראַפט, וועלכע זאָל קענען מיך בעזיעגען און פערניכטען! אַזוי לאַנג ווי אלישע בן אבויה זאָגט, אז איך בין גערעכט, איז ניטאָ אַזאַ משפט און אַזאַ בית דין, וועלכער זאָל מיך אונגערעכט מאַכען! (געהט).

בעאַטאַ: אָה, גוטער, שטאַרקער מענש, ווי גרויזאַם און שוואַך דו ביזט! (פערברעכט איהרע הענד אין פערצווייפלונג. פּלוצלונג ווייט טוביה'ס פייפעלע. ער שפּיעלט דאָס זעלבע וואָס פריהער).

אלישע (שטעלט זיך אָב און הערט זיך צו ענטציקט): דו הערסט, קינד? ניט נאָר פלוך און האַס זיינען דאָ אויף דער וועלט, עס זיינען אויך דאָ ליעדער און פרייד! (דאָס פייפעלע שפּיעלט, ביידע הערען זיך צו).

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)

## דריטער אַקט.

(דערזעלבער גארטען נעבען אלישע בן אבויה'ס הויז, ווי אין ערשטען אַקט. טאָג).

אַ איד (ער קומט פאָרזיכטיג ביז'ן גאָרטען, קוקט זיך אום, מאַכט מיט'ן האַנד און רופט שטיל. נאָך עטליכע אידען קומען): שש! אָט דאָ פון דער זייט וועט מען עס דארפען מאַכען. שש! איהר ווייסט ווען? פונקט פאַר־נאַכט, ווען די רוימישע לעגיאָנען וועלען אָנהויבען מארשירען און עס וועט ווערען אַ געטומעל. שש! דעם רויטען האָן וועט מען דאַרפען שיקען פון דער זייט, די געצקע צוברעכען, די גוי'אישע זאַכען צושטערען, פון אַלץ מאַכען אַ תל. ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט. פערשטאַנען? (אַלע: יאַ!) האַר אויס, אחר הרשע! מיר וועלען לערנען מיט דיר די גאַנצע פּרשה בלק! אַזאַ רשע! ער מסור'ט אַלע אידען. וואו עס איז נאָר אַ אידישע חתונה, אַ ברית, אַ שמחה, דערצעהלט ער באַלד די רוימער! (אַלע מורמלען און דראָ־הען). תלמידים, וואָס געהען אין בית המדרש לערנען, הרג'עט ער און קוילעט מיט אַ מעסער. (אַלע: יאַ?) ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט. איהר ווייסט, פון וואַנען דער רוח הטומאה האָט זיך צו איהם אריינגעכאַפּט? ווען זיין מאַמע איז געוועזן מעוברת מיט איהם, איז זי געגאַנגען מיט איהם פערביי אַ גוי'אישע בית תפילה און האָט אַריינגעקוקט אינווענינ אַריין צו די געצקעס — האָט זיך דאָס באַלד אַריינגעכאַפּט אין איהר. (אַלע: יאַ?) ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט. איך בין כמעט ווי אַליין געוועזען דערביי: איך האָב דאָס געהערט מיט מיינע אויערען פון אַ תלמיד חכם. (אַ גערויש) איך הער, מען געהט, חברה, שטעלט פיס. (לויפען אַוועק אַלע. באַלד הערט מען זיין שטימע): אחר'ס מכשפה! טפו אויף דיר! אחר'ס מכשפה! (מען הערט שטימען: אחר'ס מכשפה, אחר'ס מכשפה! — מרימי לויפט אַריין פון גאַס אין גאָרטען).

מרימי: אָט האָסטו דיר! איך האָב איצט קיין אַנדער נאָמען ניט, ווי אחר'ס מכשפה. אַז איך בין געוועזן יונג, איז מען נאָך מיר אַזוי ניט נאָכגעלאָ־פען, ווי איצט. נו, מסתמא וויל דאָך אַזוי גאָט אונזער האַרר. (שרייט אין הויז אַריין) בעל־הבית'טע, קום אַקאָרשט אַהער (בתבורית קומט, אָרימער גע־קליידט). איך האָב גאָר ניט געבראַכט: ניט בוימאייל, ניט איילבערטען, ניט מעהל.

בתבורית: וואָס הייסט, דו האָסט ניט געבראַכט?

מרימי: איהר ווייסט דאָך, אידישע קרעמער ווילען אונז ניט פערקויפען, מען זאָל אפילו געבען אַ רענדעל פאַר אַ טראָפּען, פלעג איך שטענדיג נעהמען ביים שומרוני אין קלייטעל. ער איז מיינער אַ שטיקעל קרוב און אַ „ברודער" אויך דערצו, וויל ער אָבער אויף באָרג מעהר ניט געבען.

בתבורית: נו, יאַ, ביי וועמען איז איצט אַ ח ר אַ בטוח? ער איז נאָר ביי זיך אַ גרויסער בטוח. זיצט דאָרטען מיט די גוי'אישע ביכלעך, פונקט ווי ניט איהם מיינט מען. עס האַרט איהם עטוואָס? אַן אַנדער איד לעגט זיך אין דער ערד פאַר זיין ווייב און קינד, אַזאַ אָבער ווי ער וועט זיך ניט לעגען. נו, וואָס טהוט מען? מען וועט דאַרפען ווידער שיקען צו ר' מאיר'ן לייהען אַביסעל געלד. ער איז דער איינציגער, וואָס צוליעב מיר האָט ער רחמנות אויף איהם אויך. ווערסט מוזען אַריבערגעהן, מרימי... (נעמי קומט פון שטוב).

מרימי: אי, די אידען טשעפּען זיך צו מיר!

נעמי: מרימי, האָסט מיר געקויפט טויטלען?

בתבורית: אָי! איין קינד, און אַז זי וויל נעבעך אַ טויטעל איז ניטאָ! (זיפצט).

מרימי: ניין, איך האָב ניט געקויפט קיין טויטלען.

נעמי: ניט געקויפט? הערסט אַ חכמה! זי בעריהמט זיך נאָך...

מרימי: די אידישע קרעמער ווילען אונז ניט פערקויפען קיין טויטלען.

נעמי: זיי ווילען אונז ניט פערקויפען קיין טויטלען אויך? אַזאַ געמיינהייט! פאַר וואָס שווייגט זיי דער טאַטע! איך וואָלט זיי פאַר אַזאַ זאַך אָנגעלערענט!

מרימי: און אויסער דעם, אַז מען וויל עפּעס קויפען, דאַרף מען האָבען געלד.

נעמי: געלד? נו, פאַר וואָס זאָגסטו ניט דעם פאָטער? דיר איז שווער צו זאָגען?

בתבורית: עס וועגדט זיך נאָר אָן זאָגען! נעמי, דער טאַטע דיינער, דער זיסער, האָט דאָך אונז בענומען, בע'גזל'ט, בערויבט, מיר וועלען דאָך גיך אויסגעהן פון הונגער, אָדער געהן איבער די הייזער בעטלען. ער האָט אָבגעגעבען אין גאַנצען, וואָס ער האָט געהאַט.

נעמי: ער האָט אָבגעגעבען אין גאַנצען? איך האָב פריהער געוואוסט, אַז ער קען טהאָן אַזאַ חכמה. אַ מענש, וואָס וויל אַלץ נאָר פאַר זיך.

בתבורית: זי איז ניט גערעכט? נעמי, אפשר וואָלסטו געגאַנגען צו

ר׳ מאיר׳ן באַרגען אַ ביסעל געלד? ער איז געווים אין בית המדרש... זאָג איהם, אַז...

נעמי: וואָס? אַ שעהנער איינפאַל! אלישע בן אבויה׳ס טאָכטער זאָל געהן אין בית המדרש לייהען געלד... וואָס קוקסטו אויפ׳ן טאַטען? זאָג איהם, ער זאָל געבען געלד. נאָך וואָס דען איז ער אַ טאַטע? יא, מאַמע, און דערמאָהן איהם, איך דאַרף אַ נייע פּאָר אויעררינגלעך (אָב).

מרימי: אָי! זי איז ביי איך אויסגעוואַקסען אַזוי, אַז זי וויים ניט פון וואַנען וואָס עס נעהמט זיך.

בתבורית: ווי אַזוי דען דאַרף וואַקסען אַ טאַטענ׳ס אַ קינד? זי איז דאָך ניט שולדיג, וואָס זי האָט אַזאַ טאַטען...

מרימי (געהט): יא, בעל הבית׳טע, היינט איז דאָך דער צוואַנציג־סטער טאָג אין חודש, דאַרף מען זיך ריכטען אויף מענשען?

בתבורית: מענשען! ווער דאַרף איהם איצט און ווער וועט קומען צו איהם? און וואָס וועט ער זיי געבען פאַר כבוד? קדחת מיט אַ מכה.

מרימי: מסתמא וויל אַזוי גאָט אונזער האַרר. (זיפצט. אָב אין שטוב).

בתבורית: אָי! נאָר אַזאַ שטאַרקער מענש, ווי איך, קען דאָס אַלץ אויסשטעהן און אויסהאַלטען. ער זאָל האָבען אַן אַנדער ווייב, וואָלט שוין פון איהם קיין שריד ופליט ניט געבליבען. איך האָב איהם דאָך ביז איצט אָבגעהיט. מען קען פערהיטען אַזאַ חסר דעה! אָט איז ער! (אלישע קומט מיט אַ גראָבען שטעקען). רוהיג! געהט זיך שעפּען פרישע לופט! עס נעהמט איהם, ווי די וואַנד. פערזאָרגער מיינער! אונזער ברויט־געבער, וואָס וועט זיין דער תכלית פון אונז? מיר האָבען פון דיר נאָר חרפּות, בזיונות און צרות. מען לויפט פון אונז, ווי פון פערפּעסטעטע. מען וויל אונז ניט קענען, מען וויל אונז ניט וויסען, מען וויל אונז קיין זאַך ניט פערקויפען, ניט באָרגען, ניט לייהען; איבער דיר רעכענט מען מיך אויך פאַר אַ משומדת׳טע! מיר לעבען דאָך איצט ווי אויף אַ בית עולם. מיר זיינען איבער דיר אַלע, ווי לעבעדיג בעגראָבענע.

אלישע: קינד, האָב געדולד, זיי זיינען דאָך מענשען און וועלען זיך גיך איבערצייגען, אַז זיי פערפאָלגען אונז אומזיסט.

בתבורית: האָסט געמאַכט, ווי אַ חכם, האַ? דיין גאַנצעס פערמעגען אָבגעגעבען אַ פרעמדען, אַ גוי־חזיר, און מיר וועלען דאַרפען באַלד געשוואָלען ווערען פון הונגער.

אלישע: ער איז טאַקע אַ גוי, און אפשר אַ חזיר אויך, ער איז אָבער אַ דענקענדער מענש און ער האָט מיר געגעבען זיין עהרענוואָרט... וועסט זעהן, היינט וועט ער דאָך דאָ זיין, וועט ער געווים דאָס געלד אויך ברענגען.

בתבורית: ניט היינט־מאָרגען, נאָכ'ן קאַלטען קוגעל וועט ער עס דיר ברענגען, וואָס הייסט דו ווערסט משוגע און גיסט איהם אָב מיין בלוט, מיין גוטס! מען דאַרף דאָך שכל האָבען! וואָס איז, ער צאָהלט דיר א גרויסען פּראָצענט דערפאַר? אָדער ער וועט טהאָן עפּעס פון דיינעט וועגען?

אלישע: ניין! דאָס ניט... נאָר ע... איך האָב אפשר געהאַט אַנדערע אורזאַכען.

בתבורית: איבער אַנדערע אורזאַכען האָסטו אונז בדיל־הדל גע־שטעלט, אונגליקליך געמאַכט! וועה איז מיר! וועה איז מיר! (וויינט. אלישע בעטראַכט זי מיט מיטלייד).

אלישע: וויין ניט, קינד, דו ביזט ניט קיין פרעמדע, דיר מעג איך זאָגען די וואַרהייט. עס האָט זיך מיר זעהר ניט געוואָלט איהם געבען דאָס געלד...

בתבורית: אז מען וויל ניט, גיט מען ניט!

אלישע: יא, אָבער ווען ניט איך, וואָלט ער דאָס געלד געזאַמעלט מיט געוואַלד פון די פּראָרימטע אידען. ווייסט דאָך, ווי די רוימער מאָהנען צינזען מיט געוואַלד! זיי מאַטערען, זיי פּאָלטערען, ברענען אויפ'ן פייער שניידען שטיקער פלייש, שלאָגען די תפילין אין מאַרך אריין.

בתבורית: אזוי? האָסטו, הייסט עס, געוואָלט זיין א גוטער אויף אונזער חשבון? פאַר וואָס ביזטו עפּעס מעהר מחויב פון אַן אַנדערען? עס זיינען דאָ קליגערע און בעסערע פון דיר, זאָלען זיי דאָס טהאָן!

אלישע: קינד, די קליגערע פון מיר וואָלטען עס ניט געטהאָן, און די בעסערע? כע! כע! ער האָט געדאַרפט דאָס געלד באַלד און וואָלט די בעסערע געמוזט זוכען צו לאַנג...

בתבורית: ביי מיר טריפט דאָס בלוט און דו חכמ'עסט זיך! וואָס האַרט דיר פאַר אַן אַנדערען? פיהלסט דען ווי א מענש? דיין חכמה איז דאָך נאָר שמד־שטיק מיט נאַרישקייטען. פערשטעהסט דען עפּעס, ווי מען דאַרף? לייענסט ביכלעך, וואָס זיינען גוט פאַר שקצים מיט שיקסעס. דו לערנסט דאָך דאָס, וואָס קיינער דאַרף ניט, און טהוסט דאָס, וואָס קיינער טהוט ניט, נאָך וואָס לעבסטו? דו לעבסט נאָר, אום מיט אַלעמען צו קריעגען זיך, מאַכען די גאַנצע וועלט פאַר שונאים, טהאָן יעדען דוקא אויף להכעיס, פיהרען זיך פערקעהרט פון אַלע מענשען און פער־רייסען זיך מיט יעדען אייניציגען! האַר אויס, דו וועסט זיך דערשפּיעלען! (וויינט) אָי, ווען ניט איך, א שעהנעם פּנים וואָלסטו איצט געהאַט. איך געה צו מאיר'ן לייהען געלד... (ראש אָב דורכ'ן גאָרטען. אלישע בלייבט זיצען לאַנג מיט פערבראָכענע הענד. מרימי קומט).

מרימי: און אָט איז דער בעל הבית... זאָגט מיר, וועלען היינט זיין מענשען דאָ?

אלישע (שטעהט אויף): יא, מרימי, געוויס. וואָס מיינסטו, אלישע בן אבויה האָט שוין מעהר קיין פריינד ניט? זיי וועלען קומען. מען דאַרף אָבער אַזוי מאַכען, זיי זאָלען אונזערע אומשטענדען ניט בעמערקען. עס איז ניט שעהן צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ נעבעכל. רוים אויף אַלץ, ווי עס געהער צו זיין, איך וועל זיך דורכגעהן און קום באַלד צוריק.

מרימי: בעל הבית, מיר האָבען אפילו ניט קיין טראָפּען וויין.

אלישע: ניטאָ קיין וויין? נו, דאַרף מען קויפען (וויל נעהמען געלד פון דער טאַש). אַך, יא!... נו, וועלען מיר היינט לעזען מעהר פּאָעזיע. איך געה, איך קען יעצט אָהן דעם פריינד ניט בעווייזען זיך אויפ׳ן גאַס (צייגט אויפ׳ן שטעקען). דער שטעקען איז געשאַפען פאַר הינד און איך דאַרף איהם געברויכען פאַר מענשען. עס זיינען דאָ מענשען, ליידער, וועלכע פערשטעהען נאָר די שטעקען־שפּראַך (אָב דורכ׳ן גאָרטען).

מרימי: אַזאַ גוטער מענש און וויל ניט גלויבען אין אונזער גלויבען. (נעמי קומט אין אַ מאַנטעל). נעמי, וואוהין?

נעמי: שש! דער פאָטער און די מוטער זיינען אַוועקגעגאַנגען? איך מוז זיין אויף אַן אָרט, איך קום באַלד צוריק... זאָלסט גאָר ניט זאָגען ניט דער מוטער, ניט דעם פאָטער. זיי דאַרפען ניט וויסען.

מרימי: אי, נעמי, מען טאָר ניט נאַרען אַ טאַטען.

נעמי: דער טאַטע מעג טהאָן וואָס מען טאָר ניט? מעג איך אויך. ער האָט זיך ניט פיינט, איאָ? פאַר וואָס זאָל איך זיין אַ נאַר? דו זאָלסט הערען וואָס די מאַמע דערצעהלט פון איהם. (זינגט שטיל אַ מיליטערישען מאַרש און מאַרשירט אָב דורכ׳ן גאָרטען. מרימי ברענגט טעפּיכען און קישענס ווי אין ערשטען אַקט).

מרימי: גוטער גאָט, וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט? יונגע און אַלטע — אַלעמען ווילט זיך זינדיגען (פערשפּרייט די טעפּיכען איבער די בענק. בעאַטאַ קומט).

בעאַטאַ: מען רופט אייך, דאַכט זיך, מרימי? זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר: קען איך איצט זעהן ר׳ אלישע בן אבויה? ער האָט מיר געזאָגט: ווען איך וועל איהם וועלען זעהן, זאָל איך קומען.

מרימי (בעשעפטיגט): ר׳ אלישע איז ערשט אַוועקגעגאַנגען, ער וועט אָבער באַלד קומען. דו קענסט דאָ וואַרטען אויף איהם, אויב דו האָסט גענוג צייט.

בעאַטאַ (מיט אַ שמייכעל): יא, איך האָב גענוג צייט צו וואַרטען

אויף איהם... (שטיל) אייביג! (לויט) איך האָב געהערט, זיי זיינען יעצט אין זעהר אַ שלעכטע לאַגע. ווי פיהלט ער? איז ער ניט קראַנק?

מרימי: ווי און וואָס ע ר פיהלט, קען קיינער ניט וויסען, אָי, לאָז מיך עפּעס טהאָן. מיר ערוואַרטען דאָ היינט מענשען.

בעאַטא (שטיל): זי פערשטעהט, ער איז אַ מענש, וואָס מען קען ניט וויסען ווי און וואָס ער פיהלט. איז זי ניט אַ טייערע? מרימי, איהר ערוואַרטעט דאָ מענשען! לאָזט, איך וועל אייך העלפען (הויבט אָן פלינק צו אַרבייטען). מיינט איהר ניט, אַז דאָ נעבען די בלומען וועט זיין בעסער אַ גרינער טעפּיך. און דאָ אַ וואָלענע דעקע... און דאָ צוויי טאַבורעטען אַהער... (אין איין אויגענבליק איז אַלץ איבערגעשטעלט מיט גוסט). אָט אַזוי, און וואו זיצט ר' אלישע בן אבויה, דאָ? וועלען מיר דאָס אונטערשפּרייטען אונטער זיינע פיס (פערשפּרייט אַ טעפּיך אויף דער ערד). געבענשט זאָלען זיין די פיס, וואָס טראָגען איבער דער וועלט אַזאַ גרויסען, קלוגען קאָפּ. (קושט דעם טעפּיך ליידענשאַפטליך. לויט) ער איז שטענדיג פערזאָרגט, שטאַרק פערזאָרגט, האַ?

מרימי: ער זאָגט ניט, און דערקענען איז שווער. איך קען איהם לאַנג און האָב ניט געהערט, ער זאָל זיך קלאָגען. אפילו אַז ער איז קראַנק קרעכצעט ער ניט און שווייגט...

בעאַטא: יא, ער זאָגט ניט און ער קלאָגט זיך ניט. דאָס איז ער! (לויט) די בלומען דאַרף מען אַביסעל אויפפרישען (נעהמט אַ קרוג וואַסער פון פאָנטאַן און בעשפּריצט די בלומען). אָט אַזוי... נו, און די טאָכטער?

מרימי: וואָס ווייס זי? שפּרינגט ווי אַ ציעג און קייט טויטלען... זאָל מיך גאָט ניט שטראָפען... ניט די מאַמע, ניט די טאָכטער, קיינער ניטאָ אין דער היים.

בעאַטא: קיינער ניטאָ? (קוקט אַריין אין הויז) אי, וואָלט איך געוואָלט זעהן זיין צימער, וואו ער זיצט און לערנט און דענקט... זיינע ביכער, מיט וועלכע ער פערברענגט אַזוי פיעל צייט. זיין טיש... איך וואָלט געקושט דעם טיש, אויף וועלכען ער שפּאַרט זיך אָן מיט זיין נאָבעלע האַנד... (שמעון הנזיר קומט, מיעד, די שיך פערשטויבט. אַ לאַנגער שטעקען אין האַנד, אַ פּעקעל אויף די פּלייצעס. נאָך בלאַסער ווי פריהער. די אויגען ברענען מעהר).

מרימי (מיט גרויס פרייד): אונזער ברודער! אונזער שמעון!

שמעון: פריעדען צו דיר, שוועסטער מרימי, פריעדען צו אַלע. וואָס מאַכסטו? איך האָב געהערט אַלץ וועגען אלישע'ן. עס איז גוט, וואָס איהם איז אַזוי שלעכט... דורך שמערצען וועט זיין האַרץ געעפענט ווערען פאַר גאָט'ס וואָרט. דאַרום בין איך גלייך פון וועג געקומען אַהער. יא, איך קום

יעצט פון ווייט, איך און ברודער טוביה זיינען מיר געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָדט צו שטאָדט, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ גרויסען כרך ביים ים, מיר זיינען געגאַנגען איבער גאָט'ס וועלט מיט גאָט'ס וואָרט. אומעטום געפונען טרייע ברידער און שוועסטער, אומעטום פערזאַמלונגען און געבעט. די פיס זיינען מיר געשוואָלען, די אַקסלען אָנגעריבען פון קלומיק... אי, מיר האָבען אַ גוטען פאָטער אין הימעל!

מרימי (נעהמט אַראָב דעם פעקעל פון זיינע פּלייצעס): ברודער שמעון, וועסטו געהן רוהען און וואַשען דיינע מיעדע פיס?

שמעון: ניין, איך זעה דאָ אַ פערלאָרענע זעלע, וועלכע איך וויל רעטען פאַר אונזער פאָטער אין הימעל (ציינגט אויף בעאַטאַ'ן).

בעאַטאַ: עס איז שוין געווען איינער, אַ גרעסערער, אַ שטאַרקערער פון דיר, וועלכער האָט מיין פערלאָרענע זעלע גערעטעט...

שמעון: ניין! ער האָט גערעטעט נאָר דיין קערפּער פון שאַנדע און ערניעדרונג, דיין זעלע אָבער וואַנדעלט נאָך אַרום אין דער פינסטערניס. אָה, שוועסטער, וואָס איז אונזער לעבען? איין אויגענבליק. היינט ביזטו יונג און שעהן און מאָרגען שטעהט שוין הינטער דיר דער מלאך המות. און אַז דו וועסט קומען אויף יענער וועלט פאַר דיין פאָטער אין הימעל, וועט ער דיך פרעגען: צו וואָס האָסטו געלעבט? וויפיעל גוטעס האָסטו געטהאָן? וועמען האָסטו געליעבט אויסער זיך, אויסער דיין אייגענעם זינדיגען קערפּער? (בעאַטאַ קוקט אויף איהם ערשטוינט). שוועסטער, דענק פון דיין טויט.

בעאַטאַ: שוין דענקען פון טויט? ניין, איך האָב נאָך צייט. דו, יונגער קברות מאַן, בעגראָבסט מיך שוין? איך וויל לעבען. איך וויל נאָך ערשט ליעבען און זיין געליעבט... איך וויל זיין גליקליך...

שמעון: ניטאָ קיין לעבען, קיין ליעבע, קיין גליק, אויסער דאָרט, ביי אונזער פאָטער אין הימעל (ער וויינט, מרימי ווישט איהרע אויגען).

בעאַטאַ: זעהט נאָר... ניין! ניין! די וועלט איז שעהן, די זון איז ליכטיג, דאָס בלוט קאָכט. וואַרום זאָל איך דענקען פון טויט, ווען איך וויל ערשט אָנפאַנגען צו לעבען. (אַ גערויש).

שמעון: צוליעב דאָס אונזיניגע לעבען דאָ, ווילסטו פערלירען דאָס אייביגע לעבען דאָרט?

מרימי: אימיצער געהט אַהער. קומט אַלע צו מיר אין אַלקער... קום, שוועסטער, ווילסט דאָך וואַרטען אויף ר' אלישע'ן? קום, וועסט אַזוי לאַנג הערען ברודער שמעון הנזיר, ביז דו וועסט מוזען זאָגען: יאַ, ער איז גערעכט.

שמעון: גערעכט איז נאָר אונזער פאָטער אין הימעל (געהט אָב אין הויז).

בעאַטא: דער מוז אויך זיין א גרויסער מענש. אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשיעד: דער איז יונג און שוין אַלט און יענער איז בעיאָהרענט און איז יונג... דער רופט אין קבר און יענער רופט אין דער גרויסער וועלט, אין פרייען פעלד, אין גרינעם טהאָל... כאַ! כאַ! צוויי מלאכים! דער איז דער מלאך המות און יענער איז דער מלאך החיים. (זי און מרימי' אָב. מען הערט שטימען: משומד! אחר! אחר! נאָכדעם טוביה'ס שטימע, נאָכדעם אלישע'ס שטימע, אלישע און טוביה קומען).

אלישע: יאַ, יאַ, קום אַריין. ביזט ביי מיר זעהר א גוטער גאַסט...

טוביה: מיר זיינען ביידע געגאַנגען צו דיר. ברודער שמעון איז שוין געוויס דאָ. איך בין טאַקע זעהר מיעד. די פיס ווי צוויי קלעצער. איך האָב אָבער געדאַרפט פריהער איבערגעבען א בריעף צו אַן אַלטער מאַמע פון איהר געפאַנגענעם זוהן, האָב איך א שפאַן געטהאָן א דריי מייל. מיינע צוויי אַלטע שפּרייזער זיינען אַביסעל אויסגעהאָרעוועט. איך הער זיי ווי דעם פאַר־א־יאָהריגען שנעע (נעהמט אַראָב פון זיך זיין פעקעל און זעצט זיך).

אלישע (קוקט זיך אַרום): ווי געמיטהליך דאָ איז. גליקליך איז דער מענש וואָס האָט אַן אייגען ווינקעלע, וואו ער קען בלייבען אַליין מיט זיך, ווייט פון די גאַסען־יונגען, ווייט פון גאַסען־מיינונגען און גאַסען־גערעכטיגקייט.

טוביה: ברודער, דיין ווינקעל איז צו קליין. דיין ווינקעל, דאָס איז דו אַליין. דו זיצסט אין זיך. עס איז איינג, און אין דיעזער איינגער וועלט ביזטו גרויס... מיין ווינקעל אָבער איז די וועלט פון איין עק ביז'ן אַנדערען. איך בין טאַקע האָרט קליין ווי א מילבעלע, עס איז אָבער אַזוי געררוימיג אַרום מיר... און ווען איך בין צום ערשטען מאָל צוזעגאַנגען מיט שמעון'ן צו מ י י ן גרויסען ים, האָב איך דערזעהן דיעזען גרויסען וואַסער־שטח און דערהערט זיין רוישען, איז מיר געוואָרען אַזוי ברייט און פרעהליך אויפ'ן האַרצען, אַז איך האָב אַ געשריי געטהאָן: אָי, טאַטע פאָטער, וואָס פאַר א גרויסע היים איך האָב! און איך האָב אַרויסגעכאַפּט מיין פייפעלע און האָב פּלוצלונג אָנגעהויבען צו שפּיעלען א נייעס אונבעקאַנטעם ליעד... איך וויים ניט, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען. דאָס האָבען הפנים די וועלען און דער ווינד געבראַכט צו מיר דאָס ליעד פון יענער זייט ים, פון די מענשען, וואָס לעבען דאָרט... וואָרום מיין זעעלע איז דאָך א טייל פון זייערע זעעלען און זייער ליעד איז מיין ליעד... אי, ברודערעל, איז די וועלט שעהן און גרויס,

און גוט! פאַר וואָס ווילסטו זיך ניט אַרויסקלייבען פון דיין איינגע דירה אין מיין גרויסען פּאַלאַסט אַריין, האַ?

אלישע: אָרימער אביוני, דעם פּאַלאַסט דיינעם, וואו דו בלאָנדזשעסט אַרום מיט דיין בעטלער־זאַק, בין איך דיר מוחל... אָבער דו האָסט אַ רייכע זעעלע. איך האָב פיעל מאָל געדענקט פון דיר. און עס איז זעהר גלייך פון דיר, וואָס דו ביזט איצט געקומען. נאָר, אויב מיין פרוי...

טוביה: ניט איין מאָל האָט מען שוין מיר געשפּיעלט אַ קבלת פּנים מיט אַ שטעקען, און ווען איך האָב געבעטען ברויט, האָבען מיר מענשען געגעבען אַ שטיין... דעריבער דאַרף איך האָבען יסורים? (שטיל) אלישע בן אבויה, איך האָב געוואוסט, אַז אַלע האָבען זיך אָבגעקעהרט פון דיר, בין איך צו דיר געקומען... ברודער, ערלויב דעם אַלטען בעטלער צו בלייבען נעבען דיר. דער רייכסטער פריינד אין דער וועלט איז אַן אביון... (אבנימוס קומט צום גאָרטען).

אלישע (אויסער זיך פון פרייד): הידד! ווען זעה איך? מיינע פריינד פאַנגען אָן צו קומען! איך האָב געפיהלט, אַז דיין הארץ וועט דיר ערקלערען די וואַרהייט. קום אַריין, אבנימוס.

אבנימוס (געהט ניט אין גאָרטען): ניין, איך בין ניט געקומען צו גאַסט. איך דאַרף דיר אַליין וואָס מיטטיילען (קוקט אויף טוביה'ן).

טוביה: זיי ווילען, דער גביר אדיר זאָל זיך אָבטראָגען פון דאַנען... נו'ם איך געהן זעהן, וואָס מאַכט מיין שוועסטער מרימי. עי! עפּענט טהיר און טויערען. טוביה האביוני געהט! (נעהמט זיין פּעקעל. אָב).

אבנימוס: היינט מאַרשירען אַרויס פון דאַנען די אַלטע רוימישע לעגיאָנען און נייע לעגיאָנען מאַרשירען אַריין...

אלישע: איז וואָס? לעגיאָנען, מאַרשען, סאָלדאַטען! דו ווייסט, אַ מענש אינטערעסירט זיך ניט דערמיט.

אבנימוס: ווייסטו אָבער, אַז צוזאַמען מיט די לעגיאָנען געהט צוריק קיין רוים אַנטאָניוס סעווערויס, דער קוועזיטאר? האָט ער דיר בעצאָהלט זיין חוב?

אלישע: איך האָף, ער וועט קומען מיך זעהן. זאָגען מיר „לעב וואָהל" און בעצאָהלען...

אבנימוס: איך וואָלט דיר געראַטען ניט האָפען און זעהן וואָס טהאָן...

אלישע: איך האָף, אַז ניט אַלע מיינע פריינד זיינען מענשען, אין וועלכע איך האָב זיך גענאַרט...

אבנימוס: און אויסער דאָס געלד... זיי פּאָרזיכטיג... מען זאָגט, דיין טאָכטער...

אלישע: דאָס האָב איך שוין לאַנג געהערט און לאַנג אויסגעפונען, אַז עס איז אַ רכילות... ערלויב מיר אַליין צו זאָרגען פאַר מיין טאָכטער!

אבנימום: מיין פליכט איז געווען דיך צו וואַרנען. איצט, אונגליק־ליכער אחר, נאָך איין וואָרט...

אלישע: ניט אחר, אלישע בן אבויה איז מיין נאָמען!

אבנימום: דער נאָמען פון אַ מענשען איז ניט ווי ער רופט זיך, נאָר ווי ער ווערט פון דער וועלט גערופען...

אלישע: די וועלט? די וועלט האָט סאָקראַטעס'ן גערופען פער־רעטער און פערברעכער!...

אבנימום (נעהמט געלד פון זיין טאַש): איך האָב דיר געבראַכט, וואָס איך בין דיר שולדיג...

אלישע: איך האָב דיר קיינמאָל ניט געבאָרגט און דו קענסט מיר ניט שולדיג זיין.

אבנימום: וואָס הייסט? דו האָסט מיר געגעבען... ע...

אלישע: דאָס וואָס איך שענק, נעהם איך ניט צוריק!

אבנימום: איך האָב דיך געוואַרענט און דו טהו ווי דו פערשטעהסט (געהט). דאָס געלד וועט מען דאַרפען געבען זיין פרוי, זי איז גאָר ניט שטאָלץ, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען געלד (אָב).

אלישע: אָי, קיינער קען אונז ניט אַזוי וועה טהאָן ווי די, וועלכע מיר רעכענען פאַר אונזערע פריינד... קיינער איז אונז ניט אַזוי פרעמד ווי די, וועמען מען רופט אייגענע... קיינער איז פון אונז ניט אַזוי ווייט, ווי די, וואָס זיינען אונזערע נאָהענטע. פריינד ליעבען אונז נאָר דאַן, ווען מיר זיינען געליעבט... (פערדעקט זיין געזיכט. נ ע מ י לויפט אַריין, דערזעהט דעם פאָטער, וויל זיך אַריינ'גנב'ענען אין שטוב. געהט אויף די שפּיץ פינגער, גיט אַ קלאַפּ. אלישע בעמערקט זי). נעמי, דו? וואו ביזטו געווען?

נעמי: איך בין ערגעץ ניט געווען... אַזוי אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווײַלע... איך האָב געוואָלט קויפען טויטלען, פערקויפט קיינער ניט. שלעכטע מענשען!

אלישע: האַר אויס, נאַשערין, עס וועלען קומען צייטען, ווען די שלעכטע מענשען וועלען דיר פערקויפען טויטלען און פייגען און ראָזינקעס און די אַלע גוטע זאַכען, וואָס דו האָסט ליעב.

נעמי: פאָטער, איך מוז געהן זאָגען עטוואָס מרימי'ן (וויל געהן). דער מאַמען קען מען ניט אַזוי לייכט אָבנאַרען. ער אָבער — ער גלויבט, האַלט זיך פאַר אַ קלוגען און עס איז גאָר קיין קונץ ניט איהם אָבצונאַרען....

אלישע: האַר אויס, נעמי, איך וויל דיר עטוואָס פרעגען.

נעמי: דאָס וועט זיך שוין אָנהויבען... אָי! (זיפצט).

אלישע: דו ווייסט, נעמי, אַז איך בין ניט זעהר אַ גליקליכער מענש... וואָס פאַר אַ פריידי האָב איך אין לעבען און וועמען האָב איך אויסער דיר אויף דער גרויסער וועלט? איין קינד — דאָס איז אַלץ... נעמי, עס קען זיין, איך וועל גיך שטאַרבען, אָדער מען וועט מיך ערמאָרדען, טרייסט איך מיך דערמיט: — מיין קינד וועט בלייבען נאָך מיר. זי וועט האָבען זיהן און טעכטער, קלוגע, גוטע מענשען, דענקער און לערנער. דורך זיי וועט מיין זעעלע לעבען. דאָס איז די איינציגע אונשטערבליכקייט, אין וועלכע איך גלויב.

נעמי (אונגעדולדיג): פאָטער, וואָס וויים איך פון אונשטערבליכקייט!

אלישע: ביזט גערעכט, קינד. הער, איך האָב שוין אַמאָל נאָכגעפרעגט און עס האָט זיך אויסגעצייגט אַ געמיינער ליגען... און דאָך היינט האָב איך ווידער געהערט וועגען דעם רוימער...

נעמי: וועגען וואָס פאַר אַ רוימער? וויים איך! אַז מען רעדט פון דיר, דער רוח ווייסט וואָס? מען קען לייטישע מיילער ניט פערשטאָפּען... איין זאַך פערשטעה איך ניט: דו זאָגסט שטענדיג, ביי דיר איז גלייך וואָס איד און וואָס רוימער...

אלישע: יא, קינד. א י ך זאָג עס, אָבער דער רוימער זאָגט ניט, אַז ער איז גלייך צום אידען. און אַזוי לאַנג ווי דער שטאָלצער רוימער האַלט זיך העכער פונ׳ם אידען, דאַרף יעדער איד, וואָס רעספּעקטירט זיך אַליין, ניט שטעלען זיך ניעדריגער פונ׳ם רוימער, ניט ניעדריגער פון קיין מענשען אין דער וועלט! פערשטאַנען?

נעמי: יא, איצט פערשטעה איך. (שטיל) גער פערשטעה אַ מענשען, וואָס זאָגט אַהין און אַהער...

אלישע: זי איז צו אונשולדיג און צו נאַריש, מען זאָל וועגען איהר קענען וואָס גלויבען. אָה, וועגען איהר קען איך גאַנץ רוהיג זיין.

נעמי (געהט אין הויז. בעאטא קומט אַנטקעגען): אה! דאָס איז הפּנים די דאָזיגע, פון וועלכע די מאַמע האָט מיר דערצעהלט. (לויט, מיט אַ גרימאַסע) פאָטער, דו האָסט אַ גאַסט (געהט). נאָר ער מעג אַלץ און אַן אַנדערער טאָר גאָר נישט (אָב).

בעאטא (טרויעריג): ער האָט מיר צואוועהטאָגט מיין האַרץ און פערשראָקען מיינע פרעהליכע געדאַנקען. מען דאַרף זיך ניט צוהערען מעהר צו זיינע רייד (פיהרט מיט׳ן האַנד איבער׳ן קאָפּ).

אלישע: בעאטא, ענדליך ביזטו געקומען צו מיר?

בעאטא: האָסטו מיך ערוואַרטעט?

אלישע: ניין! דאָס הייסט, איך האָב ניט געוואָלט דו זאָלסט קומען און בין געווען בייז, פאַר וואָס דו קומסט ניט.

בעאַטא (ווערט פרעהליך): פאַר וואָס זיצסטו ניט דאָ? דאָס האָב איך דעם טעפּיך פאַרבערייטעט פאַר דיינע פיס (קוקט אויף איהם). אָה, גרויסער מענש, קיינער זעהט ניט, אָבער מיין הארץ פיהלט, ווי טיעף דיינע שמערצען זיינען איצט... דו ליידסט שטאַרק, האַ?

אלישע (קוקט זיך אום): איך זעה, דאָס דו האָסט אַלץ דאָ אויפגע־רוימט. עס איז גאָר אַנדערש. אָה, בעאטא, ווי גליקליך איז דער מענש, וואָס האָט אַ ליעבענדע האַנד, וועלכע זאָרגט פאַר איהם. אַ האַנד, וועלכע מען קען צודריקען צום הארצען, ווען עס איז פערוואונדעט. קינד, קענסטו בעגריי־פען, ווי שרעקליך עס איז אַ גאַנצעס לעבען פערבלייבען אַליין, אַן אָבגעזונ־דערטער, אַ פרעמדער? (זיין שטימע האָט זי געריהרט. זי גיט אַ וויין און בעהערשט זיך באַלד).

בעאטא: יאַ, איך בעגרייף עס און וואָס איך בעגרייף ניט, פיהל איך. ביזט ווי אַ גרויסער פעלז אין אַ וויסטע... אַרום דיר געפינען זיך קליינינקע זעמדעלעך... גרויסע געדאַנקען טראָגסטו אין דיין געטליכען קאָפּ, ווער קען זיי אָבשעצען? טיעפע געהיימניסע פערבאָרגסטו אין דיין מעכטיגע ברוסט, ווער קען זיי ערקלערען? אָה! ערלויב מיר מיט מיין שוואַכע האַנד ווען עס איז צו שטיצען דיין שווער בעלאַסטיגטען קאָפּ... ערלויב מיר מיט מיין אונ־ווירדיגע אויג צו זעהן דיך ווי דו ביזט אין דער ווירקליכקייט, ניט ווי דו שיינסט צו זיין פאַר די אַלע פרעמדע... איך וויים, אַז אונטער דער געשטאַלט פון דיעזען אָבגעזונדערטען, שטאָלצען, צאָרניגען, אַלעס קריטיזירענדען און אָבשטויסענדען מענשען איז פערבאָרגען אַן אַנדער מענש, אַ גוטער מענש, אַ ליעבענדער, אַ צאַרטער, אַ גוטהערציגער, אַ גרויסמוטיגער, אַ ליידענשאַפּט־ליכער... דו ביזט פערשלאָסען אין זיך אַליין — עפען מיר אויף דיין הארץ, ליעב מיך! איך וויל דיר אָפּפערען מיין לעבען, מיין זעעלע, מיין הארץ... קענסטו מיך ניט ליעבען?

אלישע: אָה, קינד, זאָגאַר נאָר דערפאַר אַליין וואָס דו ליעבסט מיך אַזוי און פערשטעהסט מיך, דערפאַר אַליין קען מען און מען דאַרף דיך ליעבען (גיט זי פּלוצלונג אַ שלעפּ צו זיך ליידענשאַפטליך). אונגליקליכע, איך וועל דיך פערברענען, ווי די זון פערברענט אַ צאַרטע בלום! איך וועל דיך צוברעכען, ווי אַ שטורעם־ווינד צוברעכט אַ יונגען בוים!

בעאטא: יאַ! יאַ! פערברען מיך! צוברעך מיך! אָה, ווי גליקליך איך בין! (זי פערדעקט איהרע אויגען. אַ פּויזע).

אלישע (לאָזט זי אָב): ניין, בעאטא, איך האָב ניט קיין רעכט. מיין

לעבען איז איצט צו פערפלאָכטען און איך דאַרף ניט וואגען אריינצופלעכטען אין דיעזער אונזיניגער טראַגעדיע נאָך אַ יונגעם לעבען. דאָס וואָלט געווען צו זעלבסטזיכטיג, צו גרויזאם, צו אייגעננוציג. ניין! ניין! אין קיין פאַל אין דער וועלט ניט! (זעצט זיך פון דער ווייט און זיפצט שווער).

שמעון (מען הערט זיין שטימע פון הויז): די וועלט איז אַ חרוב'ע אָרימע שטוב, דאָס לעבען ניט מעהר ווי אַ פינסטערע גרוב... קיין פרייד און קיין גליק איז ניטאָ אויף דער ערד.

בעאַטא: אָה, אונגליק! אונגליק! דער, וואָס פרעדיגט לעבען, שטויסט מיך אָב פון זיך, און דער, וואָס פרעדיגט טויט ציהט מיך צו זיך צו. (פערדעקט איהר געזיכט. בתבורית קומט אָן).

בתבורית (קייט וואָס): נעמי, איך האָב דיר געקויפט טויטלען. (כאַפּט אריין נאָך אַ טויטעל אין מויל, דערזעהט אלישע'ן). הער וואָס זאָגסטו צו אבנימוס'ן? ער האָט מיך בעגעגענט און האָט מיר געגעבען געלד. הא? אאו! זי דאָ?

אלישע: ששש! איך בעט דיך, מאַך ניט קיין ליאַרעם און בעליידיג ניט אַ מענשען אומזיסט.

בתבורית: אַ מענשען! אָי, אַזאַ חוצפּה וועל איך ניט אריבערטראָגען! צו מיר אין הויז! צו מיר אַהיים!...

בעאַטא (מאַכט זיך פערטיג צו געהן): פערגעסט ניט, עס איז ניט נאָר אייער הויז און אייער היים, עס איז אויך זיין הויז... ליידער, פערגעסט איהר דאָס צו אָפט!

בתבורית: אונפערשעמטע פרוי! איך טרעף דיר דאָ ביי מיר מיט מיין מאַן און דו האָסט נאָך אַ העזה צו רעדען? (אלישע וויל זי פערהינדערען צו מאַכען אַ סקאַנדאַל).

בעאַטא: ער איז אייערער? פאַר וואָס? קענט איהר איהם? ליעבט איהר איהם? פערשטעהט איהר איהם? אינטערעסירט אייך זיין חכמה, זיין גרויסקייט? טהוט אייך וועה די האַרץ, ווען ער ליידעט? קימערט עס אייך, ווען ער ווערט ערניעדריגט? זיינע ערהאַבענע געדאַנקען, זיין גרויסען מוטה, זיין אייזערנער ווילען, זיין קוראַזש, — אַלעס איז דאָך ביי אייך ניט ווערט קיין פּרוטה! ווען פון זיין מויל גיסט זיך אַ גאָלדענע דרשה — געניצט איהר, און ווען ער איז מיט די געטער אין די הימלען, זייט איהר ביי דער שיסעל מיט יויך: איהר זייט צוואַנציג יאָהר געווען נעבען איהם און איהר זייט ווייט פון איהם, ווי די ערד איז ווייט פונ'ם הימעל. אויב ער איז אייערער, וואָרום זייט איהר איהם אַ פרעמדע?

בתבורית: אַזוי? ער האָט דיר דערצעהלט אויף מיר, געקלאָגט זיך

פאַר דיר, האַ? זעהט, צו וועמען ער האָט מיך פערקלאָגט דאָ! אַרויס פון דאַנען! שוין אַרויס!

בעאַטאַ: ער האָט זיך געקלאָגט? איהר האָט געדאַרפט צוואַנציג יאָהר דיענען ביי אייער דיענסט, וואָלט איהר איהם אַם וועניגסטען פערשטאַנען אַזוי פיעל, וויפיעל זי פערשטעהט.

בתבורית (וויינט): וועניג צרות האָב איך פון דיר, האָסטו מיר געבראַכט אין שטוב אַריין אַ נייע פורעניות!...

בעאַטאַ: אונגליקליכע, נעבעך... ערשט געקייט זיסע טויטלען און איצט גיסט זי ביטערע טרערען!... שש! איך געה, אָבער נאָר, ווייל ער וויל איך זאָל געהן (אָב).

בתבורית: איך וועל לאַנג פון דיר ניט דולדען. מען איז ניט מעהר, ווי אַ לעבעדיגער מענש, און די גאַל קען פּלאַצען ביי יעדען! (אָב אין הויז אַריין).

אלישע: יא, ווי שעהן און געטליך די ליעבע זאָל ניט זיין, זי ברענגט אונז גליק נאָר ביי גינסטיגע אומשטענדען... ווען אָבער די אומשטענדען זיינען אונגינסטיג, ברענגט זי נאָר איבריגע, אומזיסטע ליידען און שמערצען. (טוביה און שמעון קומען פון הויז).

טוביה: נייער כמעט־אביוני, זיצסט דאָ גאָר אַליין?

שמעון: קיינער פון אונז זיצט ניט אַליין. מיט יעדען פון אונז זיצט אונזער פאָטער אין הימעל. (בתבורית קומט ראַש צוריק).

בתבורית: יא, בעל תכלית מיינער, מען זאָגט דאָך, דער גוי, דער פריינד דיינער, פאָהרט היינט אַוועק... ווער וועט בעצאָהלען דאָס געלד?

אלישע: איך מיין, ער וועט קומען און וועט בעצאָהלען...

בתבורית: און טאָמער ניין, איז גאָר ניט?

אלישע: נו, יא, פון גאָר נישט, קען מען גאָר נישט מאַכען...

בתבורית: נו, און וואו זיינען דיינע געסט? וואו זיינען דיינע פריינד? יא, נאָר בעטלער און עבודה זרה'ניקעס וועלען איצט דיינע געסט זיין. אויס! ניטאָ קיין וויין, ניטאָ קיינע מאכלים! וועסט פּלעפּלען מיט זיי די עבודה זרה!

שמעון: אַלץ איז פאַרבערייטעט דאָרט ביי אונזער פאָטער אין הימעל.

טוביה: ניטאָ קיין וויין גאָר? זאָלען נאָר די געסט קומען, מיר האָבען אַ טייערע, אַ געזונדע, אַ קלאָרע משקה, ווי זילבער! (נעהמט אַ קרוג וואַסער פון פאָנטאַן און שטעלט אויפ'ן טישעל). ניטאָ קיין מאכלים? ווער האָט געזאָגט? גיב אַ קוק אַהער, דו אונצופריעדענער מענש! (נעהמט אַרויס

פון זאַק דריי עפּעל)רו זעהסט? דריי רויטע, שעהנע עפּעל, ווי גאָלד, פּונקט ווי דריי געשטאָפּטע קעלבער! ווערען קומען זעקס געסט, וועלען מיר צושניי־דען יעדען עפּעל אויף צוויי. צוועלף? שוועסטערעל, קען מען דאָך יעדען עפּעל צושניידען אויף פיער טייל (לעגט די עפּעל אוים). און טאָמער ווילען די געסט מוזיק זאָל זיי שפּיעלען? נו, איז ניטאָ? נעהם איך מיין קליינינקע פייפעלע און שפּיעל זיי אַ זמר צו גאָט. ווערען זיי פאָדערען עטוואָס בעסערעס, געטליכעס? וועלען מיר זיי בעטען, זיי זאָלען צוזאַמען מיט אונז קוקען אויף די בלויע הימלען, וואָס דער גוטער גאָט האָט פערשפּרייט איבער די קעפּ פון אַלע געסט, און מיר וועלען אַלע זיצען, דענקען און שווייגען — און טאָמער. . . (אַ גערויש).

בתבורית: שששש! בעטלער, שווייג שוין בעסער, איך הער אימיצער קומט. (קוועזיטאר קומט מיט אַ בוקעט בלומען). אלישע, זעה נאָר, דיינער געהט דאָך טאַקע. . .

אלישע: זעהסט? ניין, מען דאַרף ניט דענקען נאָר שלעכטעס פון יעדען מענשען (קוועזיטאר ראַש אַריין אין גאָרטען).

קוועזיטאר: וואָס מאַכען מיינע פריינד? ווי געהט עס? וואו איז אייער ליעבענסווירדיגע טאָכטער? איך רייז היינט אָב און וויל אויך פון איהר אבשיעד נעהמען... דיעזע בלומען זיינען פאַר איהר. . .

בתבורית (שרייט): נעמי! קום אַהער, טאָכטער! (נעמי קומט, קוועזיטאר געהט איהר ענטקעגען).

קוועזיטאר: הויכווירדיגעס פריילין. . . (נייגט זיך העפליך, גיט איהר די בלומען).

נעמי (שטיל): איך בין געוועזען ביי דיר און האָב דיך ניט געטראָפען.

קוועזיטאר (שטיל): זיי פאַרבערייטעט. די לעגיאָנען טרעטען באַלד אַרוים... ווען דו וועסט דערהערען אידישע מוזיק... דיר צוליעב און די אידען אויף להכעים האָב איך געהייסען שפּיעלען אַ אידישען מאַרש... זאָלסטו זיין לעבען די דריי בוימער...

אלישע: אַלזאָ, הייסט עס, איהר פערלאָזט אונז?

קוועזיטאר: יאַ, היינט, באַלד... איך בין אייך נאָר געקומען זאָגען מיין לעב וואָהל. . .

נעמי: איך וועל אַוועקטראָגען די בלומען אין מיין צימער. (שטיל) איך בין אַזוי דערשראָקען — זיי וועלען נאָך דערקענען... (אָב צוריק).

בתבורית: נו, און ווען וועט איהר אונז בעצאָהלען אונזער געלד? (אלישע מאַכט אַ צייכען, זי זאָל שווייגען).

שמעון: אונזער פּאָטער אין הימעל וועט בעצאָהלען יעדען, וואָס איהם קומט.

קוועזיטאָר: ווי? איהר רעכענט דאָס פאַר א חוב! זעהט איהר, אייער מאַן פערשטעהט שוין בעסער... ער זאָגט מיר גאָר נישט וועגען צאָהלען.

אלישע: וואָס דאַרף איך זאָגען? איך האָב ניט געצווייפעלט, אז אַן עהרליכער מאַן וועט האַלטען זיין עהרענוואָרט...

קוועזיטאָר: אזוי? און איך האָב געמיינט, איהר וועט האָבען טאַקט גענוג זאָגאַר ניט דערמאָהנען דאָס מיזעראַבלע געלד... איך האָב געקענט איהם אַליין שיקען קיין רוים אָדער פערקויפען דאָ און זיין גאַנצעס פערמע־גען קאָנפיסקירען. מיר דאַרפען דאָ גאָר ניט בעטען און גאָר ניט באָרגען — אַלץ וואָס געפינט זיך דאָ בעלאַנגט צו אונז רוימער... דאָך, איך האָב איהם גערעכענט פאַר אַן אַנשטענדיגען מענשען, האָב איך ביי איהם גענומען אין אַן אַנשטענדיגען וועג...

בתבורית: אָי, אַ שלאַג האָט מיך געטראָפען!

אלישע (סאַרקאַסטיש): ער האָט מיך גערעכענט פאַר אַן אַנשטענדי־גען מענשען! דאָס איז זעהר פיין פון איהם!

קוועזיטאָר: יאָ, איך האָב זיך אזוי פיעל יאָהרען געפּלאָגט אין דער פערפלוכטער יודעא, דאַרף איך קומען צוריק אין רוים מיט געלד, שקלאַפען און אַלעס גוטעס... און איך דאַרף לעבען ווי עס פּאַסט פאַר אַ רוימער און פּאַטריציער...

אלישע: סטאָאיקער, און וואו איז די פילאָזאָפיע?

קוועזיטאָר: פילאָזאָפיע איז גוט, ווען מען האָט לוקסוס דערצו... הערסט? איך האָב געקענט יעדען טאָג זיי ברענען, שינדען פון זיי לעבעדיגער־הייד די הויט, מאַכען זיי פאַר שקלאַפען און זיי מאָהנען גאָר דאָס געלד! פוי! ווי אונדאַנקבאַר און געלדגייציג די אידען זיינען... (געהט ראַש) עס פרעהט מיך זעהר, מעהר ניט צו האָבען מיט זיי וואָס צו טהאָן...

בתבורית: געוואַלד! הערט אונזער אונגליק!...

קוועזיטאָר: רייד נאָך איין וואָרט!... די סאָלדאַטען ווילט זיך זעהר פאַר'ן אַוועקגעהן אַ שטיעף טהאָן! (אָב. אלישע בלייבט זעהר ניעדער־שלאָגען).

בתבורית: גזלן! רוצח! פּרא אדם! פאַר וואָס שווייגסטו?

אלישע: נאָר שוואַכע און דומע מענשען שרייען דאָן, ווען מען קען מיט'ן שרייען גאָר ניט העלפען.

טוביה: שוועסטער'ל, זיי גוט צו איהם... די וואָס שרייען, פּילדרעץ! אריין זייער שמערץ צו אַן אַנדערען... דער, וואָס שווייגט... טראָגט אַליין אין

זיך אַלע שמערצען און וועהטאָגען... ער שווייגט. איהם איז זעהר שווער...

שמעון: פון אַלץ, וואָס איז שווער, קען מאַכען גרינג אונזער פאָטער אין הימעל...

בתבורית: דיין נייער קרוב בעט איך זאָל דיך צורוה לאָזען. הער זשע, גביר מיינער, בעליעבטע פּערזאָן, געאַכטעטער איד! דו הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך בלייב דאָ ניט מעהר! איך געה לעבען מיט מיין ברודער, וועלכער איז אַ איד, ווי אַלע אידען... איך האָב געזאָגט נעמי'ן, וויל זי פלוצלונג בעסער בלייבען מיט איהר ליעבען טאַטען.

אלישע: ליעבעס קינד... עטוואָס בלייבט מיר דאָך...

בתבורית: איך געה, איך דאַרף ניט און איך וויל ניט זיין אין חרם! איך האָב דאָס לאַנג געדאַרפט טהאָן, נאָר איך האָב געוואָלט דו זאָלסט זעהן מיין גוטסקייט און בעסער ווערען. איך זעה, דיר וועט שוין קיין זאַך ניט העלפען... אַלע אידען זאָגען, עס איז אַ חטא און אַ שאַנדע צו בלייבען מיט אַ מענשען, פון וועלכען גאָט און לייט האָבען זיך אָבגעקעהרט... צוליעב וואָס און צוליעב וועמען זאָל איך ליידען צרות? (וויינט) ווען נעמי וועט דאַרפען מיך זעהן, וועט זי קומען צו מיר. אחר! מיין פוס וועט דיין שוועל מעהר ניט אַריבערטרעטען! (ראַש אָב).

(אַלע בלייבען זיצען שטיל, די זון פאַנגט אָן אונטערצוגעהן. אַ איד געהט פערביי, קומט אריין אין גאָרטען און פערשווינדט).

טוביה: ברודער, עס טרייסעלט? האַלט זיך שטאַרק. מען פאַלט ניט ביז מען פאַלט ביי זיך אַליין ניט אַראָב....

אלישע: נאַר, ווען די גאַנצע וועלט וועט מיר שרייען אחר, בין איך און וועל דאָך בלייבען אלישע בן אבויה! ווען די גאַנצע וועלט זאָל מיך פערלאָזען, וועל איך דאָך זיך ניט ענטזאַגען פון דעם, וואָס איך האַלט פאַר רעכט.... כע! צולאָפען זיך פון מיר!... נו, צו מיין פרוי קען איך קיין טענות ניט האָבען, זי איז דאָך מיר ניט געווען קיין פריינד, — זי איז נאָר געווען מיין פרוי... אָבער מיינע פריינד?

שמעון: אָה, מענש, פאַר וואָס ווילסטו ניט קומען צו דיין איינציגען פריינד אין הימעל?

אלישע: האָסטו שוין דעם פריינד דיינעם ווען־עס־איז געליהען געלד? אויב מיר קענען זיך אָבנאַרען אין אַ פריינד, וואָס מיר זעהען, הערען, בעאָבאַכטען... ווילסטו מיר איינרעדען, אַז דו נאַרסט זיך ניט אָב אין דיין פריינד, וועלכען דו זעהסט ניט, קענסט ניט, בעאָבאַכטעסט ניט,

בעגרייפסט ניט... (בייז) דו אויסגעדארטע נשמה! דו האָסט אפשר אַ גוטע שטימע צו זינגען תחינות מיט ווייבער, דו האָסט אָבער ווענינ געהירען צו ערקלערען מיר, ווער איז דער פּאָטער אין הימעל!..

טוביה: זיי ניט בייז, ברודער... איך ווייס, דו ביסט ניט קיין שלעכ־טער, דו ווילסט נאָר זיין אַ שלעכטער, ווייל דיר נעבעך איז שלעכט... ער אָבער איז נעבעך אַ שוואכער, לאָז אוים דיין כעס צו מיר...

אלישע: ניין, איך וויל זיין גוט צו אייך... צו דיר געוויס, אביוני איך זעה, האָמער'ן איז ניטאָ היינט פאַר ווערען צו לעזען... און אונזערע משקאות און מאכלים, ווי איך זעה, וועט אויך קיינער ניט בעריהרען. (פלוצלונג ווייט אַ אידישער מאַרש) די לעגיאָנען! הם! אביוני! דו ווייסט, — אַזוי לאַנג ווי די לעגיאָנען מאַרשירען, געהט דער מענש ניט. (נעמי קומט אין מאַנטעל).

נעמי (אונשולדיג): פאטער, קען איך געהן זעהן, ווי די סאָלדאַטען מאַרשירען? איך וועל שטעהן פון דער ווייט... אָט דאָ נעבען אונזער הויז...

אלישע: גוטעס, נאַרישעס קינד, וואָס איז דאָרט דאָ וואָס צו זעהן?

נעמי: אַלע לויפען זעהן, וויל איך אויך זעהן...

אלישע: אַלע! אָט דאָס אַליין איז דאָך די בעסטע איבערצייגונג, אַז דאָס איז געוויס אָן אונזין... אויף אַ קורצע צייט קענסטו געהן... און זעה, קינד, זיי פאָרזיכטיג...

נעמי: יא, פאטער, איך וועל זיין פאָרזיכטיג... (געהט, בלייבט שטעהן אַ מינוט) ווילסט אפשר ניט, איך זאָל געהן?

אלישע: פאַר וואָס ניט? געהסט דאָך אויף אַ ווײַלע...

נעמי (קוים וואָס זי בעהערשט זיך): יא, פאטער, אויף אַ ווייַלע... (שטיל) אָי, וועה איז מיר! (לויט) אָבער ווייל דו ביזט היינט אַזוי טרויעריג... זאָל איך געהן פאָטער? האָסט היינט געהאַט צו פיעל יסורים... אויב דו ווילסט, גיב מיר אַ קוש...

אלישע: קינד, האָסט רחמנות אויפ'ן טאַטען? ביסטו דאָך טאַקע אַ גוטעטשקע... (אומאַרמט זי און קושט, זי קושט זיין האַנד, וויינט, געהט אָב וויינענדיג, אָבער אַזוי, אַז עס בעמערקט קיינער ניט. דער פאטער איז ענטציקט). אביוני, דו ביסט גערעכט, דער מענש דאַרף ניט פערצווייפלען. עס בלייבט נאָך שטענדיגע גענוג פרייד אין לעבען! (מאַרש נעהנטער. עס ווערט דונקעלער).

טוביה: איך זעה פון דיינע רייד, דו הויבסט שוין אָן ווערען רייך... איצט ערשט ווערסטו האָבען פריינד. פריהער ביסטו געווען גרוים, איז קיינער

דיר ניט געווען גלייך, איצט אָבער ווערסטו קלענער, ווען פּיעלע דיר גלייך זיין. און, ברודערעל מיינער, ווען אַמאָל אַז אַלע, אַלע ווערען זיין גלייך, ווען אַלע זיין גליקליך. און ווען אַלע ווען זיין גליקליך, ווען אַלע זיין גוט. און ווען אַלע ווען זיין גוט, וועט ניט זיין קיין שלעכטס אויף דער וועלט.

אלישע: שוטה, ווען די צייט וועט קומען, ווען קיין מענשען ניט זיין אויף דער וועלט. עס ווען זיין נאָר, אָדער מלאכים, אָדער בהמות, קיין מענשען ניט!

שמעון: נאָר דורך תפילה תשובה וצדקה קענען אַלע ווערען גלייך ביי אונזער פאטער אין הימעל. (מאַרש ווייטער און ווייטער. שפּיעלט פּיאַנאָ ביז ענדע אַקט. עס ווערט דונקעל, די לבנה שיינט. אלישע פערדעקט זיין געזיכט. עס ווערט שטיל. פּויזע).

טוביה: נייער גביר, וואָס איז דיר? דאָס האַרץ, האַ? איך פער־שטעה און פיהל עס... דו דענק יעצט בעסער וואָס וועניגער... הער, וואָס זאָל איך דיר זאָגען אַ גוטע זאַך? ווילסט הערען? איך וועל דיר שפּיעלען אויף מיין פייפעלע. (נעהמט זיין פייפעלע).

אלישע: אביוני, איך בין דיר מקנא! עס דאַרף זיי אַ גרויס גליק צו קענען אויסדריקען די געדאַנקען פונ'ם קאָפּ און די וועהטאָגען פון האַרצען דורך שעהנע, זיסע טענער... (ווי טוביה וויל נאָר אָנפאַנגען שפּיעלען, הערט מען בעאַטאַ'ס שטימע, לויפט אַריין).

בעאַטאַ: וואו זייט איהר דאָרט? ר' אלישע בן אבויה!... אום גאָטעס ווילען, פערליערט ניט קיין אויגענבליק! איך האָב ערשט ערפאַהרען, אַז פּיעלע אידישע מיידלעך און אויך אייער נעמי זיינען אַוועק מיט די רומישע לעגיאָנען... גיכער, אפשר איז נאָך מעגליך זיי צו רעטען! (מוזיק הערט זיך גאַנץ ווייט).

אלישע: האַ? נעמי?! דאָס קינד אויך? רופט זי צוריק! קעהרט זי אום צוריק! (לויפט פאָרט שרייענדיג: נעמי! נעמי! נאָך איהם בעאַטאַ, טוביה, שמעון, אויך מרימי לויפט פון הויז נאָך זיי. פּויזע. מען הערט פון ווייט נאָך אלישע'ס שטימע: נעמי!).

(אַ איד מיט פּיעלע אַנדערע קומען ווי אַ שטורמווינד, צוברעכען דעם פאָנטאַן, צוואַרפען דאָס מעבעל, רייסען אויס די בלומען און צינדען אונטער דאָס הויז).

אַ איד: אחר הרשע! מיר געהערט די מצוה! ווי איהר זעהט מיך

א מענשען אויף דער וועלט! (לויפען אלע פאָרט. דאָס פייער ווערט גרעסער. ווייט הערט זיך דער מאַרש).

אלישע (מען הערט זיין שטימע לויט): נעמי! (פויזע. מען הערט נאָך ווייטער) נעמי! (צום לעצטען מאָל הערט מען זיין שטימע מיט פער־צווייפלונג און געוויין) נעמי! נעמי!....

(מוזיק גאַנץ ווייט, קוים וואָס מען הערט. דאָס פייער ברענט שטאַרקער).

פ אָ ר ה א נ ג.

## פיערטער אַקט.

(דער זעלבער גאָרטען. איין בוים איבערגעבראָכען, דאָס צווייטע שטעהט מיט אָבגעבראָכענע צווייגען. דער פאָנטאַן צובראָכען. אַ צובראָכענער דיוואַן און אַ פּאָר צוגעבראָכענע טאַבורעטען. דאָס הויז האַלב חרוב און פערברענט. די גראָזעס צוגעבראָכענט, קיינע בלומען. כאָר זינגט אין הויז גאַנץ פּיאַנאָ):

טרעטען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד,
אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה אַ קלייד.

א. ז. וו.

(מרימי קומט פון גאַס מיט צוויי קריג וואַסער, שטעלט זיי ביידען אַנידער. כאָר הערט אויף צו זינגען).

מרימי: פו! אַמאָל האָבען מיר געהאַט וואַסער אונטער דער נאָז און איצט, שוין העכער פיער חדשים, אַז איך דאַרף עס טראָגען... אַ שעהן שטיקעל אַרבייט פאַר מיר אויף דער עלטער. (אַ גערויש) האַ? ווער איז דאָרט? (מאיר קומט, נאָך איהם אַ איד טראָגט אַ גרויסען קאָרב פול מיט פּראָוויזיע. נאָך זיי עטליכע נייגיעריגע).

אַ איד: קוים דערשלעפּט, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט! (שטעלט אַוועק דעם קאָרב, געהט אַוועק און זעצט זיך).

מאיר: מרימי, מיר האָבען דיר געבראַכט אַלעס נויטיגעס. דאָ האָסטו עטוואָס געלד (גיט איהר געלד). עס דאַרף אין הויז קיין זאַך ניט פעהלען... וואָס טהוט ער? ווי פיהלט ער?

מרימי: ער זיצט גאַנצע טעג איבער זיינע גריעכישע ביכער און לערנט תורה...

מאיר: קלאָגט ער זיך פאַר דיר אפשר?

מרימי: ער קלאָגט זיך ניט, חלילה, נאָר ביינאַכט שלאָפט ער ניט. ווען איך זאָל זיך ניט אויפכאַפּען, הער איך זיינע שווערע טריט. ער געהט אום איבער זיין צימער אַהין און צוריק אַזוי ווי אַ געפאַנגענער לייב.

מאיר (שטיל): ווי ריכטיג אַן איינפאַכער מענש בעמערקט. ער איז אַ געפאַנגענער לייב. מרימי, פרעגט ער דיך וועגען ווענען־עס־איז?

מרימי: ניין! ער זאָרגט נאָר, וואָס וועט ווערען פון זיין קינד, פון זיין נעמי. ער פרעגט אָפט וועגען דעם אַלטען אביוני, ער האָט איהם זעהר

ליעב געהאט דעם אלטען. אין יענער שרעקליכער נאכט, ווען ער איז ארויס־געלאָפּען נאָך די לעגיאָנען, איז ער אוועק און אוועק און ניטאָ.

מאיר: קיין גרעסער שאָדען זאָל זיך ניט טרעפען. וועט זיין וועניגער מיט אן אביוני.

מרימי: יא, ער פרעגט מיך אָפּט, פון וואנען נעהמט זיך דאָס אלעס אין הויז.

מאיר: בעהיטע גאָט, זאָלסט איהם ניט זאָגען. ער דארף ניט וויסען. מרימי זאָג איהם ניט, אז איך בין דאָ געווען. איך וועל איהם קומען שפּעטער זעהן (געהט).

אַ איד (שטעהט אויף): מען דארף אויפשטעהן פאר א תלמיד חכם.

מאיר: הייסער עזריה, זאָלסט דאָ ניט האלטען קיין מלחמה מיט דער אלטער שמרונית! (אב).

אַ איד: ניין, רבי! איך וואָלט שוין לאנג געמאכט א תל פונ'ם גאנצען נעסט משומדים, ווי איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט! נאָר אז ר' מאיר זאָגט, מען דארף נאָך ניט, ווייסט ער דאָך דעם דין מן התורה. ר' מאיר איז איצט דער גרעסטער בקי אין לערנען, ער וועט זיצען אויף ר' עקיבא'ס שטוהל. איך וויים אלץ, וואָרום איך רייב זיך ארום די תלמידי חכמים און בין כמעט אליין אַ תלמיד חכם געוואָרען, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אוף דער וועלט. למשל, דו ווייסט, וואָס איז פּרדס? ניין, האַ? דאָס איז די זעלבע זאך וואָס מעשה מרכבה, דו ווייסט וואָס דאָס איז? ניין, האַ? דאָס איז דאָס, וואָס איז שוין אריבער דער וועלט, פון יענער זייט וועלט... אַ מענש טאָר אהין ניט קוקען, חלילה וחס! בן עזאי, בן זומא, ר' עקיבא און אחר הרשע האָבען דאָך אהין אריינגעקוקט. נו! נו! איז טאקע נאָר ר' עקיבא ארויס אַ גאנצער פון דאָרטען. איינער איז געשטאָרבען, דער צווייטער איז משוגע געוואָרען און אחר האָט אַ קוק געטהאָן און האָט אָנגעהויבען צוברעכען די צווייגען פון דער מעשה המרכבה. דו פערשטעהסט, די מעשה המרכבה האָט צווייגען, ווי דו זעהסט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט. איך בין כמעט ווי אליין געווען דערביי. דאָס אלץ האָב איך אליין געהערט מיט מיינע אויערען פון אַ תלמיד חכם. אַזאַ משומד ווי אחר און האָט אויך אריינגעקוקט. דו שפּיעלסט זיך מיט איהם? ווען ער זאָל ניט אריבער אין שמד, וואָלט ער געווען דער גרעסטער מרבנן „ודרמננו". אי, אז איך דערמאָן מיך, וואָס ער האָט געטהאָן געגען גאָט ברוך־הוא, וואָלט איך ראכט זיך!... לאָמיר בעסער אוועקגעהן, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט! (אלע אָב. מרימי קומט און שלעפּט מיט גרויס מיה דעם קאָרב).

**מרימי.** ר' מאיר איז דאָס אַ בעלן אָנצובּרענגען.. עס איז גוט, וואָס אונזערע שוועסטער און ברידער העלפען אונז צו פערצעהרען... אַ גוטער מענש, דער ר' מאיר. אַז ניט ער... אָה, אָט קומט שוועסטער בעאַטאַ. (בעאַטאַ קומט געקליידעט אין אַ שוואַרצע דאָמינאָ, קיין ציערונג. זי טראָגט אין האַנד אַ הילצערנע שאַכטעלע). שוועסטער, ברודער שמעון האָט שוין צוויי מאָל געפרעגט אויף דיר.

**בעאַטאַ:** פריערען צו דיר, מרימי, איז שמעון יעצט דאָ? (זי רעדט שטיל און געלאַסען).

מרימי: יא, אַלע ברידער און שוועסטער זיינען פערזאַמעלט ביי מיר אין אַלקער און שמעון רעדט. אַי, אַ פערגעניגען, וואָס פאַר אַ פערזאַמלונג. אַלע האָבען געוויינט מיט צובּראָכענע הערצער און איין שוועסטער האָט מען אַזש געדאַרפט אָבגיסען מיט וואַסער.

**בעאַטאַ:** מרימי, רוף מיר אַרויס אַהער דעם ברודער שמעון.

מרימי: שוין, שוועסטערעל, מסתמא וויל דאָך אַזוי גאָט, אונזער האַרר. (אָב צוריק אין הויז).

**בעאַטאַ** (קוקט אויפ'ן הויז): וועגען איהם האָב איך מורא געהאַט צו פרעגען... ווי איך דערמאָהן זיין נאָמען, ערוועקען זיך אין מיר די אַלטע זינדיגע געפיהלען. און דאָס האַרץ הויבט אָן נאָגען און שמערצען. וואָס טהוט ער איצט דאָרטען איינער אַליין? אַי, מיין אָרימע, שוואַכע האַרץ, וואַרום קען איך דיך ניט אין גאַנצען בעזיעגען! (אַ גערויש. זי לאָזט אַראָב דעם קאָפּ. שמעון קומט). פריעדען צו דיר, ברודער שמעון.

**שמעון:** מיט פריערען עמפּפאַנג איך דיך, שוועסטער, אינ'ם נאָמען פון אונזער פאַטער אין הימעל.

**בעאַטא:** דאָ אין שאַכטעל זיינען אַלע מיינע רינגען, מיין גאַנצע ציערונג. איך דאַרף עס ניט מעהר. איך גיעב עס אָב פאַר אונזערע אָרימע פערפאָלגטע ברידער און שוועסטער אין סאָליניקי.

**שמעון** (נעהמט די שאַכטעל גלייכגילטיג): האָסט שוין לאַנג געדאַרפט אַוועקגעבען די אַלע נאַרישקייטען. דעם שטן'ס קלאַפּערגעצייג... קום אַריין, מיר האָבען אַ פערזאַמלונג.

**בעאַטאַ:** ניין. איך קען ניט. איך דאַרף ניט געהן אין זיין הויז. איך מוז דיר די וואַרהייט זאָגען, איך האָב מורא איהם צו בעגעגענען. אין זיין געגענוואַרט איז מיר שווער צו בעהערשען זיך.

**שמעון:** ערשטענס, זיצט ער אויבען דאָרט און אינטערעסירט זיך, ליידער, זעהר ווייניג מיט אונזערע פערזאַמלונגען. דער אונגליקליכער מיינט, אַז שכל איז אַ וויכטיגע זאַך. צווייטענס, אַנטלויפען פון דעם בעל הנסיון איז

א שוואַכקייט און אַ זינד. מיר דאַרפֿען דעם יצר הרע קוקען גלייך אין די אויגען אַריין און ציינען איהם, דאָס ער האָט איבער אונז מעהר קיין מאַכט ניט. דאָס איז דער הייליגער ווילען פון אונזער פאטער אין הימעל. (אַ גערויש).

בעאַטאַ (דערשראָקען): ברודער, איך הער זיינע טריט. ער געהט אהער!

שמעון: נישקשה! בלייב און זיי פעסט ווי אונזער ערלעזער, ווען דער שטן האָט איהם געטראָגען איבער דער וויסטע!

(אלישע קומט מיט אַ בוך, אָרים געקליידעט, פערעלטערט און בלאַס, האַלט זיך דאָך מאַיעסטעטיש. בעאַטאַ גיט אויף איהם אַ קוק און פערברעכט די הענד).

אלישע: די האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביזט דאָ. איך האָב ניט געהערט, נאָר איך האָב געפיהלט דיין שטימע. בעאַטאַ, איך האָב דיך ערוואַרטעט יעדען טאָג און דו ביסט ניט געקומען. (ער זעצט זיך).

שמעון: זי האָט ניט געקענט קומען — זי איז געווען מיט איהר פאָטער אין הימעל...

אלישע (בייז): איך וויל, דו זאָלסט געהן אויף אַ צייט צו דיין פאָטער אין הימעל! איך דאַרף דאָ בלייבען מיט בעאַטאַ'ן אַליין.

שמעון: שוועסטער בעאַטאַ, איך געה און קום באַלד צוריק. ווי דו ווערסט נאָר אָנפאַנגען צו פיהלען זיך שוואַך, רוף די הילף פון אונזער פאטער אין הימעל. (אב, אין הויז אַריין. פויזע. ביידע שווייגען).

אלישע: בעאַטאַ, וואַרום שווייגסטו? (זי שווייגט) וואַרום שווייגסטו, בעאַטאַ?

בעאַטאַ: איך קען ניט רעדען, טרערען שטיקען מיך. (קוים וואָס זי בעהערשט זיך ניט צו וויינען).

אלישע: ווען אַלע זיינען אַוועק פון מיר, האָסטו מיך אויך פערלאָזען. האָסט מיך פערגעסען, בעאַטאַ?

בעאַטאַ: אויב איך וועל דיך פערגעסען, זאָל מיין נאָמען פערגעסען ווערען פון דער וועלט... ניין, פערגעסען דיך — דאָס איז איבער מיינע קרעפטען.

אלישע: בעאַטאַ, איך וויל מיט דיר רעדען גאַנץ אָפען, איך האָב די לעצטע צייט זעהר פיעל געדענקט פון דיר, הגם זאָגאַר דאַן, ווען דו האָסט געמיינט, אַז איך דענק ניט פון דיר, ביסטו אויך ביי מיר אין די געדאַנקען געווען... איך האָב זיך איצט אַליין די פראַגע געשטעלט: צוליעב וואָס און צוליעב וועמען זאָל איך מיך ענטזאַגען פון מיין אייגענעם גליק? ווען מיין

קינד זאָל אָם ווענינגסטען זיין מיט מיר... איך האָב קיינעם ניט... פאַרוואָס זאָל איך ניט דענקען פון זיך אַליין ? אַלע מיינען, איך בין אַ מענש, וואָס לעבט נאָר פאַר זיך, דעם אמת געזאָגט, איך האָב נאָך פאַר זיך אַליין גאָר ניט געלעבט — איך האָב קיין פּערזענליכעס גליק נאָך ניט געגאָסען... איך בין ערשט פינף און פערציג יאָהר אַלט... און ווען איך זאָל האָבען נעבען זיך אַ מענשען, צוליעב וועמען עס וועט זיין כדאי צו לעבען, האָב איך נאָך גענוג קראַפט און ענערגיע צו קעמפּפען פאַר מיין גליק און פאַר מיינע מענשענ־רעכטע...

בעאַטאַ : יעצט איז צו שפּעט... זינט דו האָסט מיך צום לעצטען מאָל אָבגעשטויסען פון זיך, האָבען מיינע געדאַנקען גענומען אַן אַנדער ווענדונג. אלישע, איך בין שוין פערהייראַטה ! יאָ, איך בעלאַנג שוין צו אַן אַנדערען... מיין אויסערוועהלטער חתן איז גאָט אונזער ערלעזער. צו איהם, און נאָר צו איהם בעלאַנג איך איצט !

אלישע : וואָס רעדסטו דאָס, בעאַטאַ ? איך גלויב ניט ! דו ביסט צו קלוג, צו פערנינפטיג, דו זאָלסט זיך לאָזען פערבלענדען פון דיעזע בית־עולם־דרשות. זיי האָבען דיך איינגעוויעגט אין אַ לעטאַרגישען שלאָף, ביסט איצט אין הימעלפלעט... ערוואַך פון דיעזען שרעקליכען הימעל־שלאָף און קום אַראָב צוריק אויף דער ווירקליכער ערד. בעאַטאַ ! מיט דער מאַכט פון דער פּאָעטישער פאַנטאַזיע וועל איך דיר אויפבויען אַ טעמפּעל פון קריסטאַל און סאַפּירשטיין. אין דעם טעמפּעל וועסטו זיין מיין געטין ערלעזערין. אָנשטאָט מתים־ליעדער וועל איך דיר זינגען די זיסע ראַפּסאָדיען פון האָמער, און אַנשטאַט טויטען־געזאַנג וועל איך צו דיר רעדען פון פרייד, פון ליעבע און פון זעליגקייט.

בעאַטאַ (מיט אייפער) : אָה, ניין ! עס איז דאָ נאָר איין טעמפּעל און דאָס איז אונזער הארץ, און אין דעם טעמפּעל דאַרף זיין נאָר איין געליעבטער — אונזער פאטער אין הימעל. ניטאָ קיין אַנדער פּאָעזיע אויסער די לעהרע פון אונזער ערלעזער. ניטאָ קיין אַנדער געזאַנג אויסער די הימנען פון די שאַארען פון ענגלען, וועלכע זינגען אַרום גאָט'ס טהראָן !

אלישע : איך זעה דער גיפט איז אַריין צו טיעף אין דיין ערדלע זעעלע. דו האָסט געזוכט טרויסט און האָסט געפונען טויט. דו לעבסט ניט מעהר, און דו ליעבסט ניט מעהר !

בעאַטאַ : די ערדישע ליעבע און דער ערדישער לעבען איז גאָר ניט, אַ חלום, איין אויגענבליק. עס איז דאָ דאָרט אַן אייביגע ליעבע און אַן אייביגעם לעבען.

אלישע : אייביגעס לעבען און אייביע ליעבע דאָרט ? — דאָס האָט

ביי מיר קיין ווערטה און קיין בעדייטונג ניט. דאָס אינטערעסירט מיך ניט. איך זעה נאָר איינס: מיר זיינען איצט פרעמדע.

בעאַטאַ: פרעמדע? אָה, אלישע, ווען איך זאָל מעגען, וואָלט איך איצט געפאַלען אין דיינע אָרעמס. איך וואָלט בעדעקט דיינע אויגען מיט ליידענשאַפטליכע קוסען, איך וואָלט אָנגעפילט די וועלט מיט געשרייען פון יובעל און פרייד! מיינע טרערען פון גליק וואָלטען אָבגעוואשען אַלע דיינע ליידען און שמערצען... איך דאַרף איצט אָנווענדען אַלע מיינע קרעפטען, איך זאָל ניט פאַלען באַלד דאָ צו דיינע פיס... אבער, איך וויים, דאָס אַליץ זיינען געדאַנקען פונ'ם שטן, זינד, אַייטעלקייט, הבל, ניכטיגקייט! איך וועל זיך מיט דיר פעראייניגען מיט אַן אייביגע ליעבע... איך וויל זיך ניט פער־אייניגען מיט דיר אויף איין אויגענבליק און פערליערען דיך אין דער אייביג־קייט. איך האָף, איך בעט, איך בין זיכער, אויב איך וועל דאָ בעהערשען מיינע זינדיגע געפיהלען, ווען מיר זיך דאָרט פעראייניגען אויף אימער און אייביג. (טרוימעריש) אונזערע זעעלען, ריין פון יעדער לוסט, וועלען פער־אייניגט ווערען נעבען דעם אַלמעכטיגען טהראָן מיט דער האַנד פון דעם אַלמעכטיגען אַליין. און מיר וועלען דאָרט אייביג בלייבען צוזאַמען. אייביג, אייביג, אייביג!... (שמעון קומט, זיי בעמערקען איהם ניט) אלישע, אָרימער, גוטער מענש! דו קענסט ניט זיין דאָ מיין געליעבטער, ביסט אָבער מיין ברודער... דיין שוועסטער בין איך... זיי ניט בייז אויף מיר און פערגעס מיך דאָ. מיין זעעלע וועט קומען צו דיר דאָרט (וויינט) בלייב אין פריעדען און לעב וואָהל. (געהט אָב וויינענדיג אין הויז אריין. בעמערקט ניט שמעון'ען. אלישע בלייבט זיצען פערטראַכט).

שמעון: ווי גוט און שטאַרק דו ביסט, אַלמעכטיגער פאָטער אין הימעל! (לויט) ר' אלישע, דו דאַרפסט זיך פיהלען שטאָלץ און גליקליך — דיין געליעבטע האָט ביי דיר צוגענומען אַליין אונזער פאָטער אין הימעל.

אלישע: עס איז אַ גרויסע עהרע צו האָבען אַזאַ נעבענבוהלער... אבער גליקליך פיהל איך מיך דאָ ניט. איהר האָט געטויטעט אַ יונגעם לעבען, וויל איהר האָט אייך איינגערעדט, אַז אימיצער דאַרף דאָרט האָבען געליעבטע, פיעל געליעבטע, אַ סך, אַלע! אָה, וועלכע שרעקליכע קרבנות מען ברענגט איצט אינ'ם נאָמען פון דער הימלישער ליעבע! אַמאָל האָט מען אנשטאַט זיך מקריב געווען אָקסען מיט בהמות, איצט איז מען מקריב דעם מענש אַליין. מען קוילעט איהם ניט מיט אַ חלף, מען פערברענט איהם ניט אויפ'ן מזבח. ניין! איהר נאַזאַרענער, איהר טויטעט אַייערע קרבנות דורך חניקה, איהר דערווערגט זיי! איהר דערשטיקט אין זיי דעם מענשענס גייסט און די לעבענס־לוסט... אָה! וואָס פאַר אַ טרויעריגע וועלט עס וועט

ווערען, ווען פון אַייער לעהרע ווערען אַלע אומגעוואַנדעלט ווערען אין דער־שטיקטע, דערוואָרגענע מתים... אָנשטאָט מענשען, ווערען אומבלאָנדזשען דונקעלע שאָטענס, שוועבלינגע, וועלכע ווערען אָפּפערען זייער ווירקליכען אמת'ען לעבען דאָ אויף דער ערד, צוליעב אַן אויסגעטראַכטען, איינגעבילדע־טען לעבען דאָרט אין די הימלען. שר המות, פאָרט פון מיר! איך וויל בלייבען אַליין מיט מיינע געדאַנקען...

שמעון: ברודער, איך געה בעטען אונזער גוטען פאָטער אין הימעל פאַר דיין אָרימע זעעלע. (געהט) אַ בלינדער וואָלט שוין דערזעהען און ער זעהט ניט... אונגליקליכער! (אב, אין הויז אַריין).

אלישע: געהט! קלעטערט אַרויף צו אייער פאַטער אין הימעל, אָדער קריכט אַראָב צו אייער פאָטער'ס געגנער, צום שטן אין דער פינסטערער העלע! אין אַייער זיסע פּרעדיג פון הימעלס־ליעבע און ענטזאַגונג געפינט זיך ניט געגוג גיפט מיך צו טויטען. איך וועל שטאַרבען אָהן אייך... איך האָב אַ ריכטיגערען און אַ זיכערערען מיטעל. איהר שטאַרבט אום צו לעבען, איך וועל שטאַרבען אום צו זיין טויט, אויפלעזען זיך, ניט זיין מעהר. פער־שווינדען אין דער אייביגקייט... (פּויזע). נעמי, מיין אונגליקליכעס קינד! זינט דו ביסט אַוועק פון מיר, ביסטו מיר ליעבער און טהייערער געוואָרען. וואו וואַנדעלסטו איצט אום, דו פערבלאָנ־דזשעטע שעפעלע? אין וועלכער וויסטע ביסטו פערוואָרפען איצט? וועלכע געפיהלען, און וועלכע עראינערונגען פּלאַגען איצט דיין יונגעס הארץ? אַי, נעמי, צוזאַמען מיט דיר האָב איך פערלאָרען דאָס לעצטע, וואָס איך האָב געהאַט אין לעבען. (נעהמט אַרויס אַ פלעשעלע מיט גיפט) ווען מיין קינד וואָלט געווען נעבען מיר, וואָלט מיין לעבען נאָך געהאַט אַ זין, איצט אָבער, צוליעב וואָס און צוליעב וועמען זאָל איך לעבען? זיין אַ קעמפּפער אָהן אַ קאַמפּף? לעבען אָהן אַ צוועק? ליידען און ניט וויסען פאַרוואָס און צוליעב וואָס? ניין, אַזאַ לעבען איז ערגער פון טויט. איך וועל שטאַרבען, ווי סאָקראַטעס, דורך גיפט... ער איז געשטאָרבען, אַרומ־גערינגעלט פון זיינע טרייע פריינד און שילער, איך וועל שטאַרבען אַליין אזוי ווי איך האָב געלעבט אַליין... ער האָט געגלויבט, אַז זיין זעעלע וועט לעבען נאָך איהם, איך האָב זאָגאַר דיעזען טרויסט ניט. אָבער דאָך ניט אַלץ שטאַרבט אָב צוזאַמען מיט מיר. די ווירקונג, וואָס מיין זעעלע האָט געהאַט אויף אַנדערע, וועט ניט שטאַרבען. דער איינפלוס, וואָס איך האָב געמאַכט אויף מיינע מיטמענשען, וועט ניט פערניכטעט ווערען. עס וועלען לעבען אייביג די געדאַנקען פון אויפקלערונג און פרייהייט, וועלכע איך האָב געזייט צווישען מיינע ברידער! נו! ניט געוואַנקט! בעשלאָסען און

געטהאָן! (טרינקט אויס, ווארפט אריין דאָס פלעשעלע אין צובראָכענעם פאָנטאַן און זעצט זיך רוהיג צוריק). קיין מענש אין דער וועלט דארף ניט וויסען די ווירקליכע אורזאַכע פון מיין טויט. דאָס גיפט ווירקט לאַנגזאַם און אַלע וועלען גלויבען, אַז איך שטארב מיט אַ נאַטירליכען טויט. אָדער, כע! כע! דער פאָטער אין הימעל האָט מיך דער׳הרג׳עט פאר מיינע חטאים. איצט וועל איך נאָך אַמאָל, צום לעצטען מאָל, לעזען מיין געליעבטען האָמער. (נעהמט זיין בוך און לעזט גאַנץ רוהיג. מאיר קומט).

מאיר: ער לעזט זיין געליעבטען האָמער׳ס ווערק און בעמערקט מיך ניט. שלום עליכם, רבי ומורי. (בלייבט שטעהן פון דער ווייטען).

אלישע: מאיר? אַ גאַסט! ווי קומט עס, דו זאָלסט רופען אַ ח ר׳ען רבי ומורי?

מאיר: איך האַלט פונ׳ם כלל: אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו: קוק ניט אויפ׳ן קרוג, נור אויף דאָס, וואָס איז אין קרוג.

אלישע: האָסט גאָר קיין מורא ניט צו קומען אויף אַזאַ פער׳חרם׳טען פלאַץ?

מאיר: רבי, איך זאָג שטענדיג: הוי גולה למקום תורה ואל תאמר שהיא תבוא אחריך — ווער פערוואָגעלט און פערטריעבען אהין, וואו די תורה איז, און וואַרט ניט זי זאָל קומען צו דיר...

אלישע: דיינע כללים זיינען געזונד און פראַקטיש. ביסט זעהר אַ פראַקטישער מענש, מאיר.

מאיר: דערפאַר זייט איהר שוין צופיעל ניט פראַקטיש. קאַרג האָט מען טענות צו אייך? ערלויבט איהר נאָך די מינים צו מאַכען פון אייער שטוב אַ גאַנצען בית הכנסת. דאָס גיט אייערע פיינד נאָך מעהר בעווייזע, אַז איהר זייט איינער פון ז י י ע ר ע.

אלישע: דער איינציגער מענש, וואָס איז נאָך פון מיר ניט אַנטלאָפען, איז מרימי. זאָל איך איהר ניט טהאָן די טובה און ניט ערלויבען איהר דאָ צוזאַמען מיט איהרע שוועסטער און ברידער קלעטערען צו א״הר פאָטער אין הימעל? אָדער דו מיינסט איך דאַרף טרייבען מענשען, ווייל איך שטים ניט איין מיט זייערע מיינונגען? אָדער אפשר איך זאָל זיך דערשרעקען, וואָס מען וועט פון מיר זאָגען און צו וועמען מען וועט מיך צורעכענען? איך פערפאָלג מיינונגען, וועלכע איז רעכען פאר פאַלשע, איך פערפאָלג אָבער ניט, ווי איהר טהוט, די מענשען וואָס האָבען די מיינונגען. אָי!... (גיט זיך פלוצים אַ כאַפּ ביים האַרצען).

מאיר: וואָס איז אייך, רבי? איהר זייט עפּעס בלאַס... זאָל איך אייך ברענגען וואַסער?

אלישע: ניין! ניין! עס איז גאָר נישט... איך פיהל שוין ווידער גוט.

מאיר: פון דעסטוועגען זייט איהר אַריינגעגאַנגען אין אַ ישיבה און איהר האָט מיט אייער שטעקען צוטריבען אַלע תלמידים. זיי, די תלמידים, זיינען דאָך מענשען און ניט קיין מייגונגען!

אלישע: קיין מענשען זיינען זיי ניט און קיין מיינונגען האָבען זיי ניט... יעדער איינציגער איד וויל זיין אַ תלמיד חכם, אַ חבר, אַ צורבא בדרבנן, אַ למדן, אַ תנא! זיי זיצען און ברעכען זיך די קעפּ איבער דינים, הלכות, סיגים, פּשטים, דרשות, רמזים, גמטריות. וואָס ווערט געשאַפען ניצליכעס דערפון? זאָלען זיי בעסער לערנען אַ מלאכה, זיין שניידערס, שוסטערס, שמיעדען. אויף ווען מענס קאָפּ וועלען זיצען די אַלע פּאַראַזיטען? איך וויל, מיין פאָלק זאָל האָבען וואָס מעהר געזונטע אַרבייטער און וואָס ווייניגער בענק־קוועטשער און פּלפּול־זאָגער!...

מאיר: רבי, האָט קיין פאַראיבעל ניט, אַלע זיינען דען נאָר פּלפּול־זאָגער?

אלישע: אָט ביסטו אַ חריף... דו קענסט לערנען אַזוי קונציג דעם פּשט, אַז דיר איז גרינג פופציג מאָל צו בעווייזען, אַז דאָס וואָס איז טריף איז כשר און דאָס וואָס איז מותר איז אסור... עס איז טאַקע אַן אַקראָבאַטי־שער קונץ, אָבער וואָס געווינט דערפון דאָס אידישע פאָלק? אָי! (ער גיט זיך ווידער אַ כאַפּ ביים האַרצען).

מאיר: רבי, די וויכטיגקייט איז ניט אין דעם צי די זאַך איז כשר אָדער טריף. די הויפּטזאַך איז אין דעם לערנען אַליין. דער איד דאַרף לערנען, אַז ניט ווערט ער אויס איד! די געדאַנקען פון'ם גאַנצען אידישען פאָלק דאַרפען זיין פעראייניגט אין איין הייליגער אידעע. זייערע האָפנונגען און זייער טרויסט און זייערע בעגריפען וועגען לעבען דאַרפען זיי שעפּען פון זייער אייגענעם נאַציאָנאַלען קוואַל. נאָר דאָס וועט זיי צוזאַמענבינדען און האַלטען שטאַרק אין איינעם אין זייער גלות צווישען פיינדליכע פעלקער. עס איז ניט אַ ציעל, עס איז נאָר אַ מיטעל צו פערהיטען דאָס אידישע פאָלק פון פערניכטונג.

אלישע: איהר ווילט טהאָן אַ גוטע זאַך מיט פאַלשע שלעכטע און שעדליכע מיטלען. (גיט זיך אַ כאַפּ ביים האַרצען). אָי! מאיר, איך דאַרף דיר זאָגען דעם אמת: איך פיהל שלעכט... איך וויים, איך וועל באַלד מוזען שטאַרבען...

מאיר (דערשראָקען): וואָס רעדט איהר דאָס? גאָט איז מיט אייך! איך ווייזט זיך אויס...

אלישע: איך רעד קיין מאָל ניט מיט זיכערהייט פון דעם, וואָס מיר ווייזט זיך נאָר אויס... מאיר, מיר איז ניט פיעל געבליעבען צו לעבען... איך שטאַרב...

מאיר: מרימי! ווער איז דאָרט? (שרייט אין הויז אַריין) אַהער, גיכער! דער רבי פיהלט שלעכט! (לויפט צוריק) רבי'ניו, זאָגט מיר, וואָס איז אייך. זאָל איך שיקען נאָך אַ רופא? (בעאַטאַ, מרימי און שמעון לויפען אַרויס זעהר דערשראָקענע).

אַלע: וואָס איז? וואָס איז געשעהן?

בעאַטאַ (לויפט צו איהם): וואָס איז מיט דיר? מרימי, ברענג אַ קישעלע, וועה איז מיר! זעהט, די קרעפטען פערלאָזען איהם! (אַ איד מיט נאָך אַ פּאָר אידען קומען פון גאַס. מרימי ברענגט אַ קישעלע. מען לעגט אלישע'ן אויפ'ן דיוואַן).

אלישע: קינדער, שרעקט אייך ניט און בלייבט רוהיג... זיי אַלע האָבען מיך געוואָלט מאַכען טויט, בעפאָר איך בין געשטאָרבען. דאָס איז זיי ניט געלונגען. איצט, אַז איך וועל שטאַרבען, וועל איך זיין טויט. (בעאַטאַ וויינט). קינד, וויין ניט, טרערען, וואָס קענען ניט העלפען, זיינען איבריגע טרערען.

מאיר (צו די אידען): עזריה, באַלד זאָל קומען אַהער דער ראש הישיבה מיט די זקנים. אויף אונז וועט פאַלען די שאַנדע. אויב ער וועט שטאַרבען אין חרם... און זיין פּרוי זאָל מען רופען. שנעל!

אַ איד: אין איין הרף עין בין איך שוין דאָ, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט. (אַלע אידען אָב).

בעאַטאַ: אָה! ער זאָגט קיין מאָל ניט, וואָס איהם פעהלט...

אלישע: מיר פעהלט יעצט קיין זאַך ניט, נאָר מיין קינד... איך וואָלט געוואָלט נאָך איין מאָל זעהן מיין קינד... (שליסט צו זיינע אויגען).

מאיר: רבי'ניו, וואַרום זאָגסטו ניט, וואָס דיר איז?

אלישע: וואָס זאָל מיר זיין, קינד? איך געה איבער פונ'ם זיין צום ניט־זיין. האַ? איהר הערט ניט? (ווייט הערט זיך טוביה'ס פייפעלע) אביוני! יאַ, ער! עס איז גוט, וואָס ער קומט. איך האָב איהם ליעב. אין אַ קלוגען מענשען זעהט מען די רייכקייט פון דער נאַטור אויך דאָן, ווען ער אַליין מאַכט זיך צום נאַרען און צום בעטלער (די פייפעלע הערט זיך נעהנ־טער). ווער ווייס, אפשר האָט ער אַ געריס פון מיין נעמי?...

מרימי: יאַ, ער איז נעלם געוואָרען יענע נאַכט מיט די לעגיאָנען.

בעאַטאַ (שטיל): קיינער קען ניט וויסען, ווי שטאַרק אַזאַ פאָטער האָט ליעב, וועלכער צייגט ניט די וועלט זיינע געפיהלען...

מאיר (וועלכער האָט עפּעס געטראַכט): רבי'ניו, איך קום באַלד! (געהט). זיי מוזען קומען! זיי מוזען אַם וועניגסטען ביי זיין טויט אָבגעבען איהם דעם כבוד, וועלכען זיי האָבען ביי איהם גערויבט אין זיין לעבען! (ראש אָב).

בעאַטא: איך זעה, דו פּיהלסט בעסער. עס וועט נאָך אפשר איבער־געהן... דו וועסט זעהן.

אלישע: יא, עס וועט איבערגעהן מיט מיר צוזאַמען. ווען דאָס פּייפעלע, וואָס שפּיעלט, ווערט צובראָכען, וואו בלייבט דאָס ליעד?... עס געהט איבער און גיסט זיך צוזאַמען מיט דאָס גרויסע אייביגע, וועלכע מיר קענען ניט בעגרייפען... (דאָס פּייפעלע הערט אויף צו שפּיעלען. אביוני ערשיינט זעהר אָבגעריסען, בלאַס און פערשטויבט).

טוביה: פריעדען צו אייך ברידערלעך. האַ? וואָס איז דאָס? דער רויטער האָן האָט דאָ געקרעהט?... נישקשה, נאָך אַ שרפה ווערט מען נאָך אַ רייכערער... אביוני. רבי אלישע בן אבויה, וואָס איז מיט דיר? זיי מונטער! עפען דיינע גרויסע שאַרפע אויגען און הער: איך האָב פאַר דיר אין מיין לעדיגען בעטלער זאַק זעהר אַ גוטע זאַך...

אלישע: מיין פריינד, רעד ניט קיין סך. די צייט איז קורץ און דער וועג איז ווייט... וואו איז מיין נעמי?

טוביה: די לעגיאָנען זיינען געגאַנגען — איך נאָך זיי. געהען זיי אַ טאָג — געה איך אויך. געהען זיי אַ וואָך — אביוני געהט מיט.. געוויס, פון דערווייטען. אי, דאָס אונגליק פון יעדען אביון איז: נאָך איהם שלעפּט זיך שטענדיג נאָך אַן אביון מיט נאָך אַ בעטלער־זאַק. דעם אביון רופט מען הונגער און זיין בעטלער־זאַק איז דער מאָגען. אַי, ברידערלעך, איז דער בעטלער אַן עזות מחוצף פנים!

אלישע: אביוני, וואו איז מיין קינד?

טוביה: אי, ברודערעל! דיין ביטער געשריי יענעם אבענד: נעמי! נעמי! האָט מיך געטריבען... גאָט איז מיין עדות, איך האָב דיר געוואָלט ברענגען דיין קינד צוריק. זיינען מיר געקומען צו דער גרויסער שטאָדט ביים ים. דער פּריץ מיט אַלע פּריצים זיינען אוועק מיט דער ערשטער שיף און אַלע געפאַנגענע זיינען געבליבען וואַרטען אויף דער צווייטער שיף. איך האָב אַלע נאַכט געשפּיעלט פאַר די סאָלדאַטען אויף מיין פּייפעלע, בין געוואָרען אַ גוטער ברודער מיט פיעלע. האָב געפונען צווישען זיי אַ סך פון אונזערע. איך האָב ערפאַהרען, אַז נעמי האָט חרטה, זי וויינט, זי בענקט אַהיים. נאַריש קינד, וואָס האָט זי פערשטאַנען? ברידערלעך טייערע, וואָס דאַרף איך אייך דערצעהלען פון אַלע צרות, סבות, שרעק, אונגליקען, פון די אַלע אגודות־

גנבים און רויבער, וואָס זיינען איצט פול אויף אַלע וועגען? אָבער ווער איז נאָך אזוי בעשיצט און אַזוי זיכער, ווי אַ בעטלער? קיינער האָט מיך, חלילה, ניט בערויבט, ניט בע׳גזל׳ט, ניט בע׳גנב׳עט... ר׳ אלישע בן אבויה, האַלט זיך שטאַרק, ברודערל! מיר זיינען געקומען! נעמי איז דאָ מיט מיר! זי האָט מיך געשיקט דיר בעטען, דו זאָלסט איהר ערלויבען פאַלען צו דיינע פיס און אויסבעטען פערגעבנים... אי, אָרעמע שעפעלע, וואָס זי איז נעבעך אויסגע־שטאַנען! (לויפט פון גאָרטען) נעמי, קום אהער קינד! דער טאַטע וויל דיך זעהן. (אלישע בלייבט רוהיג, אביוני פיהרט אַריין נעמי, בלאַס, קראַנק, אָבגעריסען, פערשטויבט. זי בלייבט שטעהן ערשטוינט, בעטראַכט אַלעס. מרימי, ווי זי דערזעהט נעמי׳ן, פאַנגט אָן שטיל צו וויינען).

בעאַטאַ (געריהרט): אָרימע נעמי, וועמענס האַרץ וועט ניט צובראָ־כען ווערען, קוקענדיג אויף דיר?

נעמי: פאָטער, דו ביזט בייז אויף מיר? איך בין געקומען צוריק. מיינע אויגען האָבען זיך באַלד געעפענט... איך האָב זעהר גיך חרטה געהאַט... נאָך אין וועג ביי־נאַכט, ווען אַלץ פלעגט ווערען שטיל, פלעגט זיך מיר אויסוויייזען, אז איך הער ווי דו רופסט מיך מיט אַ בעטענדע שטימע: נעמי! נעמי! און איך פלעג וויינען מיט ביטערע טרערען... און איך האָב געבענקט נאָך דיר און נאָך דער מוטער... (וויינט) אָבער וואָס מעהר איך האָב זיך ערווייטערט פון דאַנען, איז די מוטער אַלץ געוואָרען קלענער און קלענער, ביז זי איז פערשוואונדען געוואָרען. דו אָבער, פערקעהרט, ביסט אַלץ געוואָרען גרעסער און גרעסער, ביז נאָר דיין געשטאַלט איז געשטאַנען פאַר מיינע אויגען. און אַז איך בין געווען פון דאַנען גאַנץ ווייט, ביזטו געוואָרען אַזוי גרויס און אַזוי טייער. טאַטעניו, פון דער ווייטען ערשט האָב איך דיך דערזעהן (וויינט). פּלוצלונג אַמאָל ביי־נאַכט הער איך אַ פייפעלע שפּיעלט... איך האָב דערקענט ווער עס שפּיעלט, און מיין האַרץ האָט דער־פיהלט, אַז דאָס איז אַ גערוס פון דיר (וויינט). נאָכדעם אַ לאַנגער וועג צוריק. צופוס איבער שטיינער, בערג און הייסען זאַמד. ביי־נאַכט אין וואַלד... רעגען און הונגער... אָי, טאַטעניו, וואָס פאַר אַ גוטער מענש דער אביוני איז.

טוביה: עס קאָסט מיך טייער? וויפיעל מאָל פלעגט זי, די בריה מיינע, פאַלען און בלייבען אָהן כחות? מיין ליעדעלע פון מיין פייפעלע האָט אונז פיעל געהאָלפען צו געהן... יא, ברידערלעך, אַז עס פייפט זיך, געהט זיך.

נעמי: מיר זיינען געגאַנגען און געבעטעלט. פון גזלנים בעהאַלטען

זיך אין וואַלד, פון שלעכטע מענשען אָבגעבעטען זיך מיט טרערען. פאָטער, דו זאָגסט מיר גאָר ניט... איך ווייס, ביזט בייז אויף מיר.

אלישע: קינד, איך? בייז אויף דיר? קום אַהער צו מיר. (זי פאַלט צו צו זיין האַנד און בעדעקט זי מיט קושען). יאַ, איך האָב דיך גערופען. איך האָב דיך ניט אויפגעהערט צו רופען און דו ביזט ענדליך געקומען צו מיר. געקומען צוריק צו דיין עלענדען טאַטען... אַביסעלע צו שפּעט געקומען... אָבער דאָך גענוג פריה נאָך... נעמי, קינד, ביזט געקומען פונקט אין דער צייט, ווען איך געה אַוועק פון דאַנען אויף אימער און אייביג...

נעמי: וואוהין? איך וויל ניט! איך געה מיט דיר...

אלישע: ניין! קינד, דיר איז נאָך צו פריה צו געהן.

נעמי: זעהט, ווי ער איז פערענדערט געוואָרען!

אלישע: פריהער ווערט מען פערענדערט, נאָכדעם ווערט מען פער־קלענערט און פערקלענערט, ביז מען גיסט זיך צונויף מיט דער מוטער נאַטור. (ער שליסט צו זיינע אויגען און בלייבט ליעגען רוהיג. אַלע ווייגען).

נעמי (מיט פערצווייפלונג): טאַטעניו, ד אָ ס האָב איך ערוואַר־טעט צו טרעפען אין דער היים!

שמעון: ווען אונזער פאָטער אין הימעל רופט, מוז מען געהן. מען דאַרף בעטען פאַר זיין זינדיגע זעעלע (אָב אין הויז אריין. ר' מאיר, ראש הישיבה, זקנים, אַ איד און אידען קומען).

אלישע (עפענט די אויגען): ווער איז דאָס? מאיר, דו? קום אַהער צו מיר.

מאיר: דאָ בין איך, רבי'ניו...

אלישע: מאיר, ביזטו מיר אויף וויפיעל עס איז אַ פריינד?

מאיר: רבי ומורי! איך זאָג בפני עם ועדה, און בין שטאָלץ דערמיט, איך האָב מיין אייגענעם פאָטער קיין מאָל ניט געליעבט ווי איך האָב דיך געליעבט, און ווי איך ליעב דיך יעצט. דער, וואָס האָט דיך פערשטאַנען, האָט דיך געמוזט ליעב האָבען...

אלישע: מאיר, איך שטאַרב און מיין קינד בלייבט אַליין אויף דער גרויסער וועלט... (וויינט) פערלאָז זי ניט, מאיר!

מאיר (וויינט שטאַרק): רבי'ניו, אַזוי ווי פאַר אַ שוועסטער, אַזוי ווי פאַר אַן אייגענע קינד וועל איך זאָרגען פאַר איהר... פיר דיין קינד!...

ראש הישיבה: אונגליקליכער מענש, פיהלסטו אַז דיין לעצטע שטונ־דע האָט געשלאָגען?

אלישע: ניט נאָר פיהל איך עס... איך פערשטעה עס... איך ווייס עס...

ראש הישיבה: אָה! אויב דו פיהלסט עס יא, שטאַרב ניט ווי אַ פרעמדער, ווי א ח ר. שטאַרב ווי אַ איד.

אלישע: דער איד לעבט ניט ווי אַלע, שטאַרבען אָבער שטאַרבט ער ווי אַלע...

ראש הישיבה: רעד ניט, זינדיג ניט יעצט... קענסט זיך נאָך אומ־קעהרען צו דיין גאָט און וויעדער אַנערקענען זיין תורה הקדושה.

אלישע: גאָט און די תורה איז פּונקט ווי אַ קעניג, וואָס האָט גע־כאַפּט אַ פויגעל און זאָגט צו זיין דיענער: האַלט עס און היט עס אָב דיין לעבען לאַנג, אויב ניט בעצאָהלסטו מיט דיין לעבען. דער דיענער ווייסט ניט, וואָס איז דאָס פאַר אַ פויגעל, נאָך וואָס האָט מען איהם געכאַפּט און וואַרום דאַרף מען איהם האַלטען, און האַלט איהם דאָך און היט איהם יאָהרען לאַנג. ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל ער איז אַ שקלאַף, ווייל ער לעבט ניט און האָט דאָך מורא צו שטאַרבען... איך האָב דעם פויגעל אַוועקגעלאָזט אין דער פרייהייט...

ראש הישיבה: און דערפאַר בעצאָהלסטו יעצט מיט דיין לעבען... דו שטאַרבסט...

אלישע: האָסט אַ טעות, ברודער, זאָגאַר שטאַרבען שטאַרב איך ווי אַ פרייער מענש...

ראש הישיבה: אחר! טהו תשובה כל זמן עס איז נאָך דאָ צייט. דערמאָהן זיך, וואָס דיך ערוואַרטעט דאָרטען...

אלישע: אַזוי לאַנג ווי איך לעב, בין איך דאָ, שטאַרב איך — בין איך ניטאָ. ווי? איך זאָל מיך שרעקען דערפאַר, וואָס וועט זיין מיט מיר, ווען איך וועל ניט זיין? פריינד, איך האָב ניט געוואָלט לעבען ווי אַ נאַר, און וויל ניט שטאַרבען ווי אַ נאַר! (די אידען מורמלען).

בעאַטא (שטיל צו איהם): אָה, אלישע, אין וועלכע געגענדען, אין וועלכע רעגיאָנען וועט דאָרט דיין אָרימע זעעלע וואַנדלען, און ווי וועט מיין זעעלע דיך קענען געפינען, אַז דו ווילסט ניט מיט דיין שעפּפער פריעדען שליסען? אָה, אלישע, ווילסטו דען ניט זיין דאָרט פעראייניגט מיט מיר?

אלישע (מיט געשלאָסענע אויגען, זעהר שוואַך): ניין, דאָרט ניט!

טוביה: אָי! ער געהט איצט אויפגעבען זיין לעצט ביסעל בעל־הבתישקייט, דעם אָרעמען גוף אַראָב און דאַן דאַרף מען שוין אפילו קיין בעטלער זאַק ניט... (בתבורית קומט ראַש).

בתבורית: וואָס איז דאָ געשעהן? זעהסט, אלישע, האָסט עס נע־דאַרפט, האַ? (דערזעהט נעמי'ן) נעמי דאָ! טאָכטער מיינע! (קושט זי און ווינט) וועה איז מיר, וואָס פון דיר איז געוואָרען! יא, וואָס ביזטו נעבעך

שולדיג? ביי אַן אַנדער טאַטען וואָלט פון דיר אַן אַנדער קינד אויס־געוואַקסען...

אלישע: אָבער ביי אַזאַ מוטער ווי דו, וואָלט פון איהר קיין אַנדערע ניט געקענט אויסוואַקסען.

בתבורית: וויים איך, נו! חלילה, איך בין איצט ניט געקומען קריע־גען זיך מיט דיר.

אלישע: ניין, יעצט קריעג זיך יאָ. אַז איך האָב געלעבט, האָסטו מיר געקענט פער'סמ'ען דאָס לעבען מיט קריעגעריי... כע! כע! דעם טויט קענסטו מיר ניט פער'סמ'ען... אָי! עס ווערט דונקעל אין די אויגען... הפנים עס קומט... (שליסט צו זיינע אויגען).

שמעון (מען הערט זיין שטימע פון הויז): טרערען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד, אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה אַ קלייד. די ערלעזונג ווערט געקויפט נור דורך שמערצען... (כאָר זינגט פיאַנאָ ביז דער פאָרהאַנג פאַלט).

אלישע (ערוואַכט): איהר הערט? מעהר פרויען־שטימען זינגען... די פרויען וועלען זיי פיהרען צום זיעג... מיר אַליין זיינען שולדיג. מיר האָבען די פרויען בעהאַנדעלט ווי שקלאַפען, מיר האָבען זיי בעטראַכט, ווי קנעכט און בלעדזיניגע... די תורה, די מצוות, די רבנות, די גבאות — אַלץ פיר די מענער. דער פרוי האָבען מיר ניט געגעבען קיינע פפליכטען און קיינע רעכטע... ביי די נאַזאַרענער געפינט זי טהעטיגקייט, שוועסטער־ליעבע און מענשען־רעכטע... זיי געפינען דאָרט אַ בעפריעדיגונג פיר די שטרעבונגען פון זייער עדלע, פיהלענדע זעעלע, און בעמערקען ניט, ווי אין זיי ווערט געטויטעט די מוטער און די געליעבטע... שוואַכע און פערקריפעלטע מענשען, וועלען זיין די קינדער פון אַזעלכע פרויען... דורות וועלען פון זיי קומען, וועלכע וועלען פערלעשען דאָס ליכט פונ'ם געדאַנק און וויסענשאַפט, און די פינסטערנים וועט בעדעקען די וועלט. (שוואַך) און דאַן וועט פערגאָסען ווערען פיעל בלוט... אידיש בלוט וועט פערגאָסען ווערען טייכענווייז. (שליסט צו די אויגען).

ראש הישיבה: אונגליקליכער, דיין לעצטע מינוט קומט, זאָג! נעהמסטו צוריק דיינע ווערטער...

אלישע: מיר איז געבליבען איין אויגענבליק צו לעבען, ווילט איהר מיך פיר דעם אויגענבליק מאַכען פאַר אַ ליגנער? אלישע בן אבויה האָט קיין מאָל ניט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט ניט געדעכענט פאַר קיין אמת!... נעמי, קום אהער! איך פיהל עס קומט. לעב וואָהל, קינד! זאָלסט קיין סך ניט וויינען נאָך מיר... נאָר אַביסעלע... אַ סך טרערען האָב איך ניט פער־

דיענט. מאיר, איך האָף, דו וועסט ניט פערלאָזען מיין אָרימע יתומה...
בעאַטאַ, איך בעדויער דיך: איך שטאַרב אַ לעבעדיגער און דו וועסט לעבען
אַ טויטע... איך שטאַרב אָהן שנאה, אָהן האַס, אָהן פלוך... זייט אַלע
גליקליך... אַלע... (שטאַרבט. אַלע פרויען וויינען).

טוביה: ברודער אלישע, דו ביזט יעצט דער רייכסטער אביוני אויף
דער וועלט (ווישט אָב אַ טרער פון זיין געזיכט).

נעמי: פאָטער! פאָטער! אָה, איך פערליר דיך, ווען איך האָב דיך
ערשט געפונען!

בעאַטאַ (שטיל): גוטער גאָט, איך האָף, איך וועל איהם דאָך געפינען
דאָרט, לעבען דיין הערליכען טהראָן.

בתבורית (וויינט): בעסער פאַר איהם... וועט זיך אויפהערען
פלאַגען... ער האָט זיך דאָך נאָר געמוטשעט אויף דער וועלט.

ראש הישיבה (וועלכער האָט דערווייל געהאַלטען אַ בעראַטונג מיט
די איבעריגע): ווי אהר האָט ער געלעבט און ווי אחר איז ער געשטאָרבען.
צו קיין קבורת ישראל קען ער ניט קומען. ער איז פערלאָרען! איהם וועט
דער בית דין של מעלה ניט משפט'ן!

אַ איד: מען דאַרף די נבלה אַרויסוואַרפען. קבורת חמור פערדיענט
ער, ווי איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט! (ער וויל געהן צום
קערפער. דער ראש הישיבה מיט די זקנים ווילען אַוועקגעהן).

מאיר: שטעהט! איהר האָט אַ טעות! אַ גרויסער איד איז געשטאָר־
בען, און ווי אַ נשיא בישראל וועט ער מקובר ווערען! (וואַרפט אַראָב פון זיך
זיין מאַנטעל און דעקט צו אלישע'ס קערפער). רבי ומורי, איך דעק דיך צו
מיט מיין מאַנטעל און זאָל פון זייערע אויגען פערדעקט ווערען דאָס, וואָס
האָט ערוועקט זייער קנאה, האַס און צאָרן! רבי ומורי, איך שריי צו די
הימלען און פרעג, אויב זיי וועלען וואַגען דיך דאָרט שולדיג צו מאַכען אָהן
אַ משפט!? יא, משפט'ן דאַרף מען דיך, אָבער ווער? די וואָס זיינען ווערט
דיינע ריכטער צו זיין. מיר ניט! מיר ניט! (פאַלט צום קערפער, אַלע
וויינען מיט אַ יאָמער־געוויין. פון גאַס הערט זיך די טרויעריגע מעלאָדיע
פון טוביה'ס פייפעלע. כאָר זינגט גאַנץ פיאַנאָ).

(פ אָ ר ה א נ ג   פ א ל ט   ל א נ ג ז א ם.)

## פּערזאָנען

(און די אַרטיסטען, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען ביי דער ערסטער אויפפיהרונג).

---

מלכיאל גאַרבער, א רייכער לעדער־פאַבריקאַנט, 50 יאָהר אַלט
לעאָן בלאַנק

פרומע, זיין פרוי, דיזעלבע יאָהרען.................מאַדאַם שעהנגאָלד

חצקאל, זייער עלטערער זוהן, 25 יאָהר אַלט............ע. ראָטשטיין

בן־ציון, זייער אינגערער זוהן, 20 יאָהר אַלט............י. פּ. אַדלער

ישראל יעקב, פרומע'ס ברודער, אַ זייגערמאַכער און גאָלדשמיעד
60 יאָהר אַלט..............................גראַף

שרה חוה, זיין פרוי, אַ לעבעדיגע און אַ פרעהליכע אַלטעטשקע,
60 יאָהר אַלט.........................מאַדאַם ווילענסקי

מילקע, אַ דיענסטמיידעל ביי מלכיאל'ן, 20 יאָהר אַלט...מאַד. י. אַבראַמסאָן

אַבראַם ראָזענבערג, אויך אַ לעדער־פאַבריקאַנט, טראָגט פּענסנע,
50 יאָהר אַלט...........................קאָנראַד

מישאַ, זיין זוהן, אַן אינזשענער, 30 יאָהר אַלט...........גינזבורג

ליזאַ, זיין טאָכטער, 20 יאָהר אַלט...............מאַד. אַדלער

ירוחם דער מלמד..............................רובין

רייצעל, אַ דיענסט־מיידעל, אַ שטומע ראָלע.

אידען, תלמידים פון דער תלמוד תורה.

עס קומט פאָר אין דער קליין שטעדטעל סאָראָקע אין די יאָהרען 1870-1880.

## ערשטער אַקט.

(אַ גרויסעס צימער ביי מלכיאל'ן. אַלטמאָדישע מעבעל. אויפן טיש גרויסע מעשענע לייכטער. עס ברענט אַ לאָמפּ. פרומע שטעלט אויפ'ן טיש שאָלס און גלעזער. מלכיאל זאָגט: אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי — צו צעהן מאָל יעדעס וואָרט — און רויכערט אַ ליולקע. חצקאל זיצט בעזונדער און צעהלט געלד זעהר אויפמערקזאַם. ער ווישט אָב דעם שוויים פון זיין פנים.)

פרומע (עפענט די טהיר): מילקע, דו וועסט היינט דערלאַנגען דעם סאַמאָוואַר, צי ניין? (מילקע קומט מיט'ן סאַמאָוואַר.) דער בעל הבית, זאָל לעבען, חלש'ט אַ גלאָז טהעע, און דו קלייבסט זיך דאָרט.

מילקע (שטעלט דעם סאַמאָוואַר אויפ'ן טיש): וואוהין זאָל איך זיך קלייבען? איך קען אין סאַמאָוואַר ניט אַריינקריכען — אַז עס זידט ניט, זידט ניט! און אַז עס וועט זידען, וועט זידען!

פרומע (שטיל): וואו איז בן־ציון? געה רוף איהם טהעע טרינקען איידער מלכיאל וועט בייז ווערען.

מילקע: בן־ציון זיצט ביי זיך אין דער פינסטער און טראַכט פון עולם התוהו... הע, איך זאָל אַריינקריכען אין סאַמאָוואַר גאָר! אַ נייע קאָמיסיע... אַז עס וויל ניט זידען זידט ניט! (אָב.)

פרומע: מלכיאל, וועסט טרינקען מיט לימינע? (גיסט איהם אָן טהעע.)

מלכיאל: זאָל זיין מיט לימינע, מיט שנימענע! חצקאל, צעהל גוט, האָב ניט קיין טעות, אַ טעות קאָסט מיר געלד. וואו איז דאָס אונזער מטורף?

פרומע: אי, מלכיאל, אַז דו זאָלסט אויף איהם ניט הוקען און ניט טיוקען און ניט רופען איהם מטורף, וואָלט ער אפשר געווען אַן אַנדער מענש. (אין טהיר) בן־ציון, דער טאַטע רופט.

מילקע (אין טהיר): בן־ציון, דער טאַטע דאַרף אייך האָבען. וואָס זוכט איהר דאָרט אין דער פינסטער, אַ פּינטעל אויף דער נאָז? (געהט אַריין) ער געהט.

(בן־ציון קומט מיט אַ בוך אין האַנד, געקליידעט אין אַ שוואַרצען ניט־נייעם „פּרינץ אַלבערט". טראָגט אַ ווייכע הוט, וועלכע ער נעהמט אַראָב, ווען ער געהט אַריין).

בן־ציון: טאטע, דו האָסט מיך גערופען?

מלכיאל: דער אריינגאנג איז שוין פון א מטורף. וואָס האָסטו אראָב־גענומען דעם קאפעליוש? איך בין א פריץ? אָדער דו ביזט א גרויסער אריסטאָקראט? עס איז שבת־צו־נאכט היינט, און אז מען געהט אריין דארף מען זאָגען: א גוטע וואָך!

בן־ציון: טאטע, זאָגען איז ניט וויכטיג, דער עיקר איז מיינען. (טהוט אָן זיין הוט.)

מלכיאל: די גאנצע וועלט זאָגט: א גוטע וואָך! און דו דארפסט ניט. (זינגט: אליהו הנביא.)

בן־ציון: די גאנצע וועלט האָט אמאָל געזאָגט, אז די ערד איז פלאטשיג, אָדער ע....

מלכיאל: די ערד איז פלאטשיג, דערפאר דארף מען ניט זאָגען: א גוטע וואָך! (לאכט.)

מילקע (אפארט): נו, יא, אויפ׳ן הימעל איז א יריד, דערפאר געהען די קאטשקעס באָרוועס. (אָב.)

מלכיאל: די גאנצע וועלט איז גאָר ניט, נאָר ער....

פרומע: מלכיאל, דיין טהעע ווערט קאלט. חצקאל, דיר אָנגיסען?

חצקאל: אָי, מאמע, שטער מיר ניט די געדאנקען. (צעהלט פלייסיג.) 715, 716, 717.

מלכיאל: וואָס טראכסטו דאָרט אין דער פינסטער? פאר וואָס טראכט חצקאל ניט?

חצקאל: איך בין א מענש, וואָס איך האָב פיינט געניצען... איך ווער אין דער פינסטער באלד ענטשלאָפען. (צעהלט) 728, 729...

פרומע: ווייל דו האָרעוועסט זיך אָן, שלאָפט זיך דיר געשמאק און דו האָסט ניט קיין געדאנקען. נישקשה, ער וועט אמאָל אי"ה ווערען א מענש, וועט ער אויך ניט האָבען קיין געדאנקען. בן־ציון, וועסט טרינקען טהעע? (בן־ציון זעצט זיך צום טיש מיט׳ן בוך און טרינקט טהעע.)

מלכיאל: טרינק אָב טהעע, פילאָזאָף מיינער, וועסט מיר באלד דארפען שרייבען נויטיגע בריעף. (ער זופט טהעע מיט אפעטיט.) איך פערשטעה, א מענש, טראכט פון א געשעפט, ווי אזוי געלד מאכען, אָבער טראכטען אזוי גלאט, דאָס דארף מען זיין משוגע. (זופט.) זעה אקאָרשט, חצקאל, ניט גענווען קיין טעות?

חצקאל: טאטע, עס איז ריכטיג, בס"ה איז 12 הונדערט מיט 75 רובעל. (בעהאלט דאָס געלד אין א גארטעל, מיט וועלכען ער פערגארטעלט זיך. קעהרט זיך אָב. אפארט.) ער האָט א טעות געהאט אין 32 רובעל. דאָס

איבעריגע אהער. (בעהאַלט אין בוזים־קעשענע.) איך בין אַ מענש, וואָס איך פערשטעה. (לויט.) איך וועל געהן זעהן, אויב הריצקאַ האָט געגעבען די פערד שלוש־סעודות. ווי די לבנה וועט נאָר אויפגעהן — פאָהרען מיר. (ברענגט אַ גרויסען סאַקוואָיאַזש.) דאָ איז מיין סאַקוואָיאַזש. מיין ביקסעל איז דאָ? יא! (נעהמט אַרויס אַ רעוואָלווער און בעטראַכט.) אָנגעלאָדען.

פרומע (דערשראָקען): אָי, גזלן, גיב אַכטונג!

חצקאל: איך בין אַ מענש ניט קיין שרעקעדיגער, פון רעסטוועגען איידער איך בין געוואוינט געוואָרען, האָב איך אויך מורא געהאַט. איצט, ווי מיר פאָהרען נאָר אַרויס פון שטאָדט אויפ'ן פעלד, שיס איך אויס אין דער לופטען: דער גוי חזיר זאָל מורא האָבען צו טראַכטען פונ'ם אידענ'ס פאָר גראָשען. נאָכדעם גראָב איך זיך אַריין מיט'ן קאָפּ אינ'ם היי אַריין, דעק זיך איבער מיט דער בורקע איבער'ן קאָפּ, איך זאָל ניט זעהן די לבנה, און כראָפּע.

בן־ציון (געהט צום פענסטער): די לבנה שיינט און דו כראָפּעסט? אי, אין אַ שעהנע זומער־נאַכט פאָהרען! די פעלדער זיינען בעגאָסען מיט זילבערנע שטראַהלען. די נאַכט איז שטיל. דער וואָגען לויפט, די פערד טופּען, און ווייט ציהט זיך אַ ווייסער וועג... (עפּענט זיין בוך און לעזט.)

חצקאל (מיט פעראַכטונג): ווייס איך, נו'ם איך געהן צו די פערד. (אָב.)

מלכיאל: דאָס וואַקסט אַ מענש, אַ בעל הבית, אַ סוחר! דו, וואָס האָסטו אַריינגעשטעקט די נאָז אין דיין „צפנח הפענת“, אַז איך רייד צו דיר?

בן־ציון: מען דאַרף ניט זאָגען „צפנח פענת“, נאָר פערקעהרט, „צפנת פענח“.

מלכיאל: פענח, פעטער נח!... איך פרעג, וואָס איז דאָס דאָרט פאַר א ספר הזכרון?

בן־ציון: דאָס, וואָס איך לערען, האָט מיר דער פעטער ישראל יעקב געגעבען, עס איז דער „מורה נבוכים“ פון רמב“ם.

מלכיאל: ווי, מאַריניכע? כע, כע, כע! וואוהין בעלאַנגט עס, צו מהרשאה, צו צום תנ“ך, צו דער גמרא?

בן־ציון: ער בעווייזט, אויב עס איז דאָ אַ גאָט....

מלכיאל: ער דאַרף עס בעווייזען? אַ חכם! הייסט עס, אָהן איהם ווייס מען ניט? נעהם אַקאָרשט טינט און פעדער און זעץ זיך, וועסט מיר שרייבען בריעף. דיין כתב איז בעסער פון חצקאל'ס, און קענסט מעהר רוסיש. (חצקאל קומט.)

חצקאל: איצט, מאַמע, גיב מיר אַ גלאָז טהעע מיט אַ צוויי דריי קיכלעך.

בן־ציון (זעצט זיך צום זעלבען טישעל, וואו חצקאל איז געזעסען): צו וועמען איז דאָס די נויטיגע קאָרעספּאָנדענץ?

מלכיאל: קאָרעספּאָנדענץ, סקאָראָפּאָנדענץ! יאַ, חצקאל, זאָלסט אויפ'ן יריד, למע"ה, אָבזוכען משה פאלעץ. איך וועל דיר באַלד געבען זיין וועקסעל. ער צאָהלט ניט — ניט קיין קרן און ניט קיין פּראָצענט. (געהט) די הויט דאַרף מען פון זיי שינדען!

בן־ציון (שטיל): אָי, די פּראָצענטען, די פּראָצענטען!

מלכיאל: פּראָצענטען געפעהלען דיר ניט! וואָס דען געפעהלט דיר, דו פּרא אדם! קאָרעספּאָנדענץ, סקאָראָפּאָנדענץ! (אָב צו זיך אין צימער. בן־ציון בלייבט זיצען פערטראַכט.)

פרומע: בן־ציון, פאַר וואָס נעהמסטו ניט אַ קיכעל, האָסט דאָך גאָר ניט געגעסען פון וואַרעמעס אָן. איך ווייס ניט, נאָך וואָס לעבסטו, אַז דו עסט ניט?

בן־ציון: מאַמע, איך לעב ניט דערויף, איך זאָל עסען; איך עס, כדי איך זאָל לעבען.

חצקאל: און איך עס פּשוט דערפאַר, ווייל איך האָב ליעב עסען. מאַמע, מילקע וועט ניט פערגעסען מיר מיטגעבען עפּעס אכל'ען? אויפ'ן וועג, ווי איך כאַפּ זיך אויף, כאור בוקר — עס איך. איך שטעה אויף מיט'ן פאַרטיגען אַפּעטיט און איך עס.

פרומע: און ווען דאַווענסטו, חצקאל? שטעהסט דאָך ניט אויף אַ געדאַווענטער?

חצקאל (לאַכט): אַז דער טאַטע איז ניטאָ, גיב איך זיך שוין אַן עצה. מיך דאַרף מען ניט פרעגען קיין שאלות תשובות. איך פערשטעה, אַז אַ געשעפטס־מענש מעג אַמאָל פערקנייטשען אַ דאַווענען.

בן־ציון: מאַכסט געשעפטען מיט'ן רבש"ע? אַז דו דאַרפסט איהם ניט, פערקנייטשטו איהם; אַז דו דאַרפסט דעם רבש"ע יאַ, קנייטשטו איהם אָב... האַנדעלסט מיט'ן דאַווענען און מיט גאָט...

חצקאל: שריי ניט, משוגע'נער, דער טאַטע וועט דערהערען. די מענשען, וואָס זיינען ניט ביי קאָמערציע, האָבען ניט קיין שכל... לייענען אַ סך און פערשטעהען דאָך גאָר ניט.

פרומע: בן־ציון, אַז דו ביזט יאַ אַזאַ צדיק און נעהמסט זיך אָן פאַר'ן רבש"ע, פאַר וואָס דאַווענסטו ניט? וויפיעל מאָל האָט דיך דער טאַטע געשלאָגען, גע'הרג'עט פאַר'ן ניט דאַווענען?

בן־ציון: איך? איך וויל קיינעם ניט נארען. מיינסטו, מען דארף ראוונען, — דאוועו עהרליך. ניין, — מאך ניט קיין קאָמעדיע פון אמונה־זאכען.

מלכיאל (שרייט פון זיין צימער): פרומע, קום נאָר אהער! האָסט ניט געזעהן, ביי מיר זיינען געלעגען דאָקומענטען אָנגעשטאָפּט אין אַן אַלטען תפילין־זעקעל?

פרומע: איך דארף וויסען, וואָס ביי איהם איז אָנגעשטאָפּט אין זיין אַלטען תפילין־זעקעל, נאַ! (אָב.)

חצקאל: כדאי צו פיהרען אַ מלחמה איבער'ן ראוונען... איך זאָג דיר, אַ נויטיגע זאך. וואָס דארף איך איבערמאַכען די וועלט? איך בין אַליין אויך פון די היינטיגע, ביי מיר איז דער דאַוונען אַ בלאָטע... נאָר אַז אַלע דאַוונען, מאַך זיך, אַז דו דאַוועגסט אויך.

בן־ציון: ניט דער ראַוונען איז ביי דיר אַ בלאָטע, ניין! חצקאל, די בלאָטע איז ביי דיר אַ דאַוונען... הם! ער איז אויך פון די היינטיגע! (קעהרט זיך אָב און פערדעקט זיין געזיכט.)

חצקאל (בייז): עה, אַן אמת'ער מטורף! (טרינקט און עסט. מילקע קומט מיט פּראָוויזיע.)

מילקע: חצקאל, אָט האָט איהר אויפ'ן וועג דריי גאָמעלקעס, אַ האַלבע קאַטשקע און צעהן האַרט געבאַקענע אייער. (שטיל) חצקאל, איהר וועט לאַנג זיין אויפ'ן יריד?

חצקאל: מויד, איך וועל דאָרט אַזוי לאַנג זיין, ביז איך וועל קומען. (אומאַרעמט זי.)

מילקע: אָי, וואָס טהוט איהר? ער וועט דערזעהן. ער האָט עס פיינט...

חצקאל: ווייס איך, פרעג איהם בחרם. ער איז איצט אין עולם התהו.

בן־ציון: פע! חצקאל, דאָס איז זעהר מיאוס. זי איז אַ פרעמד מיידעל און דו קריכסט צו איהר, ווי אַ חזיר. איך האָב זיך שוין לאַנג געקליבען דיר דאָס זאָגען.

חצקאל: אַ פרעמדע? מילקע דיענט ביי אונז, — איז זי אונזערע. איאָ, מילקע?

מילקע: וואָס דען, וואָס בין איך אייך עפּעס אַ פרעמדע אין מיטען דערינען?

חצקאל: און איך קריך ניט צו איהר, ווי אַ חזיר, דאָס איז אַ ליגען. איך קריך, ווי אַ מענש, ווי אַ בשר ודם דארף קריכען. איאָ, מילקע? (לאַכט איראָניש.)

מילקע: וואָס דען, איהר, בן־ציון, זאָלט זיין א מענש, וואָלט איהר אויך געקראָכען.

בן־ציון: האָסט זי דען ליעב?

חצקאל: הערט א חכם! פאַר וואָס זאָל איך זי פיינט האָבען?

מילקע: א נאַר וועט ער זיין! וואָס מיינט איהר, ער איז ערשט אַרויס פון די פעלישקעס?

בן־ציון: וואָס־זשע, דו ווילסט מיט איהר חתונה האָבען?

חצקאל: א שעהנער שידוך, ווי איך בין א איד. מילקע, האָסט עפּעס א סך נדן?

מילקע: איך האָב טפּרו־טאָ האַלבען מיליאָן מיט ק"ן קערבלעך. (ביידע לאַכען.)

מלכיאל (פון זיין צימער): חצקאל, לאָפּאַק, קום אקאָרשט אהער.

חצקאל (ווינקט אויף בן־ציון'ען): מילקע, ווי געפעהלט ער דיר? ער פערשטעהט א קאָמערציע! (אָב, לאַכענדיג, אין פאָטער'ס צימער אריין.)

מילקע: הע! ר' מלכיאל איז דער גרעסטער גביר אין סאראקע, און איך בין א דיענסט־מיידעל, פּעסי פייגע'ס דער קוראָלאַפּניצע'ס א טאָכטער, פאַלט אייך איין א שידוך מיט חצקאל'ן. זיינען זיי ניט גערעכט, וואָס זיי רופען אייך בעל מטורף?

בן ציון: דאָס זאָג איך דאָך: אז ער דענקט ניט חתונה האָבען, נאָך וואָס קריכט ער צו דיר?

מילקע: אַז מיך אַרט ניט, וואָס אַרט אייך? איהר וואָלט דען מיט מיר חתונה געהאַט?

בן־ציון: איך זאָל דיך ליעבען, וואָלט איך חתונה געהאַט.

מילקע: פאַר וואָס האָט איהר מיך ניט ליעב? איך בין דען ניט א מויד, ווי עס געהער צו זיין? נאָר דערפאַר, וואָס איך בין אַן אָרים דיענסט־מיידעל....

בן־ציון: איך האָב דיך ניט ליעב, ווייל דו געפעהלסט מיר ניט. האָב קיין פעראיבעל ניט, איך מיין דיך ניט בעליידיגען. דו געפעהלסט מיר ניט, ווייל... ווייל איך... עס קען זיין דערפאַר, ווייל מיר געפעהלט שוין אַן אַנדערע. אַז מען האָט שוין איינע אין די געדאַנקען און מען טראַכט פון אַנדערע, איז מען אַקוראַט ווי א דבר אחר.

מילקע: הערסט, דער צדיק האָט שוין אויך איינע! א מפּלה וואָלט איך זיך געריכט.

בן־ציון (פערשעמט): געה, נאַר, איך האָב זי נאָר אין מיינע געדאַנ־

קען... איך זאָג איהר ניט... איך וועל זיך קיינמאָל ניט ערלויבען, ווי מיין ברודער ערניעדריגט דיך.

מילקע: ערניעדעריגט? הערסט, ביי איהם הייסט עס ערניעדעריגען! ביי איהם קומט דאָס אויס פּונקט פּערקעהרט.

בן־ציון: ער קוקט אויף דיר מיט אַ מיאוס׳ען געדאַנק. דאָס דאַרף מען זיך קיינמאָל ניט ערלויבען... קיין מאָל ניט.

מילקע: קיין מאָל ניט? היינט נאָך וואָס דאַרף מען דאָס גאָר אין גאַנצען?

בן־ציון: דאָס, וואָס איז הייליג און ריין, טאָר מען ניט גרינגשעצען.

מילקע: אַז מען איז אַ געזונטער בחור און מען האָט... ע... (פּרומע, מלכיאל און חצקאל קומען.) בעל־הבית׳טע, איך האָב איך געוואָלט זאָגען, דער סאַמאָוואַר, נעבעך, איז ווי ביי אַ קראַנקען דער קאָפּ.

מלכיאל: דו הערסט, און איך האָב אַזאַ דאָרשט נאָכ׳ן היינטיגען לאָקשען־קוגעל מיט דיין געפּילטע העלזעל. דאָס איז געווען אַ העלזעל־שמעלזעל!

מילקע: איך וועל איהם אפשר צובלאָזען מיט אַ כאָלעווע. (אָב מיט׳ן סאַמאָוואַר.)

מלכיאל: נו, חקרן מיינער, שרייב, אָבער אַזוי, מיט אַ שעהנער מליצה. דעם ערשטען בריעף שרייב אין מיקאָלאַיעוו צום קופּיעץ קאָניוכין. שרייב איהם, מיר האָבען איצט אין אונזער גאַרבאַרניע פּרישען לעדער, פּיינעם וויראָסטיק פאַר סאָלדאַטסקע שטיוועל, שוואַרצע יוכטע, גוטען קאָזיאָל, אויסגעצייכענטע פּאָדעשוועס.

בן־ציון: דערצו דאַרף מען האָבען די מליצה... (שרייבט.)

מלכיאל: חצקאל, איך האָב געהערט, זלמן קאַזיאַראַק האָט 220 פּעל פון אָקסען, וועלכע זיינען געפּאַלען פון פּעסט. זאָלסט זעהן, למע״ה, קויפען די פּעל און וואָלוועל!

חצקאל: טאַטע, איך וועל איהם צוקוועטשען צום וואַנד און קויפען וואָלוועל די פּעל. איך בין אַ מענש, וואָס איך פּערשטעה שוין.

בן־ציון: מען טאָר ניט קויפען קיין פּעל פון געפּאַלענע אָקסען. (שרייבט ריידענדיג).

מלכיאל: אזוי, מען טאָר ניט? וואו שטעהט עס אין פּסוק?

בן־ציון: אַ חויז אַלע זאַכען, שטעל זיך פאָר, דו פערשלעפּסט מיט די פּעל אהער אין סאָראָקע די פּעסט, און איבער דיר פּגר׳ט ביים אָרימאַן זיין איינציגע בהמה׳לע...

חצקאל: ער קען ניט ליידען קיין עולות. אַ סטריאַפּטשע ביי גאָט.

מלכיאל: א בהמה נעהמט זיך אַן פּאָר בהמות. (געלעכטער). גערעכטע־נער בן מיינער. ביסט טאַקע אַ בהמה, אָבער דאַרפסט פאַר'ן פּעסט ניט מורא האָבען. ביסט ווי יעדע אידענע אַ צרה, פון וועלכער איהר מאַן האָט געזאָגט: איך קען פון מיין צרה ניט פּטור ווערען... איז אַ כאָלערע אויף מענשען, טשעפּעט זי ניט דער מלאך־המות, ווייל זי איז אַ בהמה, איז אַ כאָלערע אויף בהמות, רעכענט דער מלאך־המות, מיר אויף צו להכעיס, מיין צרה פאַר אַ מענש... (ער און חצקאל לאַכען).

פרומע: אָי, וואָס די מאַנסבילען טראַכטען אויס פון די ווייבער, נעבעך. (שטיל) מלכיאל, שריי ניט אויף איהם!

בן־ציון: נו, צו וועמען איז דער צווייטער בריעף?

מלכיאל: דעם צווייטען דאַרף מען שרייבען מיט שכל. שרייב אין אָדעסער קאָמערטעשסקי באַנק: אַזוי ווי מיר האָבען געהערט, אַז אַבראַם ראָזענבערג (גיט אַ קוק אין עפנסטער) זעה, וואָס פאַר אַ „מילינאַציע" עס איז דאָרט ביי איהם... (דראָהט) האַר אויס, עס וועט דיר אַ רוח אין דיין טרפה'נע קישקע אריין. שרייב, יאַ, אַז אַבראַם ראָזענבערג וויל איצט לייהען 5 טויזענד רובעל אויף זיין גאַרבאַרניע, מעלדען מיר, אַז ער, ראָזענבערג, איז אַ גרויסער מאָשעניק, האַלט ביים אָנזעצען און מאַכען אַ פּליטה.

בן־ציון: דו ווילסט אונטערשרייבען דיין נאָמען אויף דעם בריעף? (מלכיאל און חצקאל לאַכען שטאַרק).

מלכיאל: מיין נאָמען? כאַ, כאַ, כאַ! הערסט אַ שכל? ער איז משוגע אויף טויט.

חצקאל: אין קאָמערציע שמייסט מען פאַר אַזעלכע זאַכען...

מלכיאל: מען שמייסט ניט אין קאָמערציע, מען שמייסט, ברודער, וואו די אידען האָבען גערוהט... שרייב, שרייב מיט קאָפּ און שווייג, וועט מען ניט וויסען, אַז דו ביסט אַזאַ פּרא אדם.

בן־ציון: דעם בריעף וויל איך ניט שרייבען. (לעגט אוועק זיין פעדער) אויב עס איז אַן אמת—שרייב אונטער דיין נאָמען, אויב אַ ליגען—שרייב איך ניט!

מלכיאל: וואָס, ער וועט ניט שרייבען גאָר!

בן־ציון: אַזאַ אַנאָנימען בריעף וועל איך ניט שרייבען...

מלכיאל: ווי אַזוי רופט ער דאָס?

חצקאל: אַנאָנימע... דאָס הייסט מסתמא אַזאַ בריעף, וואָס איז געגען זיין יושר.

מלכיאל: וואָס איז? נעהמסט זיך אָן פאַר ראָזענבערג'ן? ער איז דיר מעהר קרוב, ווי אַן אייגענער טאַטע?

בן־ציון (רוהיג): טאַטע, ער מעג זיין אַ קרוב אָדער אַ שונא — אַזאַ בריעף שרייב איך ניט.

מלכיאל: ער שרייבט ניט! זעהסטו, דאָס האָסטו דוקא אַ טעות, וועסט שוין יא שרייבען!

פרומע: בן־ציון, וואָר אַרט דיך? דער טאַטע, זאָל לעבען, פערשטעהט דאָך... דו טהוסט דאָך נאָר, וואָס מען הייסט דיר.

בן־ציון: עס איז איבריג צו רעדען. איך רעכען, אַזאַ בריעף צו שרייבען איז אַן עולה. איך וועל אַזאַ בריעף ניט שרייבען.

מלכיאל (בייז): דו ווילסט מיך לערנען, וועלכע בריעף צו שרייבען?

בן־ציון: דיך לערנען? ניין! איך וויל נאָר דו זאָלסט מיך ניט לערנען.

מלכיאל: טו זעץ זיך און שרייב! איך וויל דיך יא לערנען!

בן־ציון: איך ניט!... חצקאל וועט דיר אפשר בעסער אָנשרייבען דעם בריעף. (וויל אויפשטעהן).

מלכיאל (לאָזט ניט): וואוהין געהסטו? דו, שרייב, וואָס מען הייסט דיר שרייבען!

בן־ציון: טאַטע, מעגסט זיין זיכער, איך וועל דעם בריעף ניט שרייבען.

מלכיאל: דאָס וועלען מיר זעהן! שרייב! האַ, וואו איז אקאָרשט מיין שטעקען? (זוכט זיין שטעקען).

פרומע (דערשראָקען): בן־ציון, פאָלג איהם! מלכיאל, ער זאָגט,אויב דו וועסט איהם ניט שלאָגען, וועט ער שרייבען. ער וועט שרייבען, וואָס דען?

בן־ציון: איך זאָג, אַז דו וועסט מיך אפילו דער׳הרג׳ענען, וועל איך ניט שרייבען!

מלכיאל: אַזוי זאָגסטו, און איך זאָג, וועסט יא שרייבען! (קלאַפּט מיט׳ן שטעקען איבער׳ן טיש). וועסט יא שרייבען! (קלאַפּט). ניין, זאָגסטו? וועסט ביי מיר שרייבען! וועסט שרייבען! זאָלסט אפילו איינגנעהמען אַ מיתה משונה, וועסטו שרייבען, שרייב! שרייב! שרייב! (בויגט איהם צו צום טיש און שלאָגט איהם).

פרומע: גזלן, שלאָג איהם ניט! וועה איז מיר, שלאָג איהם ניט! זאָל חצקאל שרייבען!...

מלכיאל: חצקאל? ניין, ער וועט שרייבען!

בן־ציון: טאַטע, איך בעט דיך, בעזין זיך. די קלעפּ וועלען ניט העלפען!...

מלכיאל: שרייב! שדייב! אז מען הייסט דיר שרייבען — שרייב. (בויגט צו זיין קאָפּ צום טיש און שלאָגט. מילקע לויפט אריין).

מילקע: הערט אויף מלחמה האלטען. מענשען געהען אהער. (מען הערט שטימען). ער האָט שוין, נעבעך, געקריגען אויף א פולע מזל׳דיגע וואָך צו ברכה און הצלחה אמן סלה. (אב).

מלכיאל: נעהם דו, חצקאל, און שרייב אָן דעם בריעף. (חצקאל זעצט זיך און שרייבט). ווער געהט עס דאָרטען? (וויל זיך מאכען רוהיג, פער־רויכערט זיין ליולקע. די הענד ציטערען ביי איהם).

פרומע: אָה, דאָס זיינען אונזערע... גאָט אַליין האָט זיי געבראכט. (ישראל יעקב און חוה קומען).

אַלע: א גוטע וואָך! ׳ א גוטע וואָך!

מלכיאל: זעלטענע געסט. א גוטע וואָך! זיצט, מיר וועלען טרינקען טהיי. וואו איז מיין ליולקע? (רויכערט און זינגט) אליהו התישבי, אליהו התישבי.

חוה: מלכיאל, דו זינגסט זמירות, מיר דאכט זיך, מיט׳ן ניגון פון קינות.

פרומע: איהר זייט אזוי געקומען אין דער צייט... זיצט, זיצט.

חצקאל (שרייבט, ווישט דעם שוויים פון פּנים): שרייבען איז ביי מיר א גאנצע הערעוואניע... (מילקע מיט׳ן סאמאָוואר).

מילקע: צובלאָזען! וואָס מאכט אונזער מוהמע חוה?

חוה: אז איך וועל דיר זאָגען, וואָס איך מאַך, וועסטו מיר דארפען דערצעהלען, וואָס דו מאכסט. א מעהר טשעפּע מיך ניט און איך וועל דיך ניט טשעפּען. (די ווייבער לאכען).

ישראל יעקב: נו, בן־ציון, וואָס מאכסטו עפּעס? וואו האלסטו מיט׳ן „מורה נבוכים“? קענסט קייען, ברעכסט זיך ניט די ציין, הא? איך האָב דיר געבראכט דיין „עמק הארזים“. שעהנע מליצה, ווי גאָלד.

חוה: איבער דיין מעשה־ביכעל האָט ער ניט געשלאָפען ביי טאָג נאָכ׳ן טשאָלענט. ער האָט זיך צוגעכאפּט, ווי א סאָלדאט צו תיקון שבועות.

ישראל יעקב: געדענקסט דאָ? השמש השליכה קרניה האחרונות זהב מופז — די זון האָט געוואָרפען איהרע לעצטע שטראהלען פון גינג־גאָלד...

מלכיאל: גינג־גאָלד, שמינג־גאָלד! גאָלדשמיעד מיינער, וואָס קענסטו אויסשמיעדען פון שטראהלען פון גינג־גאָלד?

ישראל יעקב: געוויס, קיין פּאָדעשוועס קען מען פון שטראהלען ניט אויסשמיעדען. בן־ציון, וואָס ביסטו מיר עפּעס צופלאָכטען?

חוה: ער האָט מסתמא געהאַט אַ ויכוח מיט'ן טאַטען איבער'ן „מורה נבוכים".

בן־ציון: מומע, איהר האָט געטראָפען: עס איז געווען אַ ויכוח. דער טאַטע האָט מיך ערשט גע'הרג'עט, געשלאָגען.

מלכיאל: גע'הרג'עט, געשלאָגען! דו הער איהם נאָר, וואָס ער וועט דיר דערצעהלען, דער משוגענער. זעץ זיך בעסער טהיי טרינקען. (זינגט) אליהו הגלעדי. פרומע, גיב טהיי.

בן־ציון: טאַטע, אויב דו פיהלסט, אַז דו האָסט געטהאָן אַ גערעכטע זאַך, נאָך וואָס זאָלסטו וועלען אָבלייקענען? !

מלכיאל: אָבלייקענען, אָבשמייקענען! אַן אַנדערער וואָלט כאָטש געשוויגען, ער דערצעהלט נאָך. עס איז אַז אָך און אַז וועה, אַז מען דאַרף אַזא גרויסען ביק שלאָגען.

בן־ציון: מען דאַרף? ! אַלע, וואָס שלאָגען דעם צווייטען, פער־ענטפערען זיך דערמיט, וואָס מען דאַרף... ווער זאָגט עס, אַז מען דאַרף שלאָגען? ווער גיט אַ מענשען אַזא רעכט איבער'ן אַנדערען? איך בין שוין ניט קיין קינד, איך בין העכער 20 יאהר, איך בין אַ מענש... איך לערען דעם „מורה נבוכים" און דענק דערפון, וואָס עס זאָגען דער רמב"ם און אַריסטאָטעל איבער די אַטריבוטען פון גאָטהייט... און דו שלאָגסט מיך מיט אַ שטעקען. און פאַר וואָס?... (טרערען שטיקען איהם).

מלכיאל: אַטריבוטען,ווערטוטען! מאַכסט מיך פשוט גליקליך דער־מיט... וויפיעל פערדיענסטו דערביי?

ישראל יעקב: שלאָגסט, האַ? ווילסט מאַכען פון איהם אַ האַרטע פאַרעשווע, נראָבער יונג?

חוה: אַז ניט שלאָגען, וואָס פאַר אַן אַנדער נחת קען מען האָבען פון קינדער?

פרומע: אַז אַ טאַטע שלאָגט, מיינט ער דאָך, מסתמא, דעם קינד'ס טובה.

חוה: הערסטו? דער טאַטע טהוט איהם אַ טובה און ער איז נאָך ברוגז. (געלעכטער).

מילקע: אַי, איז דאָס אַ גנב, די אַלטע, פונקט ווי אַ מאַנסביל.... (אָב).

חצקאל: פו! געענדיגט דעם פּאָדריאַד... (הערט אויף שרייבען).

מלכיאל (קוקט אויפ'ן בריעף): איך קען ניט לייענען, אָבער איך ווייס, איך וויל ניט לייקענען, דער מטורף וואָלט מסתמא בעסער אויפגעשריבען. אַ קאָפּ האָט ער.

פרומע: זעהסט, בן־ציון, דו מיינסט, דער טאַטע איז דיר אַ שונא.

מלכיאל: אָבער וואָס העלפט עס, אַז ער וויל ניט זיין קיין מענש?

ישראל יעקב: דו ווילסט זאָגען, ער וויל ניט זיין קיין פערד... ביסט אָנגעשטאָפּט מיט געלד, ווי אַ קישקע מיט מעשים טובים. קראַנק ביסטו איהם לאָזען לערנען... אַ קלייניגקייט זיין קאָפּ.... אַז דו ביסט אָבער אַ מבין אויף פּאַדעשוועס.

מלכיאל: איך פערשטעה, אַ איד איז מחויב זיין קינד לערנען דאַווענען, אָבער ווייטער דאָרטען די ביכלעך מיט די מהרשאות — שמאַטע! מען דאַרף זעהן פערדיענען און טהאָן אין געשעפט.

ישראל יעקב: יא, דו מיינסט מען דאַרף נאָר בעזאָרגען די וועלט מיט לעדערנע שטיוועל פאַר די פיס. נו, און פאַר'ן קאָפּ דאַרף מען ניט זאָרגען? געשעפט! וואָס מיינסטו, אַ דאָקטאָר אָדער אַן אַדוואָקאַט האָט ניט קיין געשעפט?

מלכיאל: יא, אַ דאָקטאָר האָט אַ געשעפט, ווען איך, דער געשעפטס־מענש, האָב אַ קרענק. דער אַדוואָקאַט האָט אַ געשעפט, ווען איך וויל גנב'ענען. טאָמער אָבער וויל איך ניט קרענקען אָדער איך וויל ניט גנב'ענען?

חוה: אָה, גנעה, מלכיאל, איך וועל דיר גלויבען, אַז דו ווילסט ניט קרענקען, אָבער, אַז דו ווילסט ניט, חלילה, גנב'ענען, וועל איך דיר קיינמאָל ניט גלויבען. (אַ שטאַרקער געלעכטער).

בן־ציון: צום האַנדעל דאַרף מען ניט זיין געלערענט? אָט פּיהרסטו דיין גאַרבאַרניע, ווי אין די אַלטע צייטען...

חוה: יא, ווי אין מלך שאבעצקי'ס צייטען...

בן־ציון: און ראָזענבערג האָט אַ זוהן אַן אינזשענער, האָט ער טאַקע אַלץ איבערגעבויט מיט מאַשינען און פערשיעדענע זאַכען... ער וויים, ווי אזוי דאַמפּף, ווי אזוי עלעקטרישע אַפּאַראַטען...

חצקאל: נו, און האָט זיך מיט די אַפּאַראַטען אַזוי פערדרעהט דעם קאָפּ, אַז ניט טפרו, ניט נו. דו פרעג מיך, איך בין אַ מענש, וואָס איך פער־שטעה.

מלכיאל: ער איז ניט גערעכט? ראָזענבערג איז אַן אַריסטאָקראַט. אין שטוב איז ביי איהם שטאָ טאַם טהוט זיך. די טאָכטער ברינקעט אויף דער פּיאַנאָ און... מילא, די טאָכטער בין איך איהם מוחל...

חצקאל: טאַטע, איך מיין פערקעהרט... די מאַשינען בין איך איהם מוחל, אָבער די טאָכטער...

מלכיאל: כע, כע! די טאָכטער געפעהלט דיר דוקא, שייגעץ!... יא, מען זאָגט, זי איז אַ מיידעל, ווי אַ פאַרפעל־צימעס... און דער זוהן איז

אין גאַנצען אַ געבילדעטער יאַכנעטשיק. אַז עס קומט אָבער צום בענשען מזומן, וואו זיינען די מרנן ורבותי? (מילקע לויפט אריין).

מילקע: זאָל איך אַזוי געזונד זיין, ראָזענבערג געהט אַהער!

אַלע (ערשטוינט): ראָזענבערג?

פרומע (לויפט אום): רוים אויף, זעה, וואָס דאָ טהוט זיך...

מילקע: זאָל איך צונעהמען די לייכטער? אַלטאָמדישע אידישע לייכטער, אַ מיאוס'ע זאַך פאר אַזעלכע געבילדעטע מענשען.

חוה: וואָס זאָגט איהר פאָרט, איך האָב פערגעסען אָנטהאָן מיין קרינדאלין מיט'ן טשעפטשיק!

מלכיאל: זעה נאָר, וואָס עס טהוט זיך פאר אַ טאַראַראַם! אַז ער געהט, געהט ער... (זינגט) אליהו התשבי, אליהו התשבי. (ראָזענבערג און מישאַ קומען).

ביידע: גוטען אבענד! גוטען אַבענד! (נעהמען אַראָב זייערע היט).

ראָזענבערג: דאָס איז מיין אינזשענער טעכנאָלאָג. עס האָט געענוג געקאָסט... מישאַ, דאָס איז ר' מלכיאל'ס שוואָגער, ר' ישראל יעקב. מעגסט אמאָל אַריינגעהן צו איהם אַביסעל פילאָזאָפירען וועגען פילאָזאָפיע און געאָגראַפיע. אַ גרויסער פילאָזאָף!

ישראל יעקב: ווייס איך, אויך מיר אַ פילאָזאָף. גאָר ניט, יעדער מענש איז אַ ביסעלע אַ פילאָזאָף; ליידער, ניט יעדער פילאָזאָף איז כאָטש אַ ביסעלע אַ מענש...

ראָזענבערג: נו, און וואָס מאַכט חצקאל? ר' מלכיאל, אָט דעם זוהן בין איך אייך מקנא.

מישאַ: איך האָב פיעל געהערט וועגען אייערע גרויסע קאָמערטשעסקע פעהיגקייטען...

חצקאל: מיר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט לעגען. איך האָב, וואָס מען דאַרף צום געשעפט: אַ גוטען אויער מיט אַן אָפענעם אויג.

חוה: מיט אַ לאַנגע האַנד. (זיי לאַכען ביידע).

ישראל יעקב: מיט אַ קורצען שכל.

ראָזענבערג: נון, און בן־ציון, נאָך אַלץ ניט באַלאַנסירט? צייט צו ווערען אַ מענש און זיין דעם פאָטער אַ הילף. ער איז פון אַן אַנדער קאַטעגאָריע...

מישאַ: וואָס זעהט מען אייך ניט, בן־ציון? איהר קומט נאָר, ווען איהר דאַרפט אַ בוך...

מלכיאל: אָי, די ביכער, ניט געראכט זאָלען זיי ווערען! נאָר דער מוח ווערט פון זיי צוטומעלט.

מישאַ: די ביכער זיינען ניט שולדיג. יעדער דארף וויסען זיין פלאַץ און טהאָן זיינס. עס זיינען דאָ מענשען, וואָס זיי דאַרפען ביכער... אָבער דאָ אין סאָראָקע אַ יונגער מאַן ביי אַ סוחר אין הויז... וואָס טויגען איהם די ביכער מיט די פאַנטאַזיען? אַ סוחר אַן אידעאַליסט איז אַזוי אוננאַטירליך, גראדע ווי אַ מענש, וואָס געהט מלחמה האַלטען און האָט מורא נעהמען אַ ביקס אין האנד... קאָמערציע איז מלחמה!

בן־ציון (שטיל): אַ געבילדעטער מענש זאָל אַמאָל זאָגען אַזוי, אַמאָל אַזוי, ווי עס פּאַסט, הייסט עס? איהר זופּט זיך אויך אונטער צום טאַטען? דאָס איז אַ חידוש?

מילקע (אַפּאַרט): דער אינזשענער האָט אויף מיר צוויי מאָל אַ קוק געטהאָן, זעהט זיך אָן זעהר אַ געבילדעטער מענש.

מלכיאל: איך פערשטעה, איהר זייט דאָך מסתמא געקומען ניט צוגאַסט... אפשר וואָלטען די ווייבער זיך מטריח געוועזן פון דאַנען?

חוה: אַ ברירה האָבען מיר? קום, פרומע, אַז די מאַנסבילען בעשעפ־טיגען זיך מיט נארישקייטען מעגען די ווייבער זיין דערביי, אַז זיי טהוען עפּעס וויכטיגעס, הייסט מען די ווייבער נעהמען דעם וועג... דערפאַר זיינען מיר בעקאַנט נאָר מיט זייערע נאַרישקייטען.

מילקע: וואָס מיינט איהר דאָס, מומע חוה? אָי איז דאָס אַן אַלטער גנב!

חוה: וואָס אִיך מיין? אָי טשעפּע מיך ניט און איך וועל דיך ניט טשעפּען, און טשעפּע זיך אָב פון מיר. (אַלע דריי פרויען אב).

מישאַ: ר' מלכיאל, איך וועל אייך ערקלערען גאַנץ אָפען, וואָס מיר זיינען געקומען. איהר זייט אַ קלוגער מענש און איהר וועט באַלד אַלץ בעגרייפען פון פּראַקטישען שטאַנדפּונקט... היינטיגע צייטען קען מען ניט אַרבייטען מעהר מיט אַלטע מיטלען. איך וויל ניט קריטיקירען. אייער קאָזשעווני זאַוואָד איז זעהר שלעכט געבויט, די פּראָדוקטען קומען אַרויס שלעכט, און די אַרבייטער געפינען זיך ביי זעהר שלעכטע אומשטענדען... איך בין ניט קיין פילאַנטראָפּ, נאָר אַז די אַרבייטער האָבען בעסערע סאַניטארע און היגיענישע קאָנדיציאָנען, אַרבייטען זיי מעהר אויס...

בן־ציון: די אַרבייטער זיינען אַזעלכע מענשען, ווי מיר. וואָס שעמט איהר אייך זאָגען דעם אמת?

מישאַ: מיט אייער גאַרבאַרניע פערגיפטעט איהר דאָס וואַסער פון

טיף. איהר צאָהלט דערפאַר כאַבאַר דעם איספּראַווניק, און איהר שאַדעט זיך אַליין... קאַפּיטאַל איז גוט פעראייניגען מיט וויסענשאַפט...

מלכיאל: עס איז שוין פינף־און־צוואַנציג יאָהר, אַז איך שאַדע זיך אַליין, און דאַנקען גאָט, הלואי ווייטער... אויסגעקומען אָהן וויסענשאַפט... וויסענשאַפט, שמיסענשאַפט!

ישראל יעקב: מען איז אַמאָל געפאָהרען אויף אָקסען און מען האָט געזאָגט: הלואי ווייטער. איז דאָס אַ ראיה, אַז מען דאַרף ניט קיין אייזענ־באַהנען? אַז מען איז אויסגעקומען מיט אָקסען, דאַרף מען ניט קיין וויסענשאַפט!

מלכיאל: איך וואָלט געוואָלט וויסען, וואוהין ציעלט איהר? איהר ווילט דאָך עפּעס.

ראָזענבערג: איהר זייט נערעכט. מיר זיינען געקומען מיט אַ סטראַטעגישען פּלאַן. ר' מלכיאל, מיר אַרבייטעןביידע אין איין ליניע, אין איין געשעפט, ביי איין קאַטעגאָריע. מיר זיינען שכנים, אַ שטוב ביי אַ שטוב. אַמאָל האָט איהר ביי אונז, ביי מיין פאָטער, עליו השלום...

מלכיאל: יאָ, איך שעם זיך ניט. אַמאָל געווען אַ פּשוט'ער גאַרבאַר־ניק ביי אייער טאַטען און היינט, דאַנקען גאָט, קען איך מיינע געוועזענע בעלי בתים צעהן מאָל קויפען און פערקויפען.

ראָזענבערג: מיר פערגינען אייך און מיר שעמען זיך ניט מיט אייך. פערקעהרט, מיר זיינען געקומען פּאָרלעגען אייך אַ קאָנסאָלידאַציע.

מלכיאל: ווי? אַ קאָנסאָליד?... וואָס איז דאָס פאַר אַ מין חיה? עפּעס אַ געשעפט? אויב מען קען פערדיענען — נו־נו!

ראָזענבערג: דאָס הייסט, וואָס דאַרפען מיר קאָנקורירען? פער־קעהרט, לאָמיר מאַכען יד אחד. איהר האָט געלד, מיר האָבען וויסענשאַפט. מיר קענען אַרבייטען ביידע אין איין קאַטעגאָריע... אונזערע קינדער וואַקסען אונטער, וואָס דאַרפען מיר זיין שונאים? ווער וויים, וואָס עס קען זיך מאַכען. איך האָב אַ זוהן אינזשענער טעכנאָלאָג, איך האָב אַ טאָכטער, ווי זאָגט מען, פון דער אמת'ער קאַטעגאָריע...

מלכיאל: אָה, ווי? פון וואַנען איז זי? ניט פון דער שטאָדט סאָראָקע?

ישראל יעקב: מען זאָגט, אייער טאָכטער האָט זעהר אַ גוטען קאָפּ. דאָס איז די גרעסטע מעלה. איך האָב געהערט, זי האָט געהאַט אַ חתן אַ דאָקטאָר. אַז מאַן און ווייב זיינען געבילדעט, איז טאַקע אַ ברכה פון גאָט.

ראָזענבערג: וואָס דאַרפען מיר אַ דאָקטאָר! היינטיגע צייטען אַ סוחר מיט געלד איז מעהר סחורה... איך האָב איהם ענטזאָגט.

בן־ציון: און מיר האָט איהר דערצעהלט, ער האָט זיך אַליין ענטזאגט, ווייל מען האָט ניט געגעבען די צעהן טויזענד, וואָס מען האָט צוגעזאָגט.

ראָזענבערג: ווער? איך! איך וועל איהם געהן דערצעהלען אזעלכע דיפּלאָמאַציעס...

בן־ציון: איבער געלד! אָי, איך האָב געמיינט, אז געבילדעטע מענשען מוזען זיין איידעללייט.

ראָזענבערג: אַלע ליבען אייער עלטערען זוהן, און מיין טאָכטער, פערשטעהט איהר, איז פון אַזאַ קאַטעגאָריע...

מישאַ: פּאַפּאַ, מיר זיינען געקומען רעדען וועגען געשעפט, ניט וועגען שידוכים...

ראָזענבערג: און וואָס זאָגט עפּעס חצקאל דערויף? ער האָט דאָך יא אַן אויג פון אַ סוחר? האַ? קאַטעגאָריטשעסקי!

חצקאל: וואָס איך זאָג? הע־הע! (לאַכט נאַריש) איך בין אַ מענש, וואָס איך פערשטעה...

מלכיאל: ער קוועלט שוין, דער לאַפּאַק... (בן־ציון עפענט דאָס פענסטער. די לבנה שיינט. עס הערט זיך, ווי אין ראָזענבערג׳ס הויז שפּיעלט מען בעטהאָווען׳ס מאָנדשיין־סאָנאַטאַ). זעהט איהר, אַז איהר רעדט, ווי אַ סוחר, לאָזט זיך הערען.

בן־ציון (שרייט פּלוצלונג אויס פונ׳ם פענסטער): זי! זי אויך?!

אַלע: ווער איז דאָרט? וואָס איז?

בן־ציון: איך מיין... איך מיין די לבנה איז אויפגעגאַנגען.

מלכיאל (שטיל) מטורף! (לויט) קומט בעסער אריין צו מיר רעדען. (נעהמט די לאָמפּ פון טיש. ראָזענבערג, מישאַ און מלכיאל אָב. פּויזע. בן־ציון קוקט אין פענסטער).

בן־ציון: זעה, פעטער, די לבנה שווימט ארויס פון הינטער די בערג און פערגיסט די וועלט מיט ווייסע ליכט און שטילע חלומות.

חצקאל (לעגט זיין קאָפּ אויפ׳ן פענסטער): אויב אַזוי, דאַרף מען געהן צו די פערד (אב).

ישראל יעקב: וואָס איז דיר, בן־ציון? דו דאַרפסט דיין קאָפּ ניט אַראָבלאָזען. די קרוין פון אַ מענשען איז זיין קאָפּ... און ווער עס לאָזט דיזע קרוין אַראָב, ערניעדריגט ער דעם קעניג פון אַלע בעשעפעניסען — דעם מענש. די פערד הירזשען טאַקע און בריקען זיך, אבער זיי קייען שטרוי, און דו, ברודער, קייסט דעם רמב׳ם׳ס „מורה נבוכים“. דו הער בעסער, איך האָב פאַר דיר אַ בריעף פון דער רעדאַקציע. זעהסט, אַ געדרוקטער קאָנווערט. (גיט איהם אַ בריעף). ווי איך פערשטעה, שרייבט מען דיר, אַז אַבוואָהל

דיין רוסיש איז אַ ביסעל, במחילה, מיט גרייזען, אָבער די פּאַקטען זיינען זעהר אינטערעסאַנט, און מען בעט דיך נאָך שרייבען ; עס וועט זיין געדרוקט.

בן־ציון (מיט פרייד) : טאַקע ? אָבגעדרוקט ? דאָס, וואָס איך האָב געשריבען, וועט זיין אָבגעדרוקט ! ווי פון אַן אמת׳ן ריכטיגען שרייבער !

ישראל יעקב : פון אַן אמת׳ן שרייבער, געוויס... וועסט נאָך ווערען אַזאַ מחבר, אַז אפילו דאָ וועט מען דיך שאַצען ניט ביליגער, ווי יוכטע מיט פּאדעשוועס...

בן־ציון (שטיל) : אָי, וואָס אַרט עס מיך איצט ? דו האָסט געהערט ?

ישראל יעקב : וואָס מיינסטו ? איך האָב אַ סך זאַכען געהערט ?

בן־ציון : איך מיין, דו הערסט, ווי מען שפּיעלט ? דאָס שפּיעלט זי... זייער ליזע שפּיעלט. זי שפּיעלט און די לבנה שיינט. אָבער פון איהר שפּיעלען געהט יעצט אַ פינסטערנים, און פון דער לבנה גיסען זיך טרויעריגע טענער... (כאַפּט ישראל יעקב׳סביידע הענד און וויספּערט ליידענשאַפטליך) פעטער, עס איז ניט שעהן פון מיר... איך האָב געוואָלט פון דיר פערלייקענען. איך האָב זי ליעב !... זיי ווילען זי אָבגעבען חצקאל׳ן און איך האָב זי ליעב ! אזוי ליעב, ווי אין „אהבת ציון" האָט אמנון ליעב געהאַט תמר׳ן. דו הערסט ? איך האָב זי ליעב !.. (וויספּערט) דו הערסט ? (די לבנה שיינט אַריין, ווייט הערט זיך בעטהאָווען׳ס סאָנאַטאַ).

(ד ע ר פ אָ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט ל אַ נ ג ז אַ ם).

# צווייטער אקט.

(עטליכע וואָכען שפּעטער).

(אַ רייכער זאַל ביי ראָזענבערג'ן. שעהנע מעבעל, בלומען, לאָמפּען ברענען. אַ דיענסטמיידעל רוימט. ראָזענבערג בעטראכט אַלץ).

ראָזענבערג: בעדעק די טישען מיט די טייערסטע טישטיכער און ברענג פון מיין קאַבינעט די גרויסע קאַנדעלאַברע. זאָל מלכיאל חזיר זעהן, ווי לייטישע מענשען לעבען. אַזאַ ניט-ציוויליזירטער מענש און האָט געלד! וואו איז מישאַ? די גאַנצע זייערע משפּחה וועט באַלד אַהער קומען, און איך וויים נאָך ניט, ווי איך האַלט מיט ליזאַ'ן... מישאַ האָט ביי איהר אַ גרעסערע דעה פונ'ם טאַטען. וויפיעל שכל און מאַרך איך האָב געדאַרפט אויסצופיהרען אַזאַ סטראַטעגישען פּלאַן! דו לעגסט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט וועגען קינדער, און וואָס?... איין קאַטעגאָריע! אָי, וואו איז דאָס מיין אינזשענער-טעכנאָלאָג? (אב. די דיענסט רוימט. מילקע עפענט שטיל די מיטעל-טהיר).

מילקע: שש! רייצעל, קיינער ניטאָ? איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען, איך האָב געמוזט אריינלויפען זעהן, וואָס דאָ טהוט זיך. (אריין). אָי, ווי שעהן די שטוב איז, אַקוראַט ווי ביי אַ מאָנאַרכע. רייצעל, פרעמדע געסט וועלען אויך זיין, צי נאָר אייגענע? דו ווייסט ניט, זיי וועלען זיך נאָך היינט אָנקוקען, צי עס וועט זיין אַ קבלת קנין? מען זאָגט, ביי ריסטעקראַטען איז אָהן אַ קבלת קנין, אָהן תנאים, אָהן אַלע זאַכען... מסתמא אויף וועטשערע געבראָטענע קאַטשקעס מיט יויך פון ווערמישעל... וואָס ביי פּראָסטע מענשען איז לאָקשען, איז ביי זיי ווערמישעל. הער, רייצעל, ווען זיי, למשל, דאַרפען זאָגען: זיי ניט קיין לאָקש, זאָגען זיי: זיי ניט קיין ווערמישעל? (ביידע לאַכען). אַי, זאָלסט זעהן, ווי ביי אונז קראָכמאַלעט מען זיך! אַזאַ שידוך איז פאַר זיי זעהר אַ גרויסער כבוד... ווי מיינסטו, חצקאל געפעהלט איהר? ער איז אַ טייוועל! דער צווייטער, זיי רופען איהם מטורף, איז אַ תם, ער וויים ניט אפילו, אז (זאָגט איהר עפּעס אין אויער. ביידע לאַכען). כאַ, כאַ!... שאַ! איך הער, מען געהט (לויפט צו דער טהיר, ענטקעגען קומט מישאַ).

מישאַ: רייצעל, רוף ליזאַ׳ן. (רייצעל אָב). וואָס טהוסטו דאָ, האָסט אונז געבראַכט אַ דעפּעשע?

מילקע: איך האָב אייך גאָרניט געבראַכט. (ער גיט איהר אַ קניפּ). אָי! זעהט נאָר, מען ווייסט נאָך ניט, צי עס וועט זיין אַ שידוך, און איהר ווערט שוין מיט מיר אַ מחותן. אָי, זייט איהר אַ מזיק! (אָב).

ליזאַ (מען הערט איהר שטימע): מישאַ, דו רופסט מיך? וואו ביסטו?

מישאַ: דאָ בין איך, אין זאַל. קום אַהער. (ליזאַ קומט) זעץ דיך, ליזעטשקע...

ליזאַ: עס פאַנגט זיך ווידער אָן דער עקזאַמען, האַ?

מישאַ: זיי וועלען באַלד קומען... מען דאַרף דאָך וויסען, וואָס וועט זיין...

ליזאַ: איך ווייס נאָך אַליין ניט!... עה! וואָס עס וועט זיין — וועט זיין. געוויס, בעסער וואָלט געוועזן, מען זאָל גאָר ניט דאַרפען חתונה האָבען, נאָר אַז מען מוז, העלפט ניט קיין תירוץ. מען מוז געבוירען ווערען, מען מוז שטאַרבען, מען מוז חתונה האָבען. (זיפצט).

מישאַ: דו ביסט צו קלוג צו זיין סענטימענטאַל... אייגענטליך, וואָס איז דען ליעבע?

ליזאַ: ליעבע? איינינגע זאָגען, אַז עס איז פּאָעזיע פון געטער, אַנדערע זאָגען, עס איז כלאָראָפאָרם, וואָס מען גיט איידער מען רייסט אַ צאָן. פון ליעבע רעדט מען שוין ניט, עס זאָל כאָטש זיין אַביסעל סימפּאַטיע...

מישאַ: ער געפעהלט דיר ניט זעהר שטאַרק?

ליזאַ: זעהר שטאַרק? זאָג דו, וועמען קען אַזאַ מאָפּס זעהר שטאַרק געפעהלען?

מישאַ: ליזאַ, מען דאַרף זיך ניט נאַרען. חתונה האָבען הייסט מאַכען אַ גוטען, זיכערען און פּראַקטישען געשעפט פאַר אייביג. דעם געוועזענעם חתן, דעם דאָקטאָר, האָסטו געדאַרפט צוצאָהלען... דו האָסט איהם געליעבט און ער האָט דיך איגנאָרירט. און דאָ איז פונקט פערקעהרט... דער וועט דיך פערגעטערען, און דיר וועט זיין גוט. וואָרום גליקליך איז נאָר די פרוי, וואָס איז קליגער און שטאַרקער אין כאַראַקטער פון איהר מאַן... היינט פערגעס ניט, דאָרט שטעקט אַ קאַפּיטאַל פון איבער 200 טויזענד. דאָס געלד וועט אָנקומען איהם, וואָרום דער צווייטער זוהן איז אַ פסיכאָפּאַט, אַ פאַנטאַזיאָר. ביסט פערזאָרגט אויף אייביג... און אויסער דעם וועסטו העלפען דעם פּאַפּאַ ליקווידירען זיינע געשעפטען, און מיר וועסטו העלפען מאַכען די ערשטע שריט פון קאַריערע. דו נעהם דאָס אַלעס צוזאַמען און בערעכען. (גערויש. ראָזענבערג לויפט אַריין מיט אַ צייטונג אין האַנד).

ראָזענבערג: מישא! ליזא! געוואלד! אַ קאָרעספאָנדענציע! אַ קאָרעספאָנדענציע אָבגעדרוקט פון אונזער שטאדט סאָראָקע אין דער „אָדעסער צייטונג". אַ פּאסקוויל! קאטעגאָריטשעסקי!

מישאַ און ליזאַ: וואָס שרייבט מען? (נעהמען די צייטונג, לעזען ביידע).

ראָזענבערג: וועגען איהם, וועגען זיין גארבארניע!... אָי, וואָס עס וועט זיך אָבטהאָן אין שטעדטעל! ער שרייבט, אַז מלכיאל עקספּלאָאטירט זיינע ברידער אידען; דאָס ער פערקריפּעלט די ארבייטער אין זיין שמוציגע געביידע און דאָס ער פערגיפטעט און ער פערפעסטעט דעם גאַנצען טייך, און גיט גאַנץ דייטליך אָנצוהערען, אַז נאָר פאר כאבאר לאָזט מען איהם טהאָן אַזעלכע קרימינאַלע זאכען... עס איז ניט נאָר מלכיאל'ן, עס איז אַ פּאטש דעם איספּראַווניק אויך... אַ דיפּאַמאציע! אַ סקאַנדאל!

ליזאַ (האָט געענדיגט לעזען): איך מיין, דאָס האָט געשריבען אַ מענש, וואָס האָט בלוט אין די אָדערען... עס איז פול מיט פייער...

מישאַ: רעדסט ווי אַ קינד. וועלכער איגנאָראַנט, וועלכער גראָבער יונג, וועלכער זשוליק, שרייבט איצט ניט אין די צייטונגען?

ראָזענבערג: געוויס, זיי זיינען אַלע פון דער קאטעגאָריע. אָה! עס האָט געשריבען אַ לומפּ און אַ שארלאַטאַן!... (מען קלינגט) שאַ! ווער איז דאָס? (קוקט דורכ'ן פענסטער) חצקאל? דאָס איז געוויס עפּעס אַ דעמאָנסטראַציע, מסתמא, וועגען דער צייטונג. (געהט איהם בעגעגענען).

ליזאַ: קומט ער איצט אָפיצעל, און איך דאַרף פאר איהם אָפיציעל ערשיינען? אָדער ער קומט ניט אָפיציעל, און איך דאַרף ניט אָפיציעל זיך אָבטראָגען?

מישאַ: וואָס פאר צערעמאָניעס? ער איז אַן איינפאכער גוטער קערל...

ראָזענבערג: וואָס פאר צערעמאָניעס? מישא איז גערעכט... מישא פערשטעהט מעהר פון אונז. ער האָט מעהר געלערענט פון אונז ביידע... דו הער, וואָס מישא זאָגט דיר, ער האָט געלערענט די העכערע מאטעמאטיק און געאָגראַפיע. אָה, ווענען האָב איך די עהרע צו זעהן? (חצקאל קומט אויס־געפּוצט, נייגט זיך).

ליזא: איך האָף, ניט איך, די צייטונג האָט אייך געבראַכט אַזוי פריה אַהער.

מישאַ: אַ ניערערטרעכטיגע, געמיינע שמירעריי...

חצקאל: וואָס איז? איך לייען זעהר זעלטען. איך בין אַ מענש, וואָס איך צעהל מעהר. נאָר דער, וואָס האָט ניט וואָס צו צעהלען, דער

ליזאַ (נעהמט די צייטונג און לעזט). וואָס איז עפּעס !

מישאַ (שטיל) : ער איז גאָר ניט אַזוי אַנטיפּאַטיש, אויף מיין וואָרט... און ווען דו וועסט איהם נעהמען אין דיינע הענד, וועסטו מאַכען פון איהם אַ מענש.

ליזאַ : אַז עס וואָלט געווען אַזוי גרניג פון יעדען מאַכען אַ מענש, וואָלטען אַלע מענשען געווען מענשען...

חצקאל : פע ! ווי ערלויבט דאָס די רעגיערונג אַזעלכע זאַכען צו דרוקען ! דאָס וועט דעם אַלטען משוגע מאַכען ; ער וועט קריכען אויף די ווענד. איהר ווייסט, עס איז אַ שלעכטע געשיכטע. איהם קען אָנשפּאַרען דער משוגעת, מען זאָל אָבלעגען, און איך האָב ליעב : געפעהלען דיר אַ געשעפט — אָבגעמאַכט אויפ׳ן פלעק... מען דאַרף זעהן, דער אַלטער זאָל ניט וויסען ביז מאָרגען... אויב איהר ווילט, ברענג איך זיי אַלע באַלד צוטאַסקענען אַהער... אַליין לעזט ער ניט, און מיר אַלע וועלען שווייגען ביז מאָרגען. און מאָרגען... מאָרגען מעג ער שפּרינגען ביז דער סטעליע. מיין קאָפּ, האַ ?

מישאַ : זעהסט, וואָס פאַר פּראַקטישע, לאָגישע און געשעפטסמעסיגע איינפעלע...

חצקאל : איך פערשטעה, וואָס איך רייד... איך בין ניט דער מענש, וואָס וועט גלאַט אַזוי...

ראָזענבערג: עס איז אַן אויסגעצייכענטער סטראַטעגישער פּלאַן. איהר געהט שוין און ברענגט זיי אַלע אַהער. מיר וועלען דאָ טרינקען טהיי.

חצקאל : יאַ, מען דאַרף פערטוצען דעם אַלטען. יאַ, איך געה שוין... איך בין אָבער געקומען, איך האָב געוואָלט וואָס זאָגען..

מישאַ : איהר ווילט אפשר בלייבען מיט מיין שוועסטער אַליין ?

ראָזענבערג : נו, וואָס, יונגע לייט, אַ קאָנסולטאַציע. (ביידע ווילען געהן).

ליזאַ : ניין ! ניין ! מישאַ... ניין, פּאַפּאַ, בלייבט... וואָס פאַר סעקרעטען האָבען מיר דערוויילע מיט הערר חצקאל גאַרבאַרניקאָוו, וואָס מיר זאָלען דאַרפען בלייבען אַליין ? (אַפּאַרט) אָי, אַז איך דערמאָן מיך, אַז איך וועל אפשר מוזען אַמאָל בלייבען מיט דעם מענשען אַליין !

חצקאל : עס איז ניט קיין סוד, איהר פערשטעהט... דער טאַטע זאָגט, אָהן נדן וויל ער ניט... און אַז ער עקשנ׳ט זיך איין, מעג מען איהם אפילו אַ קלין שלאָגען אין קאָפּ. אָבער וואו בין איך מיט מיין קאָפּ ? בין איך אייך געקומען זאָגען, אַז עס וועט זיך אָנהויבען האַנדלען, וואָס אַרט אייך, זאָגט צו פינף טויזענד רובעל נדן.

ראָזענבערג: וואָס הייסט, וואָס אַרט מיך? ערשטענס, דאַרף מען דאָך האָבען, און צווייטענס, איך זאָל נאָך צוצאָהלען?

חצקאל: אין קאָמערציע, ווייסען מיר, אז צוזאָגען איז ניט שווער... און טאָמער האָמפּערט ער זיך איין, ער וויל מזומן, איז ניט געפעהרליך. איך וועל זיך געבען נדן פון מיין קעשענע... איך האָב... איך בין ניט קיין שלים־מזל׳ניק.

ראָזענבערג: דו הערסט? ער אַליין האָט אויך געלד. איך האָב געוואוסט, ער איז אַ מענש פון דער קאַטעגאָריע.

חצקאל: איך בין אַ שטילער שותף צו טאַטענ׳ס געשעפט, האָב איך שטילערהייט גענומען פון טאַטענ׳ס געשעפט. וואָס דען, איך וועל זיך פערלאָזען אויף נסים. איך בין ניט דער דאָזיגער! אַמאָליגע צייטען האָט מען זיך געשעמט. איך בין פון היינטיגע מענשען. און איך זאָג, אז מען נעהמט אַ זאַך, צום ביישפּיעל, נאַפּרימיער, אַ כלה, וואָס געפעהלט, מעג מען בעצאָהלען...

ליזאַ: די זאַך, וואָס געפעהלט, בין איך? ניט וואהר?

חצקאל: הע, הע! וואָס דען? איך האָב זיך שוין בעריהמט פאַר אַלע פּריקאַשטשיקעס און רוסישע סוחרים, אז איך נעהם ראָזענבערג׳ס טאָכטער. און בין דערפאַר געקומען זאָגען, טאָמער ברעקעלט זיך דער טאַטע — גיט איהר מיר נדן, וואָרום עס איז טאַקע אַ בזיון, איך בין אַ מענש, וואָס איך בין ווערטה נדן. איך לויף צום אַלטען... אַדיו, אדיו. (אב).

ראָזענבערג: נו, ליזא, זעהסט שוין וואָס פאַר אַ דורכגעטריבענער יונג...

ליזא: יא! אָבער איך מיין, עס וואָלט געווען בעסער, ער זאָל זיין אַן ארויסגעטריבענער יונג...

מישאַ: אַ פּראַקטישער מענש איז אַ רעאַליסט, דערפאַר קומט ביי איהם די וואהרהייט אַרויס אַביסעל צו גראָב... ער פערמאַסקירט זיך ניט, ווי די פאַנטאַזיאָרען און אידעאַליסטען... פּאַפּאַ, טאָמער קומט היינט צו רייד וועגען דעם קאָנסאָלידירען פון אונזערע געשעפטען, וואָלטען מיר געדאַרפט האָבען אַ קלאָרען פּלאַן... קום אקאָרשט אַריין אין קאַנטאָר אויף אַ מינוט.

ראָזענבערג: יא, די קאָנסאָלידאַציע. (לעגט צו אַ פינגער צום שטערען). די קאָנסאָלידאַציע! עס איז אַ גרויסער סטראַטעגישער פּלאַן. (ביידע אָב).

ליזאַ: מען זאָגט, אז מען קוקט זיך צו און מען געוואוינט זיך צו צו אַ טייוועל, ווערט זאָגאַר דער טייוועל סימפּאַטיש... מיר וועלען זיך

פּרוּאוועז צוקוקען און צוגעוואוינען... שטאַרק ברעקלען זיך, ווי עס זעהט אויס, טאָר איך ניט, קיין נדן האָב איך ניט... וואָס איז אַ מיידעל אָהן נדן? גאָר נישט... נדן אָהן אַ מיידעל, מיט דעם קען מען זיך שוין בעפריעדיגען, אָבער אַ מיידעל אָהן נדן איז אַ קליינע מציאה. דעם טאַטענ'ס געשעפטען זיינען הפּנים זעהר שלעכט. פון מיר האָט זיך שוין אַ געלערענטער דאָקטאָר אָבגעזאָגט. נו, די ווייסענשאַפט וויל ניט, מוז מען זיך ווענדען צו קאָמער־ציע... מישאַ'ן געפעהלט ער. מישאַ איז אַ קלוגער, פּראַקטישער מענש. אָה! ווען ער זאָל קענען חתונה האָבען מיט מישאַ'ן! איך וואָלט אזוי געטאַנצט אויף זייער חתונה. (טרויעריג) וועניגסטענס וועל איך העלפען מישאַ'ן צו ווערען אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער פאַבריק.

מילקע: אַי, די באַרישניא איז דאָ. האָבען זיי ניט קיין פּעראיבעל. מיר ווילט זיך וויסען, וואָס דאָ טהוט זיך, און מיינע פיס לויפען אליין אהער. מאַמזעל, מען קען זאָגען, די גאַנצע וועלט וועט אייך מקנא זיין.

ליזאַ: די גאַנצע וועלט? און ווי מיינסטו, מען דאַרף מיר טאַקע מקנא זיין?

מילקע: הלואי, אָהן אייער שאָדען אויף אַלע אידישע מיידלעך געזאָגט געוואָרען. אַ קליינינקייט וויפיעל געלד! און ווען ווער עס אָנקומען, אַז ניט חצקאל'ען גנב? דער אַנדערער איז דאָך ביי זיי אַ ליץ, אַ לא יוצלח, אַ מטורף. און חצקאל האַלט אַליץ אין זיין זשמעניע... אמת, זיי לעבען איצט, ווי די חזרים, אבער אַז איהר וועט קומען אין שטוב, וועט איהר איבערקעהרען די גאַנצע שיסעל מיט דער קאַשע. ביים אַלטען איז ניטאָ קיין בעסערער מאכל פון אַ קאַלטען מערען־צימעס מיט פּעטע פלייש. איהר פרעגט איהם בחרם, וואָס וויים ער פון פריקאַסע מיט סאָוס מאַקאַ־ראָנעם? ניט געבילדעט, גאָר ניט געבילדעט.

ליזאַ: ווייס ניט פון פריקאַסע מיט סאָוס מאַקאַראָנעם? יא, הפּנים דער אַלטער איז ניט זעהר שטאַרק געבילדעט... נו, און חצקאל?

מילקע: ער איז פון די היינטיגע. אַ מזיק! וואָס דען, אַ הייליגער? אָט אייער ברודער האָט מיך צום ערשטען בעגעגענט און האָט מיך שוין פער־טשעפּעט... וואָס דען, אַ מאַנסביל דאַרף זיין אַ מאַנסביל... דער צווייטער, דער בן־ציון, איז דאָך ניט קיין זכר און ניט קיין נקבה, גלאַט אַ לעמעשקע... האָט קיין פּעראיבעל ניט, איך דאַרף זעהן רייצלען. (אָב אין אינוועניגסטע טהיר).

ליזאַ: דער צווייטער איז אַ הייליגער, דאָס איז וואהר. אָבער וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען הייליגע אין אונזערע פּראַקטישע צייטען?... מיר זיינען אַלע, ווי „מ י י נ ע ר“ זאָגט, פון די ה י י נ ט י ג ע מענשען. אַי,

וואָס פאַר אַ שווערער שטיין עס ליעגט ביי מיר אויפ'ן הארצען. (זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ, שפּיעלט עפּעס טרויעריגעס. בן־ציון קומט אריין און בלייבט ביים טהיר ביז זי ענדיגט. זי בלייבט זיצען פערטראַכט. בן־ציון הוסט שטיל, נאָכדעם שטאַרקער, ביז זי דערהערט).

בן־ציון: ענטשולדיגט, איך בין אַריינגעגאַנגען, האָט איהר געשפּיעלט, האָב איך ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן, צי אַוועקגעהן, צי זאָגען אייך... (ער זשענירט זיך שטאַרק).

ליזאַ: אַה, אונזער פּאָעט! פאַרוואָס זעהט מען אייך ניט די לעצטע צייט? (דריקט זיין האַנד) זיצט.

בן־ציון: איך וואָלט איצט אויך ניט געקומען, איך זאָל ניט דאַרפען רעדען מיט אייך... יא, איך מוז מיט אייך רעדען, אָבער איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך האָב מורא, איהר זייט צו קלוג — דאָס איז שלעכט...

ליזאַ: דאָס הייסט, ביי אייך קומט אויס, קלוג זיין איז אַ חסרון, עס עס איז שלעכט גאָר?

בן־ציון: איך זאָג צו קלוג. איך מיין, צו קלוג איז ניט גוט. איך וויל זאָגען, עס איז ניט גוט, ווען דער קאָפּ איז דער גאַנצער בעל הבית, און דאָס הארץ האָט ניט קיין דעה ביי אַ מענשען.

ליזאַ: איך מיין, עס איז נאָך ערגער, ווען דאָס הארץ איז דער גאַנצער בעל הבית און דער קאָפּ האָט גאָר ניט קיין דעה... פאַר וואָס זיצט איהר ניט? זיצט און דערצעהלט, וואָס ווילט איהר אונז זאָגען... (ער זעצט זיך, דראָהט מיט'ן פינגער). גאָר ניט זאָגען קיין מוסר... (פּויזע).

בן־ציון: ווי איך פערשטעה, קען זיין, איהר וועט ווערען מיין ברודער'ס כלה.

ליזא: אזוי ווייזט עס אויס, מיין ליעבער, גוטער פּאָעט און יונגער פריינד.

בן־ציון: איהר רעדט צו מיר אזוי ווי איך בין אַ קינד און איהר זייט אַן אַלטער מענש.

ליזאַ: אַ מאַן אין צוואַנציג יאָהר איז נאָך אַ יונגלינג, אַ פרוי אין צוואַנציג יאָהר איז שוין אַ פאָלשטענדיג ענטוויקעלטער מענש... מיר ענט־וויקלען זיך גיכער און מיר פערוועלקען פריהער...

בן־ציון: קענט איהר גוט מיין ברודער?

ליזאַ: אַז מענער און פרויען זאָלען זיך גוט קענען פאַר דער חתונה, וואָלט קיין מאָל קיין חתונה ניט געווען. (לאַכט געצוואונגען).

בן־ציון: אַז מען לאַכט, ווען עס ווילט זיך ניט לאַכען, איז גליך ווי

מען זאָגט אַ ליגען. איך פרעג אייך, קענט איהר דעם מענשען, וועלכען איהר ווילט אָבגעבען אייער לעבען?

ליזאַ: אַזאַ מענש, ווי איהר, איז שווער צו קענען. איהר זייט אַ בוך מיט אַ פערפּלאָנטערטען אינהאַלט. אויף יעדען בלעטעל קען קומען עפּעס אונערוואַרטעטעס. מען איז קיין מאָל ניט זיכער מיט דעם, וואָס קומט ווייטער... אייער ברודער אָבער איז אַ קאָנטאָ־בוך: אויף יעדען בלעטעל איז געדרוקט איינס און דאָס זעלבע: דעבעט, קרעדיט, אונטען דער באַלאַנס... מען זאָגט דער באַלאַנס איז גוט, איך האָב נאָך ניט אַריינגעקוקט.

בן־ציון: דאָס הייסט, איהר נעהמט ניט חצקאל'ען, איהר נעהמט דעם באַלאַנס? איך גלויב ניט...

ליזאַ: איך מיין, ער איז אַן איינפאַכער מענש מיט אַ רוהיגען, איינגעשטעלטען כאַראַקטער, מיט זיכערע מיטלען צום לעבען... וואָס זאָל מען טהאָן? מיר זיינען ניט קיין מלאכים, מען מוז דענקען דערפון. לאָמיר פערקעהרט, צום ביישפּיעל, נעהמען אייך: אייער כאַראַקטער איז נאָך ניט פאָרמירט, איהר זייט אַן אידעאַליסט אָהן בעשטימטע אידעאַלען, אַ פרעדיגער אָהן אַ באַלעמער, אָדער פשוט — אַ מלמד אָהן אַ קנעלונג. איהר זייט אַ קליינינקער אידישער האַמלעטעל...

בן־ציון (טרויעריג): נאָך וואָס לאַכט איהר פון מיר? מיר טהוט וועה...

ליזאַ: איך וויל אייך ניט וועה טהאָן, איך וויל נאָר זאָגען, אַז יעדער מענש מוז עפּעס טהאָן, יאַ טהאָן, און ניט נאָר רעדען...

בן־ציון: הייסט עס, איהר מיינט אויך, אַז טהאָן הייסט נאָר קויפען פעל און מאַכען לעדער?

ליזאַ: פאַר וואָס? עס זיינען דאָ פערשיעדענע טעטיגקייטען. צום ביישפּיעל, היינט איז געדרוקט אין דער אָדעסער צייטונג אַן אַרטיקעל פון סאָראָקע, איהר האָט עס געלעזען? אַזאַ שרייבען איז אַ נאָבעלע, ניצליכע טעטיגקייט... איהר ווייסט ניט, ווער האָט עס געשריבען?

בן־ציון: דאָס ליעגט מיר יעצט ווייניג אין זינען. איך פיהל, איך רעד היינט אפשר צום לעצטען מאָל מיט אייך. איך זאָל זיך ניט שעמען, וואָלט איך איצט אָנגעהויבען וויינען און שרייען. און איהר רעדט צו מיר נאָר מיט'ן קאָפּ... קאַלט און גלייכגילטיג... איך ווייס, אייער האַרץ איז פערשלאָסען...

ליזאַ: וואו אַ פרוי רעדט מיט'ן האַרצען, זאָגט זי מייסטענטהיילס נאַרישקייטען, פאַר וועלכע זי בעצאָהלט דערנאָכדעם זעהר טייער...

בן־ציון: חכמה קומט פון קאָפּ, די וואַרהייט קומט פון האַרצען. אָי, ווען מענשען זאָלען וויסען און זאָלען זאָגען די וואַרהייט!...

ליזאַ: אַלזאָ, איהר ווילט די וואַרהייט? בן־ציון, מען קען אַ פּרוי ניט נאַרען. איך פיהל, איך ווייס, אַז איך געפעהל אייך, אַז, עס קען זיין, איהר האָט מיך ליעב מיט דער ריינער, איידעלער ליעבע פון אַ פּאָעט און אַן אידעאַליסט. און, די וואַרהייט געזאָגט, איהר געפעהלט מיר טויזענד מאָל מעהר פון אייער ברודער...

בן־ציון: אָה, ליזא! דאָס, וואָס איהר האָט איצט געזאָגט... איך וואָלט עס אייך קיין מאָל ניט געקענט זאָגען... נאָר וואָס דאַרף מען רייד, אַז מען פיהלט? (קעהרט זיך אָב און ווישט אָב אַ טרער).

ליזא: איך האָב שוין געליעבט אַ מאַן צוויי יאהר, אָבער אַז מען האָט ניט בעצאָהלט קיין צעהן־טויזענד, האָט ער מיר ניט געוואָלט ערלויבען, איך זאָל איהם נאָך ליעב האָבען...

בן־ציון: דאָס איז אַ געמיינהייט! איך האָב ניט געוואוסט, אַז נעלערענטע מענשען טהוען געמיינהייטען צוליעב געלד...

ליזאַ: מען ווערט עלטער און מען ווערט קליגער אָדער פערדאָרבענער, און מען הויבט אָן רעכענען... יאַ, אמת, איך האָב שוין גערעכענט, וואָס וועל איך טהאָן, צום ביישפּיעל, אויב בן־ציון וועט אמאָל קריגען אַזוי פיעל בעשלאָסענהייט, אַז ער וועט ניט מורא האָבען קומען און זאָגען: ליזאַ, איך האָב דיך ליעב, ווילסטו זיין מיין פרוי? ווייסט איהר, וואָס איך וואָלט געענטפערט? — ניין! וואָרום דאָס וואָלט געווען אַן אונזיניגער קרבן, וואָרום מיין פאָטער, מיין ברודער, מיינע אַלע פריינד וואָלטען געווען געגען מיר. געגען מיר וואָלטען אויך געווען אייערע אייגענע עלטערען. די גאַנצע וועלט וואָלט געווען געגען מיר, וואָרום די גאַנצע וועלט לאַכט פון אייך און פעראַכטעט אייך; וואָרום מיין חתונה וואָלט געווען אַ פּראָטעסט געגען יעדען און געגען אַלעמען; וואָרום איך וואָלט געווען געצוואונגען פיעל אָפּפערען און וועניג ערוואַרטען; וואָרום איך וואָלט געדאַרפט זעהר אָפט אייך שטיצען און פון אייך זעהר זעלטען שטיצע קריגען; וואָרום איך וואָלט געדאַרפט שטענדיג אייך מעהר בעדויערען, ווי אַכטען... און וועה איז צו דעם מאַן, וואָס דאַרף פון זיין פרוי בעדויערט ווערען! (בן־ציון פערדעקט זיין געזיכט). צו ליעבען אַ מאַן איז ווענינ, מען דאַרף איהם קענען אַכטען...

בן־ציון: הייסט עס, איהם וועט איהר קענען אַכטען?

ליזאַ: ניין! אָבער איהם קען מען זיך פערטרויען... (פּויזע).

בן־ציון (שטעהט אויף נידערגעשלאָגען): אַלזאָ, איך זעה, איך מעג שוין געהן. (וויל געהן).

ליזאַ: ניין, ניין! איך האָב נאָך ניט געענדיגט, איך האָב נאָך אַלץ ניט געזאָגט. יא, איך וויים, געפיהלען קענען אַמאָל פערבלענדען דעם שכל, פערניכטען אַלע רעכנונגען און חשבונות... ווען איהר זאָלט אָנצינדען אין מיר אַ פייער פון ליידענשאַפט; ווען איהר זאָלט מיך צוציהען צו זיך מיט די קייטען פון ליעבע; ווען איהר זאָלט מיך פערברענען מיט אייערע קושען, — נו, דאַן... כאַפּט עס דער רוח! מיר דאַכט זיך, איך האָב אייך ליעב, בן־ציון, אָבער מיט דער ליעבע פון אַן עלטערען פריינד, מיט דער ליעבע פון אַ מוטער. עס איז וואהר, איך האָב פיעל מאָל ערוואַרטעט פון אייך מיט שרעק און מיט פרייד... זאָגאַר אפשר יעצט, ווען איהר זאָלט מיך אַ שלעפּ טהאָן צו זיך; ווען איהר זאָלט מיך אַזוי אומאַרמען, איך זאָל דערשטיקט ווערען; ווען איהר זאָלט מיך אַ וואָרף טהאָן צו אייערע פיס און זאָגען: איך בין דער, מיט וועמען דו מוזט געהן לעבען און ליידען! אָה!

בן־ציון: איך? ניין! ניין! איך האָב מורא... הפּנים איך בין ניט אַזאַ מענש, ווי אַלע אַנדערע מענשען. איך דענק פון אַנדערע מעהר ווי פון זיך, און די אַנדערע האָבען מיך פיינט דערפאַר. מיינע אויערען הערען יעדען פערבאָרגענעם, פערשטיקטען זיפץ, מיינע אויגען קוקען אַריין טיעף ביז דער נשמה פון די אַלע מענשען. מאַנכעס מאָל זעה איך אַזעלכע פערבאָרגענע זאַכען אין יענעמעס זעעלע, אַז איך שרעק זיך אַליין איבער... ליזאַ, מיין האַרץ הערט ניט אויף ווען צו טהאָן אויף איין אויגענבליק... מיך אַרט פאַר יעדען, און קיינעם אַרט ניט פאַר מיר. יעדער דענקט נאָר פאַר זיך. אַלע רעכענען, איך רעכען ניט... ווען איהר זאָלט?... ווער וויים? ווען איך זאָל האָבען אַ ביסעלע גליק, ווען איך זאָל ניט זיין אַזוי עלענד אויף דער גרויסער ווייטער וועלט... אָה, ווען איך זאָל האָבען אַ פריינד, וועלכער זאָל מיר געבען זיין האַנד! איך בין אַליין... איך בין איינער אַליין... (פערדעקט זיין געזיכט און וויינט שטיל).

ליזאַ (גיט אַ טיעפען זיפץ, געהט צו דער פּיאַנאָ. נעהמט עטליכע אַקאָרדען פון ליסט׳ס ראַפּסאָדיע און בלייבט זיצען פערטראַכט. מען הערט ראָזענבערג׳ס שטימע: „יא, יא, קומט אַריין“. ער עפענט די טהיר, ישראל יעקב און חוה, קאָמיש אויסגעפּוצט, און ראָזענבערג אַריין).

ראָזענבערג: וואָס פאַר צערעמאָניעס? מיר האַלטען זיך ניט גרויס. דאָס איז מיין טאָכטער. שפּיעלט פּיאַנאָ און „פּאַרלע וואו פראַנסע“. אָה, בן־ציון איז אויך דאָ? נו, ווי איז אייער אַפּאַראַטוס, נאָך אַלץ ניט אין אָרדנונג? (צייגט אויפ׳ן קאָפּ). צייט ווערען אַ שטיקעל מענש, צייט. זיצט.

ישראל יעקב: דאָס איז אייער טאָכטער? די גרעסטע גאַבע פון

גאָט, אָדער ווי אַנדערע מיינען, פון דער נאַטור, איז שכל... ווער רעדט נאָך, אַז אַ אידענע האָט שכל, איז גאָר אַ זעלטענהייט.

חוה: יא, דער גאַנצער שכל איז ביי די מאַנסבילען, דערפאַר פיהרען מיר זיי ביי די נעזער. (ליזאַ לאַכט). אַ גוטען אבענד...

ישראל יעקב: חוה, לאָמיר זיך ניט קריגען ביי פרעמדע מענשען אין שטוב.

חוה: אהאַ, דו האָסט מורא? נו, זאָל זיין שלום.

ישראל יעקב: מיט אַייך, מיט דער ווייבערשער נאַציע אָנהויבען זיך. ניט אומזיסט האָבען גרויסע מענשען געהייסען פון אַייך ווייכען. און וואָס מאַכסטו, בן־ציון?

בן־ציון: וואָס זאָל איך מאַכען? דערווייל‌ע געה איך אַהיים. (וויל געהן).

ראָזענבערג: מיר וועלען אַייך ניט לאָזען. איהר דאַרפט ביי זיך ניט אראָבפאַלען.

ישראל יעקב: מען ווארפט אַראָב און מען הייסט ניט אראָבפאַלען.

ראָזענבערג: יא, דער מענש קען זיך פערבעסערען, אַז ער וויל. (אַפּאַרט) ער וויים געוויס פון דער קאָרעספּאָנדענציע און וועט געהן אַהיים פּלאַפּלען. (לויט) זיצט, אַלע אַייערע וועלען באַלד קומען. (אַלע מענער רעדען שטיל).

בן־ציון: איך וויים, איהר דאַרפט מיך ניט און איהר ווילט מיך ניט דאָ, און איהר בעט דאָך, איך זאָל בלייבען. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

ליזאַ (צו חוה'ן): עס פרעהט מיך זעהר, וואָס איהר זייט געקומען.

חוה: און ווי געפעהלט אייך דער פאַסאָן פון מיין פּלאַטיע? פּונקט ווי די פּאַריזער מאָדע. איהר וועט דאָך מסתמא ניט פעראיבעל האָבען, וואָס איך בין געקומען אָהן הענטשקעס... דאָס איז מיין מאַן שולדיג, וויל ניט זיין קיין „ליסטעקראַט“.

ליזאַ (לאַכט): איהר מאַכט חוזק פון די „ליסטעקראַטען“, האַ?

ישראל יעקב: איהר דאַרפט זיך היטען פאַר איהר, זי איז אַ געפעהר־ליכער מענש.

חוה: נאַט אַייך שלום עליכם. (גיט ליזא'ן די האַנד) נישקשה, איהר דאַרפט זיך ניט היטען... איך האָב געמיינט, מיר וועלען דאָ טרעפען אַן אָנגעבלאָזענע אינדיטשקע, און איהר זייט אַזאַ מענש כמעט ווי אַלע מענשען. (אַלע לאַכען, מען קלינגט).

ראָזענבערג (לויפט צום טהיר): ווער איז דאָס? אָה, געסט! טייערע, געווינשטע געסט. (חצקאל און פרומע קומען. זי איז רייך און אַלט־

מאָדיש געקליידעט). אַליין גאָר? און וואו איז אונזער פריינד, ר' מלכיאל? (מישאַ קומט).

מישאַ: אָה, געסט! און וואו איז דער פּאַפּאַ?

חצקאל: מיר האָבען זיך שוין געקליבען געהן אַהער, איז מען איהם געקומען רופען צום איספּראַווניק. (שטיל) מיר האָבען ניט געוואַרט אויף איהם, וואָרום אַז ער וועט פון איספּראַווניק אפילו קומען אַ משוגע'נער, וועט ער מוזען אַהער געהן, אַז מיר זיינען דאָ... איהר פערשטעהט, ווי איך האָב דאָס אָבגעמאַכט מיט מיין קאָפּ.

מישאַ (נעהמט דעם פּאָטער אָן אַ זייט): יעצט זעהסטו, אַז דאָס פּאַפּיער, וואָס דו האָסט געשריבען צום איספּראַווניק וועגען זיינע פער־פעסטעטע פעל, איז געוועזען אַן איבריגע זאַך...

ראָזענבערג: יאַ מחותנים צי ניט מחותנים, — ווייס מען נאָך ניט, און בעוואָרענען זיך האָט מען געדאַרפט. (רעדען שטיל).

פרומע (צו ליזאַ'ן): אַז דער אַלטער איז ניטאָ, מעג איך זאָגען: אַזאַ שידוך איז פאַר אונז זעהר אַ גרויסער כבוד. און חצקאל גנב איז אויפ'ן זיבעטען הימעל. דער רוח, שונאי ישראל, נעהמט איהם ניט, ער פערשטעהט. בן־ציון, דו ביסט שוין דאָ? פאַר וואָס האָסטו זיך ניט אָנגעטהאָן?

חצקאל: מאַמזעל ראָזענבערג, איך האָב די עהרע צו רעקאָמענדירען מיין מאַמע, מאַדאַם פרומע גאַרבאַרניקאָוו.

חוה: מען וואַקסט אויס אין איין שטאָדט, מען קען זיך צוואַנציג יאָהר, און דאָך כל זמן מען רעקאָמענדירט ניט, דאַרף מען זיך מאַכען, אַז מען קען ניט. ישראל יעקב, על פי דין בין איך מיט דיר נאָך ניט בעקאַנט. פיערציג יאָהר נאָך אונזער חתונה, און מיר זיינען נאָך ניט זאַרעקאָמענדירט. אַן עולה!

ליזאַ: אָי, איך האָב אַזאַ קלוגע באַבוסיע נאָך ניט געזעהן... אויף מיין וואָרט, איך האָב מורא, איך וועל זיך פערליעבען אין אייך. (אומאַרמט זי און קושט).

ישראל יעקב: חוה, האָסט ניט וואָס צו לאַכען. דאָס רעקאָמענדירען איז דוקא זעהר אַ קלוגער מנהג. אַ איר, למשל, ווערט באַלד אַ גאַנצער ר' שמעלקע מיט דיר. עסטו קאַשע — שפּייט ער דיר אין דיין קאַשע; האָסטו אַ טאַבאַק־פּושקע — שמעקט ער ביי דיר; טראָגסטו ברילען — מעסט ער אָן דיינע ברילען; זינגסטו — ווערט ער ביי דיר אַ משורר. רעקאָמענדירען איז דערויף: איך מעג דיך טאַקע קענען, נאָר טאָמער וויל איך ניט זיין בעקאַנט מיט דיר, קריך ניט און זיי מיט מיר ניט קיין מחותן...

חוה: איז דאָך טאַקע אַ קשיא, פאַר וואָס ביסטו מיט מיר אַזאַ מחותן? (געלעכטער).

בן־ציון: פּעטער, האָסט אַ טעות. דאָס רעקאָמענדירען איז אַ נאַרישע קאָמעדיע מיט אַ ליגען. אז מען רעקאָמענדירט אַ גנב, אַ בעטריגער, אַ מענש, וועלכען מען האַסט און פעראַכט, האָט מען דעם מוטה צו זאָגען: ביי אַזאַ מענש, ווי דו, נעהם איך די האַנד, און וויל מיט דיר ניט זיין בעקאַנט? ניין! מען קוועטשט איהם די האַנד אַזוי פריינדליך, מען מאַכט אַ זיס פּנים און מען זאָגט: עס פרעהט מיך זעהר! עס פרעהט מיך זעהר! אַ פאַלשע פערשטעלטע וועלט, מיט פאַלשע אונזיניגע מנהגים.

מישאַ: ער פילאָזאָפירט שוין ווידער? מערקווירדיג, מענשען אָהן אַ סיסטעמאַטישע אַקאַדעמישע בילדונג האָבען אַם מייסטען אַ נייגונג צו שפּיעלען די ראָלע פון טיעפזיניגע פילאָזאָפען!...

ראָזענבערג (שטעלט פאָר מישאַ'ן): דאָס איז מיין אינזשענער טעכ־נאָלאָג. אַ געבילדעטער מענש, האַ? עס קאָסט גענוג געלד אַזאַ בילדונג.

בן־ציון: געוויס מעהר, ווי מיין בילדונג און די בילדונג פון מיין ברודער.

חצקאל: איך בין געבילדעט, וויפיעל איך דאַרף. און דיך האָט מען מען ווענוג געלערנט?

בן־ציון: וויפיעל מיין בילדונג קאָסט — ווייס איך, און וואָס דיין בילדונג איז ווערטה, וועלען אַנדערע אָבשאַצען...

חצקאל: מאַמע, דו האָסט נאָך ניט געהערט, ווי מאַמזעל ראָזענבערג שפּיעלט פאָרטאָפּיאַן?

בן־ציון: אַ ליעבהאָבער פון מוזיק!...

ראָזענבערג: ליזאַ וועט אונז וואָס שפּיעלען. איך דאַרף אייך ערקלערען, עס איז דאָ קלאַסישע און ראָמאַנטישע מוזיקע. איהר קענט קאָמפּאָזיטאָר הערר בעטכאָווען?

חצקאל: ווי זאָגט איהר, מוסיו בעטכאָווען? איך האָב איהם קיין מאָל ניט געזעהן.

בן־ציון: האָסט קיינמאָל ניט געקויפט קיין פעל ביי בעטכאָווענען?

ליזאַ (געהט צו צו דער פּיאַנאָ. שטיל): די אייפערזוכט רעדט פון איהם. דאָס מאַכט איהם אינטערעסאַנט...

מישאַ: עס איז אַן אומגליק מיט די האַלב־געבילדעטע מענשען. כאַפּען זיך אָן מיט אַזעלכע נעמען, ווי בעטכאָווען, ספּענסער, באָקל, און פּלאַקערען אַ וועלט...

ראָזענבערג: דער עיקר איז סיסטעמאַטישע, אַקאַדעמישע... ציווילי־זאַציאָן...

ישראל יעקב (שטיל): בן־ציון, פאָלג מיך און גײה אַהײם בעסער. איך פֿערשטעה, ווי דיר איז, נעבעך, אויפ׳ן הארצען, אָבער וואָס איז די פעולה? דו מאַכסט זיך נאָר אַליין צום נאַר. יסורים, וועלכע מען טראָגט איבער אין דער שטיל, מאַכען דעם מענשען גרויס. יסורים אָבער, וועלכע מען טראָגט אַרויס אויפ׳ן גאַס, מאַכען דעם מענשען קליין און ביליג... אַז מען פאַלט אַראָב פון פערד, און דער פערד אַנטלויפט, דאַרף מען ניט בלייבען ליעגען אויפ׳ן אָרט, מען וועט לאַכען. ווי עס זאָל דיר ניט וועה טהאָן, כאַפּ זיך אויף און אַנטלויף.

בן־ציון: ניין, פעטער, איך קען ניט. מיר ווילט זיך עפּעס צורייסען אָדער צוברעכען, אָדער מען זאָל מיך שלאָגען...

חוה (צו ליזא׳ן ביי דער פיאַנאָ): ביסט אַ קלעזמערקע אויך? זעה נאָר, אונזער מחותנת׳טע מילקע. (מילקע לויפט אַריין). שקאָציל קומט.

מילקע: בעל־הבית׳טע! חצקאל! דער אַלטער איז געקומען אַהײם מיט׳ן ריכטיגען שגעון. ער האָט איבערגעקעהרט אַ ביינקעל. אַראָבגעשלעפּט דעם טישטוך מיט די לאָקשען פון טיש, און איז אין גאַנצען שוואַרץ, ווי זאָגט מען, ווי די נאַכט, ווען די אידען האָבען געטאַפּט אין מצרים...

חוה: דו הערסט, וואָס פאַר אַ למדן זי איז? זי ווייסט, וואָס די אידען האָבען געטהאָן אין מצרים.

פרומע: באָלבע ניט, מילקע, און גײה אַהײם!... ווּעסט מיר דער־צעהלען שפּעטער.

מילקע: שפּעטער?! דער בעל־הבית האָט געזאָגט, איהר זאָלט באַלד אַלע געהן אַהײם, וואָרום, אַז ער וועט קומען, וועט ער שוין אָבשפּיעלען אייך אַ חתונה אָהן קלעזמער. (אַלע ערשטוינט).

חצקאל: מילקע, גײה זאָג דעם טאַטען, אַז עס איז ניט שעהן... אַז מיר זיינען היינטיגע מענשען און... (מלכיאל עפענט די טהיר).

מלכיאל: מחותנים, אַהײם! די מינוט אַהײם!

ראָזענבערג: ר׳ מלכיאל, אבער אום גאָטעס ווילען...

מלכיאל (קרימט איהם איבער): גאָטעס ווילען! גאָטעס ברילען! איהר ווילט אַריינגנאַרען דעם בער אין זאַק אַריין? אַ מכה! חצקאל, אַהײם! זעהסט די גאַזעט? (נעהמט אַ צייטונג פון זיין קעשענע). דער איספּראַווניק האָט מיר ערשט געטיקעט די גאַזעט אין מאָרדע און האָט געשריען: פּרעס, מלכיאל! נאַ!

**מישאַ:** דאָס איז ווירקליך צו בעדויערען, אָבער וואָס זיינען מיר שולדיג?

**מלכיאל:** הערסט אַ חוצפּה? ווער קען דאָ אין סאָראָקע שרייבען, אַז ניט דער אינזשענער־טעכנאָלאָג? האָסטו מיר ניט געזאָגט די זעלבע זאַך פאַר צוויי וואָכען שבת צו־נאַכט וועגען דעם טייך סאַניטאַריע — שווינאַטאַריע?... אהיים!

**ישראל יעקב:** שאַ! ביסט טאַקע מלכיאל'קע תּקיף, אָבער מעסט דאָך זיין אַ מאָל אַ מענש... און...

**ראָזענבערג:** ווי פאַלט אייך איין, מיר וועלען שרייבען, איצט, ווען מיר געהען מיט אייך מאַכען...

**מלכיאל:** איהר וועט מאַכען מיט דער נשמה, איך מאַך מיט אייך גאָר ניט!.. איהר האָט געוואָלט מיך אַריינכאַפּען אין די הענד און אָב'הרג'ענען מיין געשעפט? אַ פייג אונטער דער נאָז! מילא, איהר האָט געשריבען דעם איספּראַווניק, אַז איך פערקויף פערפּעסטעטע פעל, כאַפּט אייך דער רוח, איז נאָך אַ כאַבאַר... אָבער אין די גאַזעטען פאַר דער גאַנצער וועלט מחרף ומגדף זיין דעם נאָמען איד...

**ראָזענבערג:** איך בין טאַקע אַן אויפגעקלערטער, אָבער איד איז איד. מיין נאַציע איז מיר טייער! איך זאָל געפינען דעם לומפּ, וואָס האָט געשריבען, וואָלט איך איהם אַליין געשלעפּט, ווי אַ הונד צום איספּראַווניק.

**חצקאל:** מאַמע, אויב איצט ניט, איז קיין מאָל ניט... די גאַנצע וועלט ווייסט... אַלע פריקאַשטשיקעס וועלען לאַכען פון מיר. (בן־ציון קוקט אויף איהם).

**פרומע:** מלכיאל־לעבען, אפשר וואָלסטו אויסגעהערט, וואָס מענשען זאָגען.

**מלכיאל:** די מענשען אַלע מעגען דאָ פערשטומט ווערען! וויפיעל מאָל דאַרף איך זאָגען, מען זאָל געהן אַהיים? (אַלע געהען). אינזשענער — שמינזינער, דער גרעסטער אַנטיסעמיט, דער גרעסטער רשע וואָלט דאָס ניט געטהאָן. האַר אוים! האַר אוים?

**בן־ציון:** טאַטע, ניט ער האָט געשריעבען אין די גאַזעטען, און צוליעב דעם אַליין דאַרפסטו ניט צושטערען קיין שידוך. איך ווייס, ווער עס האָט דעם אַרטיקעל געשריבען.

**אַלע:** ווער?

**בן־ציון:** דעם אַרטיקעל האָב איך געשריבען. אָט האָסטו אפילו דעם בריעף פון רעדאַקציע. (מישאַ נעהמט דעם בריעף און לעזט).

מישא: נו, געוויס ער... קען קיין צוויי ווערטער ריכטיג ניט אויס־לעגען — א שרייבער!

חצקאל (לעזט דעם בריעף): טאקע ער! אָי, פער׳שרפ׳עט זאָל ער ווערען, דער מטורף! א מענש, הא?

ראָזענבערג: אזא דיפּאמאציע! פוי! שאנדע! שאנדע! (זעהר בייז אויף בן־ציון׳ען).

פרומע: מענשען, קינדער, וואָס איז דאָס, וואָס בעדייטעט עס? איך וויים גאָרנישט.

חוה: שווייג שוין בעסער. אָי, וואָס ווענינער מען ווייסט, איז געזינטער.

מלכיאל (בעטראכט דעם בריעף): ער האָט גאָר געשריבען? ער? איך וועל דאָס ניט אויסהאלטען. געוואלד! ווי האלט מען דאָס אויס? ווי האלט מען אויס!

מילקע (שטיל): אָט האָסטו זיך די שטילינקע! אויף אַן אייגענעם טאטען דערלאנגט אַ פּאפּיער! (קוקט בייז אויף בן־ציון׳ען).

מלכיאל: דו, מטורף, ביסט גאָר אַ שרייבער אויך, הא?

פרומע: וויים איך, מלכיאל, וואָס גלויבסטו איהם? אַ בעריהמער. ער וויים דען, וואָס ער רעדט?

מלכיאל: הם!... איצט קען איך גלויבען, אַז צום איספּראַווניק האָט אויך ער געשריבען. גערענקסט, חצקאל, זיינע רייד וועגען דער בהמה׳לע?

ראָזענבערג: אַ מענש, וואָס שרייבט איינס, שרייבט אויך דאָס צווייטע... נאטירליך.

בן־ציון: דעם אַרטיקעל האָב איך געשריבען — זאָג איך. דער, וואָס האָט געשריבען צום איספּראַווניק, קען ניט זאָגען קיין אמת... שווייגט ער...

מלכיאל (מאכט זיך רוהיג. קוקט זיך אום): פוי, וואָס דאָ טהוט זיך! מחותן, אַז אין שטוב שטעהט אַ סך, ליעגט אין קעשענע ווענינ... און דאָס איז די מאמזעלכען? סחורה ווי גאָלד... חצקאל לאַפּאַק האָט שוין שטענדיג אזא טרפה׳נעם גליק, ער האנדעלט מציאות... נו, דו מטורף, גנה אהיים! מיר דיר וועל איך זיך אָברעכענען אין דער היים. דער׳הרג׳ענען דארף מען דיך! דערפאר דער׳הרג׳ענען איז נאָך ווענינ! (ווערט פלוצלונג בייז). לא יוצלח, פרא אדם, נאָך וואָס האָסטו דאָס געשריבען?

בן־ציון: איך האָב געוואָלט, די וועלט זאָל וויסען דעם אמת.

מלכיאל: וואָס איז, מען צאָהלט דיר עפּעס דערפאר?

בן־ציון: ניין, מען צאָהלט מיר גאָרניט.

מלכיאל: גלאט אזוי אומזיסט? אָהן אַ גראָשען אומגליקליך מאכען

דעם טאַטען, פערטשעפּען נאַטשאַלסטוואָ, בעשמוצען דעם נאָמען איד, מחרף ומגדף זיין דעם גאַנצען כלל ישראל... גלאַט אַזוי, האַ ? !

ישראל יעקב : וואָס טשעפּעסטו צו דעם כלל ישראל ? איך בין אַזאַ איד, ווי דו מיט איהם (צייגט אויף ראָזענבערג׳ן) און איך זאָג, ווער עס האָט ליעב דעם כלל ישראל, דארף זיך ניט שעמען און דארף זאָגען צו זיינע ברידער, וועלכע זיינען ניט עהרליך, זיי זאָלען זיין פיינע מענשען... מען זאָגט : מלכיאל איז אַ גנב, שרייט מלכיאל : געוואַלד, כלל ישראל ! מען זאָגט : מלכיאל איז אַ בלוט־זויגער, שרייט מלכיאל : כלל ישראל ! גראָבער יונג ! ווי קומסטו צו כלל ישראל ?

חוה : שאַ ! שאַ ! האַלט איין דעם לאָשעק ! כלל ישראל איז טאַקע כלל ישראל, אָבער קריגען זיך דארף מען דאָך ניט.

ישראל יעקב : ער האָט עס מיר געלעזען בעפאָר ער האָט עס געשיקט אין דער צייטונג, און איך האָב איהם געהייסען... ער איז אַ קינד, און אויב עס איז אַ חטא, איז דאָס מיין חטא ! אויב עס איז אַ טעות, איז דאָס מיין טעות !

מלכיאל : איך וויים, דו האָסט איהם געלערענט זיין אַ פילאָזאָף, נו, נעהם איהם, וועט ער דיך איצט לערנען, ווי צו זיין אַ מטורף ! לא יוצלח, מיין שוועל זאָלסטו ניט אַריבערטרעטען ! מעגסט אין גאַס פגר׳ן פון הונגער ! מעגסט אויף מיינע אויגען אַיינגעהמען אַ מיתה משונה ! מעגסט... זאָלסט... זאָלסט...

פרומע : מלכיאל, פערשילט איהם ניט, ער איז אַזוי אויך אַן אונגליקליכער.

מלכיאל : איך וויל איהם ניט זעהן. איך וויל ניט הערען פון איהם, איך וויל פון איהם ניט וויסען ! אַרויס !...

בן־ציון (שטיל און טרויעריג) : דער פעטער זאָגט, עס קען זיין, עס איז אַ טעות, וואָס איך האָב געשריבען... אויב דאָס איז אַ טעות, האָב איך מורא, אַז אַלץ איז אַ טעות. אונזער לעבען אַ טעות, די גאַנצע וועלט אַ טעות, זאָגאַר דער אמת אַליין אַ טעות... פעטער, איך וויל דיך עפּעס בעטען : אויב דו וועסט מיך נעהמען, וועל איך געהן צו דיר. איך האָב ניט געקענט לערנען עפּעס אַנדערש, וועל איך איצט לערנען אַ מלאכה. מלאכה איז ניט שווינדעל, ניט האַנדעל, ניט בעטריגערייי... איך האָב גאָר ניט איצט וואָס אָנצואוועדען... איך געה...

חוה : קום, בן־ציון, אַזאַ יאָהר זאָל איך האָבען, וואָס פאַר אַ גאָלד־שמיעד פון דיר וועט אויסוואַקסען. וועסט אפשר ניט האָבען אַזוי פיעל קללות מיט שטעקענס, ווי אין אַן אייגענע היים.

ליזאַ(שטיל): אָבער צרות — פּונקט ווי ביי אַ לייבליכען טאַטען. אָי, עס קען זיין, איך אַליין פערשטעה ניט, וואָס איך פערליער אצינד. פאַר וואָס האָט מיר אזוי אָנגעהויבען וועה טאָן דאָס האַרץ?

בן־ציון: איך געה... איך האָב געמיינט, אז אַ טאַטע...

מלכיאל: איך געפעהל דיר ניט? ווערסטו מיך בעשרייבען אין דיינע חזיר'שע גאַזעטען! אַנטיסעמיט! המן הרשע! צורר היהודים! מטורף!

בן־ציון: יא, טאַטע, עס איז צייט, איך זאָל זאָגען דעם אמת אָפען — דו געפעהלסט מיר ניט! זעהר שטאַרק! דו האָסט געוואָלט, איך זאָל ניט וואַגען אויפהויבען מיין געדאַנק העכער פון דער פּאַדמיאָטקע, וואָס מען מאַכט פון דיינע פאָדעשוועס. איך וויל זיין אַ מענש! ווענען האָט איהר דאָ ליעב? דאָס געלד, צי דעם אמת? ווענען דיענט איהר דאָ, גאָט אָדער דעם עגל הזהב? וואָס איז ביי אייך אַ סחורה, גערעכטיגקייט אָדער געשעפט? איך וואָלט געוואָלט וויסען, ווער איז דאָ ביי אייך אַ מענש, דער, וואָס פיהלט און דענקט, צי דער, וואָס שווינדעלט און לעבט ווי אַ דבר אחר? וואָס איז ביי אייך דאָ טייערער, מענשליכע געפיהלען, צי חשבונות, רעכנונגען און קאָנטאָ־ביכער? יא, איהר קענט איבערלייענען וואָס איז געשריבען אויף אַן אַסיגנאַציע, אויף אַ וועקסעל, איהר קענט אָבער ניט איבערלייענען, וואָס עס איז געשריבען אין האַרצען און אין דער זעעלע פון אַ מענשען! יא, איהר קענט לייענען אין די נאָטען און אויסקלאַפּען מיט די פינגער אַ מעלאָדיע, איהר קענט אָבער ניט פערשטעהן די מעלאָדיע, וואָס דעם מענשענ'ס האַרץ זינגט. דער טאַטע איז גערעכט. ער וויל ניט הערען, ניט זעהן, ניט וויסען פון מיר.... גערעכט! מיר האָבען גענוג געזעהן איינע די אַנדערע, גענוג איינע פון די אַנדערע געהערט און געוואוסט... עס איז צייט מיר זאָלען שוין איינע די אַנדערע ניט זעהן, איינע פון די אַנדערע ניט הערען און ניט וויסען! (געהט. נאָך איהם ישראל יעקב מיט חוה'ן).

(פאָרהאַנג.)

# דריטער אַקט.

(צוויי מיט אַ האַלב יאָהר שפּעטער).

(נאַכט. אַ קליינער קעראָסינאָווער לאָמפּ ברענט אין ישראל־יעקב׳ס ארבייטס־צימער. זעהר אָרים, אָבער ריין און געמיטליך. אויף די ווענד פּיעלע אַלטע זייגערס; צוויי טישלעך שטעהען ביי צוויי פענסטער. ביי איין טישעל אַרבייט ישראל־יעקב מיט אַ פערגרעסערונגס־רעהר אויף זיין אויג. דאָס צווייטע טישעל איז צוגעדעקט מיט אַ פאַרטוך. נעבען צווייטען טישעל אויף דר׳ערד ליעגען פּיעל ביכער. ביים אויוועז אויף אַ קליינעם ביינקעלע זיצט חַוה און אַרבייט אַ זאָק).

ישראל יעקב: חוה! האַ! חוה! (אַרבייט) חוה, דו הערסט ניט, אַז איך שריי צו דיר?

חוה: יאַ, אַז דו שרייסט צו מיר, הער איך.

ישראל יעקב: פאַרוואָס־זשע הערסטו ניט, אַז איך שריי?

חוה: מסתמא שרייסטו ניט, אַז איך זאָל הערען.

ישראל יעקב: אַלטע, מאַך זיך ניט נאַריש. איך האָב דיך געוואָלט פרעגען אַן ערנסטע זאַך.

חוה: אַז דו וואָלסט געוואָלט פרעגען, וואָלסטו דאָך געפרעגט, מסתמא ווילסטו ניט.

ישראל יעקב: אָהן קאַטאָוועס, חוה, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען וועגען בן־ציון׳ס מאַשין. ווי מיינסטו, עס איז ניט אַ משוגעת, חלילה?

חוה: וואָס פרעגסטו מיך? דו דאַרפסט דאָך זיין אַ גרעסערער מבין אויף משוגעת׳ן.

ישראל יעקב: איך פרעג דיך, ווייל דו מיט דיין קלאָרען גנב׳ישען קאָפּ קענסט יעדע זאַך צוגליעדערען אויף פּיצלעך. איך אָבער בין צופּיעל פערגלויבט אין איהם און איך טרוי זיך אַליין ניט. אַ גרויסע זאַך, האַ?

חוה: אַז איך בין ניט קיין גרויסער מאַשיניסט, דאָס ווייסטו דאָך. נאָר איך מיין, אַז די מאַשין וועט אפילו ניט געהן אייביג, איז דאָס אויך זעהר אַ גרויסע התפעלות. געוואַלד, וואָס אַ קאָפּ פון אַ מענשען קען אויס־טראַכטען! איך האָב געהערט, מען פאָהרט איבער׳ן שטאָדט אָהן פערד

און מען אַרבייט זאַקען אָהן הענד... מען וועט שוין באַלד אויסטראַכטען אַ מאַשין, וואָס וועט קענען דאַווענען אָהן אַ אידען.

ישראל יעקב: נאַר, עס איז שוין דאָ אַזאַ מאַשין אין אַמעריקאַ, אַז דו זיצט דאָ און ווילסט, כדומה למשל, עסען, גיסטו נאָר אַ קוועטש אַ קנעפּעל פון עלעקטריע, זיצט שוין דאָרט אַ סאַלדאַט און עסט פאַר דיר. (זיי לאַכען ביידע).

חוה: עס איז ניט נאָר אין אַמעריקאַ, אומעדום זיינען דאָ סאָלדאַטען, וואָס עסען פאַר אַנדערע, און מען דאַרף גאָר אפילו דעם קנעפּעל פון עלעקטריע ניט קוועטשען...

ישראל יעקב: אידענע, האָסט אַן אַלטען ממזר'שען קאָפּ אויף זיך. און בן־ציון אַזאַ גאון... דו האָסט בעמערקט, די לעצטע צייט גיבען אונז די אידען אַלץ וועניגער און וועניגער אַרבייט... עס איז איבער בן־ציון'ען... זיי זיינען איהם אַלע שונאים, און פרעג זיי בחרם פאַר וואָס? אַלטע, זאָלסט ניט זאָגען בן־ציון'ען, אַז איבער איהם פערליערען מיר אַרבייט.

חוה: ער האָט שוין אַליין בעמערקט... יאָ! ניטאָ קיין אידען, שיקט גאָט צו עטליכע גוים... הלואי זאָל גאָט העלפען יעדען אידען, ער זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו קיין אידען...

ישראל יעקב: חוה, ביסט אַ וואוילע אידענע. אָי, זיי־זשע מוחל, גיב מיר אַ קראַץ אין פּלייצע נעבען דער לאָפּעטקע, נידעריגער אַביסעל, נידעריגער... אָט! אָט! אָט!

חוה (קראַצט איהם): אַלטער גנב, עס בייסט דיך דען? גאָר ניט, בן־ציון איז ניטאָ, ווילסטו מיט מיר אַ שטיף טהאָן. ישראל יעקב, דו ווייסט, איך האָב יסורים, וואָס בן־ציון זאַמט זיך. (אַ גערויש) איך הער אַ פרעמדער געהט. (הצקאל קומט; שעהן געקליידעט). זעה נאָר אַ גאַסט, ווי איך בין אַ אידענע, מען דאַרף'איינוואַרפען דעם אויווען.

ישראל יעקב: חצקאל גאָר! דאָס האָט מען גערדאַרפט אויסטרובען בחצוצרות וקול שופר.

חצקאל: גוטען אבענד! איאָ, אַן אונערוואַרטעטער גאַסט? (טהוט אויס דעם מאַנטעל).

ישראל יעקב: איך גערענק גאָר ניט, ווען דו ביסט געוועזן דאָ... געדענקסט, חוה, אַז ער איז נאָך געוועזן אַ איינגעל, פלעגט ער אַמאָל אַריינ־קומען? מען פלעגט איהם נאָך דאַרפען דערמאָהנען ווענען דער נאָז.

חוה: און מען האָט גערדאַרפט גוט אַכטונג געבען, ער זאָל ניט גנב'נען די רעדלעך פון די צונומענע זייגערס... ער האָט געהאַט אַ גרינגע האַנד.

ישראל יעקב: ער האָט געהאַט פון קינדווייז אַן אַ האַנד פון אַ סוחר.

חצקאל: נו, ווען האָב איך צייט געהאַט געהן צו גאַסט? מיט מיין אַרבייט, מיט מיינע געשעפטען, וואָס איך האָב אויף מיין קאָפּ? ווער רעדט, נאָך דער חתונה, בין איך אין גאַנצען אריין אין דער קאָמערציע...

ישראל יעקב: ווי די צייט פליהט! עס איז שוין, מסתמא, צוויי יאָהר, ווי דו ביסט אַ בעל הבית'ל.

חוה: יא, מחשבות'ן, וואָס מאַכט דיין ליזא? וואָס מאַכט דאָס קינד?

חצקאל: וואָס פעהלט איהר? געזונד, ווי אַ פערד, קיין עין הרע. זי האָט צוגענומען צוועלף פונט. און דאָס קינד ליעגט מיר זעהר אין זינען. איך האָב צייט... און ווי אַזוי קען מען געהן צו אייך? איהר זייט דאָך פון זיין צד... ברוגז! פעטער, איך האָב אייך געבראַכט צו פעררריכטען מיין גאָלדענעם זייגער. (גיט זיין זייגער. אַפּאַרט, ווינקט) איך מיט מיין קאָפּ!

חוה: זעהסט, איך האָב דיר געזאָגט, גאָט וועט צושיקען אַ גוֹי...

ישראל יעקב: וואָס גלויבסטו איהם? (קוקט אויפ'ן זייגער). מסתמא עפּעס אַ קאָמערציע... דעם זייגער וואָלט ער געקענט שיקען, ער האָט געגוג משרתים ויוצר משרתים.

חצקאל: נו, און וואו איז ער, אייער אַסיסטענט זייגערמאַכער? ער האָט שוין ווידער אָנגעפּאַטשקעט אין די גאַזעטען... מיר ליעגט ניט אין זינען צו לייענען זיין שמירעריי... מען זאָגט, ער בעשרייבט די תלמוד תורה. די גאַנצע שטאָדט קאָכט מיט איהם. וואו איז ער?

ישראל יעקב: בן־ציון איז געגאַנגען קויפען קוועקזילבער פאַר זיין מאַשין. דו זאָלסט זעהן, וואָס ער האָט ערפונדען! ביי איהם אין קאָפּ ליעגט מאַרך, ניט דעם טאַטענ'ס פּאָרעשווע.

חוה: איך האָב יסורים, וואָס ער זאַמט זיך אַזוי... ווען ער געהט ארויס, מוז זיך מיט איהם וואָס טרעפען. אָדער מען טשעפּעט זיך צו איהם, אָדער ער מישט זיך אַריין אין אַ פרעמדע געשיכטע. פאַראַכטאָגען זונטאָג האָט ער דערזעהן, ווי אַ שכור'ער גוי האָט אָנגעהויבען שלאָגען זיין ווייב. נו, בן־ציון האָט זיך, מסתמא, אָנגענומען פאַר דער גוי'ע, האָבען זיי זיך ביידע אָנגענומען פאַר איהם. וואָס הייסט, שרייט די גוי'ע, אַ פרעמדער זאָל זיך אַריינמישען, ווען אַן אייגענער מאַן שלאָגט? און זיי האָבען איהם ביידע געבראָכען די ביינער.

חצקאל: נו, יא, דער זעלבער מטורף ווי געווען. וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַשין? טאַקע עפּעס ווערטה?

ישראל יעקב: ווי איך פערשטעה מיט מיין שכל, וועט דיעזע ערפינ־

רונג מאַכט אַ רעש אין דער וועלט... און עס איז אַ סברא, אַז דאָ ליעגען מיליאָנען־מיליאָסען...

חצקאל (פערזאָרגט): אַזוי? פעטער, הפּנים, ווי איך זעה, ווייסט איהר ניט, אַז אונזער אַלטער איז שטאַרק קראַנק. עס קען זיין, ער וועט זיך אָבטראָגען.

ישראל יעקב און חוה: מלכיאל איז קראַנק? וואָס איז איהם?

חצקאל: ער זאָגט ניט, וואָס איהם איז, און וויל ניט קיין דאָקטאָר בשום אופן — זיינע משוגעת'ן!... איך פערשטעה יעדע זאַך. מיך דאַרף מען ניט לערנען. מיין אויג קוקט און איך ווייס. דעם אַלטען'ס קרענק איז ניט קיין שפּיעלכעל. ער דאַרף האָבען אַ ראָק אין מאָגען, וואָרום, וואָס ער עסט, גיט ער אָב צוריק. קען ניט עסען... נו, וואָס איז פאַר אַ לעבען אָהן עסען? הערט, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך בין געקומען אַביסעל וועגען געשעפט.

ישראל יעקב: קוועטש זיך אויס מיט'ן אמת: ווילסט איך זאָל דיר לייהען תרפ"ק אלפים קערבלעך? האַ?

חוה: אפשר וויל ער דיר פערקויפען אַ פּאָר נייע כאָליעוועס?

חצקאל: איך מיין ניט קיין קאַטאָוועסלעך. איך וויל ריידען מיט בן־ציון'ען. שטעלט אייך פאָר, דער טאַטע, זאָל לעבען, שטאַרבט אַוועק און לאָזט איהם איבער בירושה אַ פייג.... אַלס קאָמערטשעסקי מענש... איהר פערשטעהט?

ישראל יעקב: דערווייל הויב איך ניט אָן צו פערשטעהן.

חוה: וואָס פערשטעהסטו ניט? אַ פייג פערשטעהסטו? אַ קאָמער־טשעסקי מענש פערשטעהסטו? וואָס נאָך איז דאָ צו פערשטעהן?

חצקאל: איך מיין פּשוט וועגען דער ירושה. ער איז אַ פילאָזאָף, קען ער גאָר ניט פערשטעהן. איהר אָבער זייט דאָך אַ שטיקעל מענש, איהר קענט מיר העלפען.

ישראל יעקב: אויב איך בין יע אַ שטיקעל מענש, ראַט איך דיר: אויב דו האָסט אַ קאָמערציע צו בן־ציון'ען, רעד מיט איהם און פון איהם וועסטו קריגען די ריכטיגע תשובה.

חצקאל: מומע חוה, אפשר וואָלט איהר מיר געהאָלפען?

חוה: מיין קינד, איך בין נאָך צו יונג. ערשט 62 יאָהר געוואָרען. האַר אויס, איך וועל אונטערוואַקסען, וועל איך אָנהויבען צו שטודירען, ווי אַזוי צו זיין אַ מעקלערקע...

חצקאל: איך פערשטעה ניט, וואָס איהר זייט פאַר מענשען. (אַ גערויש.) זעהר זעלטען גיט זיך איין אַ מענש מיט אַ גוטען קאָפּ.

חוה: שאַ, אָט געהט בן־ציון, וועט ער דיר געבען צו פערשטעהן.

בן־ציון, קום נאָר אהער גיכער. זעה, וואָס פאַר א גאַסט מיר האָבען. (בן־ציון קומט. זיין געזיכט איז בלאַס, ער טראָגט א קליין בערדעלע, זיין אַלטער זשאַקעט איז אויסגעשמירט אין שטויב, א קעשענע אָבגעריסען. פון אָן אויער רינט בלוט.) זעה נאָר, וועה מיר, וואָס איז מיט דיר?

בן־ציון: גאָר ניט, קינדער, שרעקט אייך ניט. מען האָט מיך ווידער געשלאָגען. די מלמדים פון תלמוד תורה און גלאַט אזוי א פּאָר פרומע אידען האָבען מיר געגעבען אַרגומענטען געגען מיין אַרטיקעל. (נעהמט אַרויס א צייטונג.) זעהסט, פעטער, אָבגעדרוקט וואָרט אין וואָרט. (בעמערקט חצקאל'ן) אָה, קלעפּ איז ווענינ, מיר האָבען א גאַסט אויך. אז עס הויבט אָן געהן — געהט שוין.

חוה: זעה נאָר, ביי דיר בלוטיגט אָן אויער. די הענד זאָל זיי אָבנעהמען! עס טהוט דיר וועה?

בן־ציון: וויים איך, אידישע קלעפּ! צודראַפּעט אָן אויער, צוקראַצט די נאָז און אָבגעריסען די קעשענע. דער גוף טהוט ניט וועה פון זייערע קלעפּ, אָבער די נשמה, דאָס האַרץ זיינען צואווערהטאָגט און צוואַוואונדעט. פעטער, דו ווייסט, מיט מעהר רציחה פון אַלע האָט מיך געשלאָגען דער געלער איד. געדענקסט, איך האָב איהם צוויי מאָל אומזיסט פּראָשעניעס געשריבען צום פּראָקוראָר, צוויי נעכט אָבגעזעסען. און ער האָט ניט געהאַט קיין געלד אויף א הערבאָווע מאַרקע, האָב איך איהם מיינע לעצטע 40 קאָפּיקעס אָבגעגעבען.

ישראל יעקב: מילא, ער האָט דיך געשלאָגען, האָסטו איהם כאָטש א טובה געטהאָן. פאַר וואָס האָבען דיך די אַנדערע געשלאָגען! מען וועט שוין באַלד ניט קענען אַרויסגעהן אין גאַס איבער זיי.

חצקאל: יא, איך פערשטעה אביסעל מעהר פון אָן אַנדערען און איך זאָג, ער האָט געדאַרפט אַוועקפאָהרען פון דאַנען, וואָרום אויב מען וועט איהם ניט דער'הרג'ענען, וועט מען איהם אַרויסשיקען פון שטאָדט. קהל וויל דערלאַנגען א פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר. מען קען דאָך ניט אויסהאַלטען. מיך קאָסט די תלמוד תורה געלד, און איך קען זאָגען א דעה און מיש זיך ניט. קומט ווייס איך ווער און מישט זיך אריין... א אידישע תלמוד תורה איז ניט קיין גוי'אישע שקאָלע... עס איז שמוציג? נו, וואָס אַרט דיך... מען שמייסט די קינדער? דערויף זיינען זיי דאָך קבצנים. זיי זאָלען ניט זיין קבצנ'ישע קינדער, וואָלטען זיי ניט געגאַנגען אין תלמוד תורה לערנען...

בן־ציון: נו, יא! די אַלטע לאָגיקע. מען נעהמט קהל'שע געלד און מען צו'גנב'עט, נו, וועמען אַרט דאָס? מען נעהמט אָרימע קינדער און מען פערדולט זיי די מוחות און מען פערקריפּעלט זיי, — א דאגה, דערויף זיינען

זיי קבצנ׳ישע קינדער... ניין! איך וויל, מען זאָל די אָרימע אידישע קינדער לערנען, ווי מען דאַרף לערנען, וואָרום איך... איך ווייס, ווי אונגליקליך איז דער מענש, וואָס האָט ניט געלערענט, ווי מען דאַרף!... פעטער, מעהר פון אַלץ פערדריסט מיך, זיי האָבען מיר צובראָכען דעם פלעשעל מיט׳ן קוועקזילבער, — וואו ווע‍לען מיר יעצט אזוי גיך קריגען געלד?

חצקאל: איאָ, עס איז שלעכט אָהן געלד? הער, דו ווייסט דאָך, איך רעד אָפען, איך ווייס ניט קיין חכמות און אויבערשפיצלעך. יעדער ווייס, איך בין ניט קיין נאַר, און מיט אַ מענשען, וואָס פערשטעהט, קען איך אָבמאַכען דעם גרעסטען געשעפט אין צוויי מינוט... מיט אייך אָבער איז אַן אונגליק, מען קען זיך מיט אַזעלכע ברואים ניט צונויפרעדען...

בן־ציון: ווילסט עפּעס זאָגען — זאָג, וואָס מעקעסטו?

חצקאל: איך וויל זאָגען, דער טאַטע איז ניט מעהר, ווי אַ לעבעדיגער מענש, און יעדער לעבעדיגער מענש שטאַרבט.

בן־ציון: יעדע לעבעדיגע זאַך שטאַרבט. האַ! איך זעה, דו הויבסט אויך אָן אַ פילאָזאָף צו ווערען.

חצקאל: דער טאַטע איז אויף דיר מלא רציחה, ער קען דיין נאָמען ניט הערען. און מעגסט זיין זיכער, ער וועט דיר אין זיין צוואה איבערלאָזען אַ פייג, אונטערגעשלאָגען מיט פּוטער. ער וויל דיך ניט קענען.

בן־ציון: נו, איז דאָך גוט, וואָס־זשע ווילסטו?

חצקאל: איך ווייס, דו ביזט אַן עהרליכער מענש, און אַז מען וויל דיר ניט געבען קיין ירושה, ועסטו ניט וועלען נעהמען.

חוה: אַז מען וויל ניט געבען, וואָס קען העלפען דאָס וועלען נעהמען?

חצקאל: דו פערשטעהסט.... איך בין זיכער, דער אַלטער וויל דיר ניט געבען, אָבער איך בין ניט זיכער, צו דער אַלטער האָט אַ צוואה. דו פערשטעהסט?... זאָגען איהם איז שלעכט... און אויסגעפינען איז שווער. נו, שטעל זיך פאָר, ער נעהמט, דער אַלטער, און שטאַרבט אָב אָהן אַ צוואה? דאַן האָסטו אַ רעכט צו מאָהנען האַלב. איך ווייס, ביזט אַ צו איידעלער, אַ צו עהרליכער מענש, זאָלסט מאָהנען, ווען דו ווייסט, אַז דער טאַטע האָט דיר גאָרניט איבערגעלאָזט, און דיר קומט ניט. אָבער געזעצליך וועסטו האָבען רעכט.

בן־ציון: דער טאַטע לעבט נאָך און דו טיילסט זיך שוין מיט דער ירושה!... האָסט קיין צייט ניט?

חצקאל: מיר זיינען לעבעדיגע מענשען, און עס איז בעסער, אַז מען בעוואָרענט זיך. איך האָב געהערט, אין שווייצאַריע, וואו איז דאָס עפּעס אין דייטשלאַנד צו וואו? יאַ, אַז אין שווייצאַריע קען מען לערנען מעכאַניקע...

דו קענסט סיי־ווי־סיי ניט בלייבען אין סאָראָקע... איך וועל דיר געבען געלד... איך בין דאָך אַ ברודער און וויל דיך ניט בערויבען אומזיסט...

ישראל יעקב: אַ גוטער מענש: וויל בערויבען אָבער ניט אומזיסט.

חצקאל: שרייב מיר אונטער אַ פּאַפּיער... דאָס הייסט, אַז דו וועסט ניט האָבען קיין פּרעטענזיעס.

בן־ציון: ווי דו זאָגסט, בין איך אַן איידעלער, אַן עהרליכער מענש, פאַר וואָס ווילסטו זיך ניט פערלאָזען אויף מיין יושר?

חצקאל: יושר?! געזעצען, זאַקאָנעס לאַכען פון יושר... איך בין פון היינטיגע מענשען און איך וויים, אַז אַן אונטערגעשריעבענער פּאַפּיער איז שטאַרקער פון יושר. עס ווייזט שוואַרץ אויף וויים.

בן־ציון: אַן אונטערגעשריעבענער פּאַפּיער איז שטאַרקער פון יושר? הו! קיין געלד דאַרף איך ניט. ווי קום איך מיט מיין שכל צו וועלען געלד? איאָ? שווייצאַריע געפינט זיך ניט אין דייטשלאַנד. שווייצאַריע געפינט זיך אין שווייצאַריע, און פאָהרען אַהין לערנען מעכאַניקע וויל איך ניט... נאָר אַ פּאַפּיער, אויב דו ווילסט, וועל איך דיר אונטערשרייבען... דו האָסט דאָך, מסתמא, אַ פאַרטיג פּאַפּיער מיט זיך? נו, וואָס דען! (חצקאל נעהמט איילענ־דיג אַ פּאַפּיער פון קעשענע.) פאַר וואָס ציטערען אַזוי ביי דיר די הענד? וואו איז אַקאָרשט מיין טינט און פעדער?

ישראל יעקב: וואָס הייסט? ביזט זיך ניט מישב, פרעגסט ניט, נעהמסט און שרייבסט?

חוה: דו ווילסט שריפטליך בעווייזען חצקאל׳ן, אַז יעדער מאַראַוויכער קען טהאָן מיט אונז, וואָס ער וויל?

חצקאל: נישקשה!... איך פערשטעה אַ מענשען און איך זאָג, אַ סך מענשען האָבען זיך געמעגט לערנען ביי איהם, ווי צו זיין עהרליך און פיין.

בן־ציון: איאָ? דו האָסט ליעב, ווען דער אַנדערער איז עהרליך און פיין? אָט שרייב איך דיר, וואָס דו דאַרפסט. (שרייבט.)

חצקאל (אַפּאַרט): אַז איך טראַכט אוים מיט מיין קאָפּ!...

חוה: וואָס שווייגסטו, אַלטער נאַר? ער שרייבט דאָך שוין אונטער!

ישראל יעקב: און וואָס שווייגסטו? הייסט עס, אַז דו וועסט שרייען, וועט דאָס דיר עפּעס העלפען? ער קוקט גאָר ניט, וואָס אין פּאַפּיער שטעהט.

חצקאל: נישקשה, אויף אַזאַ מענשען, ווי.איך, קען מען זיך פערלאָזען... (נעהמט דאָס פּאַפּיער פון בן־ציון׳ען.) האַ? וואָס איז דאָס? וואָס האָסטו אויפגעשריעבען? חכמות גאָר! דאָס הייסט געשעפט?! פע! מעגסט זיך שעמען!

ישראל יעקב (קוקט אַריין אין פּאַפּיער און לעזט): „חצקאל, ביזט

א גרויסער פערד!" חוה, ווי געפעהלט דיר אזא חתימה? (ביידע קוקען זיך אָן און לאַכען. חצקאל טהוט אָן זיין מאַנטעל, זעהר בייז.)

חוה: חצקאל, האָסט זיך אויסגעבעטען א כתיבה און חתימה טובה.

בן־ציון (בייז): דו האָסט עס געוואָלט האָבען שווארץ אויף וויים? האָסטו דאָס... דו, פערד, האָסט געמיינט, וועסט קומען, זאָגען מיר, אז איך בין אַן עהרליכער, איידעלער מענש, און וועסט שוין קריגען, וואָס דו דארפסט. עס איז דען א שווערע זאַך צו נעהמען אויף זיכער אזא יאָלד! איהר מיינט דאָך, איהר זייט די חכמים, און מיט אונז, נאַראָנים, קענט איהר טהאָן, וואָס איהר פערלאַנגט... אייזעל! נאָך ווייסטו ניט, אז איך זעה דיך דורך און דורך? נאָך פערשטעהסטו ניט, אז איהר קענט אונז נאַרען נאָר, ווייל מיר לאָזען זיך נאַרען!... איהר זייט די חכמים, ווייל איהר קענט מאַכען געלד! עס איז א גרויסע חכמה, הא? גנב'ענען, אָבנאַרען, שווינדלען, פערקויפען פוילע סחורה פאר גוטע, קויפען ביליג און פערקויפען טייער, לייגען, זיין א מאָשעניק, רייסען פראָצענט פון אַן אָרימאַן, בענוצען זיך מיט די הילפלאָזיגקייט פון אנדערע, — די אַלע זאַכען, וועלכע איהר רופט מיט'ן נאָמען קאָמערציע, — דערויף דארף מען קיין שכל ניט. יעדער נאַר, יעדער גראָבער יונג, יעדער ליץ קען דאָס טהאָן, און איך זאָל וועלען, וואָלט איך אפשר אויך געקענט זיין א חכם ביי פּאָדעשוועס מיט פעל פונקט ווי דו! זיין א געלד־מאַכער, א גנב איז זעהר לייכט. עס איז זעהר שווער אָבער צו זיין אַן עהרליכער אויפריכטיגער מענש!

חצקאל (בעזינט זיך): האָסט אַביסעל צופיעל גערעדט, נאָר גאָר ניט.. אין געשעפט דארף מען זיך ניט היצען. ניט איך בין דער מענש, וואָס וועט איבער אַ חכמה אָדער אַ שפּיי אין פּנים געהן איבערפיהרען א געשעפט. איך האָף, וועסט זיך איבערלעגען און בערעכענען...

בן־ציון: ביזט גערעכט, איך האָב צו דיר צופיעל גערעדט און אומזיסט. אָבער העכער צוויי יאָהר האָב איך דיר אַ וואָרט ניט געזאָגט, האָב איך דיר היינט געגעבען א גרויסע פּאָרציע. (עפענט די טהיר) געה אַהיים, חצקאל, און לאָז גריסען דעם טאַטען!

חצקאל: פעטער, ערקלערט איהר איהם, ער זאָל ניט זיין קיין אינגעל. וואָס איז די פּעולה, אז מען מאַכט זיך נאַריש? צייט, צייט נעהמען זיך פאר'ן שכל... מען וועט דארפען מיין אינזשענער זאָל זעהן זיין מאַשין. טאָמער ליעגט געלד אין דעם, קענען מיר דאָך דאָס מאַכען. (לויט) האָט א גוטע נאַכט. (אָב.)

חוה: זעה, פערטשעפּע זיך ניט אין הויז פאר דער מולטער.

ישראל יעקב: בן־ציון, דו ווייסט, דער אַלטער איז קראַנק.

בן־ציון: טאקע? איך האָף, ער איז ניט געפעהרליך. ער האָט אַ שטאַרקע נאַטור. הערסט? דער אַלטער פיהלט ניט גוט, בעגראָבט ער איהם שוין און טיילט זיך מיט דער ירושה. פע! אַ מיאוס'ע, פאַלשע, געמיינע וועלט.

חוה: די גאַנצע וועלט איז ניט פאַלש. דו ביזט ניט איין מאַרשאַלעק אין שושן הבירה. עס זיינען דאָ מענשען אַ סך פיינערע פון דיר.

בן־ציון: וואו זיינען זיי, די פיינע? איך האָב ניט געזעהן קיין מענשען, וואָס זאָל יעדע מינוט ניט זיין קיין ליגנער און קיין גנב. איז ער אַ פרומער, בע'גנב'עט ער גאָט; איז ער אַ גוטער, בע'גנב'עט ער זיינע מיט־מענשען; איז ער אַ געלערענטער, ערניעדריגט ער זיין וויסענשאַפט. ווער פון זיי איז ניט קיין פייגלינג? ווער האָט מוט גענוג צו זאָגען דעם אמת? וואָס איז ווערט זייער ליעבע? עלטערען האָבען ליעב זייערע קינדער, ווען די קינדער האָבען ניט קיין אייגענעם ווילען און טהוען אַלץ, וואָס קען זיי, די עלטערען, ברענגען כבוד און פערגעניגען; אז ניט — צום שוואַרץ־יאָהר די קינדער! און די קינדער ליעבען דעם טאַטען, קוקען אַריין אין דער צוואה און צעהלען די ירושה. אז עס איז אָבער ניטאָ וואָס צו צעהלען, איז ניטאָ קיין קינדער־ליעבע. און וואָס איז זייער אַלעמענס גליק, זייערע שטרעבונגען? הבל! הבל הבלים! (טהוט אָן זיין פאַרטוך און זעצט זיך אַרבייטען ביי זיין מאַשין).

ישראל יעקב (אַרבייט): האָסט געגעבען אַ שפּיי אויף דער וועלט און מיינסט, אַז דיין שפּיי איז אַזוי גרויס, אַז די גאַנצע וועלט איז דער־טרונקען געוואָרען. שוטה, עס זיינען גאָר ניטאָ מענשען, וואָס זיינען גליקליך, וואָס האָבען באמת ליעב? אָט בין איך מיט מיין אַלטע, מיר זיינען טאַקע קליינע מענשעלעך און קבצנים, מיר האָבען אָבער אָבגעלעבט 40 יאָהר צוזאַמען, מיר זיינען געוועזען גליקליך, און מיר האָבען זיך שטענדיג געליעבט... ניין אפשר, חוה?

חוה: אי, הלואי וואָלט מען נאָר געקענט ווידער אָנהויבען פון אָנהויב.

ישראל יעקב: און איך בין זיכער, מיר זאָלען האָבען קינדער, וואָלטען מיר זיי אמת געליעבט, און זיי וואָלטען אונז געליעבט. (ער אַרבייט.)

חוה: נאָך וואָס האָסטו געלאָזט, דיין טאַטע זאָל דיר אַ טאַטע זיין?

בן־ציון: אָט דאָס איז דאָך דאָס אונגליק! די בלינדע מאַכט, וועלכע קאָמאַנדעוועט איבער אונז, פרעגט אונז ניט. ווער האָט געדאַרפט, איך זאָל געבוירען ווערען? צוליעב וועלכען צוועק האָט מען מיך געבראַכט אהער קיין סאָראָקע?

ישראל יעקב: מען האָט דיך געבראַכט אַהער, זאָלסט זיין אַ מענש, זאָלסט זיין ניצליך...

בן־ציון: נוצליך? איך האָב געזעהן היינט אַ גע'פּגר'טען פערד, אויסגעשטשירעט די ציין, די גרויסע גלעזערנע אויגען, ווי פערשטיינערט. דער פערד איז געווען נוצליך. ער האָט געשלעפּט משא, געקראָגען שמיץ... און וואָס איז פון איהם געוואָרען? דאָס זעלבע, וואָס וועט ווערען פון'ם מענשען. דער מענש שלעפּט אויך משא זיין גאַנץ לעבען, קריגט שמיץ, און זיין סוף איז דער זעלבער.. פון'ם פערד'ס הויט, וועניגסטענס, מאַכט דער טאַטע וויראָסטאָק פאַר סאָלדאַטסקע שטיוועל, פון אונזער הויט וועט מען אפילו קיין פּאָדעשוועס ניט מאַכען... דעם פערד'ס פלייש וועלען אויפעסען הונגעריגע הינד, וועלכע קענען לכל הפּחות בילען און בייסען, אונז וועלען עסען עקעלהאַפטע, מיאוס'ע, קריכענדע, שטומע ווערים... פע! עס איז ניט כדאי צו לעבען...

ישראל יעקב: ברודער, ביי דיר איז זויער אין מויל, איז אַלץ, וואָס דו נעהמסט צו דיין צונג, זויער. איז דעריבער, מיינסטו טאַקע, דער איינגע־מאַכטס ניט זיס?.... דו טראָגסט בלויע ברילען אויף דיינע אויגען, איז דיר אַלץ בלוי און טונקעל. איז אין דעם די וועלט שולדיג? איז שולדיג די ליכטיגע זון?

בן־ציון: פעטער, געדענקסט, איך האָב דיר אַמאָל געלעזען „האַמלעט“. ער זאָגט, אַז דורך די שטראַהלען פון דער זון ווערען אין דעם קויט פון די בהמות בעשאַפען ווערים... אונזער גאַנצע וועלט איז אַ שטיק קויט, און פון די שטראַהלען פון דער זון ווערען נאָר געמעהרט און געשאַפען ווערים, ווערים און ווערים!

ישראל יעקב: אַזוי? נאָר ווערים? און וואו זיינען לעמפּערטען, בערען, עלעפאַנטען? און וואו זיינען די קאַנאַרייקעלעך מיט די סאָלאָוויי־טשיקלעך? און וואו איז משה רבנו, דער רמב"ם, ישעיה הנביא, הלל הצדיק, סאָקראַטעס און אַריסטאָטעלעס? זיינען זיי אויך ווערים? האָבען זיי וועניג אויפגעטהאָן? לעב, פרעג ניט קיין קשיות און זעה בעסער אויך עפּעס אויפטהאָן. שוטה, ווער ווייסט? אפשר וועט דיין ערפינדונג גליקליך מאַכען די וועלט. דאַמפּף איז אַ גרויסע זאַך; עלעקטריע איז גרויס, אָבער אַ קליינינג־קייט אייביגע בעוועגונג?

חוה: לעג ניט קיין טערקישען פעפער אין באָרשטש, וועט ניט זיין ביטער. נאַרעלע, דו ווייסט נאָך ניט, וועלכע גליקליכע צייטען עס קענען קומען.

בן־ציון (זיינע אויגען קוקען ווייט): יא, עס קען זיין, אַמאָל וועט

קומען די צייט, פון וועלכער דער גרויסער ישעיהו הנביא האָט געטרוימט, ווען גערעכטיגקייט, ליעבע, אמת און שלום וועלען הערשען אויף דער וועלט. עס קען זיין, עס וועט אמאָל קומען די צייט, ווען די מענשען וועלען האָבען אזעלכע מאשינען, אז זיי וועלען דארפען ארבייטען נאָר צוויי שטונדען א טאָג... עס וועט ניט זיין קיין קנאה, קיין שנאה, קיין גזלה, קיין רציחה, קיין נויט, קיין ארמוט. מענשען וועלען זיצען אין פריינדליכע געזעלשאפטען, האָבען א ויכוח וועגען גרויסע פילאָזאָפישע פראגען און זיי וועלען זעטיגען דעם גייסטיגען דורשט מיט שעהנע פּאָעזיע און ערהאבענע מוזיק. (טרערען שטיקען איהם.) פעטער, מיר וועלען דאָס ניט דערלעבען... מיר ניט! (בויגט זיך צו צום טישעל און ווישט אָב א טרער מיט'ן ארבעל.)

ישראל יעקב (בעגייסטערט): אָט דאָס איז דאָך די גרויסקייט פון'ם אידען. מיר לעבען מיט דער צוקונפט. די אומות העולם האָבען געטראַכט נאָר פון דאָס, וואָס איז איצט און פון דעם, וואָס איז ארום זיי. די אידען האָבען זיי אויסגעלערענט צו דענקען פון דעם, וואָס עס איז ווייט, און פון די גליקליכע צייטען, וואָס וועלען קומען שפּעטער. משה רבנו האָט געזעהן די ארץ זבת חלב ודבש פון א בארג, ווייט אויף יענעם זייט ירדן... ישעיהו הנביא און אנדערע נביאים האָבען געקוקט נאָך ווייטער... און נאָך ווייטער, קען זיין, האָבען געקוקט די אידען, פון וועלכע דו האָסט מיר דערצעהלט, (קוקט זיך אום, שטיל.) קארל מארקס און לאסאל... דו אליין ביזט ניט צופריעדען מיט דער געגענווארט און לעבסט מיט אידעאלען מעהר פון אלץ דערפאר, ווייל דו ביזט א איד... ניט אומזיסט רופט מען דיך בן־ציון. ביזט אַן אמת'ער זוהן ציון'ס... נארעלע, די גבירים פאָהרען צעהן יאָהר און בלייבען דאָך אויף איין אָרט, מירביידע אָבער קענען אין איין הרף עין זיין 300 מייל פון סאראָקע. (פּלוצלונג א שרעקליכער גערויש, מען הערט, עפּעס פאלט מיט א גרויסען געפּילדער.)

חוה: שא! אימיצער האָט ניט געקוקט ווייט און האָט זיך פער־טשעפּעט אין הויז פאר דער מולטער. אָט האָסטו די 300 מייל פון סאראָקע. (עפענט די טהיר. ראָזענבערג ליעגט אויף אַן איבערגעקעהרטע גרויסע מולטער.)

ראָזענבערג: ווארום איז ביי אייך אזוי פינסטער אין פאָדער־צימער? אום גאָטעס ווילען...

בן־ציון (העלפט איהם אויפשטעהן): אָי, וועה איז מיר. איהר האָט אייך א שטארקען זעץ געטהאָן? (רייניגט פון איהם דעם שטויב.)

ראָזענבערג: א זעץ? קאטעגאָריטשעסקי ניין! איך האָב זיך נאָר דערשראָקען. גוטען אבענד.

אַלע: גוטען אבענד.

ראָזענבערג: פו! עס איז נאָך גוט, וואָס קיינער האָט ניט געזעהן, — מען וואָלט געלאַכט פון מיר. הערר ראָזענבערג איז אריינגעפאַלען אין א מולטער. איך בין געקומען צו אייך מיט א סטראַטעגישען פּלאַן... (זעצט זיך און רויכערט.)

חוה: איז דער פּלאַן ניט געבליבען אין מולטער? (הויבט אויף דעם מולטער און מאַכט צו די טהיר.)

ראָזענבערג: עס איז אומעטיג ביי נאַכט, און א קערטעל מאַכען היינט איז ניטאָ מיט וועמען, בין איך געקומען צו אייך אַביסעל פילאָזאָפירען... איהר האָט טאַקע ניט קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, אָבער אמאָל איז אינטע־רעסאַנט אויך מיט אזא קאַטעגאָריע מענשען האָבען א קאָנפערענציע. (בן־ציון גיט א מאַך מיט דער האַנד און זעצט זיך ארבייטען.)

ישראל יעקב (אפּארט): ער איז אריינגעפאַלען אהער, ווי א סאָלדאַט אין סוכה אריין...

ראָזענבערג (טיעפזיניג): יא! מען זאָגט, דער האָט צרות, יענער האָט צרות. עס מוז אזוי זיין, גאָט אליין האָט אזוי בעשאַפען די וועלט: איינער זאָל זיין א נגיד, דער אַנדערער זאָל זיין א קבצן... גאָט האָט זיי אזוי בעשאַפען.

בן־ציון: פּעטער, דאַרפסטו זאָרגען? אַבי דו ווייסט, אַז אפילו דיך אליין האָט אויך גאָט בעשאַפען...

ראָזענבערג: נו, יא, אזוי איז דאָס מיט די מענשליכקייט. עס קען ניט אַלעמען זיין גוט און עס דאַרף ניט. ווי זאָגט מען אין פראַנצויזיש: פּיא דעזידעריא, פּאַרלע וואו פראַנסע.

בן־ציון: האָט קיין פּעראיבעל ניט. פּיא דעזידעריא איז ניט פראַנ־צויזיש, עס איז לעטיין. אַז איהר קומט אַהער, מאַכט איהר אייך פּאַר א געלערענטען. נאָך וואָס דאַרפט איהר דאָס? עס איז דאָך אַ ליגען....

ישראל יעקב: איהר האָט איהם געוואָלט נאַרען? ער לערענט דאָך פראַנצויזיש און לעטיין. איהר רעדט בעסער פּראָסט אידיש, וואָרום איהר וועט אייך נאָך אמאָל אריינכאַפּען.

ראָזענבערג: און איהר, בן־ציון, איהר האָט שוין ווידער געשריבען אין דער פּרעסע אריין? איהר פּערטשעפּעט זיך מיט קהל, און איצט קלייבען זיי חתימות, מען זאָל אייך ארויסשיקען פון שטאָדט. אי, די היינטיגע יונגע לייט, זיי זיינען אַלע אזוי... נעהמט מיין אינזשענער טעכנאָלאָג, א געביל־דעטער מענש, האַ? עס האָט מיר געגוג געלד געקאָסט...

ישראל יעקב (הערט אויף ארבייטען. אונצופריעדען): חוה, אפשר

וואָלטען מיר זיך איצט דורכגעגאַנגען מבקר חולה זיין מלכיאל׳ן? (שטעהט אויף. שטיל.) אַ סטראַטעגישער פּלאַן.

חוה: פאַר וואָס ניט? בקור חולים איז אַ וואוילע מצוה, מען קריגט זי ביי אידען חצי חנם. נאַ! וועסט אָנטהאָן דיין פּאַלמערסטאָן? שאַ, איך הער, אימיצער טאַפּט די קלאַמקע. (געהט עפענען.)

ישראל יעקב: זעה נאָר, אימיצער וועט ביי דיר וויעדער אַריינפאַלען אין מולטער אַריין.

חוה: אָי, אַ גאַסט! שקאָצעל קומט, (פרומע קומט מיט מילקע׳ן.) ברוך הבא! (צוקושען זיך.)

בן־ציון: די מאַמע ביי נאַכט? דאָס איז ניט אומזיסט...

פרומע: גוטען אבענד. דער מחותן איז אויך דאָ? גוטען אבענד. בן־ציון, איך בין געקומען אויף אַ ווייליגקע. איך האָב ביי נאַכט ניט געוואָלט געהן אַליין, האָב איך מילקע׳ן מיטגענומען. מיר האָבען זיך אָבגע׳גנב׳עט... בן־ציון, דער טאַטע איז זעהר קראַנק....

חוה: גנב׳עסט, האַ? (שטעלט אַ שטוהל.) אַז דו וועסט זיך צוזעצען וועט דאָך די גנבה ניט ווערען גרעסער.

בן־ציון: די מאַמע קען קומען צו מיר נאָר בגנבה. נו, יאַ, דער, וואָס קען ניט פאָדערען, וואָס איהם קומט, מוז ביי זיך אַליין ווערען אַ גנב. וואָס איז עפּעס דעם טאַטען?

מילקע: אָי, בן־ציון, אייך פּאַסט דאָס בערדעל... איהר ווייזט אויס, ווי אַ גוי׳אישער יויזעל... זעה נאָר, ער אַרבייט ווי אַ פּראָסטער בעל מלאכה. פוי, אַז מיר פלאַמט דער פּנים פון בושה...

פרומע: איך האָב מורא פאַר זיין חולאת. ער געהט אום, ער מישט זיך אין געשעפט, אָבער מיט יעדען טאָג געהט ער אויס... ווי ער פלעגט אַמאָל עסען! איצט מילך און מילך... ער געהט אויס פון הונגער.

מילקע: עסט שוין ניט קיין קאַלטע פעטע פלייש פון מערען־צימעס, עסט ניט קיין קאָדע שמאַלץ און קיין האַלושקעס...

ראָזענבערג: היינטיגע צייטען איז מען דערגאַנגען מיט דער וויסענ־שאַפט, אַז אַלץ קומט פון באַקטעריע.

מילקע: פון וואַנען? עס מוז זיין ערגעץ ווייט אין דער ליטאָ.

פרומע: בן־ציון, ווייסט, וואָס איך בין געקומען? אפשר וואָלסטו, מיין קינד, געגאַנגען זעהן דעם טאַטען?

בן־ציון: איך האָב דעם טאַטען ניט ליעב. נאָך וואָס זאָל איך געהן זיין אַ ליגנער?

מילקע: בן־ציון, זינט איהר זייט אוועק, האָט דער אַלטער ניט מיט

ווענען מלחמה צו האַלטען. ער וואַרפט זיך מאַנכעס מאָל אויף מיר, זאָג איך איהם : ני טוט טעבע, ר' אליקום !...

פרומע : יאַ, און וואָס טהוסטו, בן־ציון, אויב טאָמער... חלילה, זאָל גאָט היטען...

בן־ציון : מיר וועט זעהר וועה טהאָן דאָס האַרץ און פערדריסען... אָבער איך מיין, דו שרעקסט זיך אומזיסט... ער איז אַ געזונדער מענש און איז נאָך ניט אַלט.

ראָזענבערג : ווי איך רעכען, האָט ער פערקיהלט דאָס בלוט, דערפון נעהמט זיך נעווראַלגיאַ.

חוה : בן־ציון, צוליעב אַ קראַנקען טאַטען לוינט זיך שוין אַמאָל פער־בויגען דעם יושר.

פרומע : איהר זייט אויך פיינע מענשען ! איך האָב איין ברודער אויף דער וועלט... אַ שוועגערין !

ישראל יעקב : מיר האָבען זיך געקליבען געהן צו אייך. בן־ציון, פאָלג מיך, קום, מיר ווע‍לען זיך דורכגעהן. זיי אַמאָל אַ פשוט'ער בשר־ודם...

בן־ציון : מאַמע, זאָג דעם אמת, דער טאַטע האָט דיר געזאָגט, ער וויל מיך זעהן ?

פרומע : ניין ! איך וויל דיך ניט נאַרען. ער דערמאָהנט ניט דיין נאָמען. אָבער איך וויים, אז דו וועסט קומען און וועסט איהם בעטען...

בן־ציון : איך זאָל איהם בעטען !... פאַר וואָס זאָל איך איהם בעטען ?

פרומע : ער איז דאָך אַ טאַטע.

בן־ציון : ער זאָל מיר זיין אַ טאַטע, וואָלט איך איהם געוועזען אַ קינד.

פרומע : וואָס־זשע ? ער וועט, חלילה, שטאַרבען און איהר וועט ניט מאַכען קיין שלום ?

בן־ציון : מאַמע, שלום האָט אַ ווערט ביים לעבען, ביים שטאַרבען איז שלום אַ קאָמעדיע.

מילקע : זייער גאַנצע משפחה איז אַן איינגעשפּאַרטע. חצקאל אויך אַזוי, אז ער שפּאַרט זיך אַמאָל איין... איהר נאַרישע מענשען, וואָס וועט ביי אייך ארויספאַלען, אז איהר וועט קומען און איהר וועט זאָגען : גוט מאָרגען, גוט יאָהר, וואָס מאַכסטו, טאַטע ? זיי געזונד, פאָהר געזונדערהייד...

ראָזענבערג : אייער מאַמע איז ניט קיין געבילדעטע דאַמע, אָבער דאָך אַ מאַמע איז זי... איין קאַטעגאָריע.

פרומע : וואָס אַרט איהם ? ווען די מאַמע זאָל שטאַרבען אפילו...

בן־ציון : דו, מאַמע, ביסט אַן אמת'ע מאַמע... און... איך זאָל דיך פערלירען, חלילה. אַי, וואָס רעדסטו דאָס ? (גלעט זי איבער'ן קאָפּ גע־

ריהרט) אמת, איך האָב אָפּט צו דיר טענות. נאָך וואָס האָסטו מיר גע־בּאָרעז, ערצויגען, נעכט ניט געשלאָפען און אָבגעהיט מיין לעבען? נאָך וואָס דאַרף לעבען אַזאַ אומגליקליכער!.. נאָר וואָס ביסטו שולדיג?

פרומע (דריקט איהם צו זיך): זוהן מיינער, מיין אונגליקליכעס קינד, האָסט נעבעך קיין גליק ניט... (וויינט). האָסט ניט קיין מזל, אָבער איך בין ניט שולדיג, איך בין ניט שולדיג.

חוה: זעהסט? איך וויל דיר שווערען, די מאַמע איז ביי איהם אַלץ און די אַנדערע זיינען גאָרנישט. (געריהרט). פרעמדעס איז דאָך ניט אייגענעס...

בן־ציון: מומע חוה, דיך פּערדיסט? נאַרעלע! אַ מאַמע איז אַ מאַמע, און דו ביסט אַ גוטער ברודער, אַ ליעבער פריינד, אַ טייערער חבר.

מילקע: דער סוף וועט זיין, אז מיר וועט אויך אָנהויבען פערדריסען.

פרומע: בן־ציון, די שנור האָט אויך געזאָגט, דו מוזט איצט קומען, ניט נאָר צוליעב איהם, טאַקע צוליעב זיך אויך, וואָרום טאָמער, חלילה, ניט איצט, בלייבסטו אָהן ירושה. ביסט זיין זוהן, ווי אַן אַנדערער.

בן־ציון: דערפון געגוג צו רעדען. איך וועל ניט געהן! צוליעב ירושה געהן איז אַ געמיינהייט. געהן און זאָגען, עס איז צוליעב מיטלייד, איז אַ ליגען... איך וועל ניט געהן! (זעצט זיך ארבייטען). וואָס'ער ירושה? וואָס דאַרף איך ירושה?

ישראל יעקב: אַן עבירה דיין טרחה, פרומע, ער וועט שוין ניט געהן. מיר וועלען באַלד קומען, וואָרום אונז וועט ער ניט חושד זיין, אַז מיר מיינען עפּעס דערביי. איהם אָבער וועט ער ניט גלויבען. נאָך וואָס זאָל ער זיך טאַקע ערנידעריגען?

פרומע: קום, מילקע. אָי, אין ווען האָט ער זיך איינגעגעבען... גאָר ניט, ווי אַנדערע מענשען. איך מוז געהן. ליזא האָט געזאָגט, אויב איך וועל ניט פּועל'ן ביי איהם, וועט זי געהן. אַ גוטע נאַכט.

מילקע: מיט וואָס מיר זיינען געקומען, מיט דעם געהען מיר אַוועק. אַ גוטע נאַכט. (ביידע אָב).

ראָזענבערג: דאָס זיינען די היינטיגע קינדער... דאָ האָט איהר די בעסטע אַטעסטאַציע... וואָס מיינט איהר, מיין אינזשענער טעכנאָלאָג איז בעסער? פרעגט מיך, וואָס איז מיר אַרויס פון דער גאַנצע קאָנסאָלידאַציע, פון דעם גרויסען סטראַטעגישען פּלאַן? איך האָב געקריגען עטליכע רובעל, און מיין זוהן איז אַ דירעקטאָר ביי זיי אין געשעפט! מיין טאָכטער ביי זיי, מיין גאָרבאָרניע ביי זיי, אַלעס ביי זיי. און איך אַליין בין אין־דרויסען. ער

האָט פערקויפט דעם טאַטען און פערקויפט זיך פאַר געלד. (מישאַ שטעקט אריין דעם קאָפּ אין טהיר).

מישאַ: איז מיין פּאַפּאַ דאָ? (אריין). גוטען אבענד.

ראָזענבערג: זוכסט מיך, מישאַ? ביסט טאַקע אַ וואוילער יונג... איהר זעהט אַ בחור, אַ גוואַרדיאַן, האַ? דאָס איז מיין אינזשענער-טעכנאָלאָג. הלואי פערמאָגט איהר דאָס, וואָס ער האָט מיך געקאָסט.

בן-ציון: איהר האָט דאָך ערשט געזאָגט, דער אינזשענער-טעכנאָלאָג האָט פערקויפט דעם טאַטען און האָט זיך פערקויפט פאַר געלד.

ראָזענבערג: ווער, איך? אַזאַ געמיינהייט...

מישאַ: פּאַפּאַ, קום, איך דאַרף דיך... זעהסט, איך האָב אבער דיך געפונען, האַ? נו, הערר פילאָזאָף, ווי געהט עס? יאַ, וואָס האָב איך געהערט? מען זאָגט, איהר האָט געמאַכט אַ גרויסע ערפינדונג... איהר, קאָלומבוס פון סאַראָקע, וואָס פאַר אַ נייע אַמעריקא האָט איהר ענטדעקט? אינטערעסאַנט צו וויסען. (בן-ציון שווייגט). איך פרעג, אויב מען קען זעהן אייער ערפינדונג... איהר ווייסט דאָך, איך בין אַ ספּעציאַליסט.

ישראל יעקב: ווייז איהם נאָר, זאָל ער זעהן... עס איז אַ מאַשין, וואָס וועט אייביג געהן... עס וועט זיך קיינמאָל ניט אָבשטעלען... נאָך מיין שכל, איז עס וויכטיגער פון עלעקטריע. עס איז אייביגע בעוועגונג.

חוה: וויפיעל מאָנאַטען, נעבעך, האָט ער זיך געמוטשעט, וויפיעל נעכט ניט געשלאָפען.

מישאַ: וואָס? אייביג געהן? נו, דאַרף איך דאָס שוין ניט זעהן. ער איז דאָ! כאַ-כאַ-כאַ! איך האָב געמיינט, פיליכט ווירקליך וואָס, און ער האָט געפונען די „פּערפּעטואום מאָבילע“! ווען איהר וואָלט געקריגען אַ סיטעמאַטישע בילדונג, וואָלט איהר דאָך געוואוסט, וואָס איז אייביגע בעוועגונג. טויזענדער אַזעלכע ניט-דערבאַקענע ערפינדער, ווי איהר, זיינען פון זינען אַראָב און האָבען מיט זייער אייביגע בעוועגונג געענדיגט אין דולהויז.

ראָזענבערג: אַזוי? דאָס איז „פּערפּעטואום לאָבילע“? הייסט עס, איז דאָך טאַקע ביי איהם דער אַפּאַראַטוס ניט אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ. סיסטעמאַטישע אַקאַדעמישע בילדונג, ברודער, איז אַ גרויסע זאַך, עס קאָסט אַ סך געלד. מישאַ, דו דאַרפסט מיך?

מישאַ: יאַ, פּאַפּאַ, קום. מיר וועלען געהן צום מחותן... (שטיל) איך האָב אַ וויכטיגען פּלאַן. (לויט) דאָס איז ביי אייך „פּערפּעטעאום מאָבילע“... איהר פערשטעהט? פאַר וואָס זאָגט איהר מיר גאָרניט?

בן-ציון: איך האָב אייך ניט ליעב... און איך וויל ניט רעדען מיט

א מענשען, וואָס געפעהלט מיר ניט. איך האָב פיינט צו זיין פערשטעלט.

ראָזענבערג: קום... מיט וועמען וועסטו זיך דאָ שטעלען האָבען דיספּוטאַציעס? דער אַלטער איז קראַנק, האַ? אַ גוטע נאַכט.

ישראל יעקב: מיר געהען אויך... מיר קענען געהן צוזאַמען...

מישאַ: צוזאַמען? ניין! מיר דאַרפען נאָך אַריינגעהן אין אַן אַנדער פּלאַץ...

בן־ציון: פּעטער, האָסט ניט פערשטאַנען, אַז איהם וועט ניט אָנשטעהן געהן מיט אייך צוזאַמען?

מישאַ (בעטראַכט איהם איראָניש): אַלזאָ, פּערפּעטואום מאָבילע, האַ? כע! כע! אַדיע, הערר פילאָזאָף! (ביידע אָב).

ישראל יעקב: בן־ציון, דו הער איהם אין דער פּיאַטע. ער האָט טאַקע אַ סיסטעמאַטישע, אַקאַדעמישע בילדונג, אָבער מען דאַרף דאָך האָבען שכל אויך דערצו, און מען דאַרף זיין אַ מענש אויך. דאָס קריגען זיי דאָרט ניט, אין דער אַקאַדעמיע. קום, חוה.

חוה: דו פאָלג מיך, בן־ציון, און לעג זיך בעסער פאַר פריה שלאָפען. רוצח, דו שלאָפסט ווינציג, דערפאַר קען זיך דיין קאָפּ ניט אויסרוהען. (אַפּאַרט) די מוחות וועלען זיך, חלילה, ביי איהם טאַקע ווען־עס־איז צומישען. אַ גוטע נאַכט. (ביידע אָב).

בן־ציון (וועלכער האָט זיך געמאַכט רוהיג, איז זעהר אויפגערעגט): ווי האָט ער דאָס אָנגערופען? פּערפּעטואום מאָבילע... „מאָבילע“, ווייס איך, הייסט בעוועגונג. פּערפּעטואום? וואו איז מיין לאַטיינישער ווערטערבוך? (כאַפּט אַ בוך און זוכט, מישט ראש די בלעטער). פּערפּעטואום... פּערפּע־טואום... דאָס איז דאָס: אונאויפהערליך, שטענדיג... פּערפּעטואום מאָבילע הייסט אונאויפהערליכע שטענדיגע בעוועגונג, וואָס־זשע האָט ער געלאַכט? איך האָב אין דער ערפינדונג אַריינגעלעגט מיין גאַנצעס לעבען, מיינע אַלע געדאַנקען, דעם גאַנצען מאַרך פון מיין קאָפּ, אַלע מיינע האָפנונגען, און דאָס זאָל זיין ניט מעהר, ווי אַ טעות, אַן איינגערעדטע זאַך, אַ חלום, אַ פאַנטאַזיע? (ישראל יעקב געהט צו צום פענסטער און קלאַפּט. בן־ציון עפענט דאָס פענסטער).

ישראל יעקב: איך האָב געזעהן פון דערווייטען ירוחם זלמן'ען, דעם אָבער־מלמד פון תלמוד תורה מיט נאָך אימיצען... פערשפּאַר בעסער די טהיר...

בן־ציון: ווייס איך! ירוחם זלמן דער מלמד ליעגט מיר שטאַרק אין זין...

ישראל יעקב: אָבער דו ליעגסט איהם שטארק אין זין... געה פער־שפאר די טהיר. (אב).

בן־ציון (בלייבט זיצען ביים אָפענעם פענסטער. עס קוקט ארויס. ווייט הערט זיך געזאַנג פון אַ שעהנעם מאַלאָראָסישען כאָר. ער הערט זיך צו): פון יענער זייט טייך, אין דאָרף, זינגט מען נאָך אַמאָל, און אין שטאָדט הערט מען נאָר געוויין און פלוך. (הערט זיך צו). אַ שעהנע ליכטיגע נאַכט... גרויסע וואונדערבאַרע וועלטען שיינען אין די בלויע הימלען און דערצעהלען אונז וואונדערבאַרע סודות... ווער האָט זיי בעשאַפען? נאָך וואָס האָט מען זיי בעשאַפען? דאָס ווייסען מיר ניט... אָבער ווי אַזוי דאָס אַלעס איז בעשאַפען געוואָרען, דאָס דאַרפען מיר געפינען. עס איז די סודות הבריאה, מעשה המרכבה, און דער מענש, זאָגען זיי, טאָר ניט טראַכטען דערפון. הם, נאַרען! וועלכער גאָט קען אָבשטעלען דעם געדאַנק פון אַ מענשען? וועלכע קראַפט קען דעם מענשענ׳ס געדאַנק פערהאַלטען? דאָרט אין די הימלען איז אייביגע בעוועגונג, אייביגע בעוועגונג דאַרף זיין אויך דאָ. (ציינט אויף זיין מאַשין). די אַלע מאַשינען, וועלכע דער מענש האָט געשאַפען ביז איצט, זיינען דערווייל נאָר אַ נאָכאַהמונג פון דעם מענשענ׳ס גליעדער פון ארבייט, דעם מענשענ׳ס העבלען פון קראַפט און בעוועגונג. מען דאַרף געהן ווייטער, מען דאַרף נאָכמאַכען די מעכאַניק פון דער גאַנצער וועלט־סיסטעם. אייביגע בעוועגונג דאָרט, אייביגע בעוועגונג דאָ! (זעצט זיך צו דער מאַשין. מיט ליעבע) אַלע רעדער אַליין געמאַכט, די גאַנצע מאָדעל אויסגעשניצט אַליין מיט מיינע אייגענע פינגער. יעדעס פּיצעלע טויזענד מאָל בעטראַכט און אויסגערעכענט. אַלץ אַזוי איינפאַך, קלאָר און דייטליך. וואָס קען זיין ניט ריכטיג? (מען קלאַפּט אין טהיר) קומט אריין! (פער־טיעפט) געוויס, איך וועל דאַרפען פיעלע זאַכען פערבעסערען. (מען קלאַפּט). געהט אַריין, נו, די טהיר איז ניט פערשפּאַרט. (פערטיעפט). ווען איך זאָל האָבען איצט דעם קוועקזילבער. שלעכטע מענשען! (מען קלאַפּט. בייז, געהט צו דער טהיר). געהט אריין! ווער איז דאָרט פאַר אַ שוואַרץ יאָהר? (די טהיר עפענט זיך, ליזאַ קומט, נאָך איהר מילקע. בן־ציון בלייבט ערשטוינט).

מילקע: אַ שעהנעם ברוך הבא האָט איהר אונז אָבגעגעבען... איאָ, איהר האָט זיך אויף מיר ניט געריכט נאָך אַ מאָל? זעהט איהר דאָך, אַז עס איז שוין בעשערט... (פויזע).

ליזאַ: עס איז שוין העכער צוויי יאָהר, ווען איך האָב מיט אייך גערעדט, אָבער געזעהן האָב איך אייך עטליכע מאָל פון דער ווייטען. (קוקט זיך אום). דאָ איז דאָס? ווי שטיל און רוהיג דאָ איז. דאָ זיצט איהר

און אַרבייט. פילאָזאָפירט מיט'ן אָנקעל, די קלוגע טאַנטע זאָגט וויצען. (זיפצט). איך וואָלט דאָ אויך געוואָלט זיצען... מאַנכעס מאָל.

בן־ציון: וואו אַ מענש וויל זיצען, דאָרט זיצט ער.

מילקע: דערוויילע האָט איהר אונז נאָך ניט געבעטען זיצען. אָט אַזוי נעהמט מען דאָס אויף געסט, און נאָך וואָס'ערע געסט ?!

ליזאַ: איהר זייט אַליין, וואו זיינען אַייערע ?

מילקע: איך וועל שווערען, דאָס זיינען זיי געשטאַנען נעבען משה בלינטשיק'ס קלייטעל און האָבען עפּעס גע'טענה'ט מיט ירוחם זלמן דעם מלמד און מיט אידען.

ליזאַ: די לעצטע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פון אייך, זיינען געוועזען, אַז איך, אַז מיר אַלע געפעהלען אייך ניט... און דאָך בין איך געקומען צו אייך.

בן־ציון: איך האָב קיין מאָל ניט געזאָגט אַ זאַך, וואָס איך האָב ניט געפיהלט.

מילקע: איהר זאָגט ניט קיין קדושה און איהר דוכענט ניט, איהר מעגט זיצען. (גיט ליזא'ן אַ ביינקעל. זי זעצט זיך, טהוט אויס איהר מאַנטעל).

בן־ציון: אָבער אַ געפיהל איז אַזאַ זאַך, וואָס קען איבערגעהן און פערענדערען זיך.

ליזאַ: אַייער מוטער האָט יסורים דערפון, וואָס איהר האָט אייך ענטזאגט קומען זעהן אַייער קראַנקען פאָטער. איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אויב איך וועל אייך בעטען, וועט איהר קומען. איך בין געקומען צוליעב דער מאַמען... הע! איך ווייס, איהר האָט פיינט ליגען, און איך וועל אַייך זאָגען די וואַרהייט, איך בין געקומען צוליעב זיך אויך... איך האָב אַזוי געוואָלט אַייך זעהן און מיט אַייך רעדען... און מיך האָט געפרעהט די געלעגענהייט אויסצונוצען.

מילקע (שטיל): איך מיין, איך בין דאָ איצט אַ געלעגענהייט. (לויט). מאַדאַם, צוויי הייזער פון דאַנען וואוינט די צעלניקערין, הינדע די קורנאָסע. איך דאַרף העקלעך.

ליזאַ (שטעהט אויף): ניין! מיר געהען באַלד אַהיים.

מילקע: אויף איין ווײַלע. אַ שפּרונג — בין איך דאָרטען, אַ שפּרונג — בין איך דאָ. (ראַש אָב. פּויזע. בלייבען ביידע שטיל. עס הערט זיך ווידער דער כאָר).

ליזאַ (קוקט זיך צו): און דאָס איז אַייער ביבליאָטהעק ?

בן־ציון: יאָ, איך האָב דאָ עטליכע דייטשע, עטליכע פראַנצויזישע

און פיעלע רוסישע ביכער... אלגעברא, גראמאטיקעס. איך האב פינף רוסישע גראמאטיקעס אויסגעלערענט אויסוועניג און שרייב איצט אזוי רוסיש, אז מען דרוקט ווארט אין ווארט, ווי איך שרייב. איך האב אין דייטש איין טהייל פון היינע'ס „רייזע־בילדער". האב איך דאס אפשר דרייסיג מאל איבערגעלעזען... ליידער, די לעצטע עטליכע בלעטלעך אויסגעריסען. אנדערע האבען ביכער און לייענען ניט, איך וואלט געלייענט, איז ניטא וואס. נו, זאל זיך דעם קבצן ניט געלוסטען. הערט, אז איהר זיינט שוין דא, וועל איך אייך עפּעס ווייזען... איך האב ערפונדען א מאשין... איהר זעהט? (רופט זי צו צום טישעל).

ליזא: וואס איז דאס פאר א מאשין?

בן־ציון: עס זאל זיין אייביגע בעוועגונג. אייער ברודער לאכט דערפון. ער זאגט, ווי באלד עס איז פערפּעטואום מאבילע, איז דאס שוין בלא ראיה א משוגעת. אייער ברודער פיהלט ניט, ווי אן אנדערען טהוט וועה...

ליזא: פערפּעטואום מאבילע? איך פערשטעה, וויפיעל צייט, ארבייט און ענערגיע איהר האט פערלארען. אבער... איך האב מורא... אויף וויפיעל איך וויים, אייביגע בעוועגונג איז איבער דעם מענשען'ס קראפט.

בן־ציון: יא, אזוי מיינט מען איצט! האט מען ניט געזאגט דאס־זעלבע וועגען א סך זאכען, וועלכע ווייזען יעצט אוים גאנץ איינפאך און קלאר? (טרויעריג). איך האב מיין הארץ, מיין נשמה אריינגעלעגט אין דער ערפינדונג... זי איז מיין איינציגע פערטרויטע, מיין איינציגע פרייד אויף דיזער קאלטער, פינסטערער וועלט... עס איז שוין העכער צוויי יאהר, אז איך האב ניט קיין אנדער גליק, קיין אנדער פרייד, קיין אנדער האפנונג, קיין אנדער געדאנק..

ליזא: איך וויים זעהר ווייניג פיזיקע און מעכאניקע, און איך האב קיין רעכט ניט צוצונעהמען איצט ביי אייך אייער לעצטע פרייד אינ'ם לעבען... איהר ווייסט ניט, ווי גליקליך איך בין, וואס איך האב אייך געזעהן. און איצט... איך מוז געהן. (טהוט אן איהר מאנטעל). בן־ציון, זאגט איהר מיר צו, אז איהר וועט קומען זעהן אייער פאטער?

בן־ציון: יא, איך זאג צו... (פּויזע). איך וויים ניט, אויב דאס איז עהרליך, נאר מיט ווילט זיך אייך פרעגען: זייט איהר גליקליך, ליזא?

ליזא: גליקליך זיין הייסט: ניט וויסען, אז מען איז ניט גליקליך... ליידער איך בין נאך ביז אזא אונוויסענהייט ניט געקומען. אבער איך האף, איך וועל גיך ווערען אזוי פערדולט, אזוי אינדיפערענט, אזוי גלייכגילטיג צו אלעמען, אז איך וועל זיין צופריעדען, ווי אלע ווייבער.

בן־ציון: הם! איך געדענק, איהר האָט אמאָל געזאָגט, איך בין א אידישער קליינינקער האמלעט... איך האָב אייך דאמאלס פערגעסען צו זאָגען, אז איהר זייט א אידישע אָפעליע. אָבער וואָס פאר אן אונטערשיעד! די גוי'שע אָפעליע ווארפט זיך אריין אין טייך און דערטרינקט זיך, די אידישע האָט בעסער חתונה פאר חצקאל'ן.

ליזאַ: יענע אָפעליע איז געוועזן קליגער. דערטרונקען זיך מיט איין מאָל און א סוף... און דערטרונקען זיך אין א ריינעם קלאָרען וואסער... אז מען דארף זיך אָבער יעדען טאָג, יעדען אויגענבליק טרינקען אין א שמוציגען זומפּ, אין א בלאָטע, אין א גייסטיגער און פיזישער קלאָאקע... און... און... (קען ניט רעדען). וואו איז מילקע? איך דארף געהן... זאָגט איהר מיר צו צו קומען... בן־ציון?

בן־ציון: יא, איך זאָג צו. איך וועל קומען.

ליזאַ: דאנקע. (נעהמט זיין האנד און לאָזט ניט אָב). מיט א קורצע צייט צוריק, שטעהענדיג אויף א פּראקטישען באָדען, האָב איך מיט מיין שכל געמאכט „גרויסע“ רעכנונגגען, און איך האָב אויף אייך געקוקט פון אויבען אראָב... איצט שטעה איך פאר אייך אזא ניעדריגע, אזא קליינינקע, און איהר זייט אזוי גרויס, אזוי הויך מיט אייערע ריינע, עהרליכע אידעען. איהר זייט גליקליכער פון מיר.

בן־ציון: איהר האָט א טעות: מען קען ניט זיין הויך, ווען אלץ מאכט דיך נידעריג; מען קען ניט זיין עהרליך, ווען אלץ איז פערדאָרבען; מען קען ניט זיין ריין, ווען דאָס לעבען איז אזוי שמוציג. ווי אזוי קען מען זיין גליקליך, אז מען האָט ניט קיין פרייד אין לעבען?

ליזאַ: בן־ציון, וואָס איך לייד, ארט מיך ניט... איך בעקום דאָס, וואָס איך האָב פערדיענט. אָבער ווען איך דערמאָן זיך, וואָס'ער גוט, איידעל הארץ איך האָב פערוואונדעט... בן־ציון, עס קען זיין, עס איז די גרעסטע זינד, דאָס גרעסטע פערברעכען, אָבער איך האָב די גאנצע צייט געטרוימט נור פון איין זאך — זאָגען אייך די ווארהייט... איין מאָל נור דערצעהלען אייך די ווארהייט, און פאר אייביג ווידער בלייבען פרעמד און שטום. איין מאָל נור זאָגען אייך: איך בין בעשטראָפט... איין מינוט איז ניט אוועק, איך זאָל ניט פיהלען קיין חרטה. אָבער איך האָב אייך דאמאלס אויך ליעב געהאט... איך האָב אייך נאָך שטארקער ליעב געקראָגען, ווען איך האָב אייך פערלאָרען... איך ליעב אייך איצט... בן־ציון, און איך וועל דיך ליעבען ביז מיין טויט. (בייגט זיך צו צו זיין האנד און קושט לאנג).

בן־ציון (פאלט צו צו איהר מיט זיין קאָפּ און צוואויינט זיך היסטעריש).

ירוחם זלמן (ערשיינט ביים פענסטער מיט נאָך איינינע אידען און

כאַפּט אַרויס בן־ציון׳ס מאָדעלען): ווי איהר זעהט מיך, ירוחם זלמן, אַזוי איז הייליג, אַז די מאַשין זיינע איז געמאַכט מיט רוח הטומאה... צוברעכען דאָס איז אַ גרויסע מצוה. (קיינער בעמערקט איהם ניט. פויזע. מילקע לויפט אַריין און בלייבט שטעהן ביי דער טהיר מיט אַ ביטרער מינע).

בן־ציון (כאַפּט זיך ביים קאָפּ טרויעריג און שטיל): אָי, ליזא, איך האָב מורא, איך וועל משוגע ווערען... וועה איז מיר, ביי וועמען זאָל איך איצט פרעגען, ביי גאָט דאָרטען? ביי די הימלען? ביים שיקזאַל? ביי דער גערעכטיגקייט? ביי וועמען זאָל איך פרעגען: וואַרום אַזוי שפּעט? וואַרום קומט דאָס גליק, ווען מען קען ניט מעהר גליקליך זיין? צו וואָס איז די פרייד, ווען מען קען זיך מיט איהר ניט פרעהען? (פּלוצלונג ווי פער־ווירט). איך פרעג דיך, וואַרום? וואַרום ביסטו ניט געגאַנגען, ווען דו האָסט געמעגט געהן, און וואַרום ביסטו געקומען, ווען דו האָסט ניט געטאָרט קומען? איך פרעג דיך, וואַרום? ווילסטו איצט מיך פערגיפטען מיט זינדיגע געדאַנקען, אָדער דו ווילסט מיך משוגע מאַכען?! (ער וואַרפט זי אום).

ליזע (דערשראָקען): בן־ציון! בן־ציון! בערוהיגט אייך...

בן־ציון (רייסט אויף איהר די מאַנטילקע): אונגליקליכע, איך פרעג דיך, וואַרום אַזוי שפּעט?! וואַרום איצט, ווען מען טאָר ניט? וואַרום איצט, ווען מען דאַרף ניט? וואַרום אַזוי שפּעט? וואַרום אַזוי שפּעט? (פאַלט צו צום טיש און וויינט פערצווייפעלט). צו שפּעט! צו שפּעט!... (מען הערט ווי ירוחם זלמן ברעכט אויף שטיקלעך פון זיין מאַשין ביים פענסטער אין דרויסען).

(פאָרהאַנג.)

## פיערטער אַקט.

(דאָס זעלבע צימער, ווי אין ערשטען אַקט ביי מלכיאל'ן אין הויז, נאָר אַנדערע מעבעל. אַ פּיאַנאָ, אַ סאָפע, בלומען. ליזא זיצט ביי דער פּיאַנאָ און שפּיעלט שטיל די מאנדשיין־סאנאטא. חצקאל זיצט ביי אַ טישעל און צעהלט פּעקלעך מיט געלד. לאָמפּען ברענען).

**חצקאל** (צעהלט): 810, 815, 820... עי, דו! אפשר וואָלסטו אויפגעהערט ברינקען דאָרטען!.. פערבאַראַבאַנעוועט מיר דעם קאָפּ און איך קען נאָך אַ טעות האָבען... אַ טעות קאָסט געלד. 825, 830... (ווישט דעם שוויים פון געזיכט).

**ליזאַ** (מאַכט צו די פּיאַנאָ און וויינט שטיל).

**חצקאל**: דו וויינסט? וואָס איז, האָסט ווידער ציין־וועהטאָג?

**ליזאַ**: יא, אַזאַ ציין־וועהטאָג, וואָס צורייסט די זעלע און ברעכט דאָס האַרץ.

**חצקאל**: האַרץ, שמאַרץ! די ווייבער זיינען איידעל געפּאַטשקעטע... פאר וואָס טהוען מיר די ציין ניט וועה? ווארום בין איך אַ מענש... 835, 840, 845, 850...

**ליזאַ**: יא, ביסט אַ מענש — 835... (נעהמט אַ צייטונג און לעזט).

**חצקאל** (צעהלט שטיל): פוי, עס איז היים... דאָס האָב איך געצעהלט — טויזענד. (לעגט אַ פּעקעל גאָר בעזונדער). אַראָבנעהמען פון זיך דעם כאָמוט. (נעהמט אַראָב פון זיך דעם קאָלנער, טהוט אויס דעם ראָק, דעם זשילעט, די אויבערשטע העמד).

**ליזאַ** (מיט פעראַכטונג): מיינסט, עס איז אַזוי אנגענעהם צו זעהן דיך אָהן קליידער.

**חצקאל**: עס איז ניט אנגענעהם? קוק ניט. (בייז) מילקע, דערלאַנג מיר מיין כאַלאַט! מיר ליעגט זעהר אין זינען, וואָס דיר געפעהלט אָדער געפעהלט ניט. עי, מילקע! (מילקע קומט מיט'ן כאַלאַט).

**מילקע**: וואָס שרייט איהר, ווי אויף אַ טאַטען? נאַט אייך אייער באַלאַכאָן. איהר דאַוועגט מיט'ן אַלטען בעל הבית'ס נוסח? איהר וועט קיין מאָל ניט זיין אַזאַ בעל תפילה, ווי ער.

חצקאל: תפילה־שמילע. (זעצט זיך אויף דער סאָפע). שלעפ מיר אראָב די שטיוועל!

מילקע (ציהט די שטיוועל): איהר האָט געמעגט א ביסעל עפּטער וואשען די פיס און בייטען די שקאַרפּעטקעס. עס וואָלט אייך, חלילה, ניט געמאַכט קלענער דעם יחוס פון אייער משפחה.

חצקאל: איך זאָג דיר, מעהר ליעגט מיר גאָר ניט אין זין. (גיט זי א שטורך מיט'ן פוס). דו, מויד!

מילקע: ר' איד, שטורכעט זיך ניט... איהר זייט ניט קיין בחור מעהר... (בייז אָב).

חצקאל (טהוט אָן טופליעס און זעצט זיך צעהלען. שפּייט אויפ'ן האַנד): 10, 20, 30, 40, 50. וואָס האָסטו זיך היינט אזוי אויסגעפּוצט? איך האָב דיך בעסער ליעב, ליזא, ווען דו ביסט אין א בלוזע... כע! כע! ביסט דאַן וועניגער מאַדאַם און מעהר ווייב... 60, 70, 80... ליזא, איך בין א מענש, וואָס איך פערשטעה, און איך זאָג דיר, עס קען זיין, איידער איך וועל קומען צוריק פון יריד, וועט זיך דער אַלטער אָבפּעקלען... האָב איך דיר געוואָלט זאָגען, דו זאָלסט שכל האָבען און... (מילקע קומט מיט א צעטעלע). וואָס איז דאָרט?

מילקע: עס איז ניט אייער באָבע'ס עסק... א בריוועלע צו דער מאַדאַם. (גיט ליזא'ן). עס איז אזוי שעהן, ווען אַ אידענע קריגט בריעף, אקוראט אזוי ווי א מאַנסביל...

חצקאל: וואָס איז דאָרט פאַר געשרייבאַכצען?

ליזאַ: עטליכע אַמאַטאָרען געהען שפּיעלען אַ ספּעקטאַקל... איך האָב דיר דאַכט זיך געזאָגט שוין אַ מאָל.

חצקאל: אַמאַטאָרען? וואָס איז דאָס אזעלכעס? דו מיינסט אקטיאָרען?

ליזאַ: אַמאַטאָרען זיינען מענשען, וועלכע האָבען ליעב שפּיעלען, אָבער וועלכע זיינען ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרען. איך האָב זיי צוגעזאָגט...

חצקאל: וואָס הייסט, דו האָסט צוגעזאָגט? אפשר וויל איך ניט? זי האָט צוגעזאָגט? איך דאַרף פריהער וויסען, וואָס האָסטו זיי צוגעזאָגט?

ליזאַ: איך האָב צוגעזאָגט שפּיעלען.

חצקאל: שפּיעלען? מיט'ן מלאך המות וועלען זיי שפּיעלען.

ליזאַ: פּונקט היינט רופען זיי מיך אויף דער ערשטער רעפּעטיציע.

חצקאל: רעפּעטיציע, שמערטיציע! איך דאַרף עס נויטיג.

מילקע: אָי, מאַדאַם, אז איהר וועט שפּיעלען טריאַטער, וועל איך

געהן זעהן. וויפיעל וועט קאָסטען אַ שטאָדט? איך וויים, אין טריאַטער פערקויפען זיי שטערט, אַקוראַט ווי אין בית־המדרש צו ימים נוראים. (אב).

חצקאל: נו, זאָג אַליין, ביסט משוגע צי חסר דעה? וואָס הייסט, דיר ליעגט טעאַטער אין זינען? וואָס ביסטו אַן ארפיאַנקע אָדער שלעפּערקע?

ליזאַ: איך מיין, טעאַטער מעג אַ רעכטען מענשען אויך ליעגען אין זינען. וואָס קען מען טהאָן, מיר האָבען פערשיעדענע מיינונגען.

חצקאל: נו וועסט שוין אויף דער רעפּעטיציע ניט געהן!... זי וועט געהן! נו, און דער מאַן? וואָס וועל איך טהאָן?

ליזאַ: איך בין היינט זאָ ווי זאָ ניט אויפגעלעגט צו געהן אויף רעפּעטיציעס... הער, וואָס איך וועל דיך בעטען, לאָמיר ערגעץ אַוועקגעהן... איך וויל איצט ניט זיין אין דער היים...

חצקאל: איך זאָג דיר, ווענינ האָב איך זיך היינט אָנגעגאַנגען.

ליזאַ: איך זיץ שטענדיג אין שטוב...

חצקאל: דער טאַטע זאָגט, ווען גאָט האָט בעשאַפען אַ קאַץ און אַ אידענע, האָט ער זיי געזאָגט: זיצט אין שטוב, קעצעלט זיך און קינדעלט, כע, כע, כע! פאַר וואָס קינדעלסטו ניט, בהמה דו? האָסט געהאַט אַ מיידעל און גענוג. נו, און אינגלעך? וויפיעל? 80, 90, 100, 110...

ליזאַ: קום, מיר וועלען זיך אַזוי דורכגעהן אַביסעל...

חצקאל: שפּאַציערען איז נור גוט פאַר ניט־סעריאָזנע מענשען... מיר וועלען בעסער היינט זיך לעגען פאַר פריה שלאָפען, איך דאַרף גאַנץ פריה אַרויספאָהרען.

ליזאַ: איך פיהל זיך שלעכט...

חצקאל: פיהלט זיך שלעכט! וואָס איז, ביסט הונגעריג, צי דיר פעהלט עפּעס? 120, 130, 140... (צעהלט שטיל. פּויזע).

ליזאַ: חצקאל, איך וויל דו זאָלסט האָבען אַ ביסעל געדולד און מיך אויסהערען. עס איז נויטיג, דו זאָלסט וויסען, וואָס איך פיהל, וואָרום מיט יעדען טאָג —

חצקאל (גענעצט לויט): ליזאַ, דו ווייסט, וואָס האָבען מיר היינט אויף וועטשערע? צוריבענע קאַרטאָפּליעס מיט גענזענע שמאַלץ און מיט אַ ציבעלקע, וואָלט איך געגעסען מיט די אויגען.

ליזאַ: חצקאל, איך וויל דו זאָלסט מיך אויסעהערען.

חצקאל: דו הער בעסער, האָב איך היינט אָבגעטהאָן אַ שפּיצעל, ווי אַ חכם עתיק! איינער פון אונזערע בעלי חובות האָט געוואָלט אויסנאַרען נאָך סחורה און באַנקראָטירען. מיך אָבער העצקעט מען ניט. וואו בין איך מיט מיין קאָפּ? איך האָב ביי איהם אויסגענאַרט דעם אַלטען חוב, האָב

איהם כלומרשט געהייסען פּאקען נייע סחורה און האָב איהם געגעבען אַ פייג אונטער'ן נאָז... איך מיט מיין קאָפּ. אַז איך... וואָס איז? וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי זויער?

ליזאַ: אָי, מען זאָגט, מען קען אַ מענשען דערקענען פון דעם, וואָס ער רעדט. איך מיין אָבער, אַז מען קען אַ מענשען דערקענען אויך פון דעם, ווי אַזוי ער הערט, ווען אַן אַנדערער רעדט. די גרעסטע בעווייזע, ווי אונ־געבילדעט, עגאָאיסטיש און ניט קלוג איז אַ מענש, איז דאָס, וואָס אין זיין רעדען הערט מען נאָר: איך, איך און איך! איך בין אַ חכם, איך בין אַ גבור, איך בין אַ בריה — איז עס שוין געננג, מען זאָל וויסען, אַז ער איז אַ נאַר, אַ פייגלינג, אַ טויגעניכטס, — נון, אָבער ווען אַן אַנדערער רעדט און ער דאַרף הערען, זעהט מען באַלד, ווי ניט ערצויגען, גראָב און אונ־ערטרעגליך ער איז. ער האָט ניט קיין געדולד, קיין טאַקט, קיין העפליכקייט, קיין פעהיגקייט, קיין אינטערעס צו הערען און פערשטעהן, וואָס דער אַנדערער זאָגט.

חצקאל: איך פערשטעה ניט, וואָס האָסטו געוואָלט מיט דיין לאַנגען פּזמון? האָסט אפשר מיך געוואָלט לערנען הלכות דרך ארץ? קענסט טאַקע צימבלען אויפ'ן פּאָרטעפּיאַן און שפּריכאַען פּאַ רוסקי, אָבער האָסט קיין שכל ניט, און קענסט ניט שעצען, וויפיעל שכל און חכמה און אַרבייט מיר לעגען אַריין אין קאָמערציע. מיין מאַמע איז אַ פּראָסטע אירענע און דאָך פער־שטעהט זי און שעצט דעם טאַטען און מיך אַ סך בעסער, וואָרום זי איז ניט קיין נאַר.

ליזאַ: יאַ! ווען איך־זאָל פערשטעהן, ווי די מאַמע, וואָלט איך געוועזען גליקליך, ווי זי. ווען זי אָבער וואָלט פערשטעהן ווי איך, האָב איך מורא, וואָלט זי געוועזען אונגליקליכער פון מיר, דען זי וואָלט פערשטאַנען ניט נאָר ווערעם פרוי זי איז, נאָר אויך ווערעם מוטער זי איז...

חצקאל: אָה! צום שוואַרצען יאָהר! פאַר דעם נדן, וואָס דו האָסט מיר געגעבען, איז דיר ווייניג אַזאַ מאַן ווי איך? וואָס דען האָסטו געוואָלט? 640, 650, 660... (צעהלט בייז. מילקע קומט). וואָס דרעהסטו זיך אום יעדע מינוט אַהין און אַהער?

מילקע: פאַר וואָס דען קריג איך 42 רובעל אַ יאָהר? מאַדאַם, בן־ציון געהט.

חצקאל: בן־ציון? האָט ער זיך מישב געוועזען און געהט ענדיגען מיט מיר? אָדער מען האָט איהם אָנגעלערענט, ער זאָל געהן בעטען מחילה ביים טאַטען? (לויט) בן־ציון געהט אַהער, מערקווירדיג!

ליזאַ: וואָס איז דאָ אַזוי מערקווירדיג? ער געהט זעהן דעם קראַנקען טאַטען.

חצקאל: דעם טאַטען? פון וואַנען ווייסטו, אפשר מיך?

מילקע: פון וואַנען ווייסען מיר? אַ שעהנע קלאָץ־קשיא. כע! כע! אָי, מאַדאַם, האָט ער מיך דערשראָקען, איך האָב געמיינט, ער איז שוין אין גאַנצען אַ פאַרטיגער... וואָס האָט ער געוואָלט פון אייך?

ליזאַ: די מאַמע האָט איהם גערופען, האָט ער ניט געוואָלט קומען. זיינען מיר איהם געגאַנגען בעטען.

חצקאל: דו? גו! ווען דו זאָלסט אָבער מיט דיין בהמה'שען קאָפּ קענען פערשטעהן, צוליעב וואָס די מאַמע רופט איהם, וואָלט דאָך דיך דער שווארצער יאָהר אהין ניט געטראָגען.

ליזאַ: געוויס, פערשטעה איך, און דער שווארצער יאָהר האָט מיך דאָך געטראָגען... ביי דער גאַנצער וועלט, ביי מיר אפשר זייט איהר ניט גליידך, דער מוטער אָבער זייט איהר ביידע גלייכע קינדער...

חצקאל: הייסט עס, מיין אייגענע ווייב איז געגאַנגען העלפען מיך בערויבען און בע'גזל'ענען...

ליזאַ: דיין אייגענע ווייב איז ניט געגאַנגען דיך בערויבען. עס האַנדעלט זיך ניט וועגען דיין טייל.

חצקאל: טייל, מייל! וואָס פאַר אַ טייל האָט ער? ווער האָט געאַרבייט, געהאָרעוועט ווי אַן אייזעל, געדרעהט מיט'ן קאָפּ? פאַר וואָס קומט איהם און וואָס פאַר אַ תכלית קען דער מטורף מאַכען פונ'ם געלד? ער פערשטעהט עפּעס אַ קאָמערציע? ליזא, דו קענסט דאָך איהם ערקלערען. איך ווייס, ער האָט אַמאָל פאַר דיר איינגענומען אַ כפרה. זאָג איהם, נאָך וואָס זאָל ער צונעהמען ביי מיר, אַז ער דאַרף עס ניט? גיב איהם אַ גלעט איבער'ן קאָפּ, אַ שמייכעלע, אַ ווינק... איך וועל אייך אונמיסטען לאָזען אליין.

מילקע (אין טהיר): קומט אַריין, די יונגע בעלי בתים זיינען דאָ. די אייגענע שטוב, וואו איהר פלעגט מיט'ן טאַטען שפּיעלען אין קאַמער־הויז.

חצקאל (צעהלט): וויפיעל? 670, 680, 690. (בן־ציון קומט, זעהר בלאַס, ברענגט עפּעס פערוויקעלט אין אַ פּאַפּיער. זעהט אויס ווי אַ ביסעל „געריהרט"). אַ גאַסט אין שטעדטעל! 700, 710, 720.

בן־ציון: 700, 710, 720! די זעלבע זאַך, ווי אַ מאָל. זיצסט און צעהלסט און צעהלסט... וואָס וועט זיין, אַז דו וועסט שוין איבערצעהלען? (זעצט זיך).

חצקאל: אַז איך וועל איבערצעהלען? (צעהלט שטיל). אַז איך וועל

איבערצעהלען, וועל איך דאָס געלד נעהמען אהער אין גארטעל אריין, אָט אזוי, אָ. (לעגט דאָס געלד אין א גארטעל) נאָכדעם וועל איך נעהמען מיין סאַק־וואַיאַזש און וועל צוגרייטען אלץ, וואָס איך דארף... איז מיין ביקסעל דאָ? (נעהמט פון סאַק א רעוואָלווער). אָנגעלאָדען. (בעהאלט צוריק). נאָכדעם וועל איך עסען וועטשערע, נאָכדעם וועל איך געהן א קוק טהאָן צו די פערד, נאָכדעם וועל איך זיך לעגען שלאָפען מיט מיין אידענע.

בן־ציון: אַי! (ער גיט א ברום און נעהמט זיך נערוועז פערשפּילען אלע קנעפּלעך פון זיין ראָק. ליזא קעהרט זיך אָב).

חצקאל: הא? איך זאָג, נאָכדעם וועל איך זיך לעגען שלאָפען מיט מיין אידענע...

מילקע: ער חזר'ט איין, זאָל, חלילה, ניט פערגעסען.

חצקאל: און גאַנץ פריה, כאור הבוקר, ארויספאָהרען אויפ'ן יריד. איך בין א מענש, וואָס איך ארבייט... מען דארף געהן זעהן דעם טאַטען. (שטיל) ליזא, האָב שכל. (אָב.)

מילקע: ווי צעל־בעלי־חיים'דיג דער זעהט, נעבעך, אויס... מען דארף געהן זאָגען דער בעל־הבית'טע — זי וואָלט דאָך פאר איהם קיין זיעבען זעק באָרשטש ניט געגומען... (אָב.)

ליזאַ: בן־ציון, איהר ווייסט ניט, ווי די מאַמע וועט זיך פרעהען, וואָס ענדליך זייט איהר דאָך געקומען צוריק אַהיים.

בן־ציון (טרויעריג): יא, וויפיעל מען זאָל ניט וואַנדלען, צוריק אַהיים, פון וואַנען מען איז געקומען, מוז מען זיך אומקעהרען. וואָס גיכער מען קעהרט זיך אום, אלץ וועניגער וואַנדעלט מען.

ליזאַ: בן־ציון, איהר זייט נאָך צו יונג אַזוי צו דענקען פונ'ם לעבען.

בן־ציון: וואָס איז דאָס לעבען? ביי איינעם רייסט מען אַרויס דאָס גליק פון האַרצען, דעם אַנדערען וואַרפט מען דאָס אונטער די פיס. די הער־שענדע אונגערעכטיגקייט קרענקט און פּלאָגט איינעם, רויבט ביי איהם די רוה, דער צווייטער מאַכט זיך אַ ווייכע קישען פון פרעמדע צרות און שלאָפט רוהיג... — עס איז א גרויס אונגליק, וואָס די נאַטור האָט ניט קיין געפיהלען פון גערעכטיגקייט, און דער מענש האָט יא אַזאַ געפיהל... דערפון קומט אַרויס דער שרעקליכער צוזאַמענשטויס, דער ווידערשפּרוך אינ'ם געדאַנק פון לעבען, די טראַגעדיע פון דאָס „דאַזיין". דער מענש האָט געדאַרפט זיין בלינד, אינדיפערענט, גלייכגילטיג ווי די פיער יסודות פון דער וועלט; ווי דאָס וואַסער פונ'ם ים, וואָס בלייבט רוהיג און קאַלט, ווען אָרימע עהרליכע פישער טרינקען זיך, יאָמערען און רופען צו הילף; ווי דאָס פייער, וואָס פערצעהרט און פערברענט די וואוינונגען פון אָרימע לייט, ניט אַכטענדיג אויף זייער

קלאָגען און ביטערע טרערען, ווי די ערד, וועלכע שאַפט אונז און נעהמט אונז צוריק אין קבר אָהן זאָרג און אָהן פרייד. (גלעט זיך דעם שטערען.) איך ווייס ניט, וואָס בין איך אהער געקומען?

ליזאַ: בן־ציון, וואַרום זייט איהר אַזוי פערצווייפעלט? דער מענש האָט אַ ווילען, געדאַנקען און געפיהלען אום ער זאָל קענען קעמפפען מיט דער אונגערעכטיגקייט און זאָל קענען בויען זיין גליק. בן־ציון, איך האָב פיעל געטראַכט, זינט איך בין געקומען פון אייך. איך וויל מיך מיט אייך בעראַטען, איידער איך וועל מיך בעשליסען צו קעמפפען פאַר מיין פרייהייט. געוויס, ווען איך זאָל ניט האָבען דאָס קינד, וואָלט געווען לייכטער, אָבער דאָך...

בן־ציון: יא, איהר דאַרפט קעמפפען פאַר אייער פרייהייט, פאַר אייער גליק. איך אָבער... פאַר מיר איז צו שפּעט. איך וואָלט געדאַרפט מיין גליק אָבנעהמען ביי אַן אַנדערען... איך קען ניט בויען מיין גליק אויפ'ן אַנדערענ'ס אונגליק. און איבערהויפּט, איך בין, הפּנים, פון די שלימזל'דיגע מענשען, וואָס קענען גאָר ניט זיין גליקליך... כע! איך בין דאָך פון די, וועלכע מען דאַרף בעדויערען; און איהר האָט אַמאָל זעהר קלוג געזאָגט: וועה איז צו דעם מאַן, וואָס דאַרף פון אַ פרוי בעדויערט ווערען. (פערטראַכט זיך.) זעהט איהר, אייער קינד וואָלט איך יאָ געוואָלט זעהן. איך האָב אויך געהאַט אַ קינד, עס איז טויט יעצט... זיי האָבען עס ערמאָרדעט... איצט אויב איך וועל אַוועק פון דער וועלט, וועט פון מיר ניט בלייבען קיין זכר. (ציינגט די טיילען פון זיין צובראָכענעם מאָדעל.) דאָס, וואָס איז צובראָכען, קען ניעמאַלס גאַנץ ווערען...

ליזאַ (פערברעכט איהרע הענד): זיי האָבען צובראָכען אייערע מאָדעלען? אָי, ווי אונזיניג זייער גרויזאַמקייט איז!

בן־ציון (רוהיג): יעדע גרויזאַמקייט איז אונזיניג און יעדער אונזין איז גרויזאַם.

ליזאַ: אָבער דאָך, דאָס דאַרף אייך ניט טרייבען צו פערצווייפלונג... די ערפינדונג האָט ניט געקענט זיין אַזוי וויכטיג.

בן־ציון: יא וויכטיג, ניט וויכטיג — פאַר מיר איז איצט אַלס איינס. ניט צום ערשטען מאָל זיינען מיינע האָפּענונגען צושמעטערט געוואָרען, ניט צום ערשטען מאָל איז דאָס, וואָס מיר איז הייליג, געטראָטען געוואָרען מיט די פיס. (גלעט זיין שטערען.) וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? (ציינגט אויף דער פּיאַנאָ.) די טענער פון דער פּיאַנאָ פלעגען אַמאָל אַרויסרופען פאַר מיינע אויגען ליכטיגע זילבער־ווייסע לבנה־שטראַהלען זאָגאַר אין פינסטערע נעכט. ביז אַמאָל... אין אַ שעהנע ליכטיגע נאַכט, די טענער האָבען געקלונגען אונטער אייערע הענד ווי אַלע מאָל, די קאַלטע לבנה האָט געשיינט דאָרט

ווי שטענדיג... איך האָב אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער און האָב די שטראַה־לען מעהר ניט געזעהן. פינסטער... דונקעל... די שטראַהלען וועלען מעהר ניט שיינען.

ליזאַ: בן־ציון, אַלץ ווענדעט זיך נאָר אינ'ם מענשענ'ס שטאַרקען װילען.

בן־ציון (הערט ניט): יענע שטראַהלען וועלען ניט מעהר שיינען. (בלייבט זיצען פערטראַכט.)

ליזאַ (וויל וואָס זאָגען, גיט אַ מאַך מיט'ן האַנד, זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ און שפּיעלט די זעלבע סאָנאַטאַ, ביז זי קען ניט שפּיעלען פון געוויין. ער גיט אַ קוק אויף איהר און הויבט אויך אָן וויינען. פרומע קומט.)

פרומע: בן־ציון, וואו ביזטו? זוהן מיינער, ביזט אַזאַ גוטער, וואָס דו ביזט געקומען. אפשר וועט דאָך גאָט העלפען און איהר וועט מאַכען שלום. זעה נאָר, זיי וויינען גאָר! קינדער, גאָט איז מיט אייך, וואָס איז פאַר אַ געוויין?

בן־ציון: מאַמע, איך בעוויין דאָס, וואָס איז געשטאָרבען און וועט קיינמאָל ניט מעהר לעבעדיג ווערען... טויט פאַר אימער און אייביג.

ליזאַ (פערבאָרגט איהרע טרערען): איך וועל אייך ברענגען דאָס קינד. (ראַש אָב.)

פרומע: איך פערשטעה ניט, וואָס דו מיינסט. דער טאַטע, חלילה, האַלט נאָך ניט ביים שטאַרבען. דאָרט זיצען ביי איהם מענשען: דער פעטער מיט דער מומע, דער מחותן מיט מישאַ'ן. הערסט, חצקאל האָט געזאָגט דעם טאַטען אין אַ וויץ, אַז דו ביזט געקומען יאַקאָבי מאָהנען ירושה. שאַ, מיר דאַכט זיך, זיי געהען אַהער. (ישראל יעקב מיט חוה'ן, נאָך זיי ראָזענבערג מיט מישאַ'ן.)

ישראל יעקב: בן־ציון, ביזט אַ גוטער מענש... מיט דיין קומען אַהער האָסטו בעוויזען, אַז דו ביזט אַ מענש. דאָס איז אַ סך! וואָרום דער מענש, וואָס וויל זיין מעהר פון אַ מענש, קען קיין מענש ניט זיין.

חוה: זעה נאָר בעסער, מיר ווייזט זיך אויס פערקעהרט, ער איז גאָר אין גאַנצען אויס מענש געוואָרען. בן־ציון, מיט דיר האָט זיך שוין ווידער וואָס געטראָפען? (בן־ציון פערטראַכט.)

ראָזענבערג (שטיל): יאַ, עס איז אַ גוטער סטראַטעגישער פּלאַן, אָבער ווי אַזוי מאַכט מען, אַז אויב ער וועט מיך ניט וועלען מאַכען פאַר דעם אַפּטרופּוס, זאָל ער כאָטש די צוואה שרייבען אויף ליזאַ'ס נאָמען, האַ? מען דאַרף עס מאַכען קאַטעגאָריטשעסקי! (רעדען שטיל.)

חוה: שלימזל'ניק מיינער, פאַר וואָס זאָגסטו ניט, וואָס האָט דיר געטראָפען?

בן־ציון: זעהר פיעל, אַ סך! מומע, איך האָב מיט איין מאָל בערעכענט אַ גרויסען חשבון. איך האָב בערעכענט ווי גרויס מיין גליק וואָלט געקענט זיין און ווי שרעקליך גרויס איז מיין אונגליק, און דערצו נאָך... פעטער, דו זעהסט, וואָס עס איז געוואָרען פון מיין „גרויסער ערפינדונג“, פון וועלכער מירביידע האָבען אַזוי פיעל געטרוימט? כע! כע! (איראָניש.) עלעקטריע איז גאָר ניט! דאַמפף איז נאַרישקייט! (טרויעריג ציינגט אויף די צובראָכענע מאָדעלען.) דאָס בלייבט פון דעם מענשען'ס גרויסע פלאַמען און זיסע האָפענונגען.

ישראל יעקב: צובראָכען? דאָס איז ירוחם זלמן'ס ארבייט. ער האָט מיר ערשט היינט געזאָגט, אַז אויסער דיין חטא, וואָס דו שרייבסט אין די גאַזעטען, מאַכסטו נאָך אַ מאַשין מיט רוח הטומאה. אקוראט, זאָגט ער, ווי די פליגלען, מיט וועלכע דער תלוי איז געפלויגען. ער מיינט, אַז עס איז אַ גרויסע מצוה אַזאַ זינדיגע זאַך צו צוברעכען... זיי זיינען בלינד, ווי ביינאַכט די הינער...

חוה (וועלכע האָט בעטראַכט די צובראָכענע מאָדעלען): וועה איז מיר! ווערסט ניט קענען צונויפשטעלען ווידער?

בן־ציון: מען דאַרף ניט און מען קען ניט צונויפשטעלען, וואָס עס איז צובראָכען.

חוה: נו, נאַרעלע, וואָס דאַרפסטו זיך אַזוי נעהמען צום האַרצען? צובראָכען, צושטאָכען מלא עולם.

פרומע: אַ שלאַג האָט מיך געטראָפען. וואָס איז דאָס פאַר אַ נייער אומגליק?

מישאַ: אַז מען פערלירט אַן אוצר, וואָס מען זעהט אין חלום, איז אַ גרויסער אומגליק? אַזאַ אומגליק איז דאָס. פערפעטואום מאָבילע...

פרומע: האַ, וואָס איז דאָס, ישראל יעקב?

ישראל יעקב: ווילסט קריגען אַן אַקאַדעמישע בילדונג אומזיסט? עס קאָסט טייער...

מישאַ (מיט פעראַכטונג): פערפעטואום מאָבילע איז אַ פאַנטאַס־טישע שפיעלכעל פאַר ניט געבילדעטע פאַנטאַזיאָרען. ע! די פאַנטאַזיאָרען און די פערשיעדענע אידעאַליסטען זיינען פונקט אַזוי שעדליך פאַר דער געזעלשאַפט, ווי אַנשטעקיגע קראַנקע און פערברעכער. זיי פערפעסטען די מענשען מיט שוואַכהייט. האַ! זעהסט זיין פערצווייפלונג! זיי האָבען איהם צובראָכען זיין פערפעטואום מאָבילע...

בן־ציון: זיי האָבען ניט צובראָכען דאָס, וואָס איהר רופט אָן איראַ־גיש פּערפּעטואום מאָבילע, — די אייביגע בעוועגונג קען ניט צובראָכען ווערען. דאָס איז גאָר ניט, ניין! — זיי האָבען גאַנץ גלייכגילטיג גענומען און האָבען מיט שמוציגע הענד צובראָכען דאָס, וואָס איז מיר געווען טייער, דאָס, וואָס האָט מיר געגעבען האָפענונגען, דאָס, וואָס האָט מיר געקאָסט אזוי פיעל מיה, אזוי פיעל ארבייט. זאָל זיין, עס איז אַ פאַנטאַזיע! איך האָב אין דעם אריינגעלעגט וואָס עס איז מיר איבערגעבליבען פון מיין זעעלע און פון מיין הארץ, — זיי האָבען אין גאַנצען מיין הארץ צובראָכען, מיין זעעלע געטויט.

מישאַ: נו, דערויף זיינען זיי נארישע ווילדע פאַנאַטיקער. זיי זיינען דאָך אייערע מיטמענשען, פאַר וועלכע איהר זייט בערייט צו אָפּפערען דאָס לעבען!

בן־ציון: זיי זיינען ווילדע פאַנאַטיקער, און וואָס זייט איהר? ווייסט איהר דען פון פּערפּעטואום מאָבילע מעהר פון זיי? איז דען אונזער נשמה, אַלע אונזערע שטרעבונגען, אַלע אונזערע אידעאַלען, אַלע בעוועגונגען פון אונזער זעעלע, ניט נאָר אַ פּערפּעטואום מאָבילע, אַן אייביגע בעוועגונג, וועלכע לעבט און עקזיסטירט, נאָר זאָלאַנג מען גלויבט אין דעם? איהר, געבילדעטער מענש, צוטרעט איהר דען ניט אַלע מיינע געדאַנקען מיט די שמוציגע פיס, גראַדע ווי די ווילדע פאַנאַטיקער? זיי ברעכען אַ טויטע מאַשין, וועלכע איז געמאַכט, ווי זיי גלויבען, מיט רוח הטומאה, און איהר ברעכט די אייביגע בעוועגונג פון אַ לעבעדיגער זעעלע, וועלכע איז געשאַפען, ווי איהר ווייסט, מיט'ן רוח הקודש... זיי מיינען, אַז דער, וואָס פליהט אביסעל העכער פון זייערע קעפּ, טהוט דאָס מיט אומריינע קראַפט. נו, און איהר? זאָגט איהר דען ניט דאָס זעלבע וועגען מענשען, וועלכע איהר רופט מיט פעראַכטונג אידעאַליסטען, ווייל זיי האָבען פליגלען און פליהען העכער פון אייערע פער־שטאָפּטע קעפּ?! איהר האָט גרויסע סטראַטעגישע פּלענער אין אייערע קליינינקע קעפּעלעך: די קאָנסאָלידאַציע האָט איהר פעראייניגט מיט דער אַסיגנאַציע, דעם קאַפּיטאַל מיט וויסענשאַפט, ליעבע מיט קאָנטע־בוך... אַלץ גוט אויסגערעכענט. נו, און וואו איז געבליבען ביי דעם חשבון דער מענש, די מענשליכע געפיהלען, די זעעלע פונ'ם מענשען? אָט זייט איהר איצט דאָ, דער מחותן און דער אינזשענער־טעכנאָלאָג. (אַ ביסעל ווי פערווירט) איך קוק אריין צו אייך אינעווענינג אריין, איך זעה אייך דורך און דורך יעצט! איך זעה, אַז איהר זייט דאָ אַלס קברות־לייט. יאַ, קברות־לייט! איהר זייט געקומען עמיצען בעגראָבען און וועמעס עס איז ירושה בע־ירש'ענען!....

ראָזענבערג: ווער? איך! מישאַ, ווי געפעהלט דיר אזא געמיינהייט?

מישאַ: ווייס איך, אַ פּרעדיגער פון מאָראַל...

בן־ציון (כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ): פּעטער, איך האָב מורא פאַר זיך! עס איז הפּנים אמת... איך בין אַ מטורף! איך בין אַ מטורף! (ליזאַ קומט מיט אַ יאָהריגעס קינד. נאָך איהר מילקע.)

חוה: זיין קאָפּ, וועה איז מיר! אַז ער שלאָפט זיך קיין מאָל ניט אויס.

מילקע: אי, ער איז עפּעס זעהר שטאַרק לאַ עליכם'דיג.

ליזאַ: ער האָט געוואָלט זעהן דאָס קינד. אפשר וועט דאָס איהם בערוהיגען. בן־ציון, איהר האָט געוואָלט זעהן מיין מיידעלע. מען רופט זי איטע, נאָך מיין מאַמע.

פרומע: יאַ, בן־ציון, האָסט נאָך ניט געזעהן חצקאל'ס קינד.

בן־ציון: איך וויל זעהן ליזאַ'ס קינד! (נעהמט דאָס קינד.) איטאַ? נאָך אייער מוטער? ליזאַ, ווען איהר וועט האָבען אַ אינגעלע, גיט איהם אַ נאָמען בן־ציון, נאָך מיר.

פרומע: גאָט איז מיט דיר, וואָס רעדסטו דאָס? דו לעבסט און דו וועסט נאָך אי"ה פיעלע פון אונז איבערלעבען.

בן־ציון: יאַ, איך לעב נאָך, אָבער איך וועל קיינעם פון אייך ניט איבערלעבען. איך וויל ניט לעבען, — איך וועל ניט לעבען. (צום קינד) איטאַ, אויב מען וועט דיך ניט פערדאַרבען, איטאַ, וועט פון דיר אויסוואַקסען אַ גוטער עהרליכער מענש. (צו ליזאַ'ן) מען קען ניט און מען טאָר ניט האַלטען זיך אין גאַנצען אונגליקליך, ווען מען האָט אַזאַ גרויסע נחמה, אַזאַ טייערען, זיסען טרייסט. ליזאַ, איהר האָט אַ קינד, איך האָב גאָר נישט... איך האָב גאָר נישט... (בויגט זיך צו צום קינד און וויינט. ליזאַ וויינט שטאַרק.)

פרומע (ווישט אָב אַ טרער בגנבה): שאַ, מיר דאַכט זיך, איך הער, דער אַלטער געהט.

חוה: נאַר, אַ גרויסע זאַך קינדער? די מאַשין, ווי רופט ער זי, די פּערעפּוטעטע אָהאָלאָבלע איז שווער... מען דאַרף שכל דערצו.... אָבער קינדער... (מלכיאל קומט מיט חצקאל'ן, ער איז זעהר בלאַס און מאָגער, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקען, אָבער האַלט זיך שטאַרק.)

מלכיאל: און טאָמער וועט קאָניוכין ניט זיין אויפ'ן יריד, טעלעגראַפיר איהם תיכף ומיד קיין מיקאָלאַיעוו, אַז מיר ווע'לען פּראָטעסטירען די וועקסלען. הם! איך האָב געמיינט, זיי מאַכען שפּאַס, און ער איז טאַקע דאָ. (בעטראַכט בן־ציון'ען.)

מילקע (צו חצקאל'ן): אַ פולע שטוב מיט מענשען און איהר שפּאַצירט אין אייער באַלדאַכאַן. אַ ציערונג.

חצקאל: ציערונג, שמירונג! לערנט מיך אויך דרך ארץ! ביזט שוין אויך אַ שטודירטע געוואָרען...

מלכיאל: נו, וואָס זשע, ביזט נאָך אַלץ אזא מטורף, ווי געוועז?

בן־ציון: יא, מיין איינציג פרייד איז, וואָס איך וועל שוין בלייבען אזא מטורף, ווי געוועז. איך וועל שוין ניט האָבען קיין צייט צו ווערען אַן אנדערער.

מלכיאל: אזוי? אזא גרויסער טשין איז אַ מטורף! נו, וואָס זשע ביזטו געקומען? מאָהנען ירושה, האַ?

חצקאל: אַ צדיק, אַ צדיק, און ווי עס קומט צו ירושה, ווערט ער פּלוצלונג אַ בשר ודם.

מילקע: אומעטיג... מען קען גאָר היינט פון איהם ניט לאַכען!

ראָזענבערג: מחותן, אז עס איז שוין יאָ ביי אונז אַ קאָנווערזאציע וועגען ירושה, וויל איך בעמערקען: אַ איד האָט מורא צו דערמאָנען דאָס וואָרט צוואה.

מישאַ: קריסטען זיינען אין דעם פּרט פּראַקטישער. אַ מענש דאַרף שטענדיג זיין פאַרטיג מיט אַלע זיינע בילאַנצען.

מלכיאל (סאַרקאַסטיש): בילאַנצען, פינאַנצען, האַ!

חוה: אי, וואָס דולען זיי מיר היינט דאָ די פּאה?

ראָזענבערג: גאַנץ איינפאַך, מען דאַרף מאַכען אַ צוואה און מען קלייבט אויס פערטרויטע אַפּוטרופּוס׳ען, וועלכע זאָלען אכט געבען אויפ׳ן געלד און דעם גאַנצען פערמעגען.

חצקאל (בייז): איהר האָט אַ טעות, שווער. אַזעלכע פערטרויטע דאַרף מען נאָר, ווען די קינדער זיינען ניט פאָליעהריגע. איך בין אַ מענש, וואָס מען דאַרף מיר ניט לעגען אַ פינגער אין מויל.

ראָזענבערג: יאָ, אָבער אין דעם פאַל, ווען איין זוהן איז ניט ביים פולען זין?

בן־ציון: וועלכען פון די צוויי בנים מיינט איהר דאָס. מיך צו חצקאל׳ן? (צום קינד) אָה, קינד, ווי גליקליך דו ביזט, וואָס דו קענסט ניט פערשטעהן, וואָס מען רעדט דאָ, אָבער, ליידער, עס וועט זיין אַ צייט, ווען דו וועסט הערען און פערשטעהן, און דאָס אַלץ וועט פערגיפטען דיין עדעלע זעעלע און פערדאַרבען דיין ריין האַרץ... נעהמט זי בעסער צו פון דאַנען... (קושט זי.) נו, איטאַ, זיי געזונד. קענסט מיך ניט? איך בין דיין אָנקעל, וועלכען אַלע רופען מטורף. קוק מיך אָן, קינד, וואָרום עס קען זיין, וועסט מיך שוין מעהר ניט זעהן... דו וועסט מיך אודאי באַלד פערגעסען, נאָר דיין מאַמע וועט אפשר מיך אַמאָל דערמאָנען און וועט דיר דערצעהלען פון מיר... זעהר שלעכטעס וועט זי דיך ניט דערצעהלען פון מיר. זיי געזונד און גליקליך. (גיט דאָס קינד ליזאַ׳ן, וועלכע געהט אָב מיט׳ן קינד.) טאַטע, איך בין ניט

געקומען מאַהנען ירושה. הע! איך בין געקומען פרעגען, וויפיעל זאָל איך נעהמען בו חצקאל'ן פאר מיין טייל. ער איז געוועזן ביי מיר, האָט זיך געדונגען, און איך האָב איהם שוין אויפגעשריבען אויף פאַפיער. ער איז אָבער ניט געבליבען צופריערען, עס איז איהם ווייניג.

חוה (שטיל): איהם איז שטענדיג ווייניג — דעם טאַטענ'ס קישקע...

מלכיאל: אזוי? וויפיעל האָסטו דען געשריבען אין דיין פאַפיער?

בן־ציון: וויפיעל? ניט זעהר פיעל. איך האָב איהם געשריבען: חצקאל, ביזט אַן אייזעל.

ישראל יעקב: ניט ריכטיג! האָסט געשריבען: חצקאל, זיי ניט קיין פערד.

חוה: נו, זאָל זיין פערד. איבער אַזא קליינעם חילוק איז ניט כדאי צו קריעגען זיך מיט אַ לייבליכען ברודער.

חצקאל: אמת, טאַטע, איך בין געוועזן ביי איהם, איך רעד אָהן חכמות; איך בין אַ מענש, וואָס פערשטעהט. קיינער ווייסט ניט, אויב דו האָסט אַ צוואה. טאָמער, חלילה, שטאַרבסטו....

בן־ציון: נו, כדאי געוועזן אַ גאַנצען לעבען זאַמלען, קאַרגען, שפּאָרען, קלייבען, בענעהמען די וועלט, אָבזאָגען זיך פון אַלץ! צוליעב וואָס און צוליעב וועמען?

חצקאל: אָט, למשל, ביזטו געשטאָרבען, קען קומען, איך ווייס ווער, אַ מטורף, וואָס ווייס ניט, וואָס איז געלד און נאָך וואָס איז געלד, און קען פאַרדערען העלפט. קען דאָס איבערקעהרען דעם גאַנצען געשעפט מיט די לאָקשען אַראָב. איך מיט מיין קאָפּ פערשטעה דאָס און בערעכען דאָס.

מלכיאל: חברה, איהר האָט דאָ אַלע אַ מיאוס'ען טעות. די צוואה איז דאָ. (צושפּיעלעט זיין זשילעט און נעהמט אַ פּאַפּיער פון בוזים־קעשענע.) קיין לאָקשען אַראָב און קיין לאָקשען אַרויף! קיינער וועט ניט נעהמען דאָס, וואָס איך לאָז איהם ניט איבער. קיינער ניט! בן־ציון, דו ביזט געקומען צו שפּעט: אין דער צוואה, ברודער, איז שוין אַלץ אויפגעשריבען. (בייז.) אַלץ!

בן־ציון: יא, איך קום שטענדיג צו שפּעט; דערפאַר אָבער וועל איך אוועקגעהן צו פריה... הם! און וועגען די ירושה זאָל זיך חצקאל זאָרגען... וואָס איז מיר דער חילוק, יא אויפגעשריבען ניט אויפגעשריבען?

מלכיאל: אַנדערע, ווי איך זעה, טיילען זיך מיט דער ירושה ביי מיין לעבען, און דו? די ירושה שמעקט דיר ניט, וואָס ביזטו געקומען? אפשר בעגראָבען מיך שוין בעצייטענס, האַ?

בן־ציון: דיך בעגראָבען? אַ מענשען בעגראָבען שטענדיג נאָר אייגענע קרובים און גוטע פריינד. פרעמדע בעגראָבען ניט. איך בין דיר אַ פרעמדער,

ניט קיין קרוב און ניט קיין אייגענער, איך וועל דיך געוויס ניט בעגראָבען. זיי דאָ, זיי וועלען דיר שוין בעגראָבען.

ראָזענבערג: זעהסט, מישאַ, וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע מענשען...

מישאַ: פּאַפּאַ, מיש זיך בעסער ניט, אַ משפּח'טע!

מלכיאל: וואָס זשע ביזטו געקומען אהער צו מיר? האָסט זיך אפשר געגומען פאַר'ן שכל און ביזט געקומען דעם טאַטען איבערבעטען?

בן־ציון: איבערבעטען? מען ווייסט ניט, ווער דאַרף וועמען איבערבעטען.

פרומע: איבערבעטען אַ טאַטען איז ניט קיין אומ'כבוד, חלילה.

חוה: ניט אַלע מאָל אָבער איז דאָס אַ גרויסער כבוד.

מלכיאל: די צואה איז טאַקע אויפגעשריבען, אָבער אויב דו וועסט מיר צוזאָגען צו ווערען אַ שטיקעל מענש און ניט זיין מעהר קיין מטורף; אויב דו וועסט מיך בעטען, גוט בעטען, אַזוי ווי מען דאַרף אַ טאַטען בעטען.

חצקאל: נו, יאַ, ער איז טאַקע דער מענש, וואָס וועט בעטען! וואָס איז ביי איהם אַ טאַטע, אָדער אַן עלטערער מענש? ער גלויבט דאָך אפילו ניט אין גאָט.

ישראל יעקב: נו, יאַ, דו האָסט דרך־ארץ פאַר אַן עלטערען, גיסט אָב כבוד דעם טאַטען און גלויבסט אין גאָט, ווייל דו ביסט אַ מענש, וואָס פערשטעהט, וואָס איז געלד... אבער ער! וואָס פאַר אַ קאָמערציע ווייס ער?

בן־ציון: טאַטע, איך קען דיר ניט צוזאָגען צו ווערען אויס מטורף. איך גלויב, מען קען ניט זיין, פיהלען און פערשטעהן ווי אַ מענש און ניט אַ מטורף ווערען. וואָס אנבעלאַנגט דער ירושה? איך האָב זיך קיין מאָל ניט אינטערעסירט מיט'ן געלד. וואָס וואָלט איך געטהאָן מיט געלד, וואָס איז אָנגעזאַמעלט געוואָרען ניט מיט יושר? ווער רעדט איצט? איצט וויל איך זאָגאַר ניט רעדען דערפון... הם! (פערטראַכט זיך). אָבער וועגען איבערבעטען זיך מיט דיר, זעהסטו, וועגען איבערבעטען, קען זיין, אַז איך בין ניט גערעכט. איך וויל, מיר זאָלען זיך היינט שיידען אין פריעדען. יאַ, איך וועל דיך איבערבעטען. (אַ קליינע פּויזע). טאַטע, אויב איך האָב דיר געטהאָן שלעכטעס.... (פרומע וויינט שטיל).

מלכיאל: שוטה, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָסטו מיר געקענט טהאָן?

בן־ציון: אויב דו מיינסט, אַז איך בין שולדיג געגען דיר, אַז איך האָב וואָס געטהאָן געגען דיין ווילען, נאָר דיך צו ערגערען, אויב דו האָסט געליטען יסורים דורך מיר, אָדער בזיונות, — בעט איך דיך, זיי מיר מוחל, טאַטעניו, און זיי ניט בייז אויף מיר. (נעהמט זיין האַנד. מלכיאל בויגט איין זיין קאָפּ און טראַכט. די ווייבער וויינען).

ישראל יעקב: אָי, איידעלער, גאָלדענער מענש! (ווישט אָב א טרער).

חצקאל: אזוי? שלום, האַ? טאַטע, מיין ניט, אז אויב דו וועסט איבערבייטען די צואה, קריגט ער שוין עפּעס... מיר וועלען נאָך זעהן, וואָס מען וועט זאָגען אין געריכט. פאַר וואָס זאָל דעם שווארץ יאָהר אָנקומען גרינג, וועהרענד איך האָב געהאָרעוועט און האָב מיט מיין קאָפּ געדאַרפט אַלץ פערזאָרגען?

מלכיאל: פערזאָרגען, גוט מאָרגען, גוט מאָרגען! האָסט געהאָרע־וועט, האַ? נו, און דאָס, וואָס דו האָסט אָנגע'גנב'עט? דו האָסט דאָך א פערמעגען בעזונדער, וואָס איך מאַך זיך נאַר אז איך וויים ניט, אז איך וויים...

חצקאל: יאָ, פערמעגען! פערגינסט מיר ניט... האַלטסט ביים שטאַרבען, און ציטערסט, טאָמער האָב איך ביי דיר גענומען דריי גראָשען...

בן־ציון: איבער וואָס קריגט איהר אייך? פערמעגען, געלד, גראָשען! פע, ווי מיאוס! וואָס פאַר א מיאוס'ע וועלט, און וואָסערע מיאוס'ע מענשען. (ירוחם זלמן קומט מיט א פּאַפּיער, מיט עטליכע אידען, איינער א געלער).

חצקאל: איך האָב א ווייב און קינד. און פאַר מיין ווייב און קינד וועל איך געהן ביז'ן האַלז אין בלוט!

בן־ציון (שטיל): פאַר זיין ווייב און קינד ביז'ן האַלז אין בלוט! וואָס וואָלט איך אומגילקליכער אימשטאַנדע געווען צו טהאָן פאַר זיי?

מילקע (שטיל צו חצקאל'ן): אָי, די מאַדאַם וויינט אזוי, אז עס איז א שרעק. איך האָב מורא, זי זאָל ניט קראַנק ווערען.

חצקאל: דול מיר ניט דעם קאָפּ מיט אַזעלכע שמאָכטעס איצט!

מילקע (צו ירוחם זלמן): אויף וואָס קלייבט איהר איצט, אויף א כלה צי אויף א פּרוכת? געטראָפען די צייט. (צו מלכיאל'ן) בעל־הבית, אידען!

מלכיאל (בייז): אידען, שמידען! וואָס איז? וואָס דאַרפט איהר איצט דאָ?

ירוחם זלמן: ר' מלכיאל, אַלע חתימות זיינען שוין דאָ. איהר האָט געזאָגט, איהר וועט זיך אויך אונטערשרייבען, קהל זאָל זעהן, אז איהר ווילט זיך מיט'ן עולם ניט פערקריגען. אייער מחותן האָט אונטערגעשריבען, אייער חצקאל אויך. איהר פערשטעהט, אז אייגענע שרייבען אונטער, וועט געוויס זיין גרינג דעם לא יוצלח ארויסצו'פּטר'ן פון דאַנען. (דערזעהט בן־ציון'ען). אָט איז ער דאָ, דער תכשיט! מיר דאַרפען איהם ניט האָבען אין סאָראָקע, מיר ווילען ניט!

בן־ציון: אַלע אייגענע האָבען זיך שוין אונטערגעשריבען... הם! האָט דער אינזשענער־טעכנאָלאָג אויך געגעבען זיין חתימה?

מישאַ: איך בין אין פּרינציפּ געגען אַזעלכע מיטלען, ווי ארויסשיקען...

אבער ווען די גאנצע געמיינדע, ווען אלע...

ראָזענבערג: איך בין טאקע אן אויפגעקלערטער, אָבער איד איז איד, און איך שטעה ניט אָב פון כלל...

מישאַ: יא, מען דארף געהן מיט אלע. מען טאָר זיך ניט אָבטיילען...

בן־ציון: מען דארף געהן מיט אלע? ווען אָבער אלע געהען ניט, ווען זיי שטעהען אין א שטאל ווי פערד צוגעבונדען צו א קאָרעטע? דארף מען שטעהן מיט זיי און הירזשען? ניין! איך טייל זיך אָב! ר׳ ירוחם זלמן, איהר זאָגט, מען דארף מיך ניט האָבען אין סאָראָקע? און וואו אין דער גרויסער וועלט דארף מען מיך יא? כא! כא! כא! מיר איז איצט איינגעפאלען א ס ט ר א ט ע ג י ש ע ר פ ל א ן — איך וועל זיך אליין ארויס־שיקען פון דאנען אָהן אייערע חתימות און אָהן אייערע הסכמות. (נעהמט זיין צובראָכענע מאשין). נאט! איהר זעהט, וואָס איהר האָט געמאכט פון מיינע מאָדעלען? (ווארפט אלע צו ירוחם זלמן׳ס פים). איהר זעהט? דאָס האָט איהר געטהאָן.

ירוחם זלמן: איך האָב דאָס געטהאָן ברעת הקהל און ברעת המקום. אלע האָבען צוגערעדט... אייער חצקאל אליין האָט אויך ערשט היינט געזאָגט: צוברעכט עס אויף פיצלעך.

בן־ציון: אזוי? חצקאל אליין אויך?

חצקאל: וואָס רען? א גרויסען ווערטה האָסטו ביי מיר מיט אלע דיינע משוגעת׳ן! אויך א מענש! א קאָפּ! אֶי, נאָך וואָס לעבט עס אויף דער וועלט?

בן־ציון: איאָ, עס איז א פראגע? נו, נא! (צו ירוחם זלמן׳ען). אלזאָ, מען האָט אייך געהייסען צוברעכען מיינע מאָדעלען, און איהר האָט עס געטהאָן. איצט־וועל איך אייך ווייזען וואָס איך וועל טהאָן. איהר האָט צובראָכען דאָס מאָדעל, וואָס איך האָב געמאכט, איך וועל צוברעכען איינעם פון די מאָדעלען, וואָס אליין די גרויסע נאטור האָט בעשאפען! (גיט א שפרונג ווי א משוגענער צום סאַק־וואָיאזש, כאפט ארויס דעם רעוואָלווער און אין איין אויגענבליק שיסט ער זיך אריין א קויל אין ברוסט און פאלט. עס ווערט א גרויסער געפילדער).

פרומע: מיין קינד, וואָס האָסטו געטהאָן? אֶי, א שלאג האָט מיך געטראָפען. (ליזאַ לויפט אריין).

מלכיאל: א דאָקטאָר באלד! לויפט נאָך א דאָקטאָר!

מילקע (לויפט): וועה איז מיר, בלוט פון א מענשען אין א אידישער שטוב.... (ראש אב).

ליזא (פערצווייפעלט): בן־ציון, וואָס האָסטו דאָס געטהאָן? וואָס האָסטו דאָס געטהאָן?

ישראל יעקב און חוה: אָי, בן־ציון! בן־ציון! (זיי לעגען איהם אוועק אויף דער קושעטקע. חצקאל איז זעהר דערשראָקען).

פרומע (מילד): זעהט מיין אומגליק! זעהט מיין אומגליק!

מלכיאל: בן־ציון, אָי, דאָס האָב איך פון דיר ניט ערוואַרטעט. איך האָב דיך נאָר געוואָלט אויספּרואווען. ווילסטו געהן מיט אַן אייגענעם וועג, טראַכט איך — געה, לאָמיר זעהן, אפשר ועסטו אונז אלע איבעריאָגען... אָבער ווייטער? זעה, קענסט לייענען? (כאַפּט ארויס די צוואה, זיינע הענד ציטערען). ניט חצקאל'ן אין גאַנצען, חלילה! דיר מיט דער מאַמען. אָי, וואָס האָסטו דאָס געטהאָן, בן־ציון? ביסט דאָך אַ גוטער... ניט זיך, האָסט דאָך מיך דער'הרג'עט! און... זי... די אַלטע מאַמע..

ליזאַ (פאַלט פרומען אויפ'ן האַלז): אָי, מאַמעניו! מאַמעניו!

בן־ציון (מיט אַ שמייכעל): איך בין געווען אַן איבריגער אין סאָראָקע, האָב איך זיך אַליין אַרויסגעשיקט... איך האָב ניט געוואָלט געהן מיט דער גאַנצער טשערעדע, האָב איך זיך אָבגעטיילט. הערר אינזשענער, איהר וועט באַלד זעהן, אַז אָהן אַקאַדעמישע סיסטעמאַטישע בילדונג קען מען אויך שטאַרבען... אָי, טאַטע, די צוואה... הער, די אידען זיינען בייז, וואָס איך האָב בעשריבען די תלמוד תורה... אויב דו ווילסט מיר איצט טהאָן די טובה, גיב זיי צעהן טויזענד אין מיין נאָמען... זאָלען זיי זיך אויפבויען אַ נייע תלמוד תורה, אַן אמת'ע שולע... זאָגסט מיר צו, טאַטע?

מלכיאל: יאָ, בן־ציון. אָבער איך וויל ניט דו זאָלסט שטאַרבען.

בן־ציון: אָי, דאָס מאַכט ניט אויס... איין קליינינקע מאָדעל צובראָכען, אָבער דאָס פּערפּעטואום מאָבילע, די גרויסע אייביגע בעוועגונג, דאָס מעכטיגע לעבען וועט ניט אָבגעשטעלט ווערען... איינער געהט אַוועק פון דער וועלט, דער אַנדערער קומט. די מוטער־ערד בלייבט. וויין ניט, מאַמעניו, איך בין מיעד, און געה רוהען. וואָלט דען בעסער געווען, ווען איך זאָל זיך פלאָגען און מאַטערען נאָך צוואַנציג, דרייסיג־יאָהר? פּעטער און מומע, איהר בלייבט וויעדער אַליין. זייט געזונד, מיינע איינציגע טייערע פריינד! ווען ניט איהר, וואָלט איך נאָך צו חצקאל'ס חתונה געטהאָן די זעלבע זאַך... מיר איז דאַן געקומען דער געדאַנק. נו, נאָך, נאָך געמוטשעט זיך צוויי און אַ האַלב יאָהר, איך האָב ניט קיין כח מעהר... איך קען ניט. ליזאַ! איך זעה זי ניט... איז עס, וויל מיר ווערט דונקעל אין די אויגען? אָדער זי איז דאָ ניטאָ?

ליזא: דאָ בין איך דאָך נעבען דיר, בן־ציון... (וויינט).

בן־ציון: ליזא, ווען איך זאָל לעבען, וואָלטען מיך זינדיגע געדאַנקען ניט געלאָזען רוהען. בעסער אַזוי... ניט בעשערט געווען נעבען דיר צו לעבען, וויל... איך... נעבען... דיר... שטאַרבען... (שטאַרבט אויף איהרע הענד).

ישראל יעקב: אָי, בן־ציון, מיט ווענען וויל איך איצט בלייבען אין דער פינסטערער וועלט? אַזוי ווי אַ נר תמיד האָט געברענט ביי אונז אין שטוב, ווען דו ביסט געווען, און איצט וועט זיין פינסטער און פוסט (וויינט).

חוה: מיין קינד, וואָס איז אונז דאָרט געבליבען?

חצקאל (שטיל): גאָט, שטראָף מיך ניט, איך האָב דאָס ניט געמיינט... עס איז ניט איבער מיר, ניט איבער מיר! (ציטערט פון שרעק).

ירוחם זלמן: אונז בעשערט צו זיין עדות, ווי ער האָט זיך דער־הרג'עט.

ליזא: ער האָט זיך דער'הרג'עט... ניין! איהר, מיר אַלע האָבען איהם ערמאָרדעט. ער האָט געקענט זיך ענטוויקלען און זיין גרויס און ניצליך פאַר דער גאַנצער וועלט, און מיר האָבען איהם ערמאָרדעט! ער האָט געהאַט אַ נאָבעלע זעעלע, וועלכע האָט געפיהלט פאַר אַלע מענשען, און מיר האָבען די צאַרטע זעעלע צוטראָטען מיט די פיס!... ער האָט געהאַט אַן איידעלעס הארץ, וואָס איז געווען פול מיט ליעבע פאַר דער גאַנצער מענשהייט, און מיר האָבען דאָס גוט הארץ צוריסען! אָה! וויפיעל נאָבעלע מענשען טויטען מיר, וויפיעל טאַלענטען פערניכטען מיר, וויפיעל גרויסע פעהיגקייטען ערמאָרדען מיר מיט אונזער האַס, מיט אונזער מורא האָבען פאַר'ן אמת, מיט דעם, וואָס מיר פערפאָלגען יעדען געדאַנק, וואָס איז זעלבסטשטענדיג און אָריגינעל! וועה איז מיר! מיר האָבען איהם ערמאָרדעט! בן־ציון, דיין בלוט האָבען מיר פערגאָסען... מיר זיינען די מערדער, מיר! (וויינט. אַ דאָקטאָר קומט מיט מילקע'ן. אַלע אייגענע ווערען ענטשוויגען און וואַרטען אויפ'ן דאָקטאָר'ס וואָרט. ער אונטערזוכט איהם).

דער געלער איד: פון רעסטוועגען, וויפיעל טובות ער האָט דיר געטהאָן!

ערשטער איד: דיר האָט ער ניט געשריבען קיין פּראָשעניעס?

צווייטער איד: ער איז געזעסען ביי מיר דריי נעכט, ווען מיין ברודער איז געווען קראַנק.

ירוחם זלמן: איך קען ניט לייקענען, מיט מיין אינגעל האָט ער אומ־זיסט געלערענט רוסיש. (דאָקטאָר צייגט, עס איז ניטאָ קיין האָפנונג. ווידער אַ געוויין).

דאָקטאָר: טויט!...

מלכיאל (פערברעכט די הענד) : אומזיסט זיך אזוי פיעל געפלאָגט און נעמוטשעט, אָי וועה איז מיר!

ישראל יעקב (וויינענדיג) : אומזיסט? ניין, ניט אומזיסט. ער האָט ווייניג געלעבט אָבער ניט אומזיסט... אזוי ווי א ליכטיגער שטראהל האָט ער בעלויכטען אונזער פינסטער לעבען... און דער שטראהל וועט אונז אייביג שיינען, וועט אייביג ווארימען אונזערע צואוועהטאָגטע הערצער.... אָה, בן־ציון, מיין תלמיד, מיין פריינד, מיין חבר, מיין רבי! (אלע וויינען).

חוה (אומארעמט פרומען, וועלכע איז ווי פערשטיינערט) : פרומע, אונזער קינד! אונזער קינד! אונזער קינד!

(פאָרהאנג.)

## פערזאָנען

(און די אַרטיסטען, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען ביי דער ערסטער אויפפיהרונג).

---

מאַטיאַס פינגערהוט..........................ז. מאָגולעסקאָ
טשערנע, זיין פרוי.............................מאַדאַם נאַדאַלסקי
סאָפיע, זייער עלטערע טאָכטער..................מאַדאַם ב. קאַליש
ליזע, זייער צווייטע טאָכטער.....................מאַדאַם בריה
באָרים סטאַוראָפּאָלסקי, אַ פאָטאָגראַפיסט............לעאָן בלאַנק
מלך שטעמפּעל, אַ רייכער פיש־הענדלער, טשערנע'ס ברודער..מאָשקאָוויטש
פּראַדי, זיין ווייב.............................מאַדאַם ווילענסקי
מאַניטשקע, זייער מוזינקעלע....................מאַדאַם פיינמאַן
אַפּאָלאָן זאָנענשיין, פּיאַניסט......................דוד קעסלער
סאַמועל ציינער..................................מייזעל
זשעניטשקע, אַ מיידעל פון אַ יאָהר 7............. פרענצים אדלער

געסט, שכנים, יונגע לייט.

אָרט פון דער האַנדלונג: אָדעס. צייט: די אַכציגער יאָהרען.

# פאָררעדע

א פאָררעדע — און איבערהויפּט א פאָררעדע געשריעבען ניט פון דעם מחבר אַליין — קען זיין אַלעס, וואָס מען וויל, אַז זי זאָל זיין. זי קען זיין א קריטיק, וואָס זוכט, געפינט און לויבט די מעלות, אָדער פערדאַמט די חסרונות פון דעם ווערק, צו וועלכען זי ווערט געשריעבען; זי קען אָבער אויך זיין פּשוט אַן ערקלערונג, א בעלייכטונג, דורך וועלכער מען זאָל בעסער פערשטעהן דאָס ווערק. דאָס לעצטע מיין איך צו טהאָן אין דער איצטיגער פאָררעדע.

יעקב גאָרדין'ס ליטעראַרישע אַרבייט מיט איהרע מעלות און איהרע חסרונות — און ספּעציעל יעקב גאָרדין'ס גרויסע פערדיענסטען אין דער ענט־וויקלונג פון דער אידישער דראַמאַטישער קונסט — קענען נאָך איצט ניט אָבגעשעצט ווערען. ערשטענס דערפאַר, ווייל יעקב גאָרדין האָט נאָך זיין אונערמיעדליכע ליטעראַרישע טהעטיגקייט ניט געענדיגט און מיר האָפען נאָך לאַנג צו זעהן איהם ווירקען און שאַפען צווישען אונז; און צווייטענס אויך דערפאַר, ווייל די אידישע ליטעראַרישע און דראַמאַטישע קריטיק איז נאָך אין איהר וויקעלשנור און די אבשעצונג פון אַזאַ קראַפט, ווי יעקב גאָרדינ'ס, איז נאָך איבער איהרע כחות. דאָס אַלעס וועט בלייבען פאַר דער שפּעטערער קריטיק און פאַר דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור צו טהאָן. דער־ווייל מעג דער אידישער לעזער, פריהער פאַר אַלץ, זוכען גאָרדינ'ען צו פערשטעהן. אויב די פאָררעדע וועט דעם לעזער העלפען דערצו, האָב איך מיין ציעל ערריכט.

***

דאָס פאָרליעגענדע ווערק „סאַפּהאָ" האָט א קנאַפּע שייכות מיט דער אַלטער גריעכישער „סאַפּהאָ" און גאָר קיין שייכות ניט מיט דער „סאַפּהאָ" פון דעם פראַנצויזישען שרייבער דאָדע. עס איז א זעלבסטשטענדיגע אַרבייט און מאָהלט אין בולט'ע שטריכען די מערקווירדיגע פּערזענליכקייט פון סאַפיע פינגערהוט און איהר שווערען קאַמפּף אין לעבען.

ניט ליעבע אַליין, מיט די מעגליכע סבות, וואָס קענען זיך טרעפען דער פערליעבטער פּערזאָן אויף איהר וועג, איז דער הויפּטגעדאַנק פון דעם דראַמאַ־טישען בילד; אבער ליעבע אין דעם ברוסט פון א פרייען מענשען, פון אַן

ערוואַכטער נשמה — פון אַ פרוי, וועלכע קען ניט און וויל ניט דערלאָזען אַז איהר פּערזענליכקייט — דער זעלבסטשטענדיגער מענש אין איהר, זאָל צעמאָלט ווערען צווישען די עקזיסטירענדע אומשטענדען פון אונזער פאַלשען און היפּאָקריטישען לעבען — אָט דאָס איז דאָס טהעמאַ פון דער דראַמאַ. און די פרייע פרוי קעמפּפט מוטהיג געגען דעם איינגעוואָרצעלטען אַלטען לעבען, און איהר ענערגישער קאַמפּף וועבט און מאָהלט די דראַמאַ פון איהר לעבען. אין דעם זינען איז „סאַפּהאָ" ניט בלויז אַ רעעלעס און לעבעדיגעס בילד פון קאַמפּף צווישען דעם אַלטען און נייעם לעבען, נור עס טראָגט אויך אין זיך אַ גרויסע ערציהונגס־קראַפט.

סאָפיע פינגערהוט איז אַן אָדעסער מיידעל. אַ שעהנע, אַ ביסעל אַ געבילדעטע מיט אַ קינסטלערישע נשמה... זי האָט ליעב מוזיק, ווי איהר לעבען. זי איז אַ שטאַרקער, זעלבסטשטענדיגער מענש. ווי קומט דאָס אַלץ צו איהר — צו אַן אָרים מיידעל, ערצויגען ביי אַ טאַטען, אַן אמת'ער אָדעסער פּוסט־און־פּאַסניק, און אַ מאַמע אַ פערהאַוועטען קנעכט, ווי נור אַ אידישע טאָכטער קען זיין ביי אַזאַ פראַנט, וואָס טהוט ניט אַריין אַ האַנד אין קאַלטע וואַסער און לעבט אויף דעם רעכענונג פון זיינע קינדער — דאָס דערצעהלט אונז דאָס ווערק ניט. אַזאַ איז זי און שוין. אין אָדעס ביי די פאָטאָגראַפען נעבען רעטושיר־טיש, צווישען די נעהטערינס און מאָדיסטקעס, צווישען די פאַריק־מאַכערינס און גלאַט אַזוי צווישען די דורשטיגע נאָך קענטניסען און קונסט, קען מען זיך מיט אַזאַ מיידעל טרעפען.

און סאָפיע פינגערהוט איז איינע פון די פרייע מענשען, וואָס האָט ערוואַכט צו אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען. ווען זי פערליעבט זיך אין איהר פּרינציפּאַל — אין דעם פאָטאָגראַף באָרים סטאַוראָפּאָלסקי — ביי וועמען זי אַרבייט אַלס רעטושירין — וואַרט זי ניט ביז דער ראַבינער וועט אויף איהר ליעבע אַרויפלעגען דעם „קאַזיאָנע פּעטשיאַט", אָדער ביז דער מסדר קדושין וועט זי פעראייניגען מיט איהר געליעבטען מיט דער רינג פון אַ שקלאַפען־קעט... ניין, איהר נשמה איז אַ פרייע און זי ליעבט מיט דער גאַנצער נשמה. אויף ליעבען דאַרף זי ביי קיינעם קיין ערלויבנים ניט פרעגען, און זי גלויבט יענעם, וואָס זי ליעבט און זי גיט איהם אָב אַלעס... אַלעס וואָס ביי איהר איז טייער אין לעבען. אָבער דער פּרייז פאַר דעם אַלעמען מוז זיין ליעבע, אמת'ע, ניט קיין מאַסקירטע ליעבע, וואָרום ווי זי דערוויסט זיך, אַז באָרים סטאַוראָפּאָלסקי האָט גאָר ליעב זיך אַ שפּיעל צו טהאָן מיט איהר שוועסטער אויך, דאַן שטעלט זי זיך ניט אָב פאַר דעם, וואָס די היינטיגע היפּאָקריטישע וועלט מיט איהר שמאַכפּאָלען, ליגנערישען פאַמיליען־לעבען וועט זי בראַנדמאַרקען, ווי אַ פערברעכערין, און טייטלען אויף איהר מיט די

פינגער, ווי אויף א געפאַלענער... ניין, זי זאָגט זיך אָב פון איהר חתן, ווייל פאַר איהם ניט חתונה האָבען, ווייל ער ליעבט אַן אנדערע, אפילו דאַן ווען ער דערמאָהנט איהר, אַז זי „מוז“...

„מוז“ איז ניט פאַר איהר געזאָגט געוואָרען. זי מוז קיין זאַך ניט טהאָן וואָס איז ניט דער בעגעהר פון איהר וועזען, וואָס איז ניט דער אויסדרוק פון איהר נשמה. זי מוז ניט חתונה האָבען און לעבען מיט אַ מאַן, וואָס ליעבט זי ניט. זי מוז זיך ניט שעמען צו טראָגען די לאַסט פון זאָרג פאַר דער פרוכט פון איהר אמת'ער ליעבע — עס איז די פרוכט פון איהר פרייהייט !.. נו, זאָל די געזעלשאַפט זי פערדאַמען, זאָלען די פריינד און בעקאַנטע זי ניט שוינען... שטיל וועט זי טראָגען איהר לאַסט, שטיל וועט זי ארבייטען פאַר זיך און פאַר איהר ליעבע... זי וועט אָבער תמיד בלייבען טריי איהר נשמה...

און זי בעקעמפפט די פּאָראורטיילע פון מענשען... און לעבט זיך איהר פריי, איהר זעלבסטשטענדיג לעבען.

און יאָהרען געהען פאָראיבער.

***

אין אונזער היינטיגער וועלט שטעהט אָפטמאָל די וויסענשאַפט, די ליטעראַטור און די קונסט אין דער דיענסט פון די רייכע און מעכטיגע פון אונזער לעבען. און אפילו די, וואָס האָבען גאָט'ס פייערעל אין זייער נשמה — די ליטעראַטען, קינסטלער און וויסענשאַפטס־מענער זיינען אַמאָל געצוואונגען צו פערקויפען זייערע פעהיגקייטען און טאַלאַנטען פאַר — באַרעס געלד. פערשטעהט זיך, אַז דער האַנדעל מיט דער נשמה נעהמט אָן פערשיעדענע פאָרמען. אַ מאָל ווערען די רייכע — די בעשיצער פון דער קונסט און קינסטלער — די מעצענאַטען פון דער קונסט, ווי מען רופט זיי ; אַן אַנדערש מאָל ווערען זיי די שטיצער און העלפער פון דער וויסענשאַפט — די פערשפרייטער פון בילדונג און ליכט, הייסט עס — און זיי בויען אוניווערזיטעטען און ביבליאָטעקען, ריכטען איין אינסטיטוטען און מוזעען. אָבער אימער איז דאָ אַ געשעפטעל דערביי, אימער זוכען זיי צו האַלטען דעם פרייען געדאנק, די פרייע שעפפונגס־קראַפט פון מענשען אין די אייזערנע צוואַנגען פון זייער הערשאַפט. ביי אונז אידען קען מען אָנווייזען אויף אזא קלאַס בעוואוסטע בעלי־צדקות נור אין יענע דעמאָקראַטישע לענדער, וואו אידען האָבען דורך פּאָליטישער גלייכבערעכטיגונג און דער ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם שוין ענטוויקעלט אַן אייגענעם קלאַס פון רייכע, וואָס האָט איבערגענומען אַלע מדות פון דעם זעלבען קלאַס און דעם לאַנד, אין וועלכען זיי וואוינען, וואו זיי האָבען זיך שוין אַסימילירט און צונויפגעגאָסען מיט יענעם קלאַס אין איין לייב און איין זעלע, און פערשטעהען שוין, ווי יענע, צו שעצען די הערשאַפט

איבער די גרויסע מאַסען פון דעם פאָלק און איבער די קרעפטען, וואָס קענען זיי פיהרען צו פאָרטשריט. אין רוסלאַנד אָבער, ווען אַן אויפגעקומענער גביר — אַ כאַם, אַ גראָבער יונג — אַ פישער, ביי וועמען אפילו די זעלע איז דורכגעזאַפּט מיט דעם ריח פון טשיכאָן, ווערט פלוצלונג אַ בעשיצער פון קונסט — אַ מעצענאַט, איז עס, ווייל ער זוכט זיך איינצוקויפען אין יחוס. ער פענטעט אָבער דערביי אויף די נשמה און דאָס געוויסען פון דעם קינסטלער, ווייל דער יחוס אַליין איז איהם דאָך קאַרג, ער וויל נאָך אויך איינהאַנדלען אַ מציאה... גלאַט צוליעב יחוס אַליין וואָלט ער זיך ניט געלאָזט אזוי פיעל קאָסטען, אָבער ווען צו דעם יחוס איז נאָך צוגעלעגט אַ גוט געשעפטעל, ווי צום ביישפיעל, חתונה מאַכען מיט דעם קינסטלער זיינס אַ טעכטערעל — אָך, פאַר וואָס ניט ?...

אין „סאַפּהאָ" איז מלך שטעמפּעל, דער פישהענדלער, אזא מין מעצענאַט פון דער קונסט... ער קויפט דעם טאַלענטפאָלען פיאַניסט אַפּאָלאָן זאָנענשיין פאַר אַן איידעם פאַר זיין מיזינקע מיט דעם, וואָס ער האַלט איהם אויס פינף לאַנגע יאָהר אין פּעטערסבורג ביי זיין שטודיום. זאָנענשיין קומט קיין אָדעס זיך בעזועצען און חתונה האָבען מיט מלך שטעמפּעל'ס טעכטערעל. ער קומט — דער אויסגעבאָליטער קינסטלער בעצאָהלען דעם חוב פאַר שטעמפּעל'ס מעצענאַטסווע. בעגעגענט ער זיך אָבער מיט סאָפיע פינגערהוט... און ער פערליעבט זיך אין איהר, אין דער שעהנער, שטאָלצער, קלוגער סאָפיע. זי — האָט איהר ערשטע ערפאַהרונג אין לעבען ניט אָנגעלערענט... און זי ליעבט איהם אויך... און ווי זי ליעבט איהם... שטאַרק, הייס, טאַקע נור ווי אַ פרייע, שטאַרקע נשמה קען ליעבען. און פאַר וואָס טאַקע ניט ? וואָס זאָל איהר שטערען צו ליעבען איהם ? וואָלט זאָנענשיין געווען אַ שטאַרקער מענש, וואָלט ער געוואוסט אַז מאַניטשקע'ן — מלך שטעמפּעל'ס טאָכטער — האָט ער ניט ליעב, אַז צו איהר פיהלט ער נור אַ פערפליכטונג, אַ שולדיגקייט, אַ מין געוויסענסביסע און ניט מעהר, און דאַרף פאַר איהר ניט חתונה האָבען, ווייל זי ווער, אויף איהר שטייגער, זיין אונגליקליך מיט איהם. איז ער אָבער אַ שוועכלינג, קען זיך ניט בעשליסען אויף אַ געוואגטען שריט אין לעבען, און... ער האָט דאָך מיט איהר חתונה.

ליעבען ליעבט ער אָבער סאָפיען, און זי איהם אויך. און סאָפיע שטעלט זיך ניט אָב פאַר קיין זאַך... איהר ליעבע איז אַן אמת'ע, אַ ריינע. וואָס פאַר אַ ווערטה האָט פאַר איהר דאָס, וואָס מענשען ווילען וויעדער רעדען, וויעדער טייטלען אויף איהר מיט די פינגער, אָדער פערדאַמען און בעליידיגען זי. זי ליעבט אַפּאָלאָן זאָנענשיין און ער זי אויך... און זי איז פאַרטיג צו ליידען און קעמפּפען געגען די פאָראורטהיילען פון מענשען, פון דעם כלל. און זי גיט

אפּאָלאָנען אוועק אַלעס, וואָס איהר שעהנע, גרויסע נשמה קען אוועקגעבען.

אָבער דער קאַמפּף פאַר איהר ליעבע איז ניט נור געגען דער שטילער, היפּאָקריטישער פערדאַמונג פון דעם כלל אליין. עס הויבט זיך נאָך אויף א קאַמפּף פון דער פרוי געגען דער פרוי — א ליאַרעמדיגער, סקאַנדאַליעזער, א טיעף־בעליידיגענדער קאַמפּף. די געזעצליכע פרוי בעקעמפּפט די געליעבטע פרוי. אויף דער זייט פון דער ערשטער איז די געזעלשאַפטליכע מיינונג, די רעליגיאָן, דאָס געזעץ... אַלעס, א חוץ ליעבע. און ווען זי „וויל“ — קען זי די געליעבטע פרוי „אויספּאַטשען“, אפילו „שיסען, און איהר קומט גאָר ניט דערפאַר“... אויף דער זייט פון דער אַנדערער איז אָבער נור איהר אייגענע ריינע נשמה, איהר ברענענדיגע ליעבע, איהר גרויסע בענקעניש נאָך דעם, וועמען איהר ליעבע געהערט. אויף איהר זייט איז אויך דער קאַמפּף, דער שווערער קאַמפּף געגען דער געזעלשאַפטליכער מיינונג און אָרדנונג, געגען אַלעס, וואָס איז פאַלש און ליגנעריש, מעג עס זיין א געבאָט אָדער א געזעץ...

צווישען דער אַלטער און דער נייער וועלט מענשען איז דער קאַמפּף א גרויסער, אַן אייביגער... אַן אונפערמיידליכער קאַמפּף. אין אונצעהליגע פאָרמען שוועבט ער ארויס אין לעבען. עס איז דער קאַמפּף פון דעם ערוואַכטען, שטאַרקען, איינצעלנעם מענשען געגען די קריסטאַליזירטע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט, געגען די פערגליווערטע מיינונגען פון דעם גאַנצען כלל מענשען. עס איז דער קאַמפּף, וואָס פיהרט צו פאָרטשריט... יעקב גאָרדין וואָלט געקענט דעם קאַמפּף אויסדריקען אויך אין אַנדערע רעעלע פאָרמען פון דעם לעבען, אויך אין אַנדערע ארטען וואָלט ער איהם געקענט פאָרשטעלען, אָבער אין קיינע פון די אַלע לעבענס־ערשיינונגען וואָלט דאָס בילד ניט ארויס־געקומען אזוי שאַרף, די דראַמאַ וואָלט ניט געווען אזוי פול מיט אמת׳ע ליידען און וועהטאָגען פון אונזער לעבען, ווי אין דעם קאַמפּף פון די נאַטירליכע גע־פיהלען פון דעם מענשען, — אין דעם קאַמפּף פון דער ליעבע געגען די צוואַנגען פון געזעלשאַפטליכע פאָראורטיילען, דינים און געזעצען.

סאָפיע פינגערהוט האָט דעם קאַמפּף ניט געוואונען... אין דעם איז די גרויסע דראַמאַ פון איהר לעבען...

אפּאָלאָן זאָנענשיין איז ניט נור א שוועכלינג, נור אויך א מענש מיט א קליינער, ענגער נשמה. אפילו, ווי דער אָקעאַן, ברייטע און טיעפע מוזיק פון מאָצאַרט׳ן האָבען זיין נשמה ניט אויסגעברייטערט; אפילו ניט די הימעלש־ליכטיגע מוזיק פון טשייקאָווסקי׳ן האָבען זי אויסגעלייטערט; און ניט אפילו די טרוימערישע נאָקטורנען פון שאָפּען׳ען האָבען געקענט פערוויעגען און איינשלעפערען זיינע אַלטע פאָראורטיילען געגען דער פרייער פרוי און איהרע פרייע האַנדלונגען. די קונסט האָט אויף זיין נשמה ניט געווירקט אין דער

ריכטונג... אויך ער, פאַר ווענען זי האָט אַלעס אין לעבען געאָפּפערט, — ווייזט אָן אויף איהר זשעניטשקען — אויף איהר קינד — די פרוכט פון איהר ליעבע און איהר קאַמפף — ווי אויף דער לאַסט פון איהר שאַנדע. אויך ער — אין די שווערסטע מינוטען פון איהר קאַמפף — שטעלט זיך אויף דער זייט פון די מעכטיגע — אויף דער זייט פון דעם כלל... און סאָפיע פינגערהוט'ס דראַמאַ האָט זיך טרויעריג געענדיגט... איז זי געפאַלען אין דעם קאַמפף?

יאָ, יעקב גאָרדין וויל עס אַזוי. אַ פערוואונדעטע פון די לעבענס־פּיילען, אַ געשטרויכעלטע וויל זי זיך אָבגעבען צו אַ שטיל לעבען פאַר זיך, פאַר איהרע עלטערען, פאַר איהר קינד.

אָבער איהר קינד?.... זי האָט געקענט קעמפפען געגען די פאָראורטיילען פון מענשען, געגען די דינים און געזעצען פון דער געזעלשאַפט, געגען דעם בייזען ווילען פון אַ פרוי... אַ „געזעצליכע פרוי“... און אפילו געגען דעם צוזאַמענגעבראָכענעם געמיט פון איהר שוועכלינג, ווענען זי ליעבט אַזוי שטאַרק; יאָ, געגען זיי אַלע האָט זי געקענט קעמפפען, אָבער זי קען זיך הפנים ניט ענטשליסען צו קעמפפען געגען איהר קינד. זי קען זיך ניט ענט־שליסען צו לאָזען איהר זשעניטשקען, אמאָל אין לעבען, דערוויסען זיך דעם ריכטיגען אמת וועגען איהר אייגענער געבורט, לאָזען זשעניטשקען פערשטעהן איהר מאַמע'ס נשמה, איהר מאַמע'ס לעבען, איהר מאַמע'ס קאַמפף... זי קען זיך ניט ענטשליסען צו לאָזען איהר קינד אויפוואַקסען אָהן אַ טאַטען — אָהן אַ געזעצליכען טאַטען — אורטיילען זי און אפשר אויך פערדאַמען זי!... ניין, זי קען זיך עס ניט ענטשליסען. און זי קעהרט אום צו איהר קינד דעם טאַטען, דעם פּאָטאָגראַף, באָרים סטאַוראָפּאָלסקי.

שפּאָטיש אפילו, אָבער פאַלענדיג אין דעם שווערען קאַמפף פון לעבען, לאָזט זי דעם ראַבינער לעגען אַ „קאַזיאָנע פעטשאַט“ אויף איהר שרעקליכען פאַל!...

אָט דאָס איז דאָס דראַמאַטישע בילד פון יעקב גאָרדין'ס „סאַפהאָ“. דער לעזער מעג עס אויפמערקזאַם לעזען און פּרואווען עס פערשטעהן.

ה. זאָלאָטאַראָוו.

## ערשטער אַקט.

(ניט קיין רייכעס, אָבער זעהר ריינעס צימער ביי פינגערהוט'ן אין הויז. אויף די פענסטער בלומען אין טעפּ. אויף די טישען ברענען לאָמפּען. אויף איין טיש אַ גראַפין מיט וואַסער און אַ גלאָז. ליזע זיצט אויף אַ סאָפע און פער־ריכט אַ נייע קלייד. טשערנע זוכט עטוואָס אין אַלע ווינקעלעך און שפּייט בייז: „טפו זאָל עס ווערען“. מאַטיאַס האַלט איין פוס אויף אַ בענקעל, שפּייט אויף אַ בערשטעל און פּוצט זיך אַ שטיוועל, דאַן נעהמט ער אַן אַנדער בערשטעל און פּוצט זיך זיין ראָק. נאָכהער נעהמט ער פון בוזעם קעשענע אַ גרויס קעמעל און קעמט זיינע באַקען־בערד. נאָכהער שפּייט ער אויף זיין האַנד און גלעט זיין פּליעך לאַנגזאַם).

טשערנע: איך האָב מיר דעם קאָפּ גאָר אין גאַנצען פּערדרעהט. האָט אימיצער געזעהן די שליסלען קאַמאָד? טפו זאָל עס ווערען. (זוכט).

פינגערהוט: מאַדאַם פינגערהוט, אז מען האָט א קורצען זכרון, מאַכט מען זיך א לאַנגען קניפּעל. עי, נעהם צו די בערשטעלעך פון דאַנען! (גלעט מיט'ן אַרבעל זיין צילינדער און מעסט איהם אָן געגען שפּיעגעל).

טשערנע: נאָך יעדען דאַרף איך נאָכגעהן. נאָך יעדען דאַרף איך אויפּרוימען — א קניפּעל! וואָס וועט מיר העלפען א קניפּעל, אז איך וועל ניט געדענקען אויף וואָס צו דערמאָנען זיך? עס וועלען קומען מענשען, איך האָב געוואָלט צוגרייטען — פּראַנט מיינער! וואָס האָסטו געזאָגט זאָל איך צונעהמען? אַה, די בערשטעלעך? (טהוט עס) זיינען די שליסלען ניט אין קיך? נאַ, אַ קאָפּ! טפו זאָל עס ווערען! (אָב).

פינגערהוט (מאַיעסטעטיש): פריילין ליזע, האָסטו פּילייכט עטוואָס קליינגעלד? ניט פיעל זאָ... איין דרייסיג, פיערציג קאָפּייקען. מאַטיאַס פינגערהוט איז דאָך היינט א מחותן.

ליזע (גראָב): ניין. ערשטענס, האָב איך ניט. און צווייטענס, איך זאָל אפילו האָבען וואָלט איך דיר ניט געגעבען — א נויטיגע זאַך! (מאַטיאַס פּעררויכערט דערווייל א פּאַפּיראָס פון זיין לאַנגען פּאַפּיראָסניק).

פינגערהוט: מאַמזעל ליזע, דו רעדסט אזוי כאַמסקי־גראָב, ווייל דו ביזט א טויגעניכטס, א לא יוצלח, דער רוח ווייס וואָס — צו וואָס טויגסטו? (טשערנע קומט צוריק, זוכענדיג).

**טשערנע:** **דערפאר טויגסטו צו אַלעס אין דער וועלט. וואו זיינען פאַרט די שליסלען, האַ?**

פינגערהוט: עי, וואָס פערשטעהסטו, אונגעבילדעטע מיעשטשאנקע פון סלאָבאָדקע ראָמאַנאָווקע? (צו ליזען) מען האָט דיך אָבגעגעבען צו שטודירען אין אַ זאָקען־פאַבריק, האָסטו דיך אויסגעלערענט נור ביז דער פיאטע און פרו! האָט מען דיך אָבגעגעבען צו אַ מאָדיסטין, האָסטו ניט געקענט אויסלערנען דעם אונטערשיעד פון אַ רב'נישע יארמעלקע ביז אַ רבי'צינס יאמפערקע. און איצט זוכסטו ארבייט, האָלטסט אין איין זוכען, ווי די מאמע דיינע. טפו זאָל עס ווערען!

ליזע: דיר איז גוט, אַז דו דארפסט ניט זוכען. אנדערע זוכען פאר דיר...

טשערנע: אַז דו וואָלסט געזוכט, ווי אנדערע, וואָלט עס דיר אויף אביסעל פערדרעהט דעם קאָפּ.

פינגערהוט: ווי קומסטו צו גלייכען דיין קאָפּ צו מיין קאָפּ?

טשערנע: דיין קאָפּ איז ניט אַזאַ גרויסע ציערונג. (זוכט).

פינגערהוט: איך מיין צו מיין זכרון... איך קען דיר אויסרעכענען אויף די פינגער, וויפיעל טראַקטירען עס איז דאָ פון דער סטארע פארטא פראנקאָווסקע ביז'ן פאָלסקי ספּוסק און פון לאַנזשעראָן ביז כאַדזשיביי — מאדאם, דערלאַנג מיר אַ ריינעם נאָזטיכעל!

טשערנע: יא, פון כאַדזשיביי, ווייסטו, און וואָס טהוט זיך אין שטוב? נאַ דיר אַ נאָזטיכעל, פראַנט מיינער! (גיט איהם). וואו קענען דאָס פאָרט זיין די שליסלען? נאַ! (אב אין קיך).

פינגערהוט: ניין, מאמזעל, דו ביסט דער מאַמע'ס טאָכטער. זעהסטו, סאָפיע איז שוין געראָטען אין טאַטען. (צייגט אויף זיך). זי האָט געענדיגט פיער קלאַסען גימנאַזיע מיט אַ זנאַק אָטליטשיע. זי איז שעהן, פיקאַנט, נש'קשה, אַז זי געהט מיט דער דעריבאסאָווסקע, מוז יעדער אָפיציער אָבקעהרען צו איהר די מאָרדע. און ווער קוקט אויף דיר? אַ סאָלדאַט. זי איז קלוג, זינגט, טאַנצט, האָט אַ ממזר'שען קאָפּ, פּונקט ווי ביים טאַטען.

ליזע: יא, פּונקט אַזאַ קאָפּ ווי ביי דיר, נור אַ פליעך פעהלט איהר.

פינגערהוט: מאַמזעל, קוק דיך אַרום ווי דו רעדסט! ביסט טאָקע היינט אַ מחותנת'טע, און איך קען דיר דאָך אריינוואַרפען אַ בינטעל פינגער אין באַק אריין. קנאַק זשאָלטעם אואוו סרעדינו! סאָפיע'ן האָט מען אָב־געגעבען צו אַ פאָטאָגראַף, איז זי באַלד געוואָרען די ערשטע רעטושאָרקע. אַזוי ווי הינד רייסען זיך די אָדעסער פאָטאָגראַפען איבער איהר, און זי ברענגט טאָקע אַלע חודש פופציג רובעל — דאָס איז אויך עפּעס ווערט, האַ?

האָט זיך איהר פערגלוסט, האָט זי גאָר צוגענומען דעם פאָטאָגראַף מיט דעו פאָטאָגראַפיע און זי ווערט מאָרגען אם ירצה השם נאָך דער חופה אליין אַ פאָטאָגראַפיכע. פאַר ווענמען וועסטו חתונה האָבען ? פאַר אַ בינדריוזשניק אָדער פאַר אַ לאָפּעטע פיעדלער.

ליזע : וואָס פאַר אַ שווער, אַזאַ איידעם. (אַ געוויש).

טשערנע : שאַ, דער שניידער טראָגט דאָס חופה־קלייד. קומט אריין, קומט אַריין. (שניידער קומט מיט'ן קלייד). סאָפּיע קום נור אהער. וואָס טהוסטו דאָרט ? (ביידע פרויען בעטראַכטען דאָס קלייד. ליזע מיט קנאה, טשערנע מיט בעגייסטערונג).

פינגערהוט : סאָפּיע לעזט דאָרט מסתמא אַ ראָמאַן. זי שלינגט די ראָמאַנען, ווי בלינטשיקעס. ווען ניט מיינע אויגען, וואָלט איך אויך געלייענט... אַ גוטער ראָמאַן איז טאַקע גוט... כי, כי, כי !

טשערנע : דו קענסט דען לעזען ? מאַך ניט שולדיג די אויגען.

פינגערהוט : איך קען ניט, זאָגסטו ? הם ! ווי קומט עס ? זיצט, מוסיו שניידער, איהר האָט אפשר אַ גוטען פּאַפּיראָס ? כי ! כי ! זיינען מיר מחותנים ! אַמאָל ביי די אַלט־מאָדישע אידען פלעגט מען נאָך מאַכען אַ חתן־מאָל ; ביי אונז היינט, ווער עס וועט וועלען, וועט קומען, אבער אזוי... טרוקען... די חופה און דער באַל מאָרגען. אין דער שאַלאַשנער שול וועט זיין די חופה און דער באַל אין „יעווראָפּא“ פון אויבען, איבער'ן טראַקטיר „יעווראָפּא“ איין טרעפּ, זעהר אַ גרויסער זאַל. מיר וועלען פאָהרען אין עקיפּאַזשען. לאַקייען מיט ווייסע הענטשקעס, מוזיק ! עס קאָסט געלד, ברודער. (סאָפּיע זינגט הינטער די קוליסען).

ליזע : יא, אונזער טאַטע זשאַלעוועט ניט קיין געלד.

פינגערהוט : איך צאָהל דען ? אַ מכה ! איך גיב דיר אַ טאָכטער, אַן אַנטיק, און דו צאָהלסט. דער חתן איז דער פאָטאָגראַף באָריס סטאַווראָ־פּאָלסקי, איהר קענט איהם ? זיין פאָטאָגראַפיע איז אַנקעגען פאַלע ראָיאַל. און דער אונטערפיהרער פון כלה'ס צד איז מלך שטעמפּעל, מאַדאַם פינגער־הוט'ס ברודער, אַ רייכער פיש־הענדלער, אַ גראָבער חזיר, אַ רוח אין זיין טאַטענס ערד אריין. איהר מעגט קומען זעהן... שש ! נור זי חזנ'ט זיך. (סאָפּיע זינגט „מאַטושקאַ האָלובושקאַ“, קומט מיט געזאַנג, נייגט זיך צום שניידער, בעטראַכט דאָס קלייד פון אַלע זייטען, זינגענדיג. זי איז ניט רייך, אָבער זעהר אָריגינעל געקליידעט).

סאָפּיע : אַ חופּה־קלייד ! אַ קלייד וואָס מען מעסט אָן מיט פרייד, מען טהוט אָן מיט טרערען און מען טהוט אויס מיט שרעק...

פינגערהוט : פון וואַנען ווייסטו די אַלע זאַכען ?

סאָפּיע (לאַכט) : פון ראָמאַנען. איצט וועלען מיר זעהן. הער פינגער־הוט, קעהרט זיך אום מיט'ן רוקען צום פּובליקום. (לויפט צו איהם און קעהרט איהם אום צום וואַנד מיט'ן בענקעל). געמאָסטען זאָל ווערען. (וואָרפט אַראָב פון זיך אַ קאַפּטעל און טהוט אָן דאָס קלייד).

טשערנע (העלפט איהר) : סאָפּיע... דער שניידער — אי, די היינ־טיגע מיידלעך. טפו זאָלען זיי ווערען!

סאָפּיע : אַן אייגענער מאַן, אַ דאָקטאָר און אַ זשענסקי שניידער דאַרפען ניט גערעכענט ווערען פאַר מאַנסבילען. ניט אַזוי, הער שניידער?

פינגערהוט : וואָס פרעגסטו דעם שניידער? דו פרעג די שניידערקע.

סאָפּיע (געגען שפּיעגעל) : איך האָב ליעב אַ קלייד, וואָס זאָל זיין גענעהט מיט געשמאַק, מיט אַ שעהנעם גוסט, — עס זאָל ניט שרייען, עס זאָל אָבער רעדען צום אויג. אַלעמען זיין געפעהלען איז זעהר אַנגענעהם, און אַ שעהן קלייד איז אַ מעכטיגעס מיטעל צו געפעהלען. די פרוי, וואָס בענוצט זיך ניט מיט דעם מיטעל, איז געגליכען צו אַ יעגער, וואָס געהט אין וואַלד שיסען ווילדע חיות און לאָזט זיין ביקס אין דער היים. כע, כע, כע! יאָ, אַ פרוי איז שטענדיג אין וואַלד צווישען ווילדע חיות און זי דאַרף שטענדיג האָבען די ביקס מיט זיך. ביקס אויף, נאַ פּריצ'על! (מאַכט ווי זי וויל שיסען). פּוי! פּיף! פּאַף! (זינגט פון די הוגענאָטען) פּיף, פּאַף! (צום שניידער) יאָ, דאָס קלייד איז יעצט בעסער. (טהוט זיך אויס).

ליזע : דאַנקען גאָט, ענדליך צוגעטראָפען. נאָר פּופּצעהן מאָל געמאָסטען. (זעצט זיך צו איהר אַרבייט).

סאָפּיע : ביסט אַ נאַר. אַ חופּה־קלייד דאַרף מען פאַר דער חופּה גוט צומעסטען און צופּאַסען. נאָכהער איז צו שפּעט. (טהוט זיך איבער).

פינגערהוט : פריילין סאָפּיע, איך וועל מיך שוין גיך מעגען אומ־קעהרען מיט'ן פּנים צום פּובליקום? איך דאַרף מיט דיר רעדען פון געשעפט. פערשטעהסטו מיך, איך...

טשערנע : האָסט דאָך איהם ערשט אַ פּאָר טעג צוריק געגעבען קעשענע־געלד... אַ פּאָר טעג צוריק... ווען איז דאָס געוועזן? זונטאַג צו מאָנטאַג? פערגעסען! אַ קאָפּ! טפו זאָל עס ווערען.

פינגערהוט : אַז איך זאָג, איך האָב ניט גענומען, מעגסטו זיין זיכער, עס איז היילִיג. סאָפּיע, איך דאַרף מיך אַביסעל אָבראַזירען. אַ מחותן דאַרף האָבען אַ גלאַטע מאָרדע. איך דאַרף אַ פּעקעל טאַבאַק. און היינט וועל איך מיר ערלויבען צו טרינקען טהעע אין דער דוואָריאַנסקע פון טראַקטיר „פּאַריז“. זאָלען זיי וויסען, ווער מאַטיאַס פינגערהוט איז. אַ רוח אין זייער טאַטענס ערד אַריין.

סאָפיע (נעהמט פון איהר טאַש אַ בייטעלע) : דאָס קומט איך. (גיט דעם שניידער). דאָס קומט אייך ניט. (גיט איהם נאָך). (דער שניידער דאַנקט). און דיר, פּאַפּאַ, האָב איך שוין היינטיגע וואָך גענעבען צוויי צוואַנציגער.

פינגערהוט : יא געגעבען, זאָגסטו ? הם, ווי קומט עס, וואָס איך געדענק ניט ?

סאָפיע : אדרבא. זאָג דו, ווי קומט עס ? כאַ, כאַ, כאַ ! נור גאָר ניט. ביזט דאָך אַ מחותן, נאַ ! אָבער בלייב ניט לאַנג אין טראַקטיר. אַ מחותן דאַרף זיצען אין דער היים, ניט אין פּאַריז.

פינגערהוט (טהוט אָן זיין צילינדער) : פריילין סאָפיע, מערסי. מוסיו שניידער, מיר וועלען מאַכען די רייזע צוזאַמען. ליזע, פערבינד מיר דעם באַנד אַ לאַ גאַריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור...

ליזע (גראָב) : מען וועט דיך אזוי אויך דערקענען.

סאָפיע : קום אַהער, איך וועל דיר מאַכען אַ באַנד, ווי אַזוי זאָגסטו ? אַ לאַ גאַריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור. כאַ, כאַ, כאַ ! ער איז גערעכט. זאָלאַנג אַ מענש לעבט דאַרף ער זיך האַלטען ווי אַ מאָלאָדיעץ (בינדט). מאַמע, ער האָט הפנים אַמאָל געדאַרפט זיין אַ שרעקליכער הערצענפרעסער.

טשערנע : קיין אַנדערע אַרבייט האָט ער אין זיין לעבען ניט געטהאָן. ווי אַזוי האָט מען גערופען די מעשטשאַנקע פון דער מאָלדעוואַנקע ? ע, פערגעסען...

פינגערהוט : עס האָט נאָך אַ מכה ווער אַזוי געשפּיעלט אין בילאַרד אַזוי ווי איך אַמאָל. שאַראָם אָט באָרטאַ, זשאָלטעי אואוו סערעדינו ! אויפ׳ס וויעדערשפּעניגען. (פערנייגט זיך מאַיעסטעטיש מיט׳ן צילינדער אין האַנד און געהט אָב מיט׳ן שניידער).

סאָפיע (געהט צו די בלומען) : אָי וועה, מען האָט היינט די בלומען ניט בעגאָסען. (נעהמט וואַסער פון גראַפין). איך זאָל זיין רייך, וואָלט איך די גאַנצע שטוב אָנגעפילט מיט בלומען. די טייערסטע מעבעל מאַכען אַ צימער ניט אַזוי שעהן, ווי בלומען. (בעגיסט, זינגט „מאַטושקא האלובושקא“) אַנדערע כלות וויינען, ווען זיי געהען חתונה האָבען, און איך זינג. הם ! זיי ווילען דאָך חתונה האָבען, היינט וואָס וויינען זיי ? איך זינג און... מאַמע, איך וואָלט איצט אָבגעגעבען פינף יאָהר פון מיין לעבען, איך זאָל ניט דאַרפען חתונה האָבען.

טשערנע : וואָס איז עפּעס, נאַר ?

סאָפיע (זיפצט) : אַזוי — איך וויים ניט... אבער איצט איז שוין צו שפּעט. פערפאַלען ! ע, (זינגט „מאַטושקאַ“) דו ווייסט, מאַמע, דאָס ליעד

זינגט אַ רוסישע כלה. (טהוט אָן איהר הוט געגען שפּיעגעל און רעדט:) „מאַטושקאַ האַלובושקאַ, מוטער טייערע, מיין ליכטיגע זון, האָב רחמנות אויף מיר, אויף דיין אָרימעס קינד. ווי אַ בייזע שלאַנג זויגט מיר מיין הערץ אַ ביטערע שמערץ און גאַנצע נעכט פערברענג איך אָהן שלאָף און אָהן רוה“... איך געה קויפען פאַר מיר און ליזען ווייסע האַנדשוה. כע! כע! ווי זאָגט דער פאַפאַ, עס וועט באַלד ביי אונז זיין אַ באַל אַ לאַ גאַריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור. (אב, באַלד צוריק) מחותנת׳טע לעבען, אפשר וועט דאָ קומען אונזער הויכ־וווירדיגער הער חתן, זאָל ער זיין אזוי גרויסמוטיג און וואַרטען. איך קום שוין צוריק... דאַרפסט אפשר קליינגעלד? דאָווידזעניע פּאַנאַ קאָכאַנאַ מאָיאַ. (אב).

טשערני: און אָט הענגען די שליסלען! אַליין אויפגעהאַנגען, אַ קאָפּ, טפו זאָלסטו ווערען! וואָס האָב איך דיך געוואָלט פרעגען, ליזע? פון זינען אַרויס. יא, ווי מיינסטו, דער פעטער מלך וועט שענקען אַ שעהנעם דרשה־געשאַנק? ער איז אַ לייבליכער ברודער מיינער און רייך איז ער, ווי קרח, אבער ער איז אַ צו גרויסער חזיר. יא, הפּנים מען קען ניט ווערען רייך, מען זאָל קיין חזיר ניט זיין. (געררויש) שאַ, ווער איז דאָרט? (באָרים עפענט די טהיר). אָ, אונזער חתן! מזל טוב אייך, באָרים. סאָפיע איז ערשט אַרויס. ווי קומט עס, וואָס איהר האָט זיך ניט בעגעגענט?

באָרים (אַ שעהנער מאַן, טראָגט אַ בולאַנזשערקע, אַ שוואַרצען ראָק, אין איין האַנד אַ בוקעט, אין דער אַנדערער אַ גיטאַרע אין אַ פוטליאַר): זי איז ערשט אַרויסגעגאַנגען? איך האָב זי ניט געזעהן.

ליזע: אָי, וואָס האָט איהר געבראַכט, באָרים?

באָרים: דאָס איז אַ בוקעט פאַר סאָפיען. דיר אויך צוויי רויזען. (גיט איהר). און דאָס איז מיין גיטאַרע. אויב סאָפיע וועט זיין אויפגעלעגט צום זינגען, וועל איך איהר אַקאָמפּאַנירען. אָי, וויפיעל מיר האָבען דאָס איבערגעזונגען און איבערגעשפּיעלט זינט מיר זיינען בעקאַנט. מחותנת׳טע, פון דעם אַקאָמפּאַנירען האָט זיך אונזער גאַנצער ראָמאַן אָנגעפאַנגען. (שטעלט די גיטאַרע אין אַ ווינקעל).

טשעדנע: אָי, מיר דאַכט זיך, איך האָב אַריינגעוואָרפען קוילען און שטשעפּקעס אין סאַמאָוואַר און קיין וואַסער ניט אָנגעגאָסען. אַ קאָפּ! טפו זאָל עס ווערען. (לויפט אָב).

באָרים (זעצט זיך): פוי, איך בין מיעד ווי אַ פושע ישראל. אבער אַ באַל וועט ביי אונז זיין! (נעהמט זי אויף די קניע). ליזע, קום אַהער צו מיר. זעץ זיך דאָ. גיב מיר אַ קוש, גיכער. (געשעהט). נאָך אַ מאָל. אַיאָ עס איז אַ פערגעניגען צו האָבען אַזאַ שוואָגער? (סאָפיע עפענט די טהיר

שטיל און וויל זיי איבערשרעקן, בלייבט שטעהן). איך האָב געזעהן, ווי סאָפיע איז פערבייגעגאנגען און האָב מיך אומיסטען ניט געמאכט זעהענדיג. איך האָב געוואוסט, איך וועל קענען אריינכאפּען מיט דיר דערווייליע א שטיק. קיצקע, איך האָב דיך ליעב. גיב אהער די לאַפּקעס. אָט אזוי. (אומארמען זיך).

ליזע: איהר האָט אזוי שטארק ליעב סאָפיען, ווי אזיי קענט איהר מיך אויך ליעב האָבען?

באָרים: סאָפיען! איך האָב זי אמאָל זעהר שטארק ליעב געהאט, און איצט... איצט איז שוין א צוגעוואוינטע זאך. זי מוז איך איצט ליעב האָבען, און דו ביזט אָבער א פרישע פּאמפּושקעלע. נארעלע, ווען איך זאָל ניט מוזען חתונה האָבען מיט איהר, וואָלט איך דיך גענומען אָט אזוי... און... און... איך וואָלט דיך, ראכט זיך, אויפגעגעסען. (דריקט זי צו זיך). ליזע, איך בין פערליעבט אין דיר, ווי א משוגענער.. (סאָפיע מאכט שטיל צו די טהיר).

ליזע (גלעט איהם דעם קאָפּ): איהר זייט אזא שעהנער מאן, אז מען קען פון אייך שטארבען.

באָרים: טאקע? (סאָפיע זינגט הינטער דער טהיר „מאטושקא האָלובושקא"). שש! זי געהט (סאָפיע אריין).

סאָפיע: אָה, האבע די עהרע! א בוקעט פאר מיר? זעהר שעהן! דיין גיטארע אויך געבראכט? גרויסארטיג. וואָס זעהסטו עפּעס אויס, ווי אַן אָבגעבריהטער? (טאפּט זיין קאָפּ). האָסט היץ? (זינגט:) פּאזשאלוי ראָדימאיא דיטיאטקא סאָוויע.

באָרים: ניין. קיין היץ האָב איך ניט, אָבער דער קאָפּ טהוט מיר ווירקליך וועה.

סאָפיע: דער קאָפּ? ווירקליך? אז מען געהט חתונה האָבען, מוז מען האָבען קאָפּ־שמערצען. (זינגט, אָהן ווערטער, לעגט איהם אריין א קאָנ־פעקט אין מויל און זינגט). גוטער ראכאט'לוקום, עס וועט דיך מאכען זיסער. ליזע, פערביים מיט ראכאט'לוקום. (גיט איהר איינס) און דאָס וועלען מיר בעהאלטען אויף שפּעטער. (בעהאלט אין קאמאָד די שאכטעל מיט קאָנפעק־טען) אָי, עס איז א גרויס נארישקייט, אז מען וויל מיט אמאָל אין גאנצען אויסנאשען און מען לאָזט ניט אויף שפּעטער. מען דארף שטענדיג רענקען וואָס שפּעטער וועט זיין. (געררויש) אהא, מען געהט, מען קומט, מען איז דאָ. (פינגערהוט, פריידע, מלך, מאניטשקע קומען, פיהרענדיג א פרעהליכען געשפּרעך).

פינגערהוט: איך פיהר אייך געסט. דער יחוס פון אונזער משפּחה.

מוסיו מלך שטעמפעל, האָכגעעהרטער הער סטאוואָפּאָלסקי, האבע די עהרע, מאדאם פראדי, פלאצען זיי! (אלע גריסען זיך, פרויען קושען זיך).

שטעמפעל: נו, ווי געהט עס, מאטיע? ווילסט דאָך מסתמא א פאפּיראָס, דו רויכערסט נאָך אַלץ פון „באקומס" פאבריקע? (רויכען).

טשערנע: אָי, ליזע, איך האָב דיר עטליכע מאָל געוואָלט זאָגען און האָב פערגעסען... ביי אונז איז אויסגעגאנגען צוקער. לויף אריבער... א קאָפּ, טפו זאָל עס ווערען!

ליזע: שוין. (ווינקט צו באָריס'ן) געהאַקטע צוקער? (אָב).

(פרויען בעוואונדערען סאָפיע'ס קלייד, רעדען שטיל).

באָרים: מען דארף קויפען צו טהעע ביסקוויטען און פּיראזשנע. איין מינוט. (אב, סאָפיע זאָל ניט בעמערקען).

שטעמפעל: מאָטיע, ביסט נאָך אַזא געזונטער לאָפּאַק, פאַר וואָס טהוסטו גאָר ניט? אדעס, ברודער, איז אַ גרויסער טייך, מען קען זיך אויס־פישען עפּעס א קאָמערציע, אז מען וויל.

פינגערהוט: וואָס הייסט, איך טהו גאָר ניט? עס מאַכט זיך אמאָל אימיצען געפינען אַ דירה אָדער אַן אַנדערע קאָמיסיאָן. איך לעב פון קאָמיסיאָן...

שטעמפעל: ע, וואָס פאַר א קאָמיסיע קען מען האָבען פון פוסטע־פּאַסעווען? יעדער מענש, יעדע חיה אפילו דארף האָבען א געשעפט, עפּעס א ריבאָלאָווסטווע. פּרימערנע, אין וואַסער לעבט א פיש, אַ העכט, אַ שלייען, א קאַרפּ, אַ קאָמבאָלע, אַ סודאַק, אַן אקען, אַ סקומבריא, ווייס איך, אפילו אַ ביטשאָק, אפילו אַ קליין פּיצעלע טולקע האָט וואָס צו טהאָן — דו ביסט ערגער ווי א טולקע.

פינגערהוט: דערפאַר ביסטו א גוטער ביטשאָק. אָבער וואָס דארפסטו ברעכען דיין קאָפּ פאַר מיר? דאַנקען גאָט, סאָפיען מאַך איך שוין חתונה, און ליזע וועט זיך אויך געפינען אַ בעשערטען, אָדער אַ בעגאָלטען, נו, בלייבען מיר „דיר דא באבא".

שטעמפעל: ניט דו, ברודער, מאַכסט חתונה, כוואַסטע ניט... סאָפיע האָט זיך אליין חתונה געמאַכט.

סאָפיע: יא, אָנקעל, דאָס איז וואהר. איך האָב מיך אליין חתונה געמאַכט. (זיפצט).

שטעמפעל: אָט דארף איך פּרימערנע חתונה מאַכען מיין מיזינקע, קאָסט עס מיך א קאַפּיטאַל. דו ווייסט וואָס מיך קאָסט זיין קאָנסערמאַטאָריע? ער עסט דאָך מיר אויף די גאַנצע פיש!

מאַניטשקע: קאָנסערוואַטאָריע, פּאַפּאַ...

שטעמפּעל: יא, קאָנסערמאַטאָריע.

פּראַדי: מיר שיקען מאַניטשקעס חתן שוין צוויי יאהר אַלע חודש צו פינף־און־צוואַנציג רובעל, און ער דאַרף נאָך צוויי יאהר שטודירען... יא, זאָגט בעסער, איהר האָט געהערט? בערזשאַנקע׳ס פּלימעניצע — זי האָט... (דערצעהלט מיט התלהבות די ווייבער).

מאַניטשקע: ווייסט סאָפּיע? מיין חתן אַפּאָלאָן זאָנענשיין וועט טאַקע זיין אַזאַ פּיאַניסט, וואָס וועט שפּיעלען קאָנצערט.

סאָפּיע: שפּיעלען קאָנצערט? זעהר שעהן. אָנקעל, ווי איז דאָס אייך איינגעפּאַלען צו נעהמען אַן איידעם מיט אַ מוזיקע? אַפּאָלאָן, העכט, זאָנענשיין, שלייען, פּיאַנאָ, סקומבריאַ, קאָנצערט, באַליק, סיאָמגע, אַ גוטער ווינעגרעט. מאַניטשקע, דו האָסט זעהר ליעב מוזיק?

מאַניטשקע: יא, אבער איך האָב בעסער ליעב אַ סאָלדאַטסקע אָרקעסטער מיט טרובעס. פּאָרטאָפּיאַנאָ פערשטעה איך ניט זעהר גוט, עס קלאַפּט צו שטאַרק אין קאָפּ.

פּראַדי: אַז ער קומט אַמאָל אויף „די קאָמיקולעס" און הויבט אָן באַראַבאַנען, בייסט מיר נאכהער צוויי טעג אין די אויערען. אך, יא, איהר ווייסט, ווארשאַווסקע׳ס טאָכטער לערנט פּיאַנאָ. יא, הערט־זשע, קומט אַמאָל די מוטער אַריין אין זאַל, זעהט זי ביי דער פּיאַנאָ... דער לעהרער און די טאָכטער... שוועסטערליך מיינע... (דערצעהלט אין דער שטיל).

פינגערהוט: מוסיע מלך שטעמפּעל, ערלויבט מיר איהנען צו פרעגען: וואָס איז בעסער: פיש מיט כריין, אָדער אַן איידעם מיט מוזיק? כאַ! כאַ! (גלעט דעם פּליעך).

שטעמפּעל: אָי! וואָס פאַר אַ חכמה איהנען האַבען געזאָגט! יא, מעגסט לאַכען, אָבער מיך, ברודער, קאָסט עס געלד און איך ווייס, אַז איך האָב אין זאַפּאַס אַ פּאַרטיגען חתן פאַר מיין מוזינקע. עס איז אַקוראַט ווי מען מאַרינירט איין פיש אויף שפּעטער. ער איז מיין ווייב׳ס אַ ווייטע פריינדעל, און אָהן מיר וואָלט ער געמעגט איינזאַלצען זיין גאַנצע מוזיקע. עס איז אַן אמת, איך אַליין בין ניט קיין גרויסער זינגער און שפּיעלער, נו, איז וואָס? אַ פיש אין וואַסער, פּרימערנע, זינגט ניט, פון דעסטוועגען לעבט ער, און עסט, און פּישעלט זיך. און וואָס טהוסטו, מאָטיע? דו גלעטסט דעם פּליעך און זאָגט מבינות אויף ניסן׳ס און פּיצי׳ס חזנות?

פינגערהוט: ביזט אַ מחותן, וויל איך דיר ניט זאָגען, אַז עס איז בעסער צו גלעטען דעם פּליעך, ווי צו זיין אַליין אַ פּליעך... וואָס איז דער בזיון? עס איז מיר געקומען פון צופיעל דענקען. איך זאָג טאַקע מבינות אויף אונזערע חזנים, וואָרום איך רעד דייטש און בין אַ געבילדעטער מענש...

מאַטיאַס פינגערהוט׳ן קען מען איןביידע גרויסע שוהלען. דער גאָטזעליגער פּרעדיגער, דאָקטאָר שוואַבאַכער, פלעגט מיך שטענדיג פרעגען: ווי געהט עס, הער פינגערהוט? און דו ביסט אַ רייכער דבר אחר, ווער קען דיך? דער פּאָמטשניק פּריסטאַוו פּאַסלאַווסקי זאָגט מיר שטענדיג: זדראַסטוואַוי מאָטקאַ! ביי רזשערעמע אין טראַקטיר נעהמט יעדער פּאָלאָוואָי אַראָב דאָס היטעל, ווען איך קום. איך געה אויפ׳ן פּערעסיפּ אָדער אויף דער מאָלדאָ־וואַנקע און סלאָבאָדקע ראָמאַנאָווקע, אויף דער בוהאַיאָווקע, זאָגט מען: דאָס געהט מאַטיאַס פינגערהוט.

שטעמפּעל: יא, יא, מען קען דיך, שלייעסט דיך אום, האָסטו אַלעמען אָנגעריבען מאַזאָליעס אויף די אויגען, אָבער וויפיעל פּערדיענסטו דערפון?

פינגערהוט: אַ גרויסע זאַך! פּערדיענען געלד קען יעדער בעל־מלאכה, יעדער בינדיוזשיק, יעדער פּראָסטער מענש. ניט פּערדיענען פּער־שטעהט נור אַן עדעלמאַן. ע! גענוג פילאָזאָפיע. לאָמיר בעסער שפּיעלען אַ זעקס־און־זעכציג. (נעהמט פון דער טאַש קאָרטען). צעהן קאָפּיקעס אַ שפּיעל. געהט עס?

שטעמפּעל: אויב דו ווערסט ניט מאַכען קיין מאַשענסטווע, דען איך וויים, דו ביסט אַ בקי אויף די זאַכען — ביסט אַן עדעלמאַן, האָסט שטודירט אין אַלע טראַקטירען. (זיי שפּיעלען).

סאָפיע (האָט עטליכע מאָל געקוקט אויף דער טהיר מיט אונגעדולד): מאַניטשקע, ווילסט זעהן מיין צימער, קום!

טשערנע: מעגסט געהן זעהן, מאַניטשקע, ווי זי האָט עס אויסגעפּוצט און אויסגעציערט איהר אַלקערעל. עס לעבט, עס פינקעלט, עס זינגט יעדער ווינקעלע. עס איז גאָר ניט קיין ספּאַלניע, עס איז אַ קוקאָלקע. ווייסע, ווייסע פּאָרהאַנגלעך, בלומען, ע, די זאַכען. ווי אַזוי רופט מען דאָס? איך האָב פּערגעסען, אַ קאָפּ!

סאָפיע: יא, איך בין געווען גענוג נאַריש צו פּערשווענדען דערויף אַזוי פיעל צייט. (זיפצט).

טשערנע: אַ גאַנצען טאָג ווערלען זיי זיין אין דער פּאָטאָגראַפיע, זיי ווערלען נור קומען אהער שלאָפען. מעגסט זעהן, מאַניטשקע!

מאַניטשקע: אָה, זיי ווערלען דאָרט שלאָפען ביידע? איך שעהם מיך צו געהן אהין. (פּערשעהמט זיך).

פּראַדי: זי איז דאָך ביי אונז אַ שעמעדיגע, זי ווייסט פון קיין זאַך ניט, אַזוי ווי אַ קינד. אָט, ביי אונזער שכן, איהר קענט שמערעל ליאַמפּיך? זיין מיידעל נאָך גאָר אַ שנעק, יא, הערט־זשע, אָי— (דערצעהלט שטיל. ביידע

מענער שפּיעלען. אין פּאָדער־צימער געררויש. ליזע גיט אַ קוויטש, און לויפט אַריין מיט צוקער, דאַן באָרים מיט פּאַקעטען).

טשערנע: זעה נאָר ווי זי האָט זיך צופלאַמט, די טרפ'נע הויט ברענט אויף איהר.

מאַניטשקע: אָה, איך וויים פאר וואָס ליזע האָט געקוויטשעט... דאָס האָט זי געוויס הער סטאַוורּאָפּאָלסקי געשציפּעט אין הויז, דאָרט אין דער פינסטער. (שעהמט זיך).

ליזע: סאָפיע, אַלע דיינע געסט געהען אַהער.

באָרים: יאַ, סאָפּיטשקע, עס גֶעהט אַ גאַנצער עסקאַדראָן געסט. מיין ערב־שוויעגער, דאָ האָט איהר פּעטשעניע צום טהעע. מיין ערב־שווער, אייך אַ גוטען פּאַפּיראָס (גיט זיי ביידען). מאַניטשקע, אייך מאַרמעלאַד (גיט איהר אַ קאָנפעקט פון שאַכטעל). דו ווילסט, סאָפיע?

סאָפיע (מיט אַ שמייכעל): ניין, דאַנקע, איך שעהם מיך. (ער עסט אַליין).

טשערנע: אָט אַזוי, ווערען מיר געהן און מאַכען טהעע. (קוקט זיך אום). דאַכט זיך, גאָר ניט פערגעסען? איך געדענק ניט. אַ קאָפּ, טפו זאָל עס ווערען. (אב).

באָרים: סאָפּעלע, וואָס ביסטו עפּעס היינט אַזאַ שטילינקע?

סאָפיע: איך בין היינט אַ שטילע, ווייל איך האָב פריהער צופיעל געשטיפט. (געררויש) געה, באָרים, זעה, ווער איז דאָרט? (באָרים עפענט די טהיר. פיעל יונגע לייט און מיידלעך. אַלע גריסען זיך. סאָפיע ווערט מונטער). אָה, זדראַוויע זשעלאַיעם, וואָס מאַכסטו נאַדיע? דיך, סאָניע, האָב איך שוין ניט געזעהן אַ וועלט מיט יאָהרען, פון אייער־נעכטען אָן. (אַלע לאַכען) ליאָלע, דו בליהסט ווי אַן אַקאַציע. קינדער, זיצט, נאָט אייך אַלע צו בלומען. (צורייסט איהר בוקעט).

באָרים (טרויעריג): אָ, מיין אָרימער בוקעט.

סאָפיע: הער פּאַרמקלאַפּ, נעהמט פּלאַץ, מוסיו שטיוועלבלאַט, וואָס שטעהט איהר? זאַכריאַפּקין, איהר זייט געוואָרען געזונד, ווי אַ סאָלדאַט. ליזע, ברענג נאָך שטוהלען (ליזע ברענגט שטוהלען, אַלע זעצען זיך). באָרים, דו פערנעהם די מענליכע געסט און איך וועל מיך בעשעפטיגען מיט די ווייבליכע. כאַ! כאַ! איך וויים, דו וואָלסט בעסער געוואָלט פערקעהרט, אָבער דאָ איז צופיעל ליכט, און מאַניטשקע זאָגט, אַז קנייפּען איז נור גוט אין דער פינסטער (אַלע לאַכען, סאָפיע זעצט זיך).

מאַניטשקע (פערשעמט): וואָס האָסטו אויף מיר אויסגעטראַכט, סאָפיע? איך האָב ניט געזאָגט, אַז עס איז גוט — פון וואַנען וויים איך?

איך האָב נור געזאָגט. אַז אויב אימיצער קוויטשעט אין דער פינסטער, מסתמא שטשיפּעט מען איהם (אַלע לאַכען).

פּראַדי : הלואי וואָלטען שוין אַלע אָדעסער מאַמזעלען געוואוסט אַזוי פון די דאָזיגע זאַכען, ווי זי ווייסט. סאָניע, קום נאָר אהער (אַ מיידעל געהט צו). זאָג מיר נאָר, איז עס אמת ? איך האָב געהערט, אַז דיין פריינדעל דאָבע לעמפּערט... (זאָגט איהר אין אויער). שוועסטערלעך, פינף חדשים נאָך דער חתונה און שוין....

סאָפיע : האָספּאָדאַ, טרינקט טיי ווי אין דער היים, און בלאָזט, איהר זאָלט זיך ניט אָבבריהען. בלאָזען שפּעטער, ווען מען בריהט זיך שוין אָב, איז זעהר ניט פּראַקטיש.

באָרים : זיי זאָלען טרינקען טיי ווי אין דער היים ? וואָס מיינסטו, סאָפיע, זיי זאָלען טרינקען אָהן פּיראָזשנע און מיט ווענִיג צוקער ? (אַלע לאַכען און טרינקען).

שטעמפּעל : ע, ע, ע, ברודער מאָטיע, וואָס האָסטו דיך שוין אָבגע־דעקט זעקס אויגען, דו האָסט דאָך נור פיער (שלעפּט צוריק די קאָרט). צוויי אויגען זיינען ביי דיר איבעריג, זיי מעגען דיר אַרויסקריכען צוריק (שלעפּט די קאָרט, פינגערהוט לאָזט ניט).

פינגערהוט : וואָס הייסט איבעריג ? ברודער, ווילסט מיך צימבלען ? איך האָב געשפּיעלט אין קאָרטען נאָך דאַן, ווען אויף דער וועלט איז נאָך קיין פיש ניט בעשאַפען געוואָרען. כניאָק דו, איך האָב דאָך ערשט געהאַט די זעקס און זעכציג.

שטעמפּעל : נו, האָסטו געדאַרפט אָבדעקען נור איינע, און דו האָסט אָבגעדעקט דריי מיט אַמאָל. נור איין אויג האָט אַ קאַמבאַלע, ניט דריי (שלעפּט די קאָרט). דו קאָמיסיאָנער מיט'ן פליעך...

פינגערהוט : נור איינע זאָגסטו ? ווי קומט עס ? זאָל זיין איך האָב אַ טעות געהאַט. זעהסט ? איך גיב דיר נאָך, איך פערדעק צוריק צוויי (ציטערט). קאָזיר ! (אַ פּאַטש מיט דער קאָרט איבער'ן טיש). אַרויס מיט קאָזיר ! האָסט קאָזיר ?

שטעמפּעל : וואָס איז דאָס פאַר אַ שוואַרץ יאָהר ? געהסט ווידער מיט'ן וואַלעט ? דו האָסט דאָך ערשט גענומען אַ וזיאַטקע מיט'ן וואַלעט ? דו שלעפּסט גאָר די קאָזירען צוריק ? מאַראַוויכער דו ! פושער !

פינגערהוט : ווער שלעפּט די קאָזירען צוריק ? איך ? ווער בין איך ביי דיר ? אַ שולער ? אַמאָליגע צייטען וואָלט איך דיר צופלאָכטען די פּאָלקע פאַר אַזעלכע זאַכען ! פע, מען דאַרף שפּיעלען אַ פּאַרטיע נור מיט אַן אַנשטענ־

דיגען פּארטנער. איך שפּיעל ניט מעהר מיט דיר! (דרעהט זיך אום מיט'ן רוקען, שרייט בייז) ע, טשערנע, דערלאַנג מיר אַ גלאַז טהעע!

שטעמפּעל: ניט מיר, ברודער, קען מען מאראָוויכען! איך בין מלך שטעמפּעל!

טשערנע (דערלאַנגט זיי טהעע): שאַ, שאַ, משוגעים! כדאי צו רייסען זיך איבער אַ שפּיעל. ווי אַזוי רופט איהר דאָס? איך האָב פערגעסען.

באָרים: האָספּאָדאַ, איך מאַך אַ פּאָרשלאַג, אַז מיר זאָלען עטוואָס בעסער זינגען בּאָראָם. וואו איז מיין גיטאַרע?

סאָפּיע: יאַ, יאַ, זינגען, וועט מען ניט הערען ווי די העהנער קרעהען.

ליזע: אָי, די גיטאַרע! (זי גיט איהם די גיטאַרע, ער קוועטשט זי ביי די פינגער, סאָפּיע בעמערקט עס).

באָרים (טאָנט אָן די גיטאַרע): אַנו, הברה, דרוזשנא. (זינגט) ווניז פּאָ מאַטושקע פּאָ וואָלגע (מאַניטשקע כאַפּט אונטער פאַליש). גוואַלד, גוואַלד, מאַניטשקע! (אַלע לאַכען). ווניז פּאָ מאַטושקע (אַלע זינגען, מלך און מאַטיאַס טרינקעןביידע טהעע אַנגעבלאָזען. סאָפּיע זינגט אויך מיט).

אַלע: בראַוואָ, בראַוואָ!

טשערנע (זינגט): פּאָ שיראָקאַמו ראַזדאַליו... הע, הע, איך האָב אויך אַמאָל געזונגען. פערגעסען, טפו זאָל עס ווערען!

באָרים: סאָפּיע זאָל איצט וועלען זיין אַ גוטע, וואָלט זי אונז געזונגען איינעם פון איהרע ראָמאַנסען און איך וואָלט אַקאָמפּאַנירט. סאָפּיע פּאָזשאַלוּיסטאַ, מאַמאָטשקאַ (אַלע בעטען).

סאָפּיע: אַ כלה, דאַכט זיך מיר, פּאַסט ניט צו זינגען און דערפאַר ווייל עס פּאַסט ניט, וועל איך טאַקע דוקא זינגען. עס איז אַ ראָמאַנס אויף די ווערטער פון אונזער רוסיישען דיכטער, עס רופט זיך „די פערוועלקטע בלום". מיר געפעהלען זעהר די ווערטער (דעקלאַמירט).

אין דעם שאַטען פון אַ הויכען בוים אַן אַלטען,<br>
האָט געבליהט אַ בלום אַ שעהנע און אַ צאַרטע.<br>
פּלוצלינג האָט אַ בליץ דעם שטאַרקען בוים צושפּאָלטען.<br>
געניינגט דאָס קעפּעל שטעהט די בלום, אַ טרוקענע, פערדאַרטע.<br>
די זון געהט אויף ווי פריהער שעהן אין דעם פריהמאָרגען,<br>
די פויגעל זינגען לוסטיג, דאָס לעבען קלינגט און שאַלט,<br>
דאָס בלימעל שווייגט און וועלקט, צודריקט פון איהרע זאָרגען.<br>
זי וויינט פון טוי מיט טרערען... איהר איז אומעטיג און קאַלט...

אַלע: בראַוואָ, בראַוואָסימאָ! (אַפּלאָדירען).

באָרים: יעצט נעהמט אייך צונויף מיט אַלע קרעפטען, איך וועל אייך

געבען אַ קאָנצערט... אויפמערקזאַם ; ע ! זשגי, זשגי ! גאוואַרי, גאוואַרי !
(פערוואַרפט די האָר פון קאָפּ קאָקעטיש און שפּיעלט. ליזע הערט אויפמערק־
זאַם, זי צואווייינט זיך פּלעצליך און לויפט ראַש אָב. באָרים שטעלט אַוועק
די גיטאַר און לויפט נאָך).

באָרים: ליזע, ליזע! וואָס איז מיט דיר, נאַר! (אָב. אַלע זיינען ער־
שטוינט. דאַן הערט מען זיין שטימע, דאַן אַ שטאַרקען קוש. ער פיהרט זי
אַריין ביי דער האַנד). עס איז גאָר ניט. די נערוועז אַ ביסעל, מיין מוזיק אַ
ביסעל... (שטיל צו ליזע). קיצקע זיי אַ קלוגעטשקע (זעצט זיך).

טשערנע: מויד, וואָס האָסטו זיך עפּעס צוכליפּעט אין מיטען
דערינען? טפו זאָלסטו ווערען!

פראַדי: נישקשה, ווערסט אויך חתונה האָבען. פאַר אידישע מיידלעך
איז ניטאָ קיין מאַנאַסטיר. ווי זאָגט דער גוי: אַבי קאָריטאָ, סוויני בודוט.
(ליזע וויינט העפטיגער).

טשערנע: וואָס וויינסטו, פרעג איך דיך? מויד מיינע, האָסט געזעהן
אַ ביסעל! (ליזע פערדעקט דעם קאָפּ, וויינט לויט. פּויזע).

סאָפיע (פערראויכערט אַ פּאַפּיראָס. גאַנץ רוהיג): איאָ, איהר ווייסט
ניט, וואָס זי וויינט? איך ווייס. ליזע וויינט, ווייל זי ווייס, אַז מאָרגען וועט
ביי מיר קיין חתונה ניט זיין. אויף מיין חתונה וועט זי ניט טאַנצען. (אייניגע
לאַכען). עס איז ניט קיין שפּאַס. איך וועל מיט באָרים'ן ניט חתונה האָבען.
איך האָב חרטה היינט, מאָרגען, ווייס איך, וועט שוין זיין שפּעט חרטה צו
האָבען (אַלע ערשטוינט).

טשערנע: וואָס איז היינט מיט אייך? טפו זאָלט איהר ווערען!
וואָס הייסט חרטה??

פינגערהוט: וואָס איז דאָס פּאַר אַ שפּיעל חרטה? ביי אַזאַ שפּיעל
רעמיזעט מען זיך.

סאָפיע: עס איז אַ ביטערער שפּיעל, איך זאָג אָבער ווי דו זאָגסט,
שפּיעלען אַ פּאַרטיע דאַרף מען נור מיט אַן אַנשטענדיגען פּאַרטנער.

שטעמפּעל: אויב דו מיינסט עס מיך, האָב איך דיך דאָרטען וואו
איך האָב דעם טאַטען דיינעם!

פינגערהוט: אָי שאַ, כאַם! סאָפיע, וואָס איז דאָס פּאַר אַ פּלאַן?
אַזאַ שידוך? מאָטיע פינגערהוט'ס טאָכטער. גאַנץ אָדעס ווייס, איך מאַך
חתונה...

סאָפיע: דיין פּלאַן בלייבט פּלאַן, דיין טאָכטער האָט חתונה, אָט די
טאָכטער מיין איך, דער איידים בלייבט, די פּאָטאָגראַפּיע בלייבט, און איך
בלייב פריי און וועל קענען אַרבייטען און געבען געלד. דו, מיר אַלע מאַכען

זעהר אַ גוט געשעפֿט. באָרים סטאַוואָראָפּאָלסקי! איהר האָט ליעב מיין שוועסטער און איך וויל ביי מיין שוועסטער איהר גליק ניט רויבען. איהר וועט זיין אַ גליקליכע פּאָר.

**באָרים** (צומישט): סאָפּיע, גאָט איז מיט דיר, וואָס מיינסטו? איך קען עס ניט פערשטעהן. וואָס רעדסטו דאָס? גאָר ניט, זי געפעהלט מיר אַ שטיעף צו טהאָן, יעדער מאַן וואָלט זיך דאָס ערלויבט, אָבער איך שווער...

**סאָפּיע**: דו האָסט ערשט געזאָגט דאָ, אַז דו ליעבסט זי זעהר. ווען דאָס איז וואַהר, וואָרום זאָל איך ביי מיין שוועסטער איהר געליעבטען רויבען? וואָרום זאָל איך מיך פעראייניגען מיט אַ מענשען, וועלכער וועט מיך ניט געהערען מיט זיין גאַנצער זעעלע, מיט זיין גאַנצען לעבען?

**באָרים**: ניין, עס איז ניט געווען ערנסט. גלויב מיר, סאָפּיע. דו דאַרפסט ניט גלויבען...

**סאָפּיע**: דו ווילסט, אַז איך זאָל דיר גלויבען, אַז מען דאַרף דיר ניט גלויבען? איך ווייס עס און איך זאָג דיר, אויב דו האָסט איהר געזאָגט אַ ליגען, וויל איך ניט זיין די פרוי פון אַ ליגנער! אַזוי איז דאָס. מאָרגען וועלען מיר טאַנצען אויף מיין שוועסטער'ס חתונה. ליזע, איך וואָלט דיר געשענקט מיין חופּה־קלייד, אָבער ליידער עס וועט דיר ניט פּאַסען. נישקשה, אין אדעס קען מען יעדער זאַך קריגען אויף פּראָקאַט, און אַ חופּה־קלייד, וועלכעס מען גיט אויף פּראָקאַט יעדען, איז פּראַקטישער און ביליגער. זעהסטו, מיין צימער קענסטו האָבען אַזוי ווי עס איז. (מיט טרערען) איך האָב עס אויפגע־רוימט מיט געשמאַק, יעדע זאַך האָט געהאַט ביי מיר אַן אַנדער בעדייטונג. איך האָב געטרוימט עס וועט זיין אַ נעסט... נישקשה, אייער וואַהרע ליעבע וועט קענען בליהען אויך אין אַ פרעמדען נעסט. אָבער גענוג טענה'ן, איך בין קיין כלה ניט מעהר און דער שידוך איז קיין שידוך ניט מעהר.

**באָרים**: סאָפּיע, בעדענק דיך וואָס דו טהוסט! דו האָסט אָפען דאָ פאַר מענשען....

**סאָפּיע**: טהוט אַ מענש עטוואָס, דאַרף ער פיהלען, אַז ער האָט אַ רעכט דאָס צו טהאָן, און אויב ער האָט רעכט, דאַרף ער עס טהאָן אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט.

**באָרים**: אָבער גאָט איז מיט דיר, סאָפּיע, ווי קענסטו? דו האָסט פערגעסען?

**סאָפּיע**: איך האָב גאָר ניט פערגעסען, אויך דאָס דאַרף וויסען די גאַנצע וועלט.

**באָרים**: וואָס ווילסטו טהאָן? (ער לאָזט זי ניט רעדען, זי בעפרייט זיך).

סאָפּיע: יא, אויך דאָס דאַרף די גאַנצע וועלט וויסען. איך פיהל, דאָס איך וועל דאַרפען מוטער ווערען. איך שעם מיך ניט. איך האָב דעם מענשען געליעבט און ווער עס ליעבט טריי, מוז טרויען, גלויבען, אַלעס אין דער וועלט אָפּפערען. יא, איך האָב געטרויט און געאָפּפערט, דאָס אָבער וועט מיך ניט צווינגען חתונה צו האָבען פאַר איהם, ווען איך פיהל און פערשטעה, אַז איך דאַרף זיין פרוי ניט זיין.

טשערנע: אָי, וועה איז מיר, וואָס פאַר אַן אונגליק! וועה איז מיר! (וויינט).

מאַניטשקע: וואָס בעדייטעט דאָס? וואָס זאָגט זי, מאַמע?

פראַדי: שטיל! דו דאַרפסט עס ניט וויסען. קום אַהיים, מלך, קום אַהיים!

מלך: אַהיים. מע שלעפּט דאָ די קאָזירעם פון פעסעל. (אַלע שטעהען אויף, קוקען מיט פעראַכטונג אויף סאָפּיע'ן).

פינגערהוט: וואָס האָסטו געטהאָן? בערעכען! אַ קלוגע מאַמזעל דערצעהלט אַזעלכע זאַכען?

סאָפּיע: איך געה אַרויס אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט און זאָג, איך בין געווען בלינד, איך האָב געטהאָן אַ פעהלער, עס איז מיין טעות און מיין אונגליק. עס איז קיינעמס זאַך ניט, איך נעהם אויף זיך אַליין די פער־אַנטוואָרטליכקייט! פרעמדע מענשען מיט זייער פאַלשע פרומקייט און שיינ־הייליגקייט, מיט זייער אָבלאַכען און פערשפּאָטען, וועלען מיך ניט צווינגען צו פערשטיקען, פערבאָרגען די וואַרהייט און טהאָן עטוואָס געגען מיינע געפיהלען. אויב איך וועל מוטער זיין, וועל איך אַליין קענען זאָרגען פאַר מיין קינד! מיך שרעקט קיין זאַך ניט, איך וויל זיין פריי און עהרליך אין מיינע טהאַטען, עהרליך ווי איך פערשטעה, ניט ווי די מומע פראַדי און דער פעטער מלך, און זיי אַלע!....

פראַדי (בעליידיגט): קומט, קומט אַוועק פון דאַנען, שוועסטערלעך, און איך האָב געלאַכט פון דאָבע לעמפּערט'ס. איך האָב ניט געוואוסט, אַז מען טאָר ניט רעדען פון אַ געהאַנגענעם, ווען אַ געהאַנגענער איז דאָ אין דער משפחה. אַהיים! (אַלע מיידלעך טהוען זיך אָן).

סאָפּיע: איהר ענטלויפט? איהר שעמט אייך שוין מיט מיר? כאַ! כאַ! כאַ! אין דער פינסטער קנייפּען זיך ערלויבט איהר, אָבער אָפען ליעבען, אָפען, ווי אונזערע וואַהרע געפיהלען דיקטירען אונז, דאָס איז אַ שאַנדע. יא, עס וועט מיר זיין זעהר ביטער צו וויסען, אַז מענשען שעהמען זיך מיט מיר, עס וואָלט מיר אָבער געווען פיעל ביטערער צו פיהלען, דאָס איך דאַרף מיך

שעמען מיט זיך אַליין (לאַכט און וויינט). מוסיו פינגערהוט, עס איז אַ ביסעל אַ לאַ גאַריבאַלדי דע פּאַמפּאַדור, האַ? עס מאַכט ניט אויס. און דאָס וואָס זיי, די אונשולדיגע, ענטלויפען, שרעקט מיך אויך ניט. מיר איז נור שווער צו פיהלען, אַז אַלע מיינע האָפנונגען, אַלע מיינע ערוואַרטונגען, אַלע מיינע זיסע טרוימען... אָי, אָי! (פאַלט צום טיש מיט'ן קאָפּ און וויינט ביטער).

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

## צווייטער אַקט.

(אַ זאַל ביי שטעמפּעל אין הויז. רייכע מעבעל אָהן געשמאַק, אַ פּיאַנאָ, מאַניטשקע, שעהן אויסגעפּוצט, שטעהט ביי איינער פון די איננערסטע טהירען און קוקט אַריין בגנבה. פּראַדי קומט אַריין, מאַניטשקע דערשרעקט זיך און שפּרינגט אָפּ פון דער טהיר).

פּראַדי: וואָס האָסטו געטהאָן, דו גנב? האָסט אַריינגעקוקט צו איהם, הא?

מאַניטשקע (פערשעמט): איך האָב געוואָלט וויסען, וואָס ער טהוט. פריהער, באַלד נאָכמיטאָג האָט ער... אָי, איך שעם מיך צו זאָגען.

פּראַדי: מיר מעגסטו זאָגען, נאַר, אַ מאַמע וויים אַלץ.

מאַניטשקע: ער האָט אויסגעטהאָן דעם ראָק און האָט זיך געלעגט אויף דער קושעטקע.

פּראַדי: דאָס איז ביי דיר אַ חידוש? ער איז מיעד פון וועג. אַ קלייניגקייט, דריי טעג העצקען זיך אויף די אייזענבאַהנען.

מאַניטשקע: און ווען ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך אָבגעוואַשען. פריסקע האָט איהם דערלאַנגט וואַסער. אַליין איז ער אַ שוואַרצער, און זיין לייב איז וויים ווי זילבער, אָי, איך מיין די הענד... אָט דאָ... ביז דאַנען (שעהמט זיך) און איצטער האָט ער זיך אַרויסגערוקט דורכ'ן פענסטער און קוקט אויף דער גאַס.

פּראַדי: אַ חידוש נו, ער האָט אַזאַ צייט ניט געזעהן אדעס — די גאַנצע שטאָדט וויים דאָך שוין אַז ער איז דאָ. מען שלאָגט אָב די טהירען. טראַכטענבערגשע איז געקומען יאַקבי לייען אַ שערעל, פריילין סמיק איז געקומען פרעגען וויפיעל איז דער זייגער, זייער זייגער האָט זיך יאַקבי געשטעלט, פון די כלאָמזיקעס איז מען דאָ געווען צוויי מאָל, אַלע ווילען איהם נור זעהן. מאַניטשקע, אַלע מיידלעך וועלען דיר מקנא זיין און עס איז דאָ וואָס.

מאַניטשקע (פערשעמט): אָי, מאַמע, איך פערשטעה ניט וואָס דו מיינסט. זאָג בעסער, מיר פּאַסט אָט די רויטע לענטע? אָי, ווער געהט? (שטעמפּעל קומט אין אַ פערשמאָלצענעם ראָק).

פּראַדי: דו האָסט שוין פערשלאָסען די קלייט? קלאַפּ ניט מיט דיינע טשאָבאַטעס.

שטעמפעל: היינט האָב איך מיך אומיסטען פריהער אופּראַוועט צוליעב דעם גאַסט. וואו איז דער בחור? דאָרטען? דריכנעט נאָך, הא?

פראַדי: שאַ! ווארף אַראָב פון זיך דעם פערשמאָלצענעם פּאַלמער־סטאָן, עס שמעקט פון דיר פיש, גלייך דו האָסט מיט זיך געבראַכט דעם גאַנצען ריבנע ריאַד.

שטעמפעל: ווי? עס שמעקט? איך האָב היינט אַראָבגעשטופּט אַ גאַנצע פּאַרטיע ניט קיין פרישען טשוכאָן. מאַניטשקע, גיב מיר מיין באַלאַט. (זי נעהמט זיין ראָק מיט די שפּיץ פינגער און גיט איהם זיין כאַלאַט). ע, האָספּאָדין סקאַוואָרדין! (עפענט די טהיר). מאַניטשקע, ער וועט זיך אַרויס־כליופּען פון פענסטער. געה האַלט איהם צו פאַר די הינטערסטע פיס־נאָהעם.

מאַניטשקע: אָי, פּאַפּאַ, אַזוי צו רעדען! אָי, ער געהט, דאַכט זיך, אהער!

פראַדי (שטיל): זאָג דעם אמת, ער האָט דיך שוין געקושט?

מאַניטשקע: נור צוויי מאָל. (פערשעמט) אָי, שאַ! (אַ פּ אָ ל אָ ן קומט אַריין פון זיין צימער).

שטעמפעל: נו, האָסט זיך שוין אַ ביסעל אויסגעטשוכעט? לאָז מען אונז געבען טיי. פון וועג קומט מען שטענדיג מיט געבראָכענע ביינער.

פראַדי: איהר וועט טרינקען טיי? בין איך דאָך אַ חכמה, וואָס איך האָב געהייסען פריסקען שטעלען דעם סאַמאָוואַר. איך גיב אייך שוין טיי. אָה, הער זאָנענשיין, צי ווי אַזוי זאָל איך אייך רופען? האָב איך סוכערלעך! עס צוגעהט איז מויל. איהר וועט אומיסטען פערזוכען (אָב).

אַפּאָלאָן: מערקווירדיג, ווי אָדעס האָט זיך איבערגעביטען פאַר דער צייט. זי איז געוואָרען פיעל שעהנער. ניט אומזיסט רופט מען אדעס „יוזשנאַיאַ קראַסאַוויצאַ“. פּושקינסקי גאַס קען מען גאָר ניט דערקענען, דאָס האָט ראלי אויסגעבויט אַזאַ מויער? אָה, וויפיעל עראינערונגען אויף יעדען טריט און שריט וועגען די פערגאַנגענע גליקליכע קינדער־יאָהרען! אויך איהר, מאַניטשקע, זייט פערענדערט געוואָרען... צום בעסערען....

מאַניטשקע (פערשעמט): איך ווייס ניט, איך זעה זיך אַלע טאָג, בעמערק איך ניט.

שטעמפעל: וואָס דען מיינסטו, ברודער? פערגעס ניט, ביזט שוין אין אדעס ניט געוועזען אַ האַלב צעהנדליג יאָהרען. אין דער צייט איז אַוועקגע־שוואומען אַ סך פיש.

אַפּאָלאָן (געהט צו דער פּיאַנאָ): דאָס איז ביי אייך אַ נייע פּיאַנאָ? (נעהמט אַן אַקאָרד) פּוי!

שטעמפעל: פּוי גאָר! פּונקט אַזאַ פּאָרטעפּיאַן האָט דער וואָיענער

ראָקטאָר ראָזען, ער איז אַ דעיסטוויטעלני סטאַטסקי סאָוויעטניק, אַ גענעראַל מיט רויטע פּאָדקלאַדקע. ברודער, האָסט זיך אַריינגעכאַפּט אין פּעסעל...

אַפּאָלאָן: מיט רויטע פּאָדקלאַדקע אַ גענעראַל? אָה! דאַרף עס זיין גוט. נו, און איהר, מאַניטשקע, ווי וויַיט זייט איהר מיט אייער מוזיק?

שטעמפּעל: ע, זי האָט שוין לאַנג אָסטאַוועט. ווי זאָגט מען: ניט יעדער פיש איז אַ טאַראַן.

מאַניטשקע: די לעהרער האָבען געזאָגט איך האָב גוטע פינגער, אָבער זעהר אַ שלעכט אויער (שעמט זיך).

אַפּאָלאָן: הייסט עס, איהר וועט שוין געוויס מיר קיין קאָנקורענט ניט זיין?

מאַניטשקע (שמייכעלט): איך פערשטעה ניט וואָס איהר מיינט.

שטעמפּעל: וואָס פערשטעהסטו ניט? ער זאָגט דו וועסט איהם ניט זיין קיין שונא.

אַפּאָלאָן: נו, און וואָס גיבט עס זאָנסט נייעס אין אדעס? איז דאָ דעם ווינטער ביי אייך געוועזען אַ גוטע איטאַליענישע אָפּערא? (פּראַדי מיט טהעע).

מאַניטשקע: איך קען אייך ניט זאָגען, איך האָב דעם ווינטער איין מאָל געזעהן „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקא“. אָט סאָפיע, זי וויים אַלע אָפּערעס און אַלע ליעדער, זי וועט דאָ זיין היינט, איך האָב זי געבעטען זי זאָל קומען.

פּראַדי: זי! אַ שלאַג האָט מיך געטראָפען!

אַפּאָלאָן (שטעהט אויף ערשראָקען): וואָס איז געשעהן?

פּראַדי: פערזוכט מיינע סוכאַרלעך — אַן אַנטיקעל! (שטיל צו מאַניטשקע'ן) ביזט אַראָב פון זינען? זי איינלאַדען, ווען אַזאַ גאַסט? אָי!...

מאַניטשקע: זי קען רעדען אַלע זאַכען בעסער פון אונז און עס וועט זי קרענקען אויך...

אַפּאָלאָן: סאָפיע? דאָס איז אייער פריינדעל? הארט אויס, ווי אַזוי רופט מען איהר פאָטער? אַזאַ טשוראַק... לעבט ער נאָך מיט די באַקענ־בערד און מיט דער גאַנצער לבנה אויף זיין קאָפּ? (טרינקט טיי).

מאַניטשקע: זיין נאָמען איז מאַטיאַס פינגערהוט — סאָפיע איז זיין טאָכטער, ער איז מיין אָנקעל.

אַפּאָלאָן: אַך, יא, מאַטיאַס פינגערהוט! אַ פּראַנט מיט אַ צילינדער. פון פאָרענט די שטיוועל אויסגעפּוצט, פון הינטען אויסגעקרימט. סאָפיע איז זיין טאָכטער? ראַכט זיך, אַמאָל געוועזען ניט קיין מיאוס'ע. וואָס־זשע, זי האָט נאָך ניט חתונה געהאַט? אהאַ, איך מיין, זי דאַרף שוין זיין אַ מאַמזעל אין יאָהרען.

פראַדי: יא, אין יאָהרען... אַ מאמזעל אומשטיינס געזאָגט. מיט אַ יאָהר פינף צוריק האָט זי שיער ניט חתונה געהאַט, אָבער עס האָט זיך גע־טראָפען אַ סיבה. ניט דאָ געדאַכט... אַזוי... ווייס איך וואָס. אַ דריי יאָהר זיינען מיר געוועזן מיט זיי אַלע פון דער ווייטען, אפילו ניט גערעדט... חלילה! איצט, אַז עס איז שטיל געוואָרען, קומען זיי אַמאָל, איהר מאַמע איז דאָך מלך'ס שוועסטער. (שטיל) דו האָסט זי נויטיג דאָ געדאַרפט? אַ שעהנער יחוס אין דער משפחה.

שטעמפעל: פרימערנע, ווי זאָגט מען, אויף איין קרוטשאָק כאַפּט זיך אַרויף אַ שלייען, אַן אָקון, אַ ליאשץ: ראַזנע פיש, ראַזנע מענשען.

מאַניטשקע: איהר צווייטע שוועסטער, ליזע, האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פאָטאָגראַף, באָריס סטאַוואָראָפּאָלסקי. איהר קענט איהם? געוועזן אַמאָל זעהר אַ שעהנער, איצט געפעלט ער מיר ניט.

שטעמפעל: ער ליעגט איצט אין דער ערד מיט זיין טיפּאָגראַפיע.

מאַניטשקע: פאָטאָגראַפיע מיינסטו.

שטעמפעל: יא, טיפּאָגראַפיע... און באַקט בייגעל. ער זשאַרעט זיך נעבעך ווי אַ ביטשאָק אויף אַ סקאָוואָראָדע.

פראַדי: און זי נעבעך, זיין ווייב, די ליזע, זי האָט די טשאַכאָטקע, ניט פאַר מיר געדאַכט. (פערטרויליך) איהר הערט? ביי סאָפּיע'ן האָרעוועט זיך אַ מיידעלע, שוין דאָס פינפטע יאָהר, דאָס איז אַזוי צו זאָגען איהר שוועסטער ליזע'ס ערשטע קינד.

שטעמפעל: זי איז זעהר אַ בידאָווע, אָט די סאָפּיע. פון אָנפאַנג ווען זי איז אַרויס מיט דער ריבאָלאָווסטווע, איז איהר געוועזן זעהר שווער. זי האָט זיך געשלאָגען ווי אַ פיש אָן אייז, געלאַכט האָבען פון איהר אי זשוק אי זשאַבאַ, יעדע זלידנע האָט זי געשטורכעט, — זי האָט זיך אָבער פאָרט אַרויסגעקאַראַבקעט. זי פערדיענט איצט ביז 75 רובעל אַ חודש, אַ בריה, אַ רות אין איהר טאַטענס פיסק אַריין.

אַפּאָלאָן (שטעהט אויף, איראָניש): זעהר, זעהר אינטערעסאַנטע נייעס, אָבער ליידער, איך מוז אייך אויף אַ קורצע צייט פערלאָזען, איך וועל מיך געהן אַ ביסעל איבערטהאָן. איך דאַרף היינט מאַכען אַ פּאָר וויזיטען. מאַדאַם שטעמפעל, אייערע סוכאַרלעך — אַ מייסטערווערק, זיי זיינען זעהר שטאָפּיג און איך מיין, זעהר גוט צו מאָגען־קאַטאַר.

פראַדי: זיי זיינען גוט צו אַלע זאַכען. (אַפּאָלאָן געהט).

מאַניטשקע (שטעהט אויף): אַך, איהר געהט אַוועק? סאָפּיע וועט קומען און אַנדערע. איך האָב סאָפּיען צוגעזאָגט...

אַפּאָלאָן: זאָגאַר סאָפּיע? ווי איך זעה, איז זי זעהר אַ גרויסע פּער־

זענליכקייט, הם! איך מוז אָבער נאָך היינט בעזוכען מיין אַלטען גוטען פריינד און טייערען לעהרער פעלדוי. איך האָב צו איהם וויכטיגע בריעף פון פעטערס־בורג. ניש'קשה, מאַניטשקע, איך וועל ניט פערשפּעטיגען צו בעקענען זיך מיט פריילין סאָפיע פינגערהוט, אויב איך וועל עס געפינען פיר נויטיג (אָב אין זיין צימער).

פראַדי (שטיל צו מאַניען): זאָל דיך גאָט היטען, פלאַפּלען! א קליינינגקייט, אַ קינד אָהן אַ טאַטען איז דאָך ערגער ווי אַ משומד אין דער משפחה. האָסט בעסער געהערט, מלך? מען זאָגט פריעדמאַן דער ווייצ־הענדלער האָט צוויי סאָדערזשאַנקעס, איינע אַ ברונעטקע, און איינע אַ בלאָנדינקע. יא! הערסט!... איז זונטאָג (שטיל) און מאָנטאָג... (זאָגט איהם אויפ'ן אויער).

שטעמפּעל: מאַראָטשע מיך ניט! מאַניטשקע, דו האָסט סאָפיע'ן ניט געדאַרפט איינלאַדען, זי איז ביי אונז ניט אַזאַ בעלאָריביצע אין דער משפחה, און, „איבער'ן הויפט" וואָס קען איהם אינטערעסירען אַזאַ אָסאָבע?... (זופּט טיי. אַ גערויש). שאַ, ווער שווימט עס? טיו! סקומבריא! סקומבריא! (מיידלעך קומען, מאַניטשקע לויפט זיי ענטקעגען, קושען זיך, דאַן זעצען זיי זיך אַלע אָן אַ זייט).

אַלע: מיט ליעב אייך מיט אייער גאַסט, מאַניטשקע.

איינע: ווען איז ער געקומען?

צווייטע: ער איז דאָ איצט?

דריטע: ווי זעהט ער אויס? איז ער אַ גרויסער? אזוי אַ שטאַרקער?

ערשטע: ער... (זאָגט מאַניטשקע'ן אויפ'ן אויער).

מאַניטשקע: משוגע'נע, די מאַמע קען דערהערען.

אַלע: איז ער שעהנער געוואָרען?

מאַניטשקע: איהר וועט איהם באַלד זעהן. ווי מיר ווייזט אויס, איז ער געוואָרען מיאוס. ער ווייזט שוין ניט אויס ווי אַ קאַוואַליער, ער ווייזט אויס ווי אַ מאַן.

פראַדי: אָט דאָס איז אַ חסרון ביי דיר? אָי, דו נאַר. מאַמזעלען, וועט איהר טרינקען טיי? (ניין, דאַנקע.) איהר האָט געהערט? טייטעלבוים'ס שנור, אָט די קורנאָסע, זי האָט דאָך... אָי, (דערצעהלט שטיל). שאַ, ווער געהט עס נאָך? (טשערנע און מאַטיאַס קומען. פראַדי ווינקט מיט איין אויג צו די מיידלעך). איהר זעהט, פאָרט אייגענע. זיי וואַרטען ניט, מען זאָל זיי בעטען. וואָס מאַכסטו, טשערנע? (קושען זיך).

שטעמפּעל: די פאַהאַווארקע זאָגט, אַ ניט געבעטענער גאַסט איז ערגער פון אַ טאָטער. נו, זיצט. דו רויכערסט נאָך אַלץ פון באַקום'ס פאַבריקע?

נא, רויכער, כאַפּט דיך דער וואַטע־מאַכער...

פינגערהוט (שמעקט): ביי איך שמעקט מיט רויע פיש. איידער מען לאָזט איהם צווישען מענשען, דאַרף מען איהם גוט אויספּלאַשצען אין א מולטער מיט וואַסער, אַזוי ווי אַ קינד, מיט וועלכען עס טרעפט זיך אַן אונגליק. (פערוויכערט, שטעקט אַריין די פּאַפּיראָס אין זיין לאַנגען פּאַפּי־ראָסניק).

טשערנע: וואָס זאָגסטו פּאָרט, איך האָב ווייעדער פערגעסען דעם קינד׳ס בילד — אַ קאָפּ, טפוי זאָל עס ווערען... אַזוי פיעל מאָל צוגעזאָגט....

פראַדי: דעם קינד׳ס בילד! אָך, שאַדע! הם, הם! (ווינקט צו די מאַמזעלען, זיי מאַכען אַלע גרימאַסען). נו, ניש׳קשה, וועסט ברענגען אַן אַנדערש מאָל. ניט קיין אונגליק...

טשערנע: וואָס האָט זי היינט עפּעס געזאָגט פאַר אַ חכמה? מיר האָבען אַזוי געלאַכט... ע, פערגעסען. אַ קאָפּ, טפוי זאָל עס ווערען!

פראַדי (שטיל צו אַ מיידעל): נו, יא, זי האָט אַ ממזר׳שען קאָפּ אויף זיך...

פינגערהוט: וואָס איז ביי דיר דאָס אַ נייער אינסטרומענט? (צייגט אויף דער פּיאַנאָ).

שטעמפּעל: אַן אינסטרומענט גאָר! וואָס מיינסטו, איך בין אַ סטאָליער? דאָס איז אַ פּאָרטיפּיאַן... אַז ער האָט זיך שוין יאָ אויסגעקראַצט צו קומען, האָב איך שוין צוגעגרייט אַ נייעם און אַ טייערען, ווי דו זאָגסט, אַ ווערסטאַק. ברודער, מיר האָבען שוין געמיינט, אַז פון דער גאַנצער קאָמער־ציע וועט אַרויסקומען פוילע פיש, ערשט ויבא, ער איז דאָ. זיין „קאָנסעמאַ־טאָרי“ האָט מיך גענוג געקאָסט... שאַ!... (אַ גערויש. אַפּאָלאָן פון זיין צימער אין אַ שוואַרצען ראָק מיט נייע האַנדשוה, נייגט זיך העפליך). אָט דאָס איז דער בחור, אַ קאַרפּ, האַ?

פינגערהוט: איך האָב די עהרע... איך האָב איהנען געקענט, ווען איהר האָט נאָך געקענט שפּאַצירען אונטער אַ בילאַרד... מאַטיאַס פינגערהוט, מאַדאַם פינגערהוט. (נייגט זיך קאָמיש).

אַפּאָלאָן (האַלט זיך קוים איין פון לאַכען): עס פרעהט מיך זעהר. יא, איך עראינער מיך. דער זעלבער העהר מאַטיאַס פינגערהוט. יא, יאַ.

מאַניטשקע (געהט צו איהם): ערלויבט מיר צו רעקאָמענדירען: מאַשע טראַכטענבערג, ביילע הוזיק... פריילין סמיק...

אַפּאָלאָן (פערבייסט אַ ליפּ): הוזיק? עס פרעהט מיך זעהר, פריילין סמיק — זעהר אַנגענעהם (דריקט זיי די הענד).

פראַדי (צו אַפּאָלאָן): זיצט אַ ביסעל מיט אונז. וואָס זאָלען מיר

טהאָן, אז מענשען זיינען דאָך געקומען און ווילען זעהן אונזער חתן? זאָלען זיי זעהן, אז עס איז, קיין עין הרע, דאָ וואָס צו זעהן.

שטעמפּעל: זעה בעסער ווי אונזער מוזינקע שעמט זיך. כע! כע! כע!

פינגערהוט: אַמאָל האָט דער „עפּיקעט" געפאָדערט, מיידלעך זאָלען זיך שעמען, היינט איז שעמען אַרויס פון דער מאָדע. ווער שעמט זיך אין אונזערע צייטען? (גלעט דעם פּליך) זיצט מיט אונז, מוסיו.

אַפּאָלאָן (זעצט זיך): איך קען ליידער לאַנג מיט די געסט ניט זיצען. איך מוז היינט אונבעדינגט אַ פּאָר וויזיטען מאַכען (ציהט אָן די האַנדשוה).

מלך: אָי, ברודער, דו נעהם בעסער און גיב אונז אַ שפּיעל אַ ביסעל — טראַך, טאַראַראַך!

אַפּאָלאָן: אַ ביסעל אַ שפּיעל, (ערנסט) ניין, ניין, היינט ניט. היינט געוויס ניט.

שטעמפּעל: אַזוי, נור אַ פּאָר שטוקעס און נאָכדעם וועלען מיר עפּעס נעהמען אין מויל. איך האָב געבראַכט קעפּאַלנע איקראַ און האָב אַ פלעשעל ראָם יאַמאַיסקי...

אַפּאָלאָן: ניין, דאַנקע, איך מוז געהן.

פינגערהוט: איך געדענק, מיט אַ יאָהר 20—15 צוריק האָט דאָ אין אדעס געגעבען אַ קאָנצערט אַ בעריהמטער פּיאַניסט וועניאַוועסקי. איך בין געוועזען אַ בעלן איהם צו הערען. דאָס קען זיך נאָר מאַטיאַס פינגערהוט ערלוי־בען. 5 קערבלעך פאַר אַ בילעט. אָבער עס איז געוועזען כדאי. איך זאָג איהנען, זאָ וואַס האַב איך ניכט געהערט.

אַפּאָלאָן: יאַ, ריכטיג, זאָ וואַס האָט איהר ניט געהערט (לאַכט).

פינגערהוט: ווי מיינען זי? איך זאָג, דאָס דער, דיעזער... דאָזיגער וועניאַוועסקי האָט געשפּיעלט, פּס!

אַפּאָלאָן: יאַ, וועניאַוועסקי האָט זעהר גוט געשפּיעלט, אָבער ער איז ניט געוועזען קיין פּיאַניסט, ער האָט געשפּיעלט פּיעדעל.

פינגערהוט: פּיעדעל, זאָגט איהר? הם! ווי קומט דאָס? איך וועל אייך זאָגען, אַזוי פיעל יאָהר צוריק, איך געדענק ניט, צו פּיעדעל צו פּיאַנאָ, אָבער ער האָט געשפּיעלט גרויסאַרטיג.

אַפּאָלאָן: אויסגעצייכענט! (שטעהט אויף, נעהמט זיין הוט) אַלזאָ!

שטעמפּעל: ברודער מאָטיע, ביזט אין פּעסעל... כאַ! כאַ! כאַ!

מאַניטשקע (געהט צו איהם פערשעמט): די מאַמזעלען ווילען אַזוי, איהר זאָלט עטוואָס שפּיעלען.

אַפּאָלאָן (ענטשלאָסען): ניין! היינט ניט! מיינט ניט, מאַניטשקע,

מען קען און מען דאַרף צו יעדער צייט פיר יעדען איינציגען שפּיעלען. ענט־שולדיגט, מיינע הערשאַפטען. איך געה!

**מאַניטשקע** (ערשראָקען): סאָפיע וועט געוויס קומען, איך האָב זי אַזוי געבעטען. זי וועט בעז ווערען. זי איז זעהר אַ שטאָלצע.

**אַפּאָלאָן**: זעהר אַ שטאָלצע אויך! דאָך, איך האָף, שרעקליכעס וועט ניט פּאַסירען. און אויב זי וועט בעז ווערען, וועט איהר זי געוויס קענען איבערבעטען. אויפ׳ס וויעדערזעהן! (נייגט זיך צו אַלע מיט׳ן רוקען צום טהיר).

(סאָפיע אַריין אין טהיר. שעהן, ניט רייך, אָבער זעהר עלעגאַנט געקליידעט).

**מאַניטשקע**: און אָט איז סאָפיע! (אַלע צייגען זיך פריינדליך צו איהר).

**פראַדי**: שקאָציל קומט, אויף דיר האָבען מיר זיך געוויס ניט גערעכט. (אַפּאָלאָן קעהרט זיך אום צוריק, בלייבט שטעהן).

**סאָפיע**: איך בין געקומען, מומע פראַדי, אויף איין מינוט. מאַניטשקע האָט מיך זעהר שטאַרק געבעטען. (נעהמט געגען שפּיעגעל איהר הוט אַראָב). אָי, איך בין מיעד! ערשט געענדיגט די אַרבייט... און דאָס איז דער בעריהמטער חתן פון דער „קאָנסעמאַטאָריע“? (אַפּאָלאָן נייגט זיך). וואָס־זשע, איהר האָט שוין אָבגעגעסען פיש, און איהר געהט שוין? (מלך קוקט אויף איהר בעז. אָב צו זיך אין צימער).

**אַפּאָלאָן**: פיש האָב איך נאָך ניט געגעסען, אָבער איך האָב גערענקט צו בעזוכען מיין אַלטען גוטען לעהרער פעלדוי. איהר האָט געהערט דעם נאָמען?

**סאָפיע**: ווער האָט אין אָדעס ניט געהערט פון דיעזען אַלטען גוטען בראַווען קינסטלער, וועלכער האָט פיר די מוזיקאַלישע וועלט זאָ פיעל געלייסטעט און וועלכער האָט זאָ פיעל טאַלענטפאָלע שילער? איך וויים, איהר זייט אויך זיין שילער, איך האָב אָבער אייך ניט געמיינט מיט׳ן וואָרט „טאַלענטפאָלע“. (זעצט זיך).

**אַפּאָלאָן**: פיר אייער גוטעס וואָרט וועגען מיין לעהרער דאַנקע. פערלאַנגט איהר פיליכט אויך איך זאָל בלייבען?

**סאָפיע**: אויב איך פערלאַנג? דאָס פאַלט מיר גאָר ניט איין. מומע פראַדי, אַז איך בין שוין יא דאָ, נעהמט מיך צו פאַר אַ גאַסט און גיט מיר אַ גלאָז טהעע. הער זאָגענשיין, אויב איהר ווילט בלייבען מיט אונז, האָב איך געוויס ניט דאַגעגען, נור אויב איהר דאַרפט געהן, וואָג איך אייך ניט צוריק צו האַלטען... (קעהרט זיך אָב פון איהם). מאַניטשקע, קום נור אַהער.

זעהט נור ווי זי שיינט היינט! דאָ איז יעצט ווירקליך זאָנענשיין! (געלעכטער).

פינגערהוט: כאַ! כאַ! כאַ! איהר הערט? זאָנענשיין! זי איז אַזאַ גנב ווי דער טאַטע איהרער. (גלעט דעם קאָפּ). (אַפּאָלאָן האָט ניעדער־געלעגט זיין הוט אויף די פיאַנאָ, אַרונטערגענומען די האַנדשוה און האָט זיך געזעצט נעבען פיאַנאָ מיט'ן רוקען צו די קלאַווישען).

טשערנע: אַך, דו זאָלסט זיין בעסער געראָטען אין איהר, וואָלט געווען אַ סך בעסער.

פראַדי (שטיל צו אַפּאָלאָן): אויב איהר דאַרפט געהן, דאַרפט איהר זיך ניט מיט איהר זשעמענירען.

אַפּאָלאָן: עס מאַכט ניט אויס. (צו סאָפיע) מען זאָגט, אַז איהר זייט זעהר אַ פלייסיגע אָפּעראַ־בעזוכערין.

סאָפיע. איך געה איין מאָל אין דער וואָך אין דער אָפּעראַ. דאַמיט געווין אין צוויי זאַכען: איך הער גוטע מוזיק און ווען איך הער מוזיק, קען איך ניט הערען קיין נאַרישקייטען. דאָס אונגליק איז נור, וואָס עס זיינען דאָ אַנטראַקטען.

אַפּאָלאָן: עס מוז זיין אַן אַנטראַקט... צווישען די אַקטען זאָל דאָס אויער אָברוהען. (מלך קומט צוריק מיט אַ פרישע גלאָז טהעע, זעצט זיך ביי אַן אַנדער טיש).

סאָפיע: אנשטאַט אָבצורוהען, דאַרף מען הערען קריטיקען פון אונזערע מבינים... ביי איינעם האָט דער טאַטע געשפּיעלט אויף אַ טראָמבאָן, רעכענט ער זיך פאַר אַ פאַכמאַן אין מוזיק און מאַכט אַ תל פון וואַגנער מיט איין פערדישען הירזשע. (ער לאַכט) דער אַנדערער איז אַ גרויסער מבין אויף מוזיק רערפאַר, וואָס זיין באָבע קויפט אַלע ערב שבת פיש ביי מיין אָנקעל ר' מלך שטעמפּעל! (אַלע לאַכען. מלך זופּט טהעע בייז). איהר ווייסט דאָך ווי מיין אָנקעל שטעהט איצט נאָהענט צו מוזיק.

אַפּאָלאָן (שטיל): ער שטעהט פיליכט נאָהנט צו מוזיק, אָבער איך וויים ניט, אויף וויפיעל די מוזיק שטעהט נאָהענט צו איהם.

סאָפיע: ביי אונז האָבען היינטיגען ווינטער קאָנצערטירט עטליכע גוטע פיאַניסטען — איך האָב געהערט פאַכמאַנ'ען.

פינגערהוט: זעה נור, סאָפיע, שפּיעלט ניט דיין פיאַניסט פיעדעל, אַזוי ווי מיינער?

סאָפיע: פיעדעל גאָר? הם, ווי קומט עס? האָסט דיך שוין מסתמא אַריינגעכאַפּט דאָ, האַ?

שטעמפּעל: ברודער מאָטיע, ביסט אין פּעסעל, האַ? כע! כע! (לאַכען).

סאָפיע: אינטערעסאַנט צו הערען אייער מיינונג וועגען פאַכמאַן'ען.

אַפּאָלאָן: פאַכמאַן? ער איז אַ מערקווירדיגער שאָפּעניסט. איך האָב איהם זעהר ליעב צו הערען, ער איז אַ וואַהרער פּאָעט. אמאָל לייגט ער אַ ביסעל און איז אַ ביסעל משוגע, אָבער דאָס מאַכט ניט. דיעזע שוואַכקייטען האָבען אַלע פּאָעטען. (קעהרט זיך אום, פאַנגט אָן שפּיעלען. אַלע הערען געשפּאַנט אויסער מלך, וועלכער טאָפּעט מיט די פיס, רייבט סירניקלעך און רויכערט. ווען ער ענדיגט, אַפּלאָדירען אַלע אויסער סאָפיע. ער בלייבט ביי דער פּיאַנאָ און פאַנטאַזירט).

סאָפיע (שטיל): מאַניטשקע, ער איז זעהר אַ גוטער פּיאַניסט. ביזט פערליעבט, האַ?

מאַניטשקע: איך ווייס ניט. אפשר שפּעטער... איצט איז עפּעס אַזוי... איך האָב מורא....

סאָפיע: און וואָס הערט זיך מיט דיין ראָמאַן? דער פּריקאַזשציק מיט די שוואַרצע אויגען?

מאַניטשקע: איאָ, ער איז אַ קראַסאַוועץ. אַה, איהם זעהסטו... (פערכאַפּט זיך) אָבער וואָס קען מען העלפען, דער קאָסט שוין אַזוי פיעל געלד און עס איז מעהר יחוס. אַ ראָמאַן, אַ ליעבע איז אַזאַ זאַך, וואָס אַז מען וויל איז יא, און אַז מען וויל איז ניט. חתונה האָבען אָבער איז אַזאַ זאַך, וואָס מען דאַרף.

סאָפיע: דאָס איז אַ זעהר פּראַקטישע פילאָזאָפיע. חתונה האָבען, זאָגסטו, איז אַ זאַך וואָס מען דאַרף? הם, ווי קומט עס?

אַפּאָלאָן: פריילײן סאָפיע, ווי געפעלט אייך דאָס, וואָס איך האָב געשפּיעלט? איז דאָס אייך בעקאַנט?

סאָפיע: איהר האָט געשפּיעלט די צווייטע נאָקטורנע פון שאָפּען און עס איז געווים גוט. וועגען דעם ווי עס איז געשפּיעלט געוואָרען, וועל איך אייך זאָגען, ווילענדיג ניט ווילענדיג, וועלען מיר זיין שטיקלעך קרובים... אייגענע... איך בעט אייך, לאָמיר אָבמאַכען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, מאַכט מיר ניט קיין קאָמפּלימענטען און איך וועל אייך ניט מאַכען קיין קאָמפּלי־מענטען...

פראַדי (שטיל צו מלך): צוליעב איהר זיצט ער, צוליעב איהר שפּיעלט ער. אָרענטליכע קינדער שווייגען און אַזאַ רעדט.

שטעמפּעל: דו מיינסט זיי שווייגען, ווייל זיי זיינען אָרענטליך? זיי האָבען פּשוט ניט קיין שכל.

סאָפיע: מיין וויזיט האָט זיך צו לאַנג פערצויגען. מען דאַרף געהן, איך בין זעהר מיעד (טהוט אָן איהר הוט). הער זאָנענשיין, איך דאַנק אייך הערצליך (דריקט זיין האַנד). איהר בלייבט נאָך דאָ, מאַסיע און מאַדאַם פינגערהוט? האָט מיר אַלע אַ גוטע נאַכט. (קושט מאַניטשקע'ן, אַפּאָלאָן נעהמט זיין הוט).

אַפּאָלאָן: פריילין סאָפיע, איך געה אויך, איך געה אויך.

סאָפיע: ניין, דאַנקע, איך נעהם באַלד די קאָנקע, איך בין זעהר מיעד.

אַפּאָלאָן: אה, איך דאַרף אויך פאָהרען מיט'ן טראַמוויי, וועלען מיר פאָהרען צוזאַמען.

סאָפיע: צוזאַמען? ניין. מיר פאָהרען גאָר ניט מיט איין וועג. וואוהין ווילט איהר דען פאָהרען?

אַפּאָלאָן: איך? ע, אייגענטליך, איך דאַרף מיט דער פּרעאָבראַזשענסקע אַראָב.

טשערנע: זעה נור, טפוי זאָל עס ווערען, מיט איין וועג טאַקע.

סאָפיע (מאַכט זיך ניט הערענדיג): זעהט איהר, און איך פאָהר מיט דער טיראַספּאָלסקי אַרויף.

אַפּאָלאָן: וועל איך אייך בעגלייטען נור ביז'ן טראַמוויי... אויפ'ס ווידערזעהן, איך קום באַלד צוריק.

סאָפיע: אַ גוטע נאַכט — גוטע נאַכט. (אַפּאָלאָן עפענט די טהיר העפליך, זי געהט, ער נאָך איהר. אַלע קוקען זיך פערוואונדערט אָן).

(א ו מ ו ו אַ נ ד ל ו נ ג)

(אַ גאַס אין אדעס, ביי אַ זייט, אַ טויער מיט אַ הילצערנע באַנק, איבער דער באַנק דעם דוואָרניק'ס גלעקעל. עס איז נאַכט. די לבנה שיינט).

(צ י י נ ע ר, ב אָ ר י ס קומען אָן).

ציינער: מוסיו סטאַוראָפּאָלסקי, מיר טהוט וועה דער קאָפּ.

באָרים: איהר האָט פאַר'ן וויין ניט געצאָהלט. אייך מעג וועה טהאָן דער קאָפּ. יעדער טראַקטירט דעם רייכען פּראָצענטניק ציינער, איהר האָט נאָך געוואונען געלד אויך און איך האָב פערשפּיעלט. איך גיב אַ וואָרט ניט צו שפּיעלען און אַז מען בעט מיך, קען איך ניט אָבזאָגען (זוכט אין די טאַשען). צוויי מיט אַכציג פערשפּיעלט... אַ רציחה! ביי מיינע איצטיגע געשעפטען איז דאָס אַ פערמעגען. נו, גוטע נאַכט, איך דאַרף אַריינגעהן אין דעם הויז. (זעצט זיך) אַ שעהנע נאַכט. (ברומט פאַר זיך שטיל) „וויכאָזשו אָדין יאַ נאַ דאָראָגו".

ציינער: ע, זשוליק! איך וויס, וואָס פאַר אַ פויגעל איז דאָ אין שטייגעל. כע! כע! דיין אַלטע ליעבע, האַ?

באָרים: מוסיו ציינער, איך בעט אייך, רעדט ניט קיין רומהייטען.

ציינער: זיי אַ מענש און פערשטעהע אַ געשעפט. אונזערע אַריסטאָ־קראַטען לאַכען פון מיר. יעדער האָט לכל הפחות איין סאָרערזשאַנקע, און איך, מיינען זיי, זשאַלעווע געלד. איך בין טאַקע אַ קאַרגער, אָבער ווען עס זאָל זיין כדאי.

באָרים: האָט אַ גוטע נאַכט און געהט צו אַלע שוואַרץ יאָהר (וויל קלינגען, ציינער לאָזט ניט).

ציינער: זיי ניט אַזוי היציג, דו ביזט איצט אויף צרות, דיר קריכען די אויגען אַרויס פאַר אַ קאָפּיקע, ווי קען זיך אַזאַ קבצן ווי דו, ערלויבען אַזאַ לוקסוס? איך האָב געהערט ביי פאַנקאָני, אַז דער רייכער סטאַוואַרקי שרכנ'ט זיך... באַלוואַן, איידער זי זאָל אָנקומען צו אַ גוי, איז דאָך בעסער צו אַ אידען. דו דאַרפסט געלד צו ניין?

באָרים: איך האָב ביי אייך געבעטען איהר זאָלט מיר לייען געלד און איהר מאַכט מיר אַזאַ געמיינעם פאָרשלאַג. מוסיו ציינער, איהר האָט אַ ווייב? אייער ווייב איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי ציכטיג און עהרליך, ווי סאָפּיע פינגערהוט. איהר האָט אַ טאָכטער? זי איז רייך, געבילדעט, האָט אַ חתן אַ דאָקטאָר? זאָג איך אייך, אייער טאָכטער קען מען קויפען פאַר געלד, געווים פאַר אַ סך געלד, פאַר טויזענד, פאַר צעהן טויזענד, פאַר הונדערט טויזענד, סאָפּיע פינגערהוט קען מען ניט קויפען פאַר קיינע מיליאָנען, פאַר קיינע מיליאַרדען! עס איז אייך ווייניג? איך וועל אייך בעסער זאָגען. איהר האָט געהאַט אַ מוטער?

ציינער: מיין מוטער לעבט נאָך.

באָרים: ווי אַלט איז זי?

ציינער: צוויי און זיעבעציג יאָהר.

באָרים: אייער מוטער וועט גיכער ווערען ביי אימיצען אַ מעטרעסע, ווי סאָפּיע פינגערהוט. און האָט מיר אַ גוטע נאַכט. (גיט אַ שטאַרקען קלונג, דער דוואָרניק עפענט, באָרים אָב).

ציינער: וואָס דער לץ האָט דאָ אָנגעפלאַפּלעט! וויס איך, ער וויס ניט פון זיין געזונד. געהט. ענטקעגען סאָפּיע און אַפּאָלאָן). עפּעס אַ נייער אַלפאָנס, האַ? עס דאַרף גאָר אָנקומען דער רוח וויס וועמען! איז ער ניט אַ סקאָטינאַ דער פאָטאָגראַף, הע? (ווינקט אויפ'ן פּאָרעל, אָב).

סאָפּיע: דאָ איז מיין פּאַלאַסט. ביסלעכווייז זיינען מיר דערוויילע

דעם גאַנצען וועג געגאַנגען צו פוס. איהר ווייסט? עס איז העכער צוואַנציג קוואַרטאַלען... דאַנקע. גוטע נאַכט.

אַפּאָלאָן: צוואַנציג קוואַרטאַלען? עס קען ניט זיין. איך האָב גאָר ניט בעמערקט.

סאָפיע: מיר האָבען זיך פעררעדט... הער זאָגענשיין, דאָרט וואַרט מען געוויס אויף אייך. געהט, אויפ'ס ווידערזעהן.

אַפּאָלאָן: אָה, זיי ווייסען דאָרט, איך האָב מיך געדאַרפט זעהן מיט אַ פּאָר מענשען.

סאָפיע: ווי? איהר ווילט זיי אָבנאַרען?

אַפּאָלאָן: ניין. איך האָב ווירקליך געוואָלט מאַכען אַ פּאָר וויזיטען, נור די וואַרהייט געזאָגט, אייך בעגלייטען איז מיר געוועזען פיעל אַנגענעהמער.

סאָפיע: איהר געדענקט אונזערע קאָנדיציאָנען? קיינע קאָמפּלימענ־טען. מיר, זעהט איהר, איז ניט געוועזען אַנגענעהם, וואָס איהר זייט מיך גע־גאַנגען בעגלייטען. די טאַנטע פּראַדי וועט שוין דאָרט שאַרפען איהר צינגעלע.

אַפּאָלאָן: איהר האָט מורא פאַר דער מומע פּראַדי?

סאָפיע: איך האָב ניט מורא פאַר קיין מומע, פאַר קיין פעטער, פאַר קיינעם אין דער וועלט, איך האָב נור מורא ווען עס איז אָנטהאָן אומזיסטע יסורים. געהט אַהיים און האָט אַ גוטע נאַכט.

אַפּאָלאָן: אַ גוטע נאַכט (דריקט איהר האַנד). איהר וועט מיר גלויבען? מיר ווייזט זיך אויס, איך בין מיט אייך בעקאַנט שוין לאַנג, לאַנג.

סאָפיע: אָט ווי איהר זעהט מיך, איהר וועט שוין אין מיר ניט געפינען קיין נייע מעלות. קיין נייע חסרונות, דאַכט זיך, אויך ניט. עס איז דאָ גענוג חסרונות, האַ? אי, געהט שוין, איך מוז פריה אויפשטעהן צו דער אַרבייט. איהר ווילט דאָך ניט, איך זאָל מאָרגען אויפשטעהן אַ קראַנקע?

אַפּאָלאָן: אָה, בעוואַהרע גאָט! האָט אַ גוטע נאַכט, איך ווינש אייך רוהיגע, גליקליכע טרוימע (געהט).

סאָפיע: יאַ, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, אָבער די וואַרהייט געזאָגט, גאַנץ אָפען. איהר האָט ליעב מאַניטשקע'ן?

אַפּאָלאָן: וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ווען איך בין געוועזען איינגער, איז ניט געוועזען צווישען אונז דער אונטערשיעד אַזוי גרויס, און איצט... אָבער פערגעסט ניט, אַזאַ מענש ווי שטעמפּעל האָט זיך געלאָזט קאָסטען אַזוי פיעל געלד. איך רעכען מיך שוין אַזוי פיעל יאָהרען פאַר אַ גאַראַנטירטען חתן. איך האָב געוואַנקט, געצעגערט, געהאָפּט אויף אַ וואונדער, געצויגען די צייט, ענדליך מוז איך דאָך וואָרט האַלטען, און עס מוז געשעהן. מלך שטעמפּעל אַ מעצענאַט! דער פיש־העגדלער אַ בעשיצער פון קונסט! יאַ, שטעמפּעל און

קונסט צוזאמען. דער שטעמפּעל פון פיש־הענדלער און בארישניקעס ליעגט אויף דער קונסט... אויב זיי וועלען ניט האנדלען מיט טשוכאָן, וועלען מיר ניט קענען שפּיעלען בעטהאָווען'ס סאָנאטען... (טראַכט) יא, יעצט איז צו שפּעט חרטה צו האָבען, אָבער איך טרייסט מיך מיט דער האָפענונג, דאָס מאַניטשקע וועט זיך אונטער מיין איינפלוס ענטוויקלען.

סאָפיע: מיינט איהר נישט, אז א מענש מיט א שטאַרקען כאַראַקטער וואָלט אנדערש געהאַנדעלט? איהר ווילט זיין א גוטער און אַן אָרענטליכער מאַן? איך האָב מורא, עס וועט אייך ניט געלינגען. קיין גוטער וועט איהר ניט קענען זיין, ווייל מאַניטשקע וועט זיין מיט אייך אונגליקליך. קיין עהרליכער זייט איהר ניט, ווייל איהר פערמאַסקירט אייערע אמת'ע געפיהלען און בעטריגט זי. אזוי מיין איך — ענטשולדיגט, פיעלייכט איז דאָס ניט ריכטיג — און האָט א גוטע נאַכט (וויל געהן).

אַפּאָלאָן: ניין, בלייבט! איהר האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו בעריהרען די וויכטיגסטע פראַגע אין מיין לעבען. מיין לאַגע איז מיר אליין אונקלאָר, איך מוז מיר אליין ערקלערען, איך האָב קיינע פריינדע דאָ, און איך האָב מיך ניט מיט ווועמען צו בעראַטהען. אָה, פריילין, גלויבט איהר מיר אם וועניגסטען, דאָס איך ו ו י ל האנדלען, אלס אָרענטליכער מענש? (זיפצט) הערט, לאָמיר זיך זעצען דאָ. די נאַכט איז אזוי שעהן, דער הימעל אזוי בלוי און פאַנטאַסטיש. איהר הערט? מיר ווייזט זיך אויס, איך הער ווי דאָס שוואַרצע מעער רוישט (זעצען זיך). איך וואָלט, דאַכט זיך, די גאַנצע נאַכט געזעסען דאָ, געדעט, געהערט ווי איהר בעליידיגט מיך. אַן עהרליכער מענש קען ניט בעליידיגען מיט זיין עהרליכע מיינונג... זיינע רייד זיינען ווי מוזיק, האַרמאָניע! זאָגט, איהר האָט ביי אייך אין הויז א פּיאַנאָ? מיר ווילט זיך יעצט שפּיעלען בעטהאָווען'ס מאָנדשיין טרוימעריי. יא, שפּיעלען, שפּיע־לען... אָדער, איהר ווייסט וואָס? איהר זאָלט ניט זיין מיעד, וואָלט איך אייך פאָרגעלעגט, מיר זאָלען זיך דורכגעהן אין אלעקסאַנדראָווסקע פּאַרק. מען זאָגט דער פּאַרק איז יעצט וואונדערבאַר שעהן...

סאָפיע: האַ? אלעקסאַנדראָווסקע פּאַרק? איצט? ווען די בוימער שטעהען דאָרט פערטראַכט, בעגאָסען מיט זילבערנע שטראַהלען! איצט אַראָבקוקען פון באַרג איבער'ן קאַראַנטין אַראָב אויפ'ן מעער? אויף די שטערען און מאָנד, וועלכע זיינען אָבגעשפּיעגעלט אין וואַסער, אויף די שיפען, וועלכע וואַרפען פון זיך גרויסע שוואַרצע שאָטענס, וויעגען זיך שטיל און דרעמלען? קומט, די נאַכט איז ווירקליך שעהן, און איך האָב שוין לאַנג, לאַנג ניט געהאַט מיט וועמען צו שפּאַצירען און מיט וועמען צו רעדען... (רעקלאַמירט) „איך וואַנדער אליין אין אַן איינזאַמע וויסטע, וואו דורך א נעבעל ציהט זיך דער

גרויער וועג. די נאַכט איז שטיל, אויבען וויספּערען די שטערען. די ערד שלאָפט, בעדעקט מיט די הימלען די בלויע". עך, גוליאַט, טאַק גוליאַט! גיט מיר אייער אָרעם. מאַרשאָם! (ביידע אָב).

(פ ע ר וו א נ ד ל ו נ ג)

(אַ קליינער זאַל זעהר אָריגינעל מעבלירט; בילדער אויף די ווענד, בילדער אין יעדען ווינקעלע, זעהר פיעל בלומען. אויף אַ קליין טישעל אַ לאָמפּ מיט אַ ראָזאָווען אָבאַזשור. באָרים געהט אַריין אויף די שפּיץ פינגער או קוקט אַריין אין איינע פון די אינערסטע טהירען).

באָרים: מיט אַ זיסען, רוהיגען, שטאַרקען שלאָף שלאָפט דאָס ליעבע קינד. זשעניטשקע! ניין, מען דאַרף זי ניט וועקען. (זעצט זיך אויף אַ סאָפּע, פערזאָרגט). וואו קען זי דאָס זיין? איך וויים ניט, אויב איך וועל מיך קענען אויף איהר דערוואַרטען. אמוועניגסטענס די אַלטע זאָלען קומען. וואוהין האָט עס זיי אַוועקגעטראָגען?... (פעררויכערט אַ פּאַפּיראָס). אָה, ווען איך זאָל כאָטש האָבען דאָס רעכט, אָט דאָ אייביג צו זיצען און הערען, ווי זי און דאָס קינד אָטהעמען. (ווייט אַ גלעקעל). אהאַ, דאָס געהט זי, דאַכט זיך. (הערט זיך צו) ניין, פיעלע טריט, ווער קען דאָס געהן אזוי שפּעט? (מאַטיאַס, טשערנע, מאַניטשקע, פּראַדי קומען אַריין).

טשערנע: אָה, באָרים איז דאָ? — דאָס קינד שלאָפט? מאַטיאַס, וואָס זאָגסטו פּאָרט? איך האָב דאָך פערגעסען דאָרט מיין זאָנטיק. טפו זאָל עס ווערען. זייַ, פּראַדי.

פינגערהוט (בעז): צום צווייטען מאָל זאָלסטו דאָרט פערגעסען דיין קאָפּ. און אַז איך וועל געהן אָבנעהמען דיין קאָפּ, וועל איך שוין אָבנעהמען דיין זאָנטיק אויך. וואו איז דאָס סאָפיע?

מאַניטשקע: האָט מסתמא דערהערט, אז מען געהט, איז זי שנעל אַריינגעלאָפען אין שלאָפצימער און באָרים'ן געלאָזט דאָ אַליין.

פּראַדי: סאָפיע! וואו ביסטו דאָרט? פאַר אונז דאַרפסטו דיך ניט בעהאַלטען. ביי אונז איז דאָס קיין נייעס ניט. מיר קענען דיך און קענען באָרים'ן.

באָרים: שרייט ניט, איך בעט אייך, דאָ פערקויפט מען ניט קיין פיש. דאָס קינד שלאָפט און סאָפיע איז ניטאָ אין דער היים. מאַשאַ זאָגט, זי איז נאָך היינט אין דער היים ניט געוועזן.

טשערנע: זי איז נאָך ניט געוועזן?... מאַטיאַס, זעה נור.

פינגערהוט: וואָס דאַרפען מיר זעהן? זאָלען אַנדערע זעהן. זי מאַכט מסתמא פּראָמענאַד, אַזאַ שעהנע נאַכט. פאַר יונגע לייט איז דאָך יעצט אַלאַ גאַריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור....

פראדי (שטיל צו מאַניטשקע'ן) : וואָס האָב איך דיר געזאָגט ? זי איז מיט איהם. דאַרף אויף איהר ניט קומען די פּאָפּלעקציע ? קום אהיים.

טשערנע : שוין ! רוהט זיך אָב אַ ביסעל.

מאַניטשקע : מיר האָבען אייך נור בעגלייט אַ ביסעל. אַ שעהנע נאַכט, האָבען מיר זיך מיט דער מאַמען געוואָלט אַ ביסעל דורכגעהן. אַ גוטע נאַכט.

פראַדי (אַפּאַרט) : פון די פּראָהולקעס דאַרף מען שוין מאַכען אַן עק... איהם מאַכען אַ שוואַרצען סוף און שוין חתונה. אַ גוטע נאַכט.

מאַניטשקע : אויב סאָפּיע וועט ניט פערגעסען היינט ביי נאַכט צו קומען אהיים, וועט איהר זי לאָזען גריסען. אַ גוטע נאַכט.

פראַדי : אוי, דער דיכטעריק זאָל אייך אַלע דאָ אויסדישען. (לויט). אַ גוטע נאַכט אייך אַלע. (ביידע אב).

טשערנע : וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען ? זיי מיינען אפנים, אַז סאָפּיע איז ערגעץ אוועקגעגאַנגען מיט איהם. נו, יאַ, סאָפּיע דאַרף דאָס האָבען....

באָרים : מיט וועמען איז דאָס סאָפּיע אַוועקגעגאַנגען ?

פינגערהוט : אַזעלכע חזירים, קעפּאַלנע איקרא, זאָגט ער, און ראָם יאַמאיסקי. און וואָס ? טהעע מיט סוכערלעך. איך זאָג דיר, ער פּאַסט אַזוי צו מלך שטעמפּעל ווי אַ פינפטער ראָד פּאַסט צו אַ סאָוס מיט פלוימען. גיב מיר אַפּאַפּיראָס, דו.

באָרים (גיט איהם) : שוועער, פון וועמען רעדט איהר דאָס ?

טשערנע : וואָס הייסט, טאָמער איז אַ ביסעל שטיל געוואָרען — דאַרפען זיי נייע סקאַנדאַלען, נייע לייטישע געלעכטער... טפו זאָל עס ווערען.

פינגערהוט : אויף איהר שריי, ניט אויף מיר ! איך בין מאַטיאַס פינגערהוט און אויף מיר שרייט מען ניט !

באָרים : שאַ ! שוועער, איהר האָט מאָרגען ניט וואָס צו טהאָן, וועט איהר אייך מאָרגען קריגען. איהר וועט אויפוועקען זשעניטשקען. (אַ גלע־קעל). דאָס איז סאָפּיע, איך דערקען ווי זי קלינגט.

טשערנע : איך וועל איהר אודאי אָבשפּיעלען אַ וויוואַט. וואָס הייסט ? אייגענע צי ניין ? און פאַר וואָס ? טפו זאָל עס ווערען. (עפענט די טהיר, סאָפּיע קומט זעהר מיעד).

סאָפּיע : א, אַזוי שפּעט זיצט מען נאָך ביי אונז. וואָס טהוט איהר דאָ, באָרים ? (לויפט צום טהיר). זשעניטשקע שלאָפט ? אי, מיין טייערער ענגעל. (קומט צוריק). אי, איך בין מיעד שרעקליך. (טהוט אוים איהר הוט).

טשערנע: וואָס הייסט, אַזוי שפּעט? אַוועק מיט איהם, האַ? פּראַדי מיט מאַניטשקען האָבען איהם דאָך שוין דאָ געזוכט: זעהר שעהן! טפו זאָלסטו ווערען!

באָרים: ווער איז דאָס, סאָפיע? וועמען האָבען זיי געזוכט?

סאָפיע: דאָס איז זייער זאַך. מאַמע, דיר איז צייט צו געהן שלאָפען.

באָרים: איך מיין, מיט וועמען, סאָפיע, זיינט איהר דאָס געגאַנגען?

סאָפיע: דאָס איז מיין זאַך! איך בין מיעד און וויל בלייבען אליין. האָט אַ גוטע נאַכט אַלע. הם.... זיי האָבען איהם שוין געזוכט? גיך... יאַ, באָרים, וואָס מאכט ליזע?

באָרים: איך דאַרף מיט אייך רעדען פּריוואַט.

פינגערהוט: סאָפיע, דו ווערסט מאָרגען אַוועקגעהן פריה, און איך פיהל, אַז איך וועל שלאָפען שפּעט, און איך וועל דיך ניט זעהן, האָב איך גע־וואָלט רעדען מיט דיר פון אַ קליין געשעפט...

סאָפיע (נעהמט איהר בייטעלע): איך האָב דריי, פּיער גריוווינקעס. איז דאָס גענוג? נו, האָט אַ גוטע נאַכט.

טשערנע: פּיער גריוווינקעס, פּיער טראַקטירען.

פינגערהוט: אַ גוטע נאַכט, איך געה שלאָפען. טשערנע, מיר ווילט זיך אַ טרונק. ווערסט מיר דערלאַנגען אין בעט אריין אַ גלאָז קאַלט וואַסער מיט אַ ביסעל קיזעלנע וואַרעניע. (ביידע אב).

סאָפיע: עס איז שפּעט, און איך בין מיעד. וואָס ווילט איהר זאָגען?

באָרים: מיין פאָטאָגראַפיע פאַלט מיט יעדען טאָג. אַ מאָל איז מיר געווען אַנגענעהם צו זיצען אין מיין סטודיאָ....

סאָפיע: יאַ, יעצט איז אייך אנגענעהם צו זיצען אין ווייַנקעלערס און קאַפּעינעס. עס איז ניט מיין זאַך צו פּרעדיגען. עס איז אָבער אַ רחמנות נעבעך אויף ליזען.

באָרים: אויב ציינער וועט מיר ניט לייהען קיין געלד, וועל איך מוּ־זען פערקויפען די פאָטאָגראַפיע.

סאָפיע: ציינער וועט אייך אויפעסען די פאָטאָגראַפיע מיט זיין פּראָ־צענט. איך האָב אייך שוין לאַנג געראַטען צו פערקויפען די פאָטאָגראַפיע און ארויס אין אַ קלענערע שטאָדט. דאָרטען וועט איהר אייך קענען פיהרען אנשטענדיגער און ליזע וועט לעבען רוהיגער.

באָרים: ליזע? דער דאָקטאָר זאָגט, אויב זי וועט ניט ארויספאָהרען וואָס גיכער אין קרים, וועט זיין זעהר שלעכט.

סאָפיע (ערשראָקען): אַזוי? באָרים, איהר ווייסט ווי מיר קומט

אָן שוועער יעדער רובעל. איך האָב אויף מיין פעראַנטוואָרטליכקייט אַ גאַנצע פאַמיליע, אָבער איך פערשפּרעך יעדען מאָנאַט ליזען ארויסשיקען 25 רובעל. יעדען מאָנאַט! דאָס איז הייליג. איך וועל נעהמען ביי נאַכט אהיים רעטור־שירען, איך וועל זעהן אָבצושפּאָרען.... (געהט אום בעזאָרגט).

באָרים: איך וויים, איהר זייט אַ זעלטענער מענש. סאָפיע, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, ווער איז דאָס געוועזן מיט אייך? (בעמערקט איהר אונגעדולד). איהר ווייסט וואָס ציינער האָט היינט געוואָגט צו זאָגען?

סאָפיע: איהר ווייסט דאָך, מיך אינטערעסירט זעהר ווענינ, וואָס עס זאָגען אַלע ציינער מיט די ביינער. אַדיע.

באָרים: אַ גוטע נאַכט. יאָ, איך מיין, איך וועל ליזען אוועקשיקען און אַליין וועל איך דאָ אַרבייטען און פערדיענען. איך וועל זעהר ווענינ פער־לעבען, איך מיין, איך וועל קענען זיין דאָ די צייט...

סאָפיע: ניין, דאָס ניט! איהר פאָהרט בעסער מיט ליזען. דאָ וועט איהר אין יעדען פאַל ניט זיין. דאָ ניט!

באָרים: וואָס איז, סאָפיע? איהר האָט מורא וואָס מען וועט רעדען?

סאָפיע: ע, וואָס האַרט מיך, וואָס זיי וועלען דאָרט רעדען? איך וויל ניט, איהר זאָלט האָבען אַ מעגליכקייט נאַרישקייטען צו רעדען. מאַכט אייך ניט צום נאַרען און געהט אהיים. עס איז צייט. אייער קראַנק ווייב איז דאָרט אַליין. אַ גוטע נאַכט. (ווייזט איהם די טהיר).

באָרים (וויל עפּעס זאָגען, גיט אַ מאַך מיט דער האַנד, געהט צום טהיר, זאָגט שטיל און טרויריג): אַ גוטע נאַכט, סאָפיע. (אב).

ס אָ פ י ע (פערשליסט די טהיר): ער קען זיך ניט אַרויסשלאָגען פון קאָפּ. פוי! אָי, בין איך מיעד. (שטעלט זיך אונטער אַ שירמע, טהוט זיך איבער, ציהט אָן אַ ווייסע בלוזע מיט ברייטע אַרבעל, קליינע טופלעס, און אין דער צייט רעדט זי) וואָס האָט ער געקענט מיינען? ער זאָגט, קיין קאָמפּלימענטען וועל איך אייך ניט מאַכען, אָבער אָנשטאָט סאָפיע וועל איך אייך רופען שטענדיג סאַפּהאָ. ער זאָגט, איך בין עהנליך צו דער קלאַ־סישער גריכישער סאַפּהאָ. ווי זאָגט מוסיו מאַטיאַס. הם! „ווי קומט עס“? איך האָב נאָך די וועלט־געשיכטע, פון וועלכע איך האָב אַ מאָל שטו־דירט היסטאָריע. מען דאַרף אומיסטען זעהן, ווער איז דאָס די סאַפּהאָ? עס איז נאָך גוט, אויב זי איז ניט מעהר ווי אַ משוגענע. (קומט פון אונטער דער שירמע). ער און מאַניטשקע? ווי געפעהלט אייך אַזאַ פּאָר? מערק־ווירדיג, די בעשערטע שידוכים זיינען שטענדיג אַזוי. אַן עזעל מיט אַ טויב, אַן אָדלער מיט אַ בהמה, אַ קלאָץ מיט אַ בוידעם. (נעהמט אַ בוך). לאָמיר אקאָרשט זעהן, וואָס זאָגט מען דאָ וועגען די גריכיש סאַפּהאָ. (זעצט זיך.

מישט). אהא, דאָס איז עס: סאָפּהאָ: זי איז געווען אַ זעלטענע שעהנ־הייט און אַ זעהר בעגאַבטע דיכטערין. האָט געליעבט מוזיק, געזאַנג, פער־געניגען, זי האָט געלאַכט פון אַלע הערשענדע מיינונגען, איז געווען זעהר אונ־אבהענגיג און האָט געלערענט די פרויען צו זיין פריי, זעלבסטשטענדיג. ווען דאָס לעבען איז איהר געוואָרען איבערדריסיג, האָט זי זיך פון אַ הויכען פעלז ארונטערגעוואָרפען אין מעער און האָט געזאָגט: איך ברענג מיך פאר אַן אָפּפער צום אַלמעכטיגען אַפּאָלאָן, דעם גאָט פון דער שעהנהייט און פּאָעזיע. (שליסט דאָס בוך. טראַכט). הם! אַן אָפּפער צו אפּאלאן? אפּאלאן? איך האָף, ניט אַפּאָלאָן זאָגענשיין. אי, אַזוי פיעל יאָהר געווען אַ קלוגע און פלוצלונג זאָל זיך אָברייסען דער רוח ווייס פון וואַנען אַ מחותן און זאָל זאָ־גען: סאָפיע, זיי אַ נאַר... אי, איך האָב מורא! איך האָב מורא! ווער וועט זיין שולדיג? מען בעגעגענט צווישען די מענער אַזוי זעלטען עטוואָס רעכטס, עטוואָס אָריגינעלעס. (אַ שוואַכער קלונג). הא? מען קלינגט? ווער איז דאָס אַזוי שפּעט? (געהט צום טהיר). ווער זאָל דאָס זיין? געהט מען איהם דאָ ווייעדער זוכען דאָ? (עפענט). אפּאלאן, איהר?! (בלייבט שטעהן ערשטוינט).

אַפּאָלאָן: יא, דאָס בין איך. ענטשולדיגט, איך האָב מיר ערלויבט... איך בין איצט געקומען צו אייך, ווי איך וואָלט געקומען צו מיינעם אַ גוטען קאַמעראַד, ווען איך וואָלט געפיהלט אַזוי ווי איך פיהל היינט. און איך זאָג צו אייך, אַזוי ווי איך וואָלט געזאָגט צו מיין קאַמעראַד: פריינד, איך בין יעצט זעהר ווייט פון אַלעס, וואָס רופט זיך היים, עסען, שלאָפען, זאָרג, קליינינקייטען, געוואוינליכע אינטערעסען. אין דיזע נאַכט וואָלט איך געוואָלט הערען מוזיק, רעדען פון דעם, וואָס איז ערהאַבען און ריין און ווייט פון דער שמוציגער ווירקליכקייט, ווייט פון אונזער מיזעראַבלען לעבען. איך וואָלט געוואָלט וויינען. קאַמעראַד, פריינד, טרייבט מיך ניט אַרויס פון דאַנען!...

סאָפיע (פערדעקט איהרע נאַקעטע הענד, צייגט איהם ער זאָל זיך זעצען און זעצט זיך אַליין ווייט פון איהם אין אַ ווינקעלע דערשראָקען און פער־זאָרגט. זי זעצט זיך אַריין אַזוי טיעף אין דעם שטוהל, אַז זי ווייזט אויס קליין ווי אַ קינד. פּויזע. עס ווערט אַזוי שטיל, אַז מען הערט דעם טיק־טאַק פון אַ זייגער).

אַ קינד׳ס שטימע (פון אַנדערען צימער): טאַנטע סאָפיע, מיט וועמען ביסטו דאָרט? אָי! איך וויל ניט... קום אהער!

סאָפיע (כאַפּט זיך אויף, שטיל): דאָס קינד!

## דריטער אַקט.

(אַ דאַטשע אויפ'ן גרויסען פאַנטאַן. אין פאָדערגרונד עטליכע בוימער און בלומען, אין הינטערגרונד אַ הויז מיט אַ גרויסען באַלקאָן. אויפ'ן באַלקאָן שטוהלען און אַ טיש. פון שטוב פיהרט אַ טיהר אויפ'ן באַלקאָן און צוויי גרויסע פענסטער. פון גאָרטען פיהרען אויפ'ן באַלקאָן טרעפּ. טשערנע קומט פון שטוב מיט אַ ווייסען טישטוך און פאַנגט אָן גרייטען צום טיש).

**טשערנע:** אונז האָט נאָר געפעהלט אַ דאַטשע צום רומפעל. נו, האָבען מיר אַ דאַטשע אויפ'ן גרויסען פאנטאן... אַז עס געהט אַ רעגען, גיסט; אַז עס איז אַווינר, בלאָזט פון אַלע זייטען; אַז עס איז הייס, קען מען זיך קיין אָרט ניט געפינען. נאָר גאָר נישט! אַ דאַטשע, טפו זאָל עס ווערען! (ברענגט געשיר) באַלד דריי אַ זייגער, זיי וועלען אַלע קומען הונגעריגע, ווי וועלף. איהרער וועט מסתמא אויך קומען היינט. אָי, עס איז אַ וועלטעל געוואָרען, טפו זאָל עס ווערען! אַ מאַמע דאַרף קוקען און שווייגען, באָטש ווער צופּלאַצט, שווייגענדיג. אַ ברירה האָט מען? מען שווייגט. אבער די וועלט שווייגט ניט. דאָרט אין שטאָדט האָט זיך דאָס אַזוי ניט אָנגעזועהן. דאָ האָבען זיי ניט וואָס צו טהאָן, רעדט מען: דאָס איז איהר טאַטע, דאָס איז איהר מאַמע, איהר קינד, איהר געליעבטער. זיי נעהמען אַלע געלד ביים פּיאַניסט. (קוקט) איך האָב גאָר ניט פערגעסען? זעה נאָר, וועמען טאַסקעט ער דאָס? (פינגערהוט און ציינער קומען פון גאָרטען). דער אַלטער פראַנט סמאַליעט דאָ אַ וועלט, אַ געבוירענער דאַטשניק, טפו זאָלען זיי אַלע ווערען. (אב אין הויז).

**ציינער:** נו יא, דאָס זאָג איך דאָך, איהר זייט טאַקע אַ קלוגער און אויפגעקלעהרטער מענש, מיט אייך קען מען רעדען אָפען. וואָס איז דער שכל, וואָס איז דער תכלית?

**פינגערהוט:** יא, איך בין ניט קיין פאַנאַטיקער, ווי אנדערע פאַטערס. מאַטיאַס פינגערהוט איז אַן אָדעסער פון נאָגעל פון פוס ביז די האָר פון קאָפּ. (גלעט דעם פּליעך). הער ציינער, זיי האָבען רעכט: אַז מען עסט שוין יא חזיר, זאָל זיין פעט און זאָל רינען איבער די מאָרדע. ביטע, זיצט. (ביידע זעצען זיך אויפ'ן באַלקאָן).

**ציינער:** זי איז אַ זעלטענע שעהנהייט. דאָס איז היינטיגע צייטען

א קאַפּיטאַל, וואָס קען געבען גוטע פּראָצענטען. און ער? אַ פּיאַניסט, אַן אַרטיסט, אַ מוזיקער, אַ קבצן, גיט שטונדען און האָט נאָך אַ יונג ווייב אויך. גאָר ניט פּראַקטיש, הער פינגערהוט, איהר האָט, דאַכט זיך, גענומען מיין ציגאַרענשפּיץ? וואָס האָט ער און וואָס קען ער געבען?

פינגערהוט: וואָס ער האָט שוין? ענטשולדיגט, אַ קינד אויף פון אַ צוועלף וואָכען. עס איז טאַקע גאָר ניט פּראַקטיש. ביי מיר אייער ציגאַרענ־שפּיץ, זאָגט איהר? (זוכט אין זיין וועסט און געפינט). הם, ווי קומט עס?

ציינער: היינט זיין שווער מלך שטעמפּעל! ווי קומט אַזאַ מענש צו פערשטעהן, וואָס איז אַ סאָדערזשאַנקע, אַ מעטרעסע? ער מיינט דאָך געוויס, אַז דאָס איז אַ שרעקליכע עולה.

פינגערהוט: ווי קומט ער צו פערשטעהן, דער כאָם! אָט איז טאַקע אייער ציגאַרענשפּיץ. איהר ווייסט, ער מיינט, אַז קאָרטען זיינען נור בעשאַפען געוואָרען צו שפּיעלען אין פּופּיק און אין זעקס־און־זעכציג. פרעגט איהם בחרם וואָס איז „וויסט“, „שטאָס“, „באַנק“, „באַקאַראַ“? ער האָט דאָך אין זיין לעבען אין בילאַרד ניט געשפּיעלט. אַ גראָבער יונג! וועלען זיי געניסען אַ גלאָז טהעע? (שרייט) ע, טשערנע, צוויי פּאָר טהעע.

טשערנע (אין פענסטער): וואָס שרייסטו? מייִנסט ביסט אין טראַקטיר מיט דיינע זשוליקעס? טפו זאָלסטו ווערען (אָב).

פינגערהוט: ענטשולדיגט, זי איז מלך שטעמפּעל'ס שוועסטער. איך שטאָלציר צו זאָגען, סאָפיע איז צוויי טראָפּען וואַסער איך... און אָט קומט טאַקע מיין סאָפיע... שעהן, האַ? (סאָפיע און זשעניטשקע פון גאָרטען, אין שטראָה־היטען).

זשעניטשקע: טאַנטע סאָפיע, איך וויל ניט. קום צוריק, איך וועל ביים וואַסער נאָך עטליכע שטיינדלעך געפינען. (שלעפּט זי צוריק).

סאָפיע: ניין, זשעניטשקע. איך קען ניט. עס איז שוין שפּעט. אָנקעל אַפּאָלאָן וועט באַלד קומען.

זשעניטשקע: איך האָב ניט ליעב אָנקעל אַפּאָלאָן. אַז ער קומט, ביזטו גאָר אַן אַנדערע. עס וואָלט געווען אַ סך בעסער ער זאָל גאָר ניט קומען אהער.

סאָפיע: בעסער? יעדער מיינט נור, ווי בעסער פאַר זיך. און פון מיר רעדנקט קיינער ניט. אַזאַ קליין סווינטוס איז שוין אויך אַייפערזיכטיג און עגאָאיסטיש. קום, קום, זשעניטשקע (געהען אויפ'ן באַלקאָן).

פינגערהוט: סאָפיע, איך האָב די עהרע פאָרצושטעלען, הערר סאַמועל פּאַוולאָוויטש ציינער, האָט דאָ אַן אייגענע דאַטשע, אַ ווילע...

סאָפיע: וואָס מיינסטו, מיך פרעהט טאַקע זעהר וואָס הער ציינער האָט אַן אייגענע ווילע.

פינגערהוט: דאָס איז מיין נייער בעקאַנטער. (גלעט דעם פּליעך). אַן עושר, סאָפיע, אָנגעשטאָפּט. די גאַנצע וועלט איז איהם שולדיג געלד...

סאָפיע: זעהר שעהן. ווערסט האָבען אַ נייען פּאַרטנער מיט וועמען צו שפּיעלען זעקס־און־זעכציג.

ציינער: איך האָב פון אייך זעהר פיעל געהערט, פריילין, און איך האָף, מיר וועלען אַמאָל גוטע פריינד זיין.

סאָפיע: איהר האָפט, ווייל איהר האָט פיעל פון מיר געהערט? איהר זייט אַ געשעפטסמאַן — האָפט ניט אומזאָנסט. ריעזע האָפנונגען וועלען אייך קיין פּראָצענט ניט ברענגען.

ציינער: כי! כי! אין דעם פאַל ערוואַרטע איך קיין פּראָפיט... איך ערוואַרטע ניט, מען זאָל מיר בעצאָהלען, פערקערט, איך בין אַליין אימ־שטאַנד צו בעצאָהלען, ווען מען דאַרף.

פינגערהוט: כע! הער ציינער איז זעהר אַ בראַווער מאַן. סאָפיע, ער האָט צוויי הייזער אויף דער מאַלע אַרנאַוטאָווסקע...

סאָפיע (רוהיג): אויף דער מאַלע ארנאַוטסקי? און איך האָב ניט געוואוסט. הער ציינער, איהר דאַרפט אונז ענטשולדיגען. מיר געהען באַלד מיטאָג עסען (ווייזט מיט דער האַנד, ער זאָל געהן).

ציינער: אָה, איך וועל געוויס ניט שטערען. אַדיע, מאָסיו פינגער־הוט; אויפ'ס ווידערזעהן, פריילין סאָפיע. (געהט די טרעפּ אַראָב. מאַטיוס בעגלייטעט איהם ביז די טרעפּ. טשערנע קומט מיט טהעע).

זשעניטשקע: טיאָטיע סאָפיע, וואָס האָט ער דיר געזאָגט? עפּעס אַ שלעכטע זאַך? (סאָפיע אומאַרמט זי).

פינגערהוט: אָט דער איד, ווי דו זעהסט, איז ווערט צוויי־הונדערט־און־פופציג מאָל טויזענד.

טשערנע: און וואָס האָסטו דערפון? האַ? נאַ דיר טהעע.

פינגערהוט: וואָס האָב איך דערפון? הם! ווען סאָפיע זאָל וועלען בערעכענען מיט די געהירען... ביי לייטען איז דאָ גליק, אַז מען לאָזט זיך שפּייען אין פּנים אריין, ווייס מען פאַר וואָס... עס האָט זיך געטראָפען? נו, עס טרעפט זיך. אָבער וואָס הייסט ליידען אומזיסט? איך פערשטעה, ווען אַ מענש האָט צוויי־הונדערט־און־פופציג־טויזענד, נו...

סאָפיע: ווען אַן אייגענער פאָטער קען דאָס זאָגען, וואָס קען איך ערוואַרטען פון פרעמדע מענשען? וועה, וועה, וועה! (פערדעקט איהר געזיכט).

טשערנע: מען קען לייטען ניט פערשטאָפּען די מיילער. עס זאָל ניט זיין קיין פריטשעפּקע, וואָלט מען ניט גערעדט. און אז מען קלינגט, איז א חגא.

זשעניטשקע: ויידע, וואָס האָסטו געזאָגט? טיאָטיע סאָפּיע, ער האָט דיך געשאָלטען?

פינגערהוט (בעז): געה גיב צו פערשטעהן א פערד דעם טעם פון חרוסת. (געהט).

טשערנע: האָסט דאָך געהייסען געבען טהעע, טפו זאָלסטו ווערען!

פינגערהוט: טהעע וועל איך טרינקען? שטעמפּעל'ס משפּחה! איך טרינק ניט קיין טהעע! (ראַש אָב דורכ'ן גאָרטען. זשעני שפּיעלט מיט א באַל נעבען די בוימער).

טשערנע: איך ווייס ניט, סאָפּיע, וואָס האָט דיך בלינד און טויב געמאַכט? איך ווייס? מען טיוקעט דאָך ווען מען געהט ארויס אין גאַס. איך בין נעכטען פערבייגעגאַנגען, ווייבער זיינען געזעסען, איז געוואָרען א חוכא וטלולא. וואָס האָבען זיי מיר געשריען? א קאָפּ... פערגעסען!

סאָפּיע (געהט צו דער מוטער): מאַמע, דאָס קינד איז דאָ, און איך בעט דיך, רעד ניט... שש!

טשערנע: רעד ניט? א גרינגע זאַך צו זאָגען „רעד ניט". (זשעני לויפט אום אין גאָרטען, שפּיעלט זיך). מילא איך ווייס ניט, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד, דיר האָט אָנגעשפּאַרט דער משוגעת... אבער וואָס-זשע, עס איז דאָ וועניג? דוקא ער, דוקא א פערהייראַטער, דוקא אַן אייגענער שוועסטערקינד'ס אַ מאַן? איך פערשטעה ניט, עס איז נור דאָ איין זכר אין מאָסקווע? טפו זאָל עס ווערען!

סאָפּיע: נו, וואָס זאָל איך טהאָן, מאַמע, אַז איך בין אַזאַ אונגליק-ליכע? מיר קומט אוים פערליעבען זיך דוקא אין דעם, אין ווענען מען דאַרף ניט, אין וועמען מען טאָר זיך ניט פערליעבען. (פיר זיך) ווער ווייס, אפשר איז ליעבע נור דאַן אינטערעסאַנט, ווען מען טאָר ניט, ווען עס זיינען דאָ הינדערניסע, יסורים, צרות? מאַמע, איך האָב גענוג צרות, איך בעט דיך, לאָז דו מיך צורוה. (פערדעקט איהר געזיכט, בלייבט זיצען ביים טיש).

טשערנע: איך ווייס? מען האָט חתונה, האָט מען צרות, אָבער האָבען צרות אָהן חתונה? נו, א וועלטעל געוואָרען. (אָב מיט די גלעזער. זשעני קומט צוריק צו סאָפּיע).

זשעעניטשקע: טיאָטיע סאָפּיע, פאַר וואָס זיינען אַלע שלעכט צו דיר?

סאָפּיע: איך ווייס ניט, קינד.

זשעניטשקע: דו ביזט גוט צו אַלע, און צו דיר זיינען אַלע שלעכט. קיינער האָט דיך ניט ליעב, קיינער ניט!

סאָפּיע: האָסטו דען מיך ניט ליעב, זשעניטשקע?

זשעניטשקע: יא, איך האָב דיך ליעב. אָנקעל באָריס זאָל דאָ זיין, וואָלט ער דיך אויך ליעב געהאַט. ער איז אַ גוטער. (פּויזע) פאַר וואָס, אַז דו געהסט קרימען זיך אַלע און מאַכען אָט אַזוי מיט די ליפּען? דו ביסט דאָך ניט ערגער פון זיי.

סאָפּיע: ניין, זשעניטשקע, אַלס מענש און אַלס פרוי שטעה איך ניט ניעדריגער פון יעדער איינציגער פון זיי. (פּויזע).

זשעניטשקע: טיאָטיע סאָפּיע, פאַר וואָס ביסטו ניט מיין מאַמע?

סאָפּיע: נאַרעלע, וואָס איז דען אַ מאַמע? די וואָס האָט ליעב אַ קינד, היט עס אָב, ערציהט עס... בין איך דיר ניט אַזוי ווי אַ מאַמע?

זשעניטשקע: יא! אבער וואו איז מיין מאַמע? טיאָטיע ליזע איז אויך ניט מיין מאַמע?

סאָפּיע: ניין.

זשעניטשקע: וואָס־זשע, אַ חוץ ליזען איז געוועזן אַן אַנדערע טיאָטיע, וועלכע איז געוועזן מיין מאַמע? אי, זיי זאָגען, איך האָב ניט קיין טאַטע און ניט קיין מאַמע.

סאָפּיע (געריהרט): ווער זאָגט? עס איז ניט וואַהר! קינד, איך בין דיין מאַמע, די מעכטיגע נאַטור האָט מיר ערלויבט דיין מוטער צו זיין... אבער וואָס איז די גרויסע נאַטור אָהן אַ קאַזיאָנעם ראַבין? אַ מאַמע אָהן אַ קאַזיאָנעם פּעטשאַט איז קיין מאַמע ניט.

זשעניטשקע: טיאָטיע סאָפּיע, איך פערשטעה ניט וואָס דו זאָגסט.

סאָפּיע: וועסט אויסוואַקסען, זשעניטשקע, וועל איך דיר אַלעס דערצעהלען און אַלעס ערקלערען (טרערען שטיקען זי). און דאַן, אויב דו וועסט וועלען, וועל איך זיין דיין מאַמע, און אויב דו וועסט זיך שעמען, ווי אַלע, וועסטו מיך אָבשטויסען פון זיך (ווישט אַ טרער). אָבער, קינד, וואַרום רעדסטו היינט דערפון?

זשעניטשקע: מען לאָזט ניט די קינדער שפּיעלען זיך מיט מיר. און דאָס שעהנע אינגעלע, וואָס וואוינט דאָ אַנטקעגען האָט מיר היינט געזאָגט, איך בין געבאָרען געוואָרען אונטער אַ פּלויט... זיין מאַמע האָט עס איהם דער־צעהלט. וואָס הייסט אַ פּלויט? טיאָטיע סאָפּיע, איך בין דען ניט אַזוי געבוירען געוואָרען, ווי אַנדערע קינדער?

סאָפּיע: יא! ביסט געבוירען געוואָרען ווי דאָס שעהנע אינגעלע אַנטקעגען, ווי אַלע קינדער... אָה, קינד, אָרימעס קינד. (דריקט זי צו זיך,

ווינט. אפּאָלאָן קומט פון גאָרטען, טראָגט אַ שטראָה־הוט און זומער־פּאַלטאָ אין דער האַנד).

זשעניטשקע: אָנקעל אַפּאָלאָן געהט. (אַפּאַרט) איך ווייס, ער האָט מיך ניט ליעב און איך האָב איהם אויך ניט ליעב. (אב אין הויז, סאָפיע ווישט אָב די אויגען).

סאָפיע (לויפט ווי אַ משוגע'נע אראָב די טרעפּ): ענדליך געקומען, געקומען, געקומען! (קושט איהם ליידענשאפטליך).

אַפּאָלאָן: ליעבע סאַפהאָ, זיי ניט אַזוי וואהנזיניג, האָב געדולד, מען קען זעהן פון די אַנדערע ראַטשעס. עס איז ניט שעהן. אַי! זיי פאַר־זיכטיג...

סאָפיע: עס איז אפשר ניט שעהן צו האָבען אַ געליעבטען, אָבער אַז מען האָט שוין יאַ אַ געליעבטען, איז זעהר שעהן איהם צו קושען. — שלעכטער, איך האָב דיך נעכטען אַ גאַנצען טאָג ערוואַרטעט. זונטאג פּלעגסטו אמאָל דעם גאַנצען טאָג שענקען מיר.

אַפּאָלאָן: נאַרעלע, זונטאג זיינען דאָ פיעל מענשען פון שטאדט. און אויסער דעם, איך קען ניט אַוועק אויף אַ גאַנצען טאָג. פערשטעהסטו מיך? דאָרט אין דער היים — סקאַנדאַלען. איך האָב געמוזט פערשפּרעכען ניט פאָהרען צו דיר.

סאָפיע: און דו האָסט עס פערשפּראָכען?

אַפּאָלאָן: נאַר, איך האָב מורא, מיין מאַדאַם קען קומען אהער מיט איהר מאַמאַשאַ און פּאַפּאַשאַ. מען דאַרף זיך אָבהיטען פון אַן עפענטליכען סקאַנדאַל.

סאָפיע: יאַ, מורא האָבען און היטען, אָבהיטען, פערהיטען — גענוג! איך וויל ניט הערען און וויל ניט וויסען פון קיין זאַך. רעד ניט! (נעהמט זיין הוט און ראָק, קושט זיין האַנדשוה). ערשטענס, דער גרויסער אַפּאָלאָן וויל געוויס עסען. האַ? באַלד. (געהט צום פענסטער).

אַפּאָלאָן: איך האָב פיינד צו עסען מיט זיי אַלע צוזאַמען. מיר וועלען עסעןביידע, אַליין, שפּעטער. סאָפיע, דו ווערסט מאָגער און בלאַס. באָרסט זיך צופיעל?

סאָפיע: יאַ, איך באָד מיך צופיעל. (זיפצט) וויפיעל האָב איך נעכטען פערלוירען געזונד, דיך ערוואַרטענדיג. און דו האָסט מורא פאַר מענשען, האַ?

אַפּאָלאָן: סאַפהאָ, דו האָסט נישט מורא, ווייל אפשר דו האָסט וועניג צו פערליערען. מיין נאָמען אָבער און מיין רעפּוטאַציע איז אַלעס. דו ווייסט, איך גיב שוין קיינע שטונדען ניט ביים באַנקיער האַיס, זיין מאַדאַם

האָט מיך בעגעגענט אין פאָרדערצימער, ווי איך האָב אַ קלונג געטהאָן, האָט מיר געגעבען פינף רובעל און געזאָגט: הער פּראָפעסאָר, ניכט מעהר קאָמען.

סאָפיע: ניכט מעהר קאָמען? פע! דאָס איז זעהר מיאוס. (לאכט) ווען איך זאָל זאָגען: הער פּראָפעסאָר, ניכט מעהר קאָמען, וואָלט עס דיך זעהר געפּרעהט, וואָלסט פּטור געוואָרען פון א צרה, געפיהלט זיך פריי.

אַפּאָלאָן: סאָפיע, ווען דו וועסט מיר זאָגען „ניכט מעהר קאָמען", וועל איך ניט האָבען אין דער גאַנצער וועלט צו ווענען צו קומען, און מיט ווענען צו רעדען איין וואָרט. אַז איך וועל פּטור ווערען פון דער צרה, וועל איך ניט האָבען קיין פרייד מעהר. און אַז דו וועסט מיך בעפרייען, בלייב איך אַן אייביגער שקלאַף.

סאָפיע: ווארום זאָל איך דאָס טהאָן? איך האָב דען וואָס צו פערליערען? מיין רעפּוטאַציע איז דען אַ וויכטיגע זאַך? כאַ! כאַ! ביי מיר איז דאָך די גאַנצע וועלט טרין טראַווא. ע, קום אַהער צו מיר. רעד! דערצעהל! זאָג מיר עטוואָס, איך האָב דאָך דיך ניט געזעהן אַ גאַנצע וואָך! זיעבען טעג געווען דאָ אַליין. זיעבען מאָל פיער־און־צוואַנציג שעה געוואַרט אויף דיר! דו ביסט געווען פערנומען, האָסט דיך אונטערהאַלטען מיט מאַדאַם זאָנענשיין, האָסט געשמועסט מיט דיין קריש, האָסט געשפּיעלט פּיאַ־נאָ, בעגעגענט זיך מיט פריינדע, און איך האָב שרעקליכע, אונענדליך לאַנגע זיעבען טעג געדענקט נור פון אַפּאָלאָן זאָנענשיין, ערוואַרטעט אַפּאָלאָן זאָנענשיין, געבענקט נאָך אַפּאָלאָן זאָנענשיין, געצעהלט די מינוטען, ווען וועט קומען אַפּאָלאָן זאָנענשיין. ענדליך איז דער גרויסער אַפּאָלאָן זאָנענשיין דאָ, און ער זיצט מיט „איינער העראַבגעלאַסענען נאַזע".

אַפּאָלאָן: יאַ, מיט איינער העראַבגעלאַסענען נאַזע. עס איז וואַהר, קלוגע, ליעבע, גוטע סאָפּהאָ! פערשטעהסט, אין מיר זיצען צוויי פער־שיעדענע פערזאָנען, צוויי זאָנענשיינען. איינער ליעבט דיך ליידענשאַפטליך, שטרעבט צו דיר, שעצט דיין מוט און איבערגעבענהייט, דער צווייטער אָבער גריבעלט און רעכענט, שטעלט פראַגען, שרעקט מיך מיט דער צוקונפט, דראָהט מיר מיט ראַכע, פערשפּרעכט מיר שאַנדע און שמאַך. מערקווירדיג, פּונקט דיזער צווייטער זאָנענשיין ערוואַכט אין מיר, ווען איך קום צו דיר וועניג־סטענס איניגע מינוטען גליקליך צו זיין.

סאָפיע: אַפּאָלאָן, ווען דו פאָהרסט אַהער, נעהם ניט מיט דיביידע זאָנענשיינען. דו צאָהלסט דאָך נור פאַר איין בילעט, ווארום זאָלסטו פיהרען צוויי פּאַסאַזשירען? דער ערשטער זאָנענשיין איז דאָ ווילקאָמען, דער צווייטער האָט דאָ קיין פּלאַץ ניט. הער זאָנענשיין נומער איינס, קום אַהער צו מיר. (געשעהט) שטעל דיך נעבען מיר אויף די קניע. (ער קניעט) קוק

אויף מיר מיט דיינע שעהנע אויגען, ברען מיר מיין הארץ מיט דיין ליידענ־שאפטליכען בליק! (נעהמט ארום זיין קאָפּ) אָה, מיין שעהנער, נאָבעלער קאָפּ. (קושט זיין שטערן).

אַפּאָלאָן: ווי גליקליך דארף זיין דער, וואָס קען דיר זאָגען: סאפּהאָ, דו ביסט מיין.

סאָפּיע: יא, דו קענסט עס זאָגען, דען איך געהער דיר, דיין סאפּהאָ בין איך און דו ביסט מיין זאָנענשיין, מיין אַפּאָלאָן! ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער פעלז, וועלכען די אומשטענדען שטעלען צווישען אונז, סאפּהאָ וועט פון דיזען פעלז ארונטערשטירצען צו איהר אַפּאָלאָן אין דעם רוישענדען מעער פון׳ם לעבען. עס גיבט קיין אָפּפער ניט, וועלכען סאפּהאָ זאָל איהר אַפּאָלאָן ניט ברענגען.

אַפּאָלאָן: איך פערדיען ניט פון דיר אזוי געליעבט צו זיין. דיין זעלבסט־אויפאָפּפערונג שרעקט מיך. דו ליעבסט ווי א מעכטיגע געטין, און איך בין א שוואכער, אויף צווייען־צושפּאָלטענער מענש.

**סאָפּיע:** אַפּאָלאָן, קום מיט מיר צום מעער. דאָס מעער גיט דיר שטענדיג מוט און קראפט. קום, ליעבער.

אַפּאָלאָן (אומארמט זי): יא, מיין סאפּהאָ, מיין געטין, מיין געליעב־טע, קום! מיר וועלען זיך זעצען אויפ׳ן בארג נעבען מעער, אויף דיין אויס־ערוועהלטען פּלאַץ נעבען לייכטטהורם. מיר וועלען פון דאָרט קוקען ווייט אויף דעם גרויסען וואסער־פעלד. מיר וועלען זעהן ווי ווייט שווימט מאיעסטעטיש א גרויסע דאמפּפשיף, שניידט שטאָלץ די וועלען און שיקט א שווארצען וואָלקען פון רויך צו די הימלען. מיר וועלען זעהן, ווי מיט א קליין שיפעלע שפּיעלט זיך דער מעכטיגער וואסער־טיטאן און זיינע ווייסע זעגלען פלימערען ווייט, ווייט...

סאָפּיע (שליסט די אויגען): אָה, ווי שעהן, ווי גוט...

אַפּאָלאָן: מיר וועלען הערען, ווי די וועלען לויפען צו דער מוטער ערד מיט א מוזיקאלישע ריטמישע בעוועגונג, קושען זי, לויפען פּאָרט און קומען ווידער. און די מוטער ערד וויעגט זיך און טרוימט, און מיר וועלען אויך טרוימען פון גליק, פון הארמאָניע, פון זעליגקייט, און אלעס פערגעסען... אלעס פערגעסען... אָה, סאפּהאָ, ווי גליקליך איך בין, ווען איך האָב מיט וועמען צו טרוימען. — דו וויינסט גאָר?

סאָפּיע: דאָס איז גוטע טרערען, אזעלכע טרערען טוען ניט וועה.

אַפּאָלאָן (שטעלט זיך הינטער איהר): גיב, איך וועל מיט מיינע ליפּען אויסזויגען דיינע טרערען, איך וועל אויסטרינקען אלעס, וואָס פערגיפ־

מעט דיין גוטעס הערץ און דיין מוטיגע זעעלע, דו זאָלסט קענען נור לוסטיג, פרעהליך און מוטיג זיין. (קושט זי).

סאָפּיע: ליעבער, דו פערגיפּטעסט מיך נאָך מעהר. קום, קום, סאפּהאָ וויל זעהן דאָס ווייטע מעער און שרייען און רופען איהר גליק. (כאפּט זיך אויף) קום! (גערויש) אָי! (מאַניטשקעס שטימע).

מאַניטשקע: אָט דאָ, זאָגט איהר, איז זייער דאַטשע? זיי האָבען א טאָכטער...

שטימען: יא, יא, מיר ווייסען! דאָ איז עס! א טאָכטער... כאָ! כאָ! (געשריי).

סאָפּיע: מאַניטשקעס שטימע! דיין פרוי!

אַפּאָלאָן: איך וויל זי ניט זעהן יעצט. (געהט) אָט דאָס איז די פּאָעזיע פון לעבען. אויף איין מינוט האָסטו דיך פערגעסען, קומט די שמוציגע ווירקליכקייט און פאָדערט איהרע רעכטע. סאָפּיע, איך בעט דיך, אָהן סקאַנדאַלען. שיק זי אהיים. שאָ! איך בין דאָ ניטאָ. (אב אין הויז).

סאָפּיע: מיין גליק איז א גע'גנב'עטעס, דערפאַר מעג יעדער קומען און צונעהמען עס. מיין גליק מעג יעדער צושטערען, דאָס, וואָס איך רעכען הייליג, מעג יעדער פערשפּאָטען. דאָס וואָס מיר איז טייער, מעג יעדער מאַכען ביליג און געמיין. אָה, אונגליקליכער מענש וואָס איך בין. (מאַניטש־קע קומט פון גאָרטען, געקליידעט רייך, אָהן געשמאַק).

מאַניטשקע (עררעגט): יא, דאָ איז עס. (געהט אויפ'ן באַלקאָן) די פרעהליכע מאַמזעל איז דאָ אַליין גאָר? וואו איז ער?

סאָפּיע: ערשטענס, אז מען קומט, דאַרף מען זאָגען: גוט מאָרגען; נאכהער דאַרף מען זיך זעצען, נאכהער, אז מען האָט וואָס צו זאָגען, זאָגט מען. מען דאַרף ניט זיין גראָב ווי א פערעקופּקע. מיר זיינען ניט אונטער דער עשאָפּע, אויפ'ן אַלטען מאַרק. זיץ.

מאַניטשקע: דער אָרט איז א סך ערגער פון אַן עשאָפּע, און איך בין ניט געקומען אהער לערנען זיך דרך־ארץ ביי דיר. אזאַ פרוי ווי דו איז א סך ערגער פון א פּערעקופּקע. א סך ערגער...

סאָפּיע: איך בין זעהר א שלעכטע פרוי?

מאַניטשקע: ניין, דו ביסט זעהר אַ פיינע פרוי! וואו איז מיין מאַן? איך בין געקומען נעהמען מיין מאַן אהיים!

סאָפּיע: וואָס הייסט נעהמען? וואָס איז ער א קליינינקער? אז ער וועט וועלען, וועט ער געהן.

מאַניטשקע: ווען ער וועט ניט וועלען, וועט ער אויך געהן. ער איז מיר ניט קיין ליובאָווניק, ער איז מיין מאַן.

סאָפיע (רוהיג): מאַניטשקע, וואָס שרייסטו אזוי? ווילסט מיך איבערשרעקען?

מאַניטשקע: איך האָב דאָס רעכט דאָ צו שרייען, אויב איך וויל, מעג איך דיך פּאַטשען אויך.

סאָפיע: אויב דו ווילסט? טאָמער וויל איך אָבער ניט?

מאַניטשקע: אַלע זאָגען, איך זאָל דיך אפילו שיסען, קומט מיר גאָר ניט דערפאַר, גלייך איך זאָל דערשיסען אַ הונד, וואָרום איך בין זיין געזעצ־ליכע פרוי.

סאָפיע: אַ געזעצליכע פרוי! אָי, וואָס פאַר אַ שרעקליכע חיה דאָס איז. אָבער, מאַניטשקע, פאַרוואָס זאָלסטו מיך שיסען? דיין מאַן, וועלכער געהערט דיר פאָ קאָנטראַקטו, געהט אהער? האַלט איהם ביי דער פּאָלע. שטעל דיר פאָר, דו האָסט ליעב דיין פריקאַשציק מיט די שוואַרצע אויגען, און דיין מאַן קומט און שיסט איהם ווי אַ הונד און דיך שלאָגט ער און בעפעהלט דיר, דו זאָלסט אונבעדינגט ליעבען נאָר איהם, וואָרום ער האָט דערויף אַ פּאַטענט פון ראַבינער.

מאַניטשקע: וואָס דאַרף איך איצט טראַכטען דערפון? אז עס וואָלט זיך געטראָפען, וואָלט איך דאַמאָלס געזעהן, וואָס איך האָב צו טהאָן. און וויעדער אפשר וואָלט מיין מאַן גאָר קיין מאָל ניט געוואוסט דערפון? וואָס בין איך, אַ נאַר?

סאָפיע: קיין מאָל ניט געוואוסט? יאַ! ביסט אַ געזעצליכעס וייב... זיץ, מאַניטשקע, און מיר וועלען רעדען ווי מענשען: מיינסטו, עס קען אויף דער וועלט זיין אַזאַ געזעץ, וואָס זאָל פערבאָטען אָדער צווינגען צו ליעבען?

מאַניטשקע: איך דאַרף ניט קיין פילאָזאָפיע, און זיצען אין אַזאַ הויז פּאַסט מיר ניט. אזוי זאָגען עלטערע און קליגערע מענשען פון אונז.

סאָפיע: אָהאָ! איך וויים, מען האָט דיך אָנגעלערענט, דו זאָלסט קומען אַהער, מאַכען אַ סקאַנדאַל, שלאָגען מיך, פּאַטשען מיך! אָהאָ! דומהייטען! אויף דער וועלט איז נאָך ניט געבוירען דער מענש, וואָס קען וואַגען מיך צו בעריהרען, ניט נור דו, דער שטאַרקסטער מענש וועט עס ניט דערלעבען. דו זעהסט דאָ אויפ'ן טיש מעסער, גאָבעל, טעלער! אָהאָ, מען קען שטענדיג געפינען מיט וואָס זיך צו בעשיצען! (רוהיגער) אָבער זאָל זיין, איך האָב מיך דערשראָקען פאַר אַזאַ שרעקליכע בעשעפעניש, ווי אַ געזעצליכע פרוי, איך שטעה ווי אַ נאַר מיט צונויפגעלעגטע הענד און זאָג: מאַדאַם זאָנענשיין, פּאַטשט! אייער כתובה גיט אייך רעכט צו פּאַטשען אַלע ווייבער פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע ליעבען ניט נאָך די דינים פון שולחן ערוך. נו, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? מען זעהט ניט דו זאָלסט

זיך זעהר אונגליקליך פיהלען; נור אויב דו ביזט אונגליקליך, וועט דיך א מיאוסער מארק־סקאנדאל גליקליך מאכען? וועסטו ווערען געליעבט, אויב דו ביסט יעצט ניט געליעבט? וועט מען דיך אכטען, אויב דו ביסט איצט ניט געאכטעט?

מאניטשקע: ווער איז ניט געאכטעט? ווער איז ניט געליעבט? איך? האסט שכל? ווער האט עס דיר געזאגט? ווען עס קומט אויף איהם א משוגעת, נעהמט ער דאך איין די כפרה. ער קושט מיך, ער האלזט מיך, ער קנייפט מיך, ער געהט אוים נאך מיר.

סאפיע (עס רייסט זיך ארוים פון איהר ברוסט א פערשטיקטער געשריי): אי!

מאניטשקע: נאכהער אבער קומט אויף איהם א מעלאנכאליע און איהם ציהט צו דער שעהנער מכשפה. דו זאלסט אבער ניט זיין, וואלט ער קיין אנדער ברירה ניט געהאט.

סאפיע (טרויעריג): יא, איך זאל ניט זיין! וואס זאל איך אבער טהאן, אז איך בין יא דא?

מאניטשקע: איך וויים, ער איז דיר געוועזן געפעהלען נאך פאר מיין חתונה, דאמאלסט האסטו איהם געקענט צונעהמען. איצט איז ער מיין מאן און איך וויל איהם נעהמען אהיים.

סאפיע: א פרוי דארף ניט שלעפען איהר מאן אהיים — זי דארף זעהן, אז ער זאל ניט וועלען פון דער היים אוועקגעהן. מאניטשקע, דו זאגסט, מאנכעס מאל האט ער דיך ליעב. (לאכט און וויינט). יא, יא, איך גלויב דיר, דאס זיינען די מענער... נו, דו זעהסט? ער האט דיך ליעב, ער איז שטענדיג מיט דיר, דו ביזט זיין געזעצליכע פרוי, דו האסט אלע רעכטע, די גאנצע וועלט איז מיט דיר און געגען מיר. אויף א קאנצערט, ווען מען אפלאדירט איהם, זאגט מען: און דאס איז מאדאם זאנענשיין. מיר קומט גאר ניט, איך בין א פרעמדע, איך בין נור א בעטלערקע, איך בעטעל אוים דאס, אויף וואס איך האב קיינע רעכטע. נור אמאל, ווען ער, דער עגאאיסט און גליקליכער מענש, ווען ער דערמאהנט זיך אן דער אונגליקליכער סאפיע... (וויינט, קען ניט רעדען). יא, עס איז וואהר, איך האב איהם ליעב געהאט בעפאר ער האט חתונה געהאט, פון איהם אבער האב איך דאס אבגעלייקענט. איך האב דיך גערעכענט פאר צו שוואך, איך זאל קאנקורירען מיט דיר, איך האב מורא געהאט דיין גליק צו רויבען. איך האב גערעכנט: זיי וועלען הייראטען, זיין גליקליך, און ער וועט אן מיר פערגעסען. נאכהער אבער, ווען ער פלעגט קומען אן אונגליקליכער, א פערצווייפעלטער, ווען ער פלעגט זיך מיר קלאגען ווי שווער עס איז איהם צו לעבען מיט מענשען, וועלכע פערשטעהען איהם

ניט, בעגרייפען ניט זיינע אַרטיסטישע שטרעבונגען — איך האָב איהם ליעב געהאַט און האָב איהם געאָפּפערט מיין לעבען. אויף מיין אָרימען קאָפּ האָב איך גענומען פלוך, שאַנדע, און שפּאָט, און דיר האָב איך געלאָזט אַלע רעכטע. (פויזע, גערויש). וועה איז מיר, זעהר נור, ווי קומט אהער באָרים? עטוואָס איז געשעהן. (באָרים קומט פון גאָרטען, ער איז בלאַס און אַלט, טראָגט א רייזע־טאַש און א קליינעם טשעמאָדאַן). וואָס איז, באָרים? ווען זייט איהר געקומען? וואו איז ליזע?

באָרים (שטעלט די זאַכען אויפ'ן באַלקאָן): וואָס מאַכט איהר דאָ, סאָפּיע? מאַניטשקע, איהר זייט נאָך אַלץ גוטע פריינד מיט סאָפּיען? און איך האָב געהערט... איך האָב געוואוסט עס איז א ליגען — איך בין היינט געקומען מיט קרימסקי פּאַראַכאָד. איך האָב אייך קוים געפונען.

סאָפּיע: אַליין? וואו איז ליזע? געבליעבען דאָרט?

באָרים (טרויעריג): יא, סאָפּיע... זי איז געבליעבען דאָרט.

ביידע: וואָס מיינט איהר? וואָס הייסט עס?

באָרים: סאָפּיע, איך האָב אייך געפאָלגט, איהר האָט געהייסען איך זאָל זיין מיט איהר, בין איך מיט איהר געפאָהרען קיין קרים. צוויי יאָהר בין איך געוועזען איהר דיענסט, איהר פריינד, איהר קראַנקענוועכטער, איך האָב געטהאָן אַלעס, וואָס עס איז געוועזען נור מעגליך איהר לעבען צו פערלענ־גערען. אָבער, סאָפּיע, אַלע מיה איז געוועזען אומזיסט. אונזער ליזע איז מאָנטאַג, דען צוועלפטען מאַי געשטאָרבען מיט א רוהיגען שטילען טויט. (פערדעקט זיין געזיכט).

סאָפּיע: געשטאָרבען? אָה! ליזע, ליזע, אָרימע ליזע! וועה איז מיר! וועה! (ביידע פרויען וויינען). פאַר וואָס האָט איהר מיר ניט געשריעבען? טעלעגראַפירט? איך וואָלט געקומען.

באָרים: וואָס וואָלט איהר געהאָלפען? (ווישט די אויגען).

מאַניטשקע: אָרימע ליזע! אַזאַ אונגליק! אַזאַ אונגליק! נו, איך מוז געהן! אהער אויפ'ן גרויסען פאַנטאַן בין איך געקומען מיט'ן טאַטען און מיט דער מאַמען... איך וויל ניט זיי זאָלען קומען אהער. עס קען זיי, דאָס וועט איהם זעהר בעז מאַכען. נאָך וואָס דאַרף איך דאָס? א גוטען טאָג, באָרים. (געהט אַראָב פון די טרעפּ). נו, איהר גליק, וואָס ליזע איז געשטאָרבען, איך וואָלט זי היינט גוט דורכגעפּאַטשט. (אב).

זשעניטשקע (גיט א קוק אין פענסטער): טיאָטיע סאָפּיע, די באָבע זאָגט... אָי! אָנקעל באָרים, אָנקעל באָרים! (ער נעהמט זי אַרויס דורכ'ן פענסטער). איך האָב נאָך אייך אַזוי געבענקט, איהר גוטער אָנקעל. (קושט זי). איהר זייט קראַנק, אָנקעל באָרים?

באַרים: ניין, זשעניטשקע. איך בין נור אַן אונגליקליכער. טיאטיע ליזע איז געשטאָרבען און איך בין יעצט געבליבען אליין אויף דער וועלט. (וויינט).

סאָפּיע: שאַ! זיי דאַרף מען עס ניט אָנזאָגען באַלד. די אַלטע אָרימע מאַמע נעבעך. (ווישט די אויגען, געהט צו איהם). וויינט ניט, באָרים, און זייט ניט אַזוי פערצווייפעלט. איהר זייט ניט אַליין, איהר האָט פריינדע, איהר האָט גוטע פריינדע, איהר ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ גוטער פריינד זשעניטשקע איז אייך. (זי לעגט איין האַנד אויף באָרים'עס שולטער, די אַנדערע אויף זשעניטשקען. אַפּאָלאָן קוקט אַרויס דורכ'ן פענסטער און בעטראַכט זיי). איאָ, זשעניטשקע?

זשעניטשקע: איך האָב נאָך פריהער געזאָגט, נור אָנקעל באָרים האָט מיך ליעב און האָט ליעב טיאטיע סאָפּיע.

סאָפּיע: נעהם אַזוי אָט, און וויש אויס אָנקעל באָרים זיינע טרערען. (גיט זשעניטשקען איהר טיכעלע). אָט אַזוי, אָט אַזוי... מען דאַרף נור אַ ביסעלע וויינען, ניט קיין סך. (זי פיהרט זשעניטשקעס האַנד מיט'ן טיכעל איבער זיין געזיכט. באָרים קושט סאָפּיע'ס טיכעל און זשעניטשקע'ס האַנד).

אַפּאָלאָן (אריין): זעהר אַ שעהנעס פאַמיליענבילד! שטער איך פיעלייכט?

סאָפּיע: אָה, אַפּאָלאָן...

אַפּאָלאָן: איז מאַניטשקע שוין אַוועקגעגאַנגען? איך שטעל מיר פאָר, ווי שווער עס איז איהר געווען. אָרימע יונגע פרוי!

באָרים: אָה, הער זאָנענשיין, איהר אויך דאָ? איך האָב ניט געוואוסט. ווי געהט עס? (גיט איהם די האַנד).

אַפּאָלאָן (גראָב): איהר האָט מיך ניט ערוואַרטעט דאָ צו זעהן? ליידער בין איך יעצט דאָ.

סאָפּיע: זשעניטשקע, אָנקעל באָרים איז געוויס מיעד פון וועג. פיהר איהם צו דער באָבע. דאָרט איז זייף. גיב איהם וואַסער. זאָג דער באָבע, אפשר איז ער הונגעריג.

באָרים: ניין, ניין, דאַנקע. אָה, מיין זשעניטשקע. (נעהמט זי אויף די הענד, געהט אָב).

אַפּאָלאָן (צייגט מיט'ן קאָפּ): אונזער אַלטער בעקאַנטער. וואָס־זשע? געקומען צו גאַסט? האַ? יאַ, שוין לאַנג ניט געווען. אָה, איהר האָט געוויינט? געוויס, מען זעהט זיך ניט אַזאַ צייט. (נעהמט זיין הוט און ראָק). זאָל איך אייך פיעלייכט מיט מיין טיכעל די טרערען אָבווישען?

סאָפיע: אָי, רעד ניט קיין דומהייטען! (ער וויל געהן). וואוהין, וואוהין ווילסטו געהן?

אַפּאָלאָן: וואוהין? איך פאָהר אהיים.

סאָפיע: איהר ווילט פאָהרען אהיים צוזאמען מיט מאדאם זאָנענשיין? איהר וועט נאָך האָבען די עהרע זי צו זעהן און צו טרייסטען.

אַפּאָלאָן: עס איז אפשר ניט קיין עהרע צו זעהן מיין פרוי, אָבער קיין שאנדע איז עס געוויס ניט. מאדאם, זי איז אַן עהרליכע פרוי, און טרויסטען א יונגע פרוי, וועלכע איז געצוואונגען צו זוכען איהר מאַן גאָט וייס וואו, איז אויך ניט קיין גרויס אונרעכט.

סאָפיע: רעכט און אונרעכט! אָי, וויפיעל געמיינהייטען זיינען מיט דיעזע קלינגענדע ווערטער פערמאסקירט. אפּאָלאָן, דער מענש האָט מיר ערשט א נאכריכט געבראכט.

אפּאָלאָן: רעד ניט. איך וויל פון איהם ניט הערען. איך האָס דעם מענשען און זיין קינד!

סאָפיע: דו האָסט קיין רעכט ניט זיי צו האסען.

אַפּאָלאָן: האסען איז ניט קיין רעכט, עס איז אַ געפיהל. ווען איך זעה איהם, דענק איך געגען מיין ווילען, ווי קען מען האָבען צוטרויען צו אַ פרוי, וועלכע האָט אין דער פערגאנגענהייט געהיימניסע? וואָס פאַר אַ ווערטה האָט איהר ליעבע, ווען זי האָט שוין פון אַן אַנדערען מאַן אַ קינד געהאַט? ווען זי האָט שוין פריהער איינעם געליעבט? איינעם? ווער וייס, פיליכט האָט רעכט מיין שוויעגער־מוטער און עס זיינען שוין דאָ פיעלע געליעבטע געוועזן.

סאָפיע: וואהרע ליעבע קוקט ניט אין דער צוקונפט אריין און פרעגט ניט וועגען דער פערגאנגענהייט. וואהרע ליעבע טרויט און פערטרויט. ביסטו געוועזן ציכטיג, אונשולדיג, ווען דו האָסט מיר דיין ליעבע געבראכט? האָב איך דיך געפרעגט, וויפיעל געליעבטע דו האָסט געהאַט, בעפאָר דו האָסט מיך בעריהרט? וואָרום זאָלסטו אַלס מאַן האָבען מעהר רעכט פון מיר אַלס פרוי? אפּאָלאָן, מיך האָט אַן אונגליקליכע ליעבע פאַר אַ מוטער געמאכט. עס וואר אַ פעהלער, אָבער עס וואר דאָך אַן עהרליכעס, אויפריכטיגעס געפיהל. וויפיעל פרויען אָבער האָסטו געקענט ניט אַלס מענש, נור אַלס ווילדעס טהיר, אָהן ליעבע, אָהן ריינע עהרליכע געפיהלען, אָהן אויפריכטיגקייט? דיין ליעבע צו מאדאם זאָנענשיין איז אויך ניט אַזוי אידעאַליסטיש ריין און דאָך ביזטו דער פאָטער פון איהר קינד.

אַפּאָלאָן: א, דאָס איז מיין קינד. (שרייט.) מיין קינד!

סאָפיע שש! (ציינגט אויפ׳ן פענסטער). און דאָס איז מיין קינד!

וואָס איז דער אונטערשיעד, דו גרויסער ראַדיקאַל, פילאָזאָף און פריידענקער? — אָבער, אַפּאָלאָן, איך בעט דיך, זאָל זיין געגוג, איך בעט דיך, האָב דו אָם ווענינסטען מיטלייד מיט מיר, איך פערצייה דיר אַלעס, וואָס דו האָסט געזאָגט, דען איך האָב דיך ליעב. נו, ערנידעריג מיך, שלאָג מיך, אויב דו ווילסט, פון דיר וועל איך אַלעס ערטראָגען, ווייל איך ליעב דיך. איך קען דיך, און וויים, ווען די שלעכטע לוינע וועט פאָראיבערגעהן, וועסטו אַליין בערייען דיינע גרויזאַמע ווערטער. (פינגערהוט קומט פון גאָרטען אונבעמערקט).

אַפּאָלאָן: ניע וועל איך בערייען דאָס, וואָס איך האָב דיר יעצט געזאָגט.

פינגערהוט: זעה נור. ער קאָמאַנדירט דאָ ווי ביי זיין טאַטען אין ווייגגאָרטען.

אַפּאָלאָן (איראָניש): אָה, אונזער האָכגעשעצטער הער פינגערהוט. ווי געהט'ס?

פינגערהוט (גראָב): וואָס האָט עס צו אייך ווי עס געהט? פינגערהוט מעג זיין האָכגעעהרט אָדער ניט האָכגעעהרט, ער קריכט ניט וואוהין מען דאַרף ניט! קריכען זאָלען זיי שוין ראַטשקעם די אַלע שאַרלאַטאַנעס, א רוח אין זייער טאַטענס ערד אריין!

אפּאָלאָן (אויסער זיך): וועמען מיינט איהר דאָס? איהר שאַראַמיזשניק! איהר אַלטער ליץ, איהר! (גלעט דעם קאָפּ).

פינגערהוט (קלאַפּט אָן טיש): ע, טשערנע עסען! און דערלאַנג דעם גראַפינטשיק בראַנפען. זעה נור ווי ער האָט זיך צופלאַקערט! מילאָנער מיינער! מיין בלאַהאַדעטעל!

סאָפיע (לאָזט ניט אַפּאָלאָן רעדען): פּאַפּאַ, דו וועסט מעהר ניט דעדען! איין וואָרט ניט! אַ יאָ? — מאַמע, גיב זיי עסען. זשעניטשקע, רוף אָנקעל באָריס עסען. הער זאָגענשיין, איך דאַרף מיט אייך רעדען, קומט אריין אין שטוב אויף א מינוט. (שלעפּט איהם).

אַפּאָלאָן: אַזאַ אַלטער היהנער פרעסער, אַזאַ אַלטער טויגעניכטס. (סאָפיע פיהרט איהם פאָרט).

פינגערהוט: וואָס? (כאַפּט זיך אויף). אָט וועל איך דיך באַלד! (זעצט זיך). האר אויס, איך וועל דיך אָטוואַדיען פון דאַנען. גאָר ניט, אַזאַ קבצן זאָל זיך ערלויבען. און אַ מכה ווילסטו ניט? (טשערנע קומט מיט זופּ).

טשערנע: נאַ, נאַ, עסען. פערשטאָפּ די האַלאָטקע — ווילסט דעם

בראַנפען, וואָס דו האָסט אויסגעטרונקען? קיין נייעם בראַנפען האָט מען נאָך ניט צוגעגרייט, פראַנט מיינער!

פינגערהוט: איך האָב אויסגעטרונקען זאָגסטו? הם, ווי קומט עס?

טשערנע: דו זעהסט ניט? באָרים איז דאָך געקומען. (באָרים, זשעניטשקע זעצען זיך צום טיש).

פינגערהוט: וואָס מאַכט באָרים עפּעס? איך האָב געוואוסט, דו וועסט קומען. לעבען קען מען נור אין אדעס. עס איז אַ שטאָדט, וואָס דאָס אויג געלוסט. (עסט). נו, און וואו איז פעפער?

טשערנע: פעפער? פערגעסען, אַ קאָפּ — טפו זאָל עס ווערען!

זשעניטשקע: באַלד, באָבעניו (לויפט ברענגען פעפער. אַלע עסען).

אַפּאָלאָן (מען הערט זיין שטימע דורכ'ן פענסטער): ניין, דאָס איז שוין צופיעל! וואָס? יעדער טויגעניכטס, יעדער געמיינער לומפּ זאָל מיך בעליידיגען אויך? ווענינ האָב איך צו ערטראָגען? (סאָפיע בערוהיגט איהם).

פינגערהוט: מיר דאכט זיך, איך וועל געהן, וועל איך איהם!.... עס איז אַ זופּ.... אַ ציגיינערשע סאַליאַנקע! אָהן זאַלץ, און אָהן פעפער, אָהן טעם אָן אָהן ריח! (זאַלצט און פעפערט בייז).

טשערנע: שאַ! און אויף ליזען האָסטו פערגעסען צו פרעגען? אויך מיר אַ טאַטע, טפו זאָלסטו ווערען!

פינגערהוט: יאַ, טאַקע, וואָס מאַכט ליזע? (שטימען). זעה נור בעסער. איך וועל שוין היינט פון עסען קיין הנאה ניט האָבען. (שטעמפּעל, פראַדי, מאַניטשקע קומען פון גאָרטען).

שטעמפּעל (געהט גלייך אויפ'ן באַלקאָן): אויב איהר ווילט, מעג זיין אַ גאָט העלף. (צו זשעניטשקע) דו, בעלאָריביצקע, דערלאַנג מיר אַ קענדעל וואַסער, איך האָב אויפגעגעסען אַ טאַראַנקע, ברענט מיר אויפ'ן האַרצען. (זי גיט איהם וואַסער). ברודער, איך האָב מורא ביי אונז וועט דאָ זיין אַ באַטאַליע. (טרינקט).

פינגערהוט: פערגעס ניט, ביסט ביי מיר אויף מיין דאַטשע.

טשערנע (צו די פרויען): וואָס זייט איהר דאָרט געבליבען שטעהן? אָהן אַ גוט מאָרגען, אָהן אַ גוט יאָהר. מענשען! טפו זאָל עס ווערען!

פראַדי: וואָס איז איצט פאַר אַ צוגאַסט? אַז מען וועט ביי אייך דאָ געלעגען ווערען, וועט איהר אונז איינלאַדען צום ברית.

שטעמפּעל (שטעלט אַוועק דאָס קענדעל): מיר זיינען גאָר פשוט געקומען נאָך אונזער בחור. וואו איז ער, דער אָקון? אפנים אין די היצען

האַלט איהר איהם דאָ אין אַ לאַחאַנקע מיט קאַלט וואַסער און ער צאַפּעלט זיך דאָ ביי אייך ווי אַ לעבעדיגער, הא?

פינגערהוט: איהר מעגט איהם נעהמען און איהר מעגט אייך מיט איהם ווערגען.

באָרים: איך פערשטעה ניט, וואָס קומט דאָ פאָר? שווער, איך בעט אייך, מאכט ניט קיין סקאַנדאַלען. (ווינקט אויפ'ן פענסטער). וואָס מיינט איהר, איהר קומט צו געזונד דערפון?

פראַדי (צו באָרים): דו זאָלסט ניט פערשטעהן וואָס דאָ קומט פאָר? עס איז דאָס זעלבע, וואָס איז אַמאָל פאָרגעקומען און וואָס עס וועט נאָך איה"ש פיעל מאָל פאָרקומען.

פינגערהוט: האַלט דיין פיסק! ביי מיר אויף מיין ראַטשע!

פראַדי: איך וועל ביי דיר בעטען אַ ראַזשראַשעניע צו רעדען, טראַקטירנער נאַדזיראַטעל מיינער!

שטעמפּעל: וואו איז מיין בחור? איך קען דיר אויף דיין ראַטשע געבען אַזאַ כליאַב, אַז עס וועט זיך איבערקעהרען דער גאַנצער טשוהונטשיק מיט די פיש! איהר האָלאָדראַנצעס! וואָס מיינט איהר? צונעהמען ביי אַ ווייבעל איהר מאַן און מאַכען דאָ אַ גאַנצע ריבאַלאָווסטוואַ...

באָרים: הערט אויף, הערט אויף, איך בעט אייך.

פינגערהוט: דו בינדוזשניק! דו ווילסט דיך אָנהויבען מיט מיר, איך וועל דיך. (כאַפּט זיך אויף, אַלע נאָך איהם).

זשעניטשקע (ערשראָקען): זיידע, זיידע! טיאָטיע סאָפיע! (וויינט).

טשערנע: טפו זאָלט איהר ווערען! די שכנים וועלען זיך דאָך צונויפלויפען אויף אייער בייזען וואונדער.

פראַדי: פאַר אונז וועט זיך אָננעהמען גאָט, פאַר אונז וועלען זיך אָננעהמען מענשען! (דאַטשניקעס קומען פון אַלע זייטען און הערען זיך איין נייגעריג). מיר זיינען ניט געקומען גנב'ענען פערמדעס, מיר פאָרדערען אונזערעס.

פינגערהוט: דיינס! נעהם און הענג איהם אויף דיר אויפ'ן האַלז.

שטעמפּעל: איך האָב אַ כאַראַקטער, איך שווייג, איך שוויג, אָבער אז מיין גאַל פּלאַצט, ווערט ביטער די גאַנצע פיש, און, ברודער, עס קען דיר אַרויסשפּאַרען די נשמה! זשוליק דו, וואו איז מיין איידעם? (אַ בעוועגונג צווישען די דאַטשניקעס. סאָפיע, אַפּאָלאָן קומען פון שטוב). אָט איז ער דער בחור! אהיים, ברודער! גענוג שפּיעלען אויף אַ פרעמדען פאַרטעפּיאַן.

האָסט אין דער היים אַן אייגענעם. קאָנצערטען דארף מען געבען אין דער־היים.

מאַניטשקע: פּאַפּאַ, הער אויף, איך בעט דיך, מאך ניט קיין סקאַנ־דאַל, אויב דו ווילסט מיך ניט אונגליקליך מאַכען. (צו אַפּאָלאָן). איך בין ניט שולדיג, זיי פיהרען מיך... איך וויים ניט, וואָס זאָל איך טהאָן? (וויינט).

אַפּאָלאָן: יאָ, זעהר שעהן, זעהר שעהן, מען האָט עס געדארפט ער־ווארטען. מאַניטשקע, וויין ניט, איך בעט דיך, קום, דיר פּאַסט ניט דאָ צו זיין. (וויל געהן פון די טרעפּ, בעטראַכט די פרעמדע מענשען). אָי, וועלכע שאַנדע! סקאַנדאַל!

סאָפיע (לאָזט איהם ניט געהן). אַפּאָלאָן, ניט יעצט דארפסטו אוועקגעהן, ניט אַזוי דארפסטו מיך יעצט פערלאָזען. בערוהיג זי, שיק זי אַהיים, דו וועסט קומען אַהיים שפּעטער, וועסט קומען באַלד. זאָג איין וואָרט.

אַפּאָלאָן: זעה וויפיעל פרעמדע מענשען, איך קען ניט, לאָז מיך.

סאָפיע: פיהלסטו דען ניט, דאָס אויב דו געהסט אַזוי אוועק, צייגסטו אַליין אויך דאָס דו שעהמסט דיך מיט מיר, דאָס מיר רעכענסטו די נידריג־סטע פון זיי? אָה, אַפּאָלאָן, זיי אַ מאַן! בערוהיג, זי, און בלייב נור איי־ניגע מינוטען.

אַפּאָלאָן (בייז): ע, אונזין! די גאַנצע וועלט וויסט, זי איז מיין געזעצליכע פרוי, ווי קען איך זי איצט שיקען אַהיים און אַליין בלייבען דאָ? (ראַש אַראָב פון די טרעפּ). קום אַהיים גיכער. (זי אַרעמט איהם,ביידע געהען).

פראַדי: אָט אַזוי, נעהם איהם.... עס טרעפט זיך מיט אַ מאַנסביל.... אָבער ווען דאָס אמת'ע ווייב נעהמט — געהט מען. יאָ, אַן אייגען ווייב איז ניט קיין פרעמדע. (אַפּאָלאָן אב מיט זיין ווייב).

שטעמפּעל: און וו'זנאַק פּאַמיאַטי, דו אַלטער זוואָדניק, וועל איך דיר מאַכען אַ לימינאַציע! איהר זאָלט דאָ וויסען און געדענקען, ווי צו כאַפּען אויפ'ן קריוטשאָק פרעמדע פיש אין מוטנע וואַסער. נאַ דיר! (שלעפּט דעם טישטוך און ווארפט אַלעס אַראָב פון טיש, דאַטשניקעס לאַכען). און דאָס נאַ דיר! (וויל שלאָגען פינגערהוט'ן). איך וועל דיין פּליעך ברייטער מאַכען און גלאַנציגער.

באָרים: איהר זייט היינט פון זינען אַראָב, צי דער רוח וויים אייך! (ראַנגעלט זיך מיט שטעמפּעל, וויל איהם אומוואַרפען. מאַטיאַס לויפט אום, משוגע).

פראַדי: גיב איהם, גיב איהם! אָט לאָזט מיך צו איהר, צו דער

ליובאָווניצע, ווען איך באַלד אויספּאַטשען די גאַנצע ליובאָוו פון איהר, לאָזט מיך אקערשט! (לויפט צו סאָפיע׳ן. טשערנע לאָזט ניט. זי רייסט די טיכעל פון טשערנע׳ס קאָפּ, לויפט, נאָך איהר מלך, די איבריגע יאָגען זיי נאָך. מען הערט אַ געפילדער אויפ׳ן גאַס. סאָפיע מיט זשעני׳ן בלייבען אַליין. סאָפיע געהט לאַנגזאם צום קינד, פאַלט נעבען איהר אויף די קניע, דריקט זי צו זיך און וויינט ביטער. דאָס קינד וויינט אויך. באָריס בעטראַכט זיי פון וויט, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען).

**סאָפיע:** אָה, קינד, קינד, קינד!....

(פאָרהאַנג).

## פיערטער אַקט.

(סאָפּיע'ס צימער ווי אין צווייטען אַקט. אַ פּיאַנאָ איז צוגעקומען, אויף דער פּיאַנאָ נאָטען, אַלעס אין אונאָרדנונג, אָנגעוואָרפען פּאַפּיערען, קליידער, בילדער. סאָפּיע פּאַקט פערשיעדענע זאַכען אין אַ גרויסען קאַסטען, זשעניטשקע העלפט).

זשעניטשקע: טיאָטיע סאָפּיע, ווען וועלען מיר פאָהרען?

סאָפּיע: היינט אבענד, זשעניטשקע, עלף אַ זייגער געהט אָב דאָס שיף. צעהן וועלען מיר שוין דאָרט זיין.

זשעניטשקע: ווי אזוי, האָסטו געזאָגט, רופט זיך די שטאדט?

סאָפּיע: סימפעראָפּאָל. מיט'ן שיף וועלען מיר פאָהרען ביז אַ גרויסע שטאדט, וועלכע רופט זיך סעוואַסטאָפּאָל, און פון דאָרט מיט'ן אייזענבאהן. (פּאַקט).

זשעניטשקע: מיר וועלען שוין קיין מאָל ניט קומען צוריק קיין אדעס?

סאָפּיע: איך ווייס ניט, קינד, אפשר וועלען מיר שוין קיין מאָל ניט קומען צוריק.

זשעניטשקע: און דער זיידע מיט דער באָבע וועלען אַלע מאָל דאָ זיין?

סאָפּיע: ניין. זיי בלייבען דאָ דערווייל, אָבער שפּעטער ווען איך וועל האָבען געלד, וועל איך זיי אויך נעהמען צו אונז אַהין. (פּאַקט).

זשעניטשקע (פערטראַכט): און וואו וועט בלייבען אָנקעל באָרים?

סאָפּיע: איך ווייס ניט. וואו ער וועט וועלען, דאָרט וועט ער זיין. זשעניטשקע, דו פרעגסט מיך צופיעל, איך קען איבער דיר גאָר נישט טהאָן. (פּויזע).

זשעניטשקע: פאַר וואָס? ע, ניין, ניין, גאָר ניט.

סאָפּיע: וואָס נאָך האָסטו געוואָלט פרעגען, זשעניטשקע?

זשעניטשקע: ניין, מען דאַרף ניט, איך וועל דיר ניט דולען דעם קאָפּ מעהר.

סאָפּיע: וואָס האָסטו דען געוואָלט פרעגען?

זשעניטשקע: פאַר וואָס זיינען מיר אזוי גיך אוועק פון גרויסען פאנטאַן? אַלע זיינען דאָך נאָך דאָרט. (פּויזע).

סאָפּיע: אויף אַ דאַטשע וואַווינט מען נאָר ביז עס קומט דער אומעטי־גער הערבסט מיט די קאַלטע וואָלקענדיגע טעג. אונזער הערבסט איז אַ ביסעל צו גיך געקומען און אונזער דאַטשנע סיזאָן האָט זיך געענדיגט פאַר דער צייט. (קעהרט זיך אָב).

זשעניטשקע: דו וויינסט, טיאָטיע סאָפּיע?

סאָפּיע: ניין, זשעניטשקע, הער: באַלד וועלען די אַרבייטער קומען נעהמען דאָס פאָרטאָפּיאַנאָ, געה בעסער אַריין צו דער באָבע.

זשעניטשקע: איך ווייס, דו ווילסט דאָ וויינען איך זאָל ניט זעהן. (קוקט סאָפּיע'ן אין די אויגען). דו וויינסט צופיעל, טיאָטיע סאָפּיע. (אָב אין אינערע טהיר).

סאָפּיע: ניט צופיעל, קינד. טיאָטיע סאָפּיע וועט נאָך וויינען און וויינען. (געהט, בעטראַכט דאָס פּיאַנאָ). „מיין סאַפּהאָ, איך וויל ביי דיר זאָל דאָ שטעהן אַ פּיאַנאָ, מיין אמת'ע, ריכטיגע שפּראַך וועסטו הערען נור דאָן, ווען איך וועל דיר מיט בעגייסטערונג שפּיעלען." און די אָרימע סאַפּהאָ האָט מיט צוויי שטונדען יעדען טאָג מעהר געאַרבעט און האָט געצאָהלט פאַר אַ פּיאַנאָ... עס איז געווען אַ פּרעמדע פּיאַנאָ, אַ געדונגענע, היינט וועט מען זי צונעהמען אַזוי, ווי מען האָט ביי מיר אַלץ צוגענומען. אָה, וויפיעל גליקליכע מינוטען איך האָב דאָ איבערגעלעבט! וועלכע געפיהלען האָבען געשטורעמט אין מיין האַרץ, ווען ער האָט צו מיר גערעדט מיט זיין געטליכער שפּראַך. אָט דאָ איז ער געזעסען, אָט איבער די קלאַווישען זיינע פינגער אומגעלאָפען, ער וועט זיי מעהר ניט בעריהרען. (קושט די קלאַווישען קניענד). ענטשוויגען געוואָרען אויף אייביג, איך וועל שוין די זיסע שפּראַך ניט הערען מעהר — געשטאָרבען. גלייכגילטיגע מענשען וועלען באַלד קומען אַזוי ווי שמשים פון חברה קדישא און וועלען דיך אַרויסטראָגען ווי אַ טויטען. (וויינט, גערויש). אַהאַ, מען געהט: זיינע נאָטען, דאָס לאָז איך מיר. (וויקעלט איין די נאָטען, ווישט אויס די אויגען. פינגערהוט, אַרבייטער קומען).

פינגערהוט: יאַ, דאָס איז מיין קוואַרטיר. איך בין דער הער מאַטיאַס פינגערהוט. דיעזע פּיאַנאָ, איך דאַרף זי ניט מעהר, איהר קענט זי נעהמען. (אַרבייטער רוקען אָב די פּיאַנאָ פון וואַנד).

סאָפּיע: איין מינוט! זאָל עס נאָך איין מינוט בלייבען אויפ'ן פּלאַץ. אָט אַזוי. איין מינוט, און אַדיע. (פאַלט צו דער פּיאַנאָ און בלייבט שטיל. די אַרבייטער שטוינען).

אַרבייטער (צו די קאַמעראַדען): קאָמעדיו לאָמאַיעט.

סאָפּיע (מאַכט צו דאָס דעקעל): יאַ, פיניטאַ לאַ קאָמעדיאַ, די קאָמע־

דיע האָט זיך געענדיגט. (לאַכט און וויינט). פריינדע, מיין פּאַפּאַ דאַרף ניט מעהר די פּיאַנאָ, טראָגט זי אַוועק, נעהמט זי צו. (די אַרבייטער טראָגען אַרויס די פּיאַנאָ. סאָפיע קניעט נעבען קאַסטען און קוקט אויף די נאָטען). אַ לעבעדיגע שפּראַך איז דאָס געווען, איצט זיינען געבליבען נור טויטע נאָטען.. (קושט די נאָטען, לעגט זיי אין קאַסטען, פינגערהוט האָט זיך געגען שפּיגעל פערקעמט).

פינגערהוט: סאָפיע, דו ביסט זעהר ראַסטראָיעט? איך האָב געוואָלט רעדען מיט דיר פון געשעפט. (זי זוכט די בייטעלע). ניין, ניין, ניט קיין געלד. (זי גיט איהם אַ מטבע, ער נעמט צו). ניט דאָס. איך האָב געוואָלט רעדען טאַקע פון אַ וויכטיגע זאַך. דו ביסט דאָך יאַ מיין טאָכטער, ביסט אַ קלוגע, אַ געראָטענע, וואָס טהוסטו דאָס?

סאָפיע: איך פּאַק איין די זאַכען.

פינגערהוט: איך פערשטעה, אָבער אַזוי אין אַלגעמיין? דו מאַכסט פון דיר אַ תל. מאַטיאַס וועט ניט קענען אויף דער עלטער ווערען אַ גראָבער יונג, אַ שטיוועל־פּוצער, איך בין דאָך געוואוינט צו לעבען ווי אַן עדעלמאַן.

סאָפיע: אַי, דאַרפסט זיך ניט זאָרגען. פאַר דער קוואַרטיר איז ביז'ן ערשטען בעצאָהלט. איהר וועט דאָס אַלץ פערקויפען און מאַכען צו געלד. און איך האָף, זעהר גיך וועל איך אייך קענען נעהמען צו זיך.

פינגערהוט: איך וויים. אָבער דאָס הייסט געמוטשעט זיך, ניט געלעבט. אין אדעס קען מען לעבען, אַז מען וויל. פערשטעהסטו? הע! איינס, צוויי, און שוין געוואונען די פּאַרטיע. שאַראַם אַט באַרטאַ, זשאַלאָטאָי אָואוו סרעדינו. אויב עס האָט זיך שוין יאַ געטראָפען. (גלעט דעם פּליעך) אַזאַ זאַך קען מען שוין ניט פערגלעטען. איצט איז דער עיקר געלד.

סאָפיע: דיך האָט געשיקט ציינער.

פינגערהוט: וואָס איז דער אונטערשיעד? עס איז אַ געשעפט־זאַך און מען דאַרף זיך איבערלעגען.

סאָפיע (בייז): דו האָסט מיר געשוואָרען קיין מאָל ניט רעדען מיט מיר דערפון, דו האָסט געשוואָרען! האָסט שוין פערגעסען? האַ? דו ווילסט עס זאָל געשעהן אַן אונגליק?

פינגערהוט (דערשראָקען): איך האָב געשוואָרען, זאָגסטו? הם, ווי קומט עס? איך געדענק ניט. אויף מיין וואָרט. אָי, סאָפיע, איך האָב דיך קיינמאָל ניט געקענט פערשטעהן. ביסט גאָר קיין מענש ניט...

סאָפיע: זאָ לאַנג איהר זייט די מענשען, געוויס, בין איך קיין מענש ניט... אָי! הפנים, ווען איך וועל שוין ליעגען אין דער ערד, וועט מען אויף קומען טרעטען מיך מיט די פים און שפּייען אויף מיין קבר. (פּויזע).

טשערנע (עפענט די טהיר): סאָפּיע, אָי וועה איז מיר! (ערשיינט) זעה וואָס פון איהר איז געוואָרען? סאָפּיעלע! וואָס האָב איך דיך געוואָלט פרעגען? איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף דיר און פערגעסען. (ווישט אַ טרער). נו, טפוי זאָל עס ווערען. — פּראַנט מיינער, דו ביסט דאָ? אפשר וואָלסטו עפּעס געהאָלפען? זעה, וואָס עס טהוט זיך אין שטוב.

פינגערהוט: איך קען ניט יעצט... אַ מענש ווארט אויף מיר ביי פּאַנקאָני'ן. (אָב, באַלד צוריק אין טהיר). אָט געהט באָרים, ער וועט דיר העלפען, ער איז ניט חולה. איך האָב אַ געשעפט. אַ מענש ווארט אויף מיר... טשערנע, דו האָסט מיר נאָך אַלץ ניט אויסגעפּרעסט מיין ווייסען זשילעט? אַ קאָפּ, טפוי זאָלסטו ווערען. (אב).

טשערנע: דער ווייסער זשילעט ליעגט איהם איצט אין זינען. אָי, וואָסערע מענשען עס זיינען דאָ אויף דער וועלט. (באָרים קומט, ניעדער־געשלאָגען און טרויעריג).

באָרים: גאָט העלף, סאָפּיע. וואָס מאַכט איהר, שוויגער?

טשערנע (וויינענד): וואָס זאָל איך מאַכען? אָי, פינסטער איז מיר. ווען איך גיב אַ קוק אויף דיר, דערמאָן איך מיך אויף אונזער אונגליקליכע ליזע נעבעך. אַזאַ יונג קינד דאַרף שטאַרבען, און איך מיט מיין אַלטען צודולטען קאָפּ דאַרף מיך נאָך אומשלעפּען אויף דער וועלט. איך דאַרף נאָך פּרעסען ווייסע זשילעטען... אָי, רבונו של עולם, מעגסט דיך איבערנעהמען. גוטע פּאָריאַדקעס ביי דיר. טפוי זאָל עס ווערען! (אב).

באָרים (טרויעריג): אַלזאָ, הייסט עס, איהר פּאָהרט טאַקע היינט?

סאָפּיע: יא, אונבעדינגט. (פּאַקט).

באָרים: דער שווער האָט געזאָגט, מען דאַרף דאָ עטוואָס טהאָן. קען איך אייך העלפען?

סאָפּיע: ניין, באָרים, דאַנקע. איך פּאַק נור איין דעם קאַסטען מיט זאַכען, איך נעהם נור, וואָס עס איז נויטיג פאַר מיר און פאַר זשעניטשקען.

באָרים (זיפצט): ווען זשעניטשקע וואָלט כאָטש דאָ געקענט בלייבען.

סאָפּיע: סך־הכל? אָי, וועה איז מיר! וואָס איז די אָרימע טיאָטיע סאָפּיע אָהן זשעניטשקען?

באָרים: יא, עס איז וואַהר. איך ווייס, סאָפּיע, אייך איז יעצט זעהר שווער.

סאָפּיע: איך האָב געוואוסט, איהר וועט קומען רעדען מיט מיר. איך מוז דאָך אייך אויסהערען — איך קען מיר ניט העלפען. אָבער דאָס דאַרף איך אייך זאָגען, איך ווייס פון וואָס איהר ווילט רעדען. אייערע אומזיסטע רייד וועלען מיר נאָך טיעפער מאַכען מיינע שמערצען. און איך

זאָג איך פריהער, מיין ענטפער וועט זיין: ניין, ניין, ניין! **ווילט איהר** דאָך רעדען?

**באָרים:** יא, סאָפיע, איך בעט אייך, הערט מיך אויס.

**סאָפיע** (זעצט זיך): רעדט, איך הער!

**באָרים:** דאָס, וואָס איז געווען, דאַרף אויסגעשטריכען ווערען, איך דאַרף עס ניט דערמאָהנען.

**סאָפיע:** אָה, איהר ווילט זיין גרויסמוטיג געגען מיינע פערגאַנגענע זינד.

**באָרים:** געגען אייערע זינד? בעוואהרע גאָט! ניט דאָס מיין איך. איך בין ניט קיין גרויסער פילאָזאָף, אָבער איך פערשטעה, ניט איהר האָט געזינדיגט. איהר האָט געליעבט מיט ריינע, כשר'ע געפיהלען. מען פערדיענט גאָר ניט אַזוי געליעבט צו זיין. ניט איהר, סאָפיע, האָט געזינדיגט, געזינדיגט שווער האָבען די, וועלכע האָבען אַזאַ עדלעס הערץ צובראָכען, די, וועלכע האָבען געקענט אַזאַ סאָפיע פערטוישען אויף אַ ליזע, אויף אַ מאַניטשקע. — ניין, איך זאָג, מיינע פערגאַנגענע זינד דאַרפען פערגעסען ווערען. איך בין געווען אונעהרליך, ווייל איך בין געווען לייכטזיניג. סאָפיע, איך האָב דיך שטענדיג געליעבט. מיר, מענער, קענען נור שעצען דאָס גליק, ווען מיר פערליערען עס. מען אָפּפערט אונז דאָס לעבען און מיר מיינען, עס דאַרף אַזוי זיין. עס קומט אונז... די צייט האָט מיך געלערנט... איך פערשטעה יעצט גאַנץ גוט, מיר קומט גאָר ניט, איך האָב קיינע רעכטע, איך וויל נור פערדיענען דיין פריינדשאַפט. דו ביסט איצט פערלאָזען, ערניעדריגט, ניעדערגעשלאָגען, ערלויב מיר צו זיין דיין פריינד, דיין קנעכט, דיין דיענער.

**סאָפיע:** אונמעגליך! איך קען מיך ניט פעראייניגען מיט אַ מענשען, וועלכען איך האָב ניט ליעב. דאָס איז מיין איבערצייגונג, וועלכע האָט מיר זעהר שווער געקאָסט.

**באָרים:** יא, איך וויים, איהר קענט מיך יעצט ניט ליעב האָבען, אָבער איך האָב דיך ליעב, איך אַכט דיך, איך פערגעטער דיך. עס קען זיין ביזט גערעכט, מען דאַרף זיך פעראייניגען נור דורך ליעבע, זעהסט דאָך אָבער... די נאַטור האָט דיר געשענקט אַ גאַנצען אוצר מיט ליעבע און דו האָסט עס פערשווענדעט אָהן גליק פאַר זיך. איך פאָדער פון דיר קיינע ליעבע — איך בעט נור, ערלויב מיר דיך צו ליעבען, איך וועל זעהן אויסצוהיילען די וואונדען פון דיין האַרצען, בערוהיגען דיין קראַנקען גייסט, שטילען דיינע ביטערע געפיהלען (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, שווייגט).

**סאָפיע:** אָה, באָרים, ווי פערענדערט איהר זייט געוואָרען.

**באָרים:** דער בעסטער רעפּאָרמאַטאָר איז די צייט.

**סאָפיע:** ליידער, יעצט איז שוין צו שפּעט.

**באָרים:** זאָל זיין. פון מיר רעדען און דענקען איז שוין צו שפּעט, אָבער דאָס קינד? פערגעסט ניט, דאָס קינד וואַקסט אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען. פאַר פרעמדע זינד ערוואַרטען זי אין לעבען פערפאָלגונגען און בעליידיגונגען. איך, איך פערדיען ניט, מען זאָל אויף מיר רחמנות האָבען, אויף זיך ווילט איהר אויך ניט רחמנות האָבען, אָבער זשעניטשקע?

**סאָפיע** (ברעכט די הענד): האַ? זשעניטשקע? זשעניטשקע! (זשעניטשקע לויפט אַריין).

**זשעניטשקע:** טיאָטיע סאָפיע, האָסט מיך גערופען? אָ, אָנקעל באָרים? (לויפט צו איהם) איהר ווייסט, מיר פאָהרען אַוועק היינט. איהר וועט בענקען נאָך מיר?

**באָרים:** איך וועל זעהר בענקען, איך וועל דאָ בלייבען אַליין.

**זשעניטשקע:** איהר קענט ניט פאָהרען אַהין?

**באָרים:** ניין, טיאָטיע סאָפיע ערלויבט ניט. ווען זי זאָל אויף אונז ביידע רחמנות האָבען, וואָלט איך אויך געפאָהרען. איך וואָלט אין סימפּעראָפּאָל געעפענט אַ פאָטאָגראַפיע און מיר וואָלטען אַלע געאַרבייט און געלעבט צוזאַמען.

**זשעניטשקע:** אָי, טיאָטיע סאָפיע! (בעמערקט איהר בייזע מינע). וואָס האָסטו מיך גערופען?

**סאָפיע:** דו וועסט געהן מיט אָנקעל באָרים אויפ'ן אַלעקסאַנדראָווסקי פּראָספּעקט, איך האָב קיין צייט ניט, איך דאַרף נאָך שרייבען אַ פּאָר בריעף, אָנקעל באָרים וועט דיר קויפען אַ וואַרעם מאַנטעלע, איך האָב מורא, אויפ'ן שיף וועט זיין קאַלט (נעהמט געלד פון איהר בייטעלע).

**באָרים:** ערלויבט מיר וועניגסטענס זשעניטשקע'ן אַ מאַנטעלע קויפען. קום, זשעניטשקע (ביידע אָב).

**סאָפיע:** דאָס קינד? עס וועט אויסוואַקסען אַ שעהן מיידעל אין אַ גרויסע שטאָדט, אַן אונגעזעצליכעס קינד צווישען אַזעלכע געזעצליכע מענשען, ווי מוסיו פינגערהוט און הער ציינער. וואָס ערוואַרטעט זי?... אָבער ניין, ניין, איך קען יעצט דערפון ניט דענקען, איך וויל ניט און קען ניט דענקען דערפון! איך בין יעצט אַליין, פּיעלייכט וועל איך איהם קענען יעצט אָנשרייבען אַ בריעף; זאָגען איהם מיין לעצטעס וואָרט, מיין לעצטעס „לעבע וואָהל“ און דאַן פערצייהען און אַלעס פערגעסען. (נעהמט טינט, פעדער, שרייבט און לעזט). „מיין ליעבער, ליעבער אַפּאָלאָן“... (פאַלט צום טיש, וויינט).

שטעמפפעל (הינטערען טהיר): שווים, שווים אריין! זיי וועלען דיך ניט אויפעסען. ניש'קשה. (סאָפּיע ווישט אויס די טרערען). אז מען זוכט, געפינט מען... (מלך און מאַניטשקע קומען).

סאָפּיע (בעז): וואָס איז? וואָס דאַרפט איהר דאָ? ער איז ניטאָ דאָ! ניטאָ!

שטעמפפעל: מיר ווייסען, אז ער געהט ניט אהער, מיר קוקען גוט. ניש'קשה. אָבער ווי זאָגט מען, אז עס איז ניטאָ קיין פיש, איז א ראַק אויך א ריבע, און אז עס איז ניטאָ קיין גוטע מיטלען, איז א באַבסקע זאַך אויך א רפואה. (זעצט זיך). סאָפּיע, מיר האָבען מיט'ן בחור א גרויסע מאָראקע...

מאַניטשקע: דו ביזט בעז אויף מיר, איך וויים, אָבער וואָס בין איך שולדיג? מיינסט מיר איז גוט? ער געהט אום שווארץ ווי א כמארע, רעדט ניט, שפּיעלט ניט, קוקט ניט אויפ'ן קינד, האָט פערנאַכלעסיגט זיינע אוראָקען. אמאָל האָב איך געקענט ווערען גוט מיט איהם דורכ'ן קינד. דו פערשטעהסט? דאָס קינד גיט א שמייכעלע — איצט איז דאָס קינד ביי איהם ווי א הינטעל, להבדיל. און מיט'ן טאַטע'ן וויל ער ניט רעדען.

שטעמפפעל: יא, ער זאָגט, ער האָט ניט קיין אָסאָבענע סימפּאַטיעס צו טשוכאָן. זאָל זיין אזוי... אָבער אז מען איז שוין אין פּעסעל, וואָס העלפט דער צאַפּלען זיך, הא?

מאַניטשקע: גאַנץ פריה געהט ער אַוועק און קומט שפּעט אין דער נאַכט. קעהרט זיך אום מיט'ן פּנים צום וואַנד און רעדט ניט א וואָרט. אזוי צוטראָגען, פערזאָרגט, איך וויים ניט וואָס זאָל איך טהאָן? (וויינט).

מלך: איך גלויב ניט אין באַבסקע זאַכען, מען זאָגט דאָס איז אַזאַ וואָראָזשבאַ, אַן אָבגעטהאָנענע זאַך. איך וויים, דו ביזט חלילה ניט קיין וויעדמאַ, נור טאָמער האָסטו עפּעס א סרעדסטווא, זיי א גוטע און גיב דאָס מאַניטשקע'ן. אָי, איך האָב געוואָלט מיין מוזינקע געבען א מאַן, עס זאָל זיין א קאַרפּ נאַ אודיוולעניע, און וואָס האָט זי? זי האָט אַליין מורא געהאַט, אפשר דער גרויסער האָספּאָדין מיט'ן פּליך, אָדער דו, חלילה, בין איך מיט איהר געקומען. איך בעט דיך, אויב דו האָסט טאַקע אַזאַ וואָלשעבסטווא, גיב דאָס אָב.

סאָפּיע: איך האָב ליידער קיינע מיטלען. אָה, ווען איך זאָל וויסען וואו מען קען אַזאַ מיטעל קריגען, וואָלט איך אפשר אַליין געגאַנגען. מאַניטשקע, די צייט איז דאָס איינציגע מיטעל. (קעהרט זיך אָב).

מאַניטשקע: אָי, סאָפּיע, מיר איז אַזוי שווער, דורך מיר איז דאָס קינד קראַנק געוואָרען (וויינט).

שטעמפּפעל: זי וויינט — א ווייבערישע ספּעציאַלנאָסט. יעדע חיה,

יעדער פיש האָט איהר ספּעציאַלנאָסט. פּרימערנאַ, אַ קאַראַס האָט ליעב, מען זאָל איהם בראָטען אויף אַ סקאָווראָדע אין סמעטענע, אַ העכטעל האָט ליעב, מען זאָל איהם צושניידען און אָנפּילען, אַ אירדענע האָט ליעב צו וויינען...

סאָפיע: איהר האָט ליעב געפּילטע העכט און געבראָטענעם קאַראַס, זאָגט איהר, זיי האָבען דאָס ליעב... אַ קאַראַס וויל געבעך זיין פריי, שווימען אין וואַסער, און איהר בראָט איהם און זאָגט, ער האָט ליעב זיך צו בראָטען. איהר מיינט, מיר פרויען האָבען ליעב צו וויינען? געוויס, אַז...

פּראַדי (דרויסען): וואָס זייט איהר דאָרט פערפאַלען געוואָרען, וואָס איז די גדולה דאָרט אויף אייך?

שטעמפּעל: קום. דו ווייסט דאָך, אַז ביי דיין מאַמען פּלאַצט זיך די טערפּעניע. אַלזאָ, סאָפיע, קענסט ניט געבען קיין סאָוועט, ווי אַזוי דעם בחור אַרויסנעהמען פון דעם כשוף?

מאַניטשקע: סאָפיע, דו קענסט מיר ניט העלפען?

סאָפיע: איך? איך קען מיר אַליין ניט העלפען.

שטעמפּעל: זי האָט מורא, אפשר וועט ער מאַכען אַ ויברח צו דיר אַהין... ע, איך גלויב ניט, אַ מוזשטשינע זאָל ניט קענען בערעכענען, אַז איבער אַ באַבאַ איז ניט כדאי אַזוי צו מאַראָטשען זיך! יע, עס איז אַן אָזערע מיט ראַזנע פיש; איז ניטאָ קיין קערטשער הערינג, עסט מען אַ סקומבריא, אַ סקומבריא איז אויך ניט קיין שלעכטער הערינג.

פּראַדי (עפענט די טהיר): יאַ, יאַ, ניין, ניין! וואָס האָט איהר זיך דאָ אַניעדערגעזעצט טענה'ן מיט איהר? זעה נור וואָס דאָ אין שטוב טהוט זיך? אַזוי ווי איהר האָט צובראָכען פרעמדע הערצער, אַזוי האָט אייך גאָט צובראָכען און צושטאָכען. אי, אַז צובראָכען און צושטאָכען זאָלט איהר...

שטעמפּעל: שאַ, שאַ, האַלט איין די מאַשין!

פּראַדי: יאַ, איך ווייס, דו ביזט דאָך אומשטיינס געזאָגט אויף אַ מאַנסביל, איהר האַלט אַלע אָט מיט אַזעלכע בעסער ווי מיט אונז. אַמאָל פלעגט מען אויסשמירען אַזאַ נקבה מיט פעך און מיט סמאָלע, בעוואַרפען מיט פעדערען און פיהרען מיט אַ באַראַבאַן איבער'ן גאַס, און היינט... (שטעמ־פּעל וואַרפט זי אַרויס. ביידע אָב).

מאַניטשקע: סאָפיע, אויף מיר זיי ניט בייז, איך האָב פריהער אויך ניט קיין סך פערשטאַנען, און איצט האָב איך גאָר קיין שכל ניט... אָבער איך ווייס ניט. הפּנים אַז עס איז דאָך אַן אָבגעמאַכטע זאַך... דווקא איצט האָב איך איהם אַזוי ליעב, איך שטאַרב... (אָב).

סאָפיע (קוקט אויף די טהיר): נאָך אַ בעליידיגונג פון דער מומע פּראַדי. ער בענקט נאָך מיר! ער ליידעט, ער קען מיך ניט פערגעסען. אָה,

טהייערער! איך וועל איהם ערצעהלען אין מיין בריעף, וואָס איך פיהל איצט, און וואָס איך האָב די לעצטע צייט איבערגעלעבט. (לעזט וואָס זי האָט גע־שריעבען): „מיין ליעבער, ליעבער אַפּאָלאָן“. (שרייבט און לעזט): „ווען דו, מיין טייערער, זאָלסט קענען זעהן יעצט מיין הערץ“ — ווארום שרייב איך איהם? האָב איך מיך ניט בעשלאָסען היינט אוועקפאָהרען און אַלץ ענדיגען? איז דאָס עהרליך, איהם מיט אַזאַ בריעף צו קרענקען, ערוועקען זיינע געפיהלען, מאַכען שטאַרקער זיינע ליידען? ניין, דאָס איז ניט עהרליך. אַזוי וועט ער זיך גיכער בערוהיגען און גיכער מיך פערגעסען. און איך? מיר איז דאָך שוין אַלץ איינס. (געהט צוריק פּאַקען די זאַכען). איינפּאַקען גיכער די איבעריגע זאַכען און מאַכען זיך פערטיג צום וועג. (פּאַקט איין פערשיע־דענע קליידער, פערטראַכט זיך און זינגט שטיל די מעלאָדיע פון „מאַטושקאַ האַלאַבושקאַ“ אָהן די ווערטער, רייסט איבער, פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צום קאַסטען, און בלייבט זיצען אויף דער ערד. אַפּאָלאָן קומט שטיל).

אַפּאָלאָן (שטיל): סאָפיע, איך בין געקומען צו דיר. איך ווייס, ווי ניעדריג, ווי געמיין איך האָב געגען דיר געהאַנדעלט. איך האָב מיך זעהר קליינמוטיג געגען דיר געצייגט, דו האַסט מיך, דו פעראַכטעסט מיך, און איך בין דאָך געקומען. אָה, סאָפיע, ווען איך זאָל יעצט ניט קומען צו דיר, וואָלט איך פון זינען אַראָב. איך האָב לאַנג ניט געוואַגט, איך בין טויזענד מאָל געגאַנגען פערביי, איך האָב ניט געהאַט גענוג מוט דיין שוועל אַריבערצו־טרעטען — וועסט מיר גלויבען? איך בין שטונדען לאַנג געשטאַנען נעבען דיין הויז און האָב מיר ניט געקענט ערלויבען צו קומען צו דיר. אַליין בין איך די טעג געזעסען ביים מעער דאָרט, נעבען לייכט־טהורעם אויפ'ן גרויסען פאָנטאַן, דאָרט וואו מיר פלעגען ביידע צוזאַמען זיצען; איך בין אויך געוועזען דאָרט... אין יענעם הויז... די דאַטשע איז פערלאָזט, אַלעס איז דאָרט פּוסט און לעער, ווי ביי מיר אין האַרצען — וואָס טהוט זיך דאָ? וואו איז די פּיאַנאָ?

סאָפיע (צווינגט זיך צו זיין רוהיג): די פּיאַנאָ האָט מען צוגענומען. איך פאָהר היינט קיין סימפעראָפּאָל.

אַפּאָלאָן: איך האָב אַלעס דאָ אין דעם הערליכען נעסט צובראָכען, צערשטערט, פערניכטעט. אָה, ווען איך דערמאָהן מיך אָן יענע שענדליכע סצענע! אין דיין הויז האָבען זיי אַ ווילדען פּאָגראָם געמאַכט, און איך האָב קיין מוט ניט געהאַט דיך צו בעשיצען. זיי האָבען דיך בעליידיגט, ערניעדריגט, און איך בין געלאָפען ווי אַ פייגלינג, ווי אַ פערברעכער.

סאָפיע (שטעהט אויף): וואָס זאָל מען טהאָן? אין לעבען קומען פאָר פיעלע טרויעריגערע פּאָגראָמען, מען בעשמוצט און ערניעדריגט פיעלע

הייליגערע זאַכען. וואָס עס איז געשעהן, איז געשעהן, עס איז איבעריג צו רעדען דערפון. איך פאָהר היינט און אַלעס איז געענדיגט.

אַפּאָלאָן: דו וועסט אַוועקפאָהרען, און וואָס וועט זיין מיט מיר?

סאָפיע: דו ביזט אַן ארטיסט, אַ מאַן, אַ פאָטער, דו וועסט זעהן צו טהאָן דיינע פפליכטען, בערוהיגען דיך און אַלעס פערגעסען.

אַפּאָלאָן: ניין. איך וועל ניט פערגעסען. מיין גליק, וועלכעס איך האָב אַליין פערניכטעט, איז געווען צו גרויס. איך וועל ניט פערגעסען. איך וועל בלייבען אַליין אין דער גרויסער שטאָדט ווי אין אַ וואַלד. אַ פרעמדער צווישען פרעמדע, אַן עלענדער... סאַפהאָ, ווער וועט זיין יעצט מיין פריינד? צו וועמען וועל איך קומען מיט מיין טרויער? וועמען וועל איך ערצעהלען מיינע שמער־צען? ווער וועט פערשטעהן מיינע שטרעבונגען? פאַר וועמען וועל איך קענען שפּיעלען מיט ליעבע און בעגייסטערונג? איך וועל דאָס ניט איבערלעבען.

סאָפיע (רוהיג): דומהייטען — איהר וועט אייך שפּעטער בערוהיגען.

אַפּאָלאָן: סאַפהאָ, מיין סאַפהאָ, פערלאָז מיך ניט...

סאָפיע: עס איז בעשלאָסען — איך פאָהר היינט.

אַפּאָלאָן: דאַן נעהם מיך מיט. איך פערלאָז אַלעס! איך וויל געהן מיט דיר! מיך קען יעצט קיין זאַך ניט צוריקהאַלטען, מיך שרעקען ניט די רעזולטאַטען, די צוקונפט.

סאָפיע (מיט אַ שמייכעל): ווען איהר זאָלט זאָגאַר האָבען די בעשלאָסענהייט צו געהן מיט מיר, וועלכען זין האָט אַזאַ שריט? איהר וועט עס גיך בערייען. אייער גרויזאַמע האַנדלונג געגען אייער געזעצליכע פרוי און קינד, וועט אייך פערגיפטען דאָס לעבען. איהר וועט ניט קענען גליקליך און רוהיג זיין. אָנשטאָט צו ליעבען, וועט איהר האַסען די, וועלכע איז געווען די אורזאַכע פון אייער אונאָרענטליכע האַנדלונג — און איך? ווען איך זאָל זאָגאַר אייך ליעבען, וואָלט איך מיר ניט ערלויבט צוליעב מיין גליק רויבען ביי אַן אונשולדיגע פרוי און ביי אַן אונשולדיגען קינד זייער מאַן און פאָטער. ניין, ווען זאָגאַר איך וואָלט אייך געליעבט, וואָלט איך אייך ניט ערלויבט צו געהן מיט מיר.

אַפּאָלאָן: אָה, איך פערשטעה. דו ליעבסט מיך ניט מעהר (זעצט זיך צום טיש און זיפצט). נו, דאַן איז געוויס איבעריג צו רעדען דערפון. בעמערקט דעם בריעף) האַ, דאָס האָסטו געוואָלט שרייבען, מיר, מיר! (לעזט): „מיין ליעבער, ליעבער אַפּאָלאָן, ווען דו מיין טייערער" — איך וויים, דו האָסט מיך ליעב! דו ווילסט מיט גוואַלד זיך שיידען פון מיר. ווילסט אַליין ליידען און ערטראָגען. ווילסט נאָך אַן נאָבעלעס אָפּפער ברענגען! ניין, ניין! איך וועל דיך ניט לאָזען. (געהט צו איהר, זי טרעט אָב). דו וועסט בלייבען דאָ!

דו וועסט בלייבען מיט מיר! (כאַפּט איהרע הענד). מיין געליעבטע, מיין סאָפהאָ! מיין הייליגע מאַדאָנאַ. (קושט איהרע הענד. גערויש).

סאָפיע: איך הער מען געהט. (וויל זיך בעפרייען). עס קען זיין אייערע געהען אהער. זיי זיינען שוין דאָ געווען.

אַפּאָלאָן (לאָזט זי ניט אָב): עס מעג זיין ווער עס וויל, איך וועל מיך יעצט ניט איבערשרעקען, איך וועל מיך ניט שעמען מיט דיעזע געפיהלען, וועלכע גיבען גליק און פריידען. עס מעג יעצט קומען די גאַנצע וועלט.

סאָפיע: אָה, אַפּאָלאָן, ווען דו זאָלסט דאַן אַזעלכעס זאָגען...

אַפּאָלאָן: איך זאָג עס יעצט און וועל עס ווידערהאָלען ביז מיין טויט.

סאָפיע: ניין, אַפּאָלאָן, יעצט... יעצט איז שוין צו שפּעט.

אַפּאָלאָן: שפּעט? ווארום? (זשעניטשקע מיט אַ נייעם מאַנטעלע און באָריס קומען). אָה, איך פערשטעה! ער, זיי!...

סאָפיע (דריקט זשעניטשקע'ן צו זיך,ביידע מענער קוקען זיך אָן פיינדליך).

זשעניטשקע: טיאָטיע, טיאָטיע סאָפיע, אָנקעל באָריס האָט מיר געקויפט דאָס שעהנסטע מאַנטעלע, וואָס איז געווען אין מאַגאַזין. און ווען ער האָט מיר אָנגעמאָסטען, האָט ער געוויינט.

באָריס: ווען, זשעניטשקע? דאָס איז ניט וואהר...

זשעניטשקע: יאָ, אַלע האָבען געזעהן. איך האָב פיינד אָנקעל אַפּאָלאָן, ער האָט דיך געמאַכט אונגליקליך. האָסט אַזוי פיעל געוויינט, איז ער ניט געקומען, איצט איז ער דאָ.

סאָפיע: זשעניטשקע, זשעניטשקע!

זשעניטשקע: טיאָטיע סאָפיע, דו מיינסט איך ווייס ניט ווער מיין מאַמע איז און ווער מיין פּאַפּאַ איז? די קינדער האָבען מיר שוין לאַנג אַלץ דערצעהלט, איך האָב מיר נור געמאַכט ניט וויסענדיג, ווייל דו האָסט ניט געוואָלט. יאָ, איך ווייס שוין לאַנג פאַר וואָס מען רופט מיך ממזר.

סאָפיע: אָי, קינד, קינד! (וויינט, דריקט זי צו זיך). מיין קינד!

פינגערהוט (דרויסען): וואָסער קאַרפּ? וואָסער העכט? אַז מאַטיאָס פינגערהוט זאָגט ניטאָ, איז ניטאָ. (ערשטוינט) אָה! ווי איך בין אַ איד, דאָ איז דאָך ווידער אַלאַ גאַריבאַלדי דע פּאָמפּאַדור. (שטעמפּעל, פראַדי, מאַניטשקע קומען).

אַפּאָלאָן (זעצט זיך ביים טיש און פערדעקט זיין געזיכט).

פראַדי: אַז מאַשע הוזיק זאָגט מיר, אַז זי האָט איהם ערשט געזעהן מיט איהרע אויגען געהענדיג אהער, ווייל ער מיר איינרעדען פויגעלעך אין

בוזים. זעהסטו, זיי זיצען ביידע אזוי ווי במחילה... (טשערנע מיט א ווייסען זשילעט).

טשערנע: נא דיר דיין ווייסען זשילעט, פראנט מיינער. הפנים איך וועל דיר וואשען און פרעסען ביז וואנען איך וועל אמאל פאלען פון די פיס און וועל שטארבען. אי! ווייעדער די שעהנע געחט? נא! טפוי זאל דאס ווערען!

שטעמפעל: איך וואלט געוואלט ווייסען איצט, וואס איז דאס? איז דאס פרימערנא א נייע ריבאלאווסטווא ביי אייך, אדער אן אלטע פאדלאסט?

אפאלאן (קלאפט אין טיש): ווער עס וועט וואגען צו זאגען דא איין גראב ווארט, דעם וועל איך מיט מיינע הענד דערשטיקען ווי א הונד!

מאניטשקע: אי! סאפיע, זאג דו מיר וואס זאל איך טהאן? האב אויף מיר רחמנות.

פראדי: זעהסט א גזלנות אין איהם! איך פערשטעה, ער פאהרט מיט זיין ליובאווניצע!

סאפיע (שוואך): זייט רוהיג — ער קען ניט פאהרען מיט מיר, ער איז א פאטער פון זיין קינד, ער האט א פרוי... ער האט געוויסע אויפגאבען אין זיין לעבען. און איך? עס איז קיין סוד ניט פאר אייך, איך האב אויך א קינד, איך בין א מוטער און איך מוז זעהן דאס קינד זאל פאר דער גאנצער וועלט וויסען אפען ווער איהר פאטער איז. (גיט באריס'ן די האנד, ער קושט זי מיט בעגייסטערונג, זי לאכט און וויינט). בעשערט דעם סימפעראפאלער ראבינער פערדיענען ביי אונז א פאר רובעל פאר א קאזיאנע פעטשאט.

פינגערהוט: ער גאר? עס איז ניט אויסצוהאלטען פון די קבצנים, א רוח'ן זייער טאטענ'ס ערד אריין. (פראדי רעדט צו מאניטשקע'ן און מאכט מיט די הענד. שטעמפעל גיט באריס'ן די האנד).

טשערנע (געריהרט): מען קען ניט לעבעדיג מאכען די, וואס ליעגען נעבעך אין קבר, אבער פאר וואס זאלען ניט לעבען כאטש ווי אזוי עס איז די, וואס מוטשען זיך נאך אויף דער וועלט? טפוי זאל עס ווערען! (ווישט מיט'ן פארטוך די טרערען, קושט מאניטשקע'ן).

סאפיע: דו פרעגסט וואס דו זאלסט טהאן? (לאכט היסטעריש). האב איהם ליעב, שטארק, שטארק, וועט ער דיר מוזען ליעב האבען. און איצט ענטשולדיג מיר, איך וועל מיר ערלויבען דא פאר אלע מיט איהם אבגעזעגענען זיך, פאר אימער — און אייביג. (געהט צו איהם, קושט לאנגזאם זיין שטערן, זאגט פערשטיקט) לעב וואהל, אפאלאן! זיי געזונד! זיי גליקליך!

אפאלאן: און דו, סאפיע?... (פאלט צום טיש און וויינט פער־צווייפעלט).

סאָפיע: איך? פאַר מיר, ווי עס זעהט אויס, איז נאָך ניטאָ קיין גליק... אָבער מיין זשעניטשקע... דער דאָ... (ציינגט אויף באָרים'ן)... דיין מאַניטשקע... דיין קינד... זייט איהר אַלע גליקליך, דאָס וועט זיין מיין איינציגע טרייסט... (קעהרט זיך אָב און ווישט אָב אַ טרעהר).

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

# אויף די בערג
## אַ דראַמאַ אין פיער אַקטען מיט אַ פּראָלאָג

## פערזאָנען:

(און די ארטיסטען וועלכע האָבען אַנטייל גענומען ביי דער ערסטער אויפפיהרונג).

---

סעמועל מעלקין (שמוליק זאַווערוכע), אַ רייכער ריעל־עסטייטניק — 40 יאָהר אַלט.........................טאַבאַטשניקאָף
סערע, זיין פרוי — 40 יאָהר אַלט.............מאַדאַם טאַבאַטשניקאָף
עוועלין, זייער עלטערע טאָכטער — 22 יאָהר אַלט.......מאַדאַם שראַגע
פנינה, זייער צווייטע טאָכטער — 17 יאָהר אַלט......מאַדאַם ק. ליפצין
מלך נתן טאָרבע, אַ זעהר רייכער קאָנטראַקטאָר — 40 יאָהר אַלט..שאַכט
חיים משה מעלקין, סעמועל'ס פאָטער — 60 יאָהר אַלט.......גילטמאַן
באָבע סאָסיע, זיין פרוי — 60 יאָהר אַלט............מאַדאַם מאַננע
איזי, אַ קראַנקער באָרדער — 25 יאָהר אַלט.............מאָשקאָוויטש
קלמן יצחק נעכאַמקום, אַ פעדלער.....................טאָרנבערג
געסט, פרויען, מענער, א. ז. וו.

פערזאָניפיצירונגען אין פראָלאָג:

נגד אדם..............................מאָשקאָוויטש
רוח הטבע.....................מאַדאַם טאַבאַטשניקאָף

# פראלאָג

צוויי בערג־גייסטער:

רוח הטבע (א יונגער גייסט, בעדעקט מיט פלאַנצען און בלומען).

נגד האדם (א זעהר אַלטער, זעהר הויכער גייסט, בעדעקט מיט שאָפּען־פעל, א לאַנגע גרויע באָרד, האַלט אין דער האַנד אַ גראָבען אייזערנעם שטעקען; ווען ער גיט מיט'ן שטעקען א קלאַפּ אָן די בערג, הערט מען טיעף דעם קלאַנג פון מעטאַל).

אונגעזעהענע קעטסקיל־גנאָמען.

דאס עכאָ.

(אַ גאַנצע רייהע בערג. אויף דעם העכסטען פון זיי זעהט מען שנעע, עס איז דונקעל, וואָלקענס געהען איבער די בערג, אַ שטאַרקער ווינד בלאָזט און יאָמערט, מען הערט דאָס גערויש פון פאַלענדע וואסער. ווייט קלינגט דער שאַל פון נגד האדם'ס שטעקען; לאַנגזאַם פאַנגט אָן טאָג צו ווערען. דער ווינד ווערט שטיל און דאָס גערויש פון די וואַסערען ווערט שטאַרקער, דער הימעל ווערט ביסלעכוויז רויט פון דער זון).

כאָר פון די קעטסקיל־גנאָמען:

געהילט אין שוואַרצען פאָרהאַנג
פון דער שטילער נאַכט,
געשלאָפען האָבען רוהיג
די הויכע שטאָלצע בערג.

דאָס עכאָ (הילכיג און ווייט): האַו־האַ־האַ! די בערג!

גנאָמען:
דעם געהיימניספולען פאָרהאַנג
הויבט איצט אויף די זון,
די שטילע נאַכט פערשווינדעט,
ליכט פערפלייצט די בערג.

דאָס עכאָ: האַו־האַ־האַ! די בערג!

גנאָמען:
אַנשטאַט די שווערע וואָלקענס
שטיפט איצט דער זעפיר. —
אנשטאט דעם שטילען שווייגען
הילכען איצט די בערג.

דאָס עכאָ: האַו־האַ־האַ! די בערג!

גנאָמען: אנשטאט דער שווארצער מאסע
ערשיינט דער גרינער וואלד;
די טייכלעך און די קוואלען
רוישען אין די בערג.

עכאָ (לאנגזאם): האו־הא־הא! די בערג!

(די שטימען שטאַרבען אָב. ווייט הערט זיך דאָס קלינגען פון נגד האדם'ס מעטאַלענער שטענגע, אַלץ ווערט שטיל, די זון געהט אויף).

רוח הטבע (ערשיינט, בליקט אראָב צו די טהאָלען און דאַן ארויף צו די הימלען): איך בעגריס דיך, דו מעכטיגע זון, דו גרויסער אויפבויער און שעפּפער, דו וואונדערבארער קוואל פון לעבען, ענערגיע און טהעטיגקייט, אונבעגרענצטער הערשער פון דער מוטער ערד. דו ביסט איהר שאפּענדער גייסט, איהר לעבענס־געבער! פאטער, איך בעגריס דיך און בעוואונדער דיין געטליכע מאַכט; קוים האָסטו זיך געצייגט אין די בלויע הימלען, איז שוין די טויטע שטילקייט פערשוואונדען פון די בערג, בוימער און גראָזען, מענשען און טהיערען — אַלץ האָט ערוואכט צום לעבען; הילכיגע שטימען שאַלען דאָרט אין די טהאָלען און דאָס וואסער פאַלט פון די פעלזען מיט א פרעהליכען גערויש. העי, זייט בעגריסט, דו מעכטיגע לעבענס־שאַפענדע זון! (שטרעקט אויס זיינע הענד מיט א געפיהל פון פערגעטערונג. פויזע). וואו איז דאָס מיין ברודער, דער אַלטער גייסט פון די בערג, וועלכער ליעבט נור די שלעפעריגע שטילקייט און די אונבעוועגליכע רוה? האו־הא! ברודער נגד האדם, אדון ההרים, וואו ביסטו? ערשיין! (עס הערט זיך דאָס קלינגען פון מעטאַל, א ברויזענדע שטימע).

נגד האדם (ערשיינט אין א וואָלקען, וועלכער ציהט זיך פאָראיבער).

רוח הטבע: פריעדען צו דיר, ברודער, אין דיין פריעדליכען רייך.

נגד האדם (קלאַפּט צאָרניג מיט זיין אייזערנער שטענגע).

רוח הטבע: וואָס הערט זיך נייעס אין די בערג? וואָס מאַכט דיך בייז אזוי פריה אין דעם מאָרגען, ווען אונזער פאטער אין הימעל שיקט אונז זיינע ערשטע ליכטיגע שטראַהלען?

נגד האדם: הא! טויזענד דונערען! ניטאָ קיין פריעדען אין מיין רייך, שוואַכע ברואים טרייבען די רוה פון מיינע בערג; ברודער, שלעכטע צייטען קומען, מיט יעדען טאָג ווערט דאָ ערגער און ערגער, איך האָב מיך איצט געטראָגען אויף א וואָלקען פון איין בארג צום אַנדערען, און וואוהין מיין בליק איז געפאַלען, האָב איך בעגעגענט נור ערגערניש און קרענקונג, גאָרנישט צו דערפרעהען דאָס אויג און צו טרויסטען דאָס הארץ.

רוח הטבע: איך פערשטעה ניט, וואָס האָט דיך געקענט אזוי ערגערען און קרענקען. (אפּארט). די אַלטע גייסטער זיינען שטענדיג אונצופריעדען.

נגד האדם: טויזענד דונערען און בליצען אויף זייערע קעפּ! די קליינע אונווירדיגע מענשען, זיי שטערען מיין רוה און רייצען מיין צאָרן; איך בין געדולדיג מיט זיי, פערפאָלג זיי ניט און בעשטראָף זיי זעהר זעלטען. מאַנכעס מאָל מאַך איך נאָר אַביסעל שפּאַס מיט זיי, זיי אָבער ווערען מיט יעדען זומער פרעכער און אונערטרעגליכער; פריהער האָבען דאָ געוואוינט ווילדע מענשען, וועלכע האָבען זיך וועניג אָבגעזונדערט פון מיינע בערג־טהיערען, און איך בין ביי זיי געווען פערגעטערט און געאַכטעט; זיינען געקומען נאָכדעם אַנדערע, ווייסע מענשען. איך קען ניט לייקענען, זיי זיינען געווען מעהר אָדער וועניגער קרעפטיגע בעשעפענישען, מיט שטאַרקע מוסקעלען, פלייסיגקייט און גרויסע אַרבייטס־פעהיגקייט, זיי האָבען ניט געוואַגט צו שטערען מיין רוה און טהאָן אירגענד וואָס מיר דאַגעגען. זיי האָבען גערייניגט די שטיינער פון מיינע פעלדער, מיינע ווילדע טהאָלען האָבען זיי בעדעקט מיט גרינע גראָז. דיך, רוח הטבע, האָבען זיי געאַכטעט און געליעבט, זיי האָבען בעגריפען דיין שאַפענדע מאַכט און בעוואונדערט דיין שעהנהייט און פּראַכט. הגם זיי האָבען מיך ניט פערגעטערט, האָבען זיי דאָך געגלויבט אין מיר און האָבען רעספּעקטירט די געהיימניסע פון מיינע בערג, מיין ווילען איז געווען ביי זיי הייליג; די וואַרהייט געזאָגט, איך האָב זיך ענדליך צוגעוואוינט צו זיי און זיי אָנגעהויבען... ע, איך קען ניט זאָגען צו ליעבען... ווי קען מען ליעבען, וואָס מען אַכטעט ניט? און ווי קען מען אַכטען די שוואַכע מענשליכע געשטאַלט? איך האָב זיי אָנגעפאַנגען צו דולדען... איך האָב אויסגעאיבט מיין איינפלוס אויף זיי און האָב זיי מעהר אָדער וועניגער געמאַכט פאַר בערג־מענשען. זיי האָבען געשטימט מיט דער נאַטור פון מיינע בערג, זיי זיינען געווען שטיל אין זייער בענעהמען זיך, לאַנגזאַם און רוהיג אין זייערע בעוועגונגען.

רוח הטבע: איז דען איצט דיין מאַכט ניט גענוג שטאַרק? שטערט דיר דען וואָס דיין איינפלוס אויסצואיבען אויך איצט?

נגד האדם: מיין מאַכט! העי, ביסלעכווייז, אונבעמערקטערהייד האָבען זיי אונטערגראָבען מיין גרויסע מאַכט.

רוח הטבע: דאָס זעלבע טהוט די צייט מיט יעדער גרויסער מאַכט.

נגד האדם: אייזערנע וועגען האָבען זיי דורכגעפיהרט אויף מיינע הויכע בערג, טונעלען האָבען זיי געבויט אין מיין אונטעראירדישער וועלט, מיינע שטאַרקע שטיינער און פעלזען האָבען זיי געריסען אויף שטיקער, זיי

האָבען צושטערט מיין רוה מיט דעם פייפען פון זייערע מאַשינען און מיט דעם קלינגען פון זייערע גלאָקען. איך האָב געשוויגען און געדולדעט.

רוח הטבע: אַ ברירה האָסטו געהאַט.

נגד האדם: אָ, דיעזע מאַשינען און דיעזע גלאָקען! זיי מאַכען מיר דאָס לעבען אונמעגליך. (פערטראַכט זיך). נאָכדעם האָבען זיי אָנגעהויבען אַריבערצובערענגען אַהער נייע מענשעלעך, וועלכע צושפּרייטען זיך איבער מיינע בערג און פערכאַפּען אַלע מיינע אייגענטהימער; נייע, שוואַכע, קליינע, נערוועזע, אונרוהיגע שרייענדע ברואים דרינגען אַרויס און צוטרייבען מיינע אַלטע רוהיגע, שטאַרקע שכנים, צו וועלכע איך בין שוין צוגעוואוינט; אנשטאַט מיינע בערג־מענשען קומען אַהער בני־אדם׳לעך, וועלכע האָבען ניט קיין גלויבען אין מיר און קיין רעספּעקט צו די געהיימניסע פון מיינע בערג, ברואים, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט שטימען מיט דער נאַטור אַרום זיי, וועלכע וויסען ניט פון קיין רוה, וועלכע האָבען ניט קיין ליעבע צו דיר, רוח הטבע, און קיינע געפיהלען פון אַכטונג צו דיינע שעהנהייטען; זיי צוגראָבען מיינע בערג, האַקען אויס מיינע וועלדער, בעדעקען מיט מיסט מיינע טהאָלען; דאָרטען, וואו עס זיינען אומגעלאָפען נאָבעלע פרייע טהיערען פאָהרען איצט אַרום אָרימע פערדלערס; דאָרט וואו אַלטע טענענבוימער האָבען געוואַקסען, שטעהען איצט שפּייז־הייזער און קראָמען; טויזענד דונערען אויף זייערע קעפּ! (קלאַפּט צאָרניג מיט זיין שטענגע).

רוח הטבע: אמת, עס קען זיין, דיזע מענשען וועלען פערניכטען דעם גלויבען אין דיר, דו קענסט דיך אָבער טרויסטען דערמיט, וואָס זיי זיינען קינדער פון אַ פאָלק, וואָס האָט שטענדיג בעקעמפּפט געטער און גייסטער. ישראלים רופט מען זיי — גייסטער־קעמפּפער איז זייער נאָמען... זיי קענען טאַקע איצט ניט שטיצען און אַנערקענען די גרויסקייט און שעהנקייט פון דער נאַטור, זיי זיינען איצט קראַנקע מענשען מיט פערוואונדעטע הערצער, אָבגעשוואַכטע קערפּערס און קראַנקע זעעלען... אבער אונבעוואוסטערהייט הויבען זיי איצט אָן אומצוקעהרען זיך צוריק צו דער מוטער נאַטור. זיי געוואוינען זיך איצט ביסלעכווייז צו זי ווידער צו קענען און צו ליעבען. לאָז זיי, ברודער, געניסען פון דער מוטער נאַטור׳ס רייכע קוועלען, זאָל זיי די זון געבען איהר ענערגיע, זאָלען דיינע בערג זיי שענקען זייער שטאַרקענדען באַלזאַם, די בעריהרונג מיט דער נאַטור, די נאָהענטע פריינדשאַפט מיט איהר וועט זיי מאַכען געזונד און וועט זיי לערנען צו פערשטעהן די ריכטיגע געזונדע שעהנהייט. זיי זיינען קראַנק איצט און, אַלס קראַנקע, פערדיענען זיי אונזער מיטלייד און פערגעבונג. זיי זיינען אויסגעמאַטערט, מיעד און שוואַך, אויף אונזער מוטער־שויס וועלען זיי זיך אויסרוהען און בעקומען נייע

קרעפטען. אזוי ווי דו האָסט זיך צוגעוואוינט צו די פריהעריגע שכנים, ועסטו זיך אויך צוגעוואוינען צו זיי. זיי זיינען נור אַנטיפּאַטיש, איידער מען קוקט זיך צו זיי גוט צו און איידער מען געוואוינט זיך מיט זיי איין... גיב זיי, ברודער, די ערהאָלונג, וועלכע זיי דאַרפען אזוי נויטיג.

נגד האדם: יא. טויזענד דונערען! איך האָב לאַנג ווירקליך געגלויבט, אַז דאָס קומען אהער צו מיר אין די בערג קראַנקע מענשען מיט שוואכע ברוסטען און קראַנקע לונגען, צו זוכען דאָ ביי מיר ערהאָלונג — אבער מיט יעדען טאָג ווערען גרעסער דאָ אין די בערג דער געפּילדער און די ווילדע געשרייען; מיט יעדען טאָג ווערט די אייביגע רוהיגקייט פון מיינע בערג צושטערט און פערשטויסען, מיט יעדער נאַכט מעהרען זיך די פייערלעך, וועלכע גלימערען שפּעט אין זייערע פענסטער און שטערען מיין שלאָף אין די דונקעלע וואָלקענס. אמאָל פלעגט ביי נאַכט אין די בערג זעהר זעלטען־וואו אַ בליץ טהאָן אַ פייערעל, איצט זיינען די בערג פערגאָסען און פערפלייצט מיט ליכט ביז שפּעט אין דער נאַכט, דאָס מאַכט מיך בייז און אונ־רוהיג. טויזענד דונערען! און ווען איך קוק אריין מיט צאָרן אין זייערע וואוינונ־גען צו זעהן, וואָס וואַגען זיי צו טהאָן, די דאָזיגע אונרוהיגע מילבען, נאָכדעם ווען דער גייסט פון די בערג האָט שוין געזאָגט צו די בערג „גוטע נאַכט“ — וואָס מיינסטו טהוען זיי? זיי פערריכטען זייער געוועהר צו געהען אויף דער יאַגד? זיי וועבען נייע נעצען צו פאַנגען פיש? אָדער זיי קוקען אריין אין זייערע געבעט־ביכער און זינגען פסאַלמען? ניין! זיי שפּיעלען מיט אַ ווילדער גייציגקייט אין קאָרטען, שווענדען זייערע מיטלען און זייער געזונד, ווי וואַהנזיניגע, בעלעסטיגען זייערע מאָגענס מיט פעטע און רייצענדע שפּייזען, זויפען פערשיעדענע געטראַנקען אום זיך אויפצורעגען, טאַנצען אונאַנשטענדיגע טענץ אום צו וועקען אין זיך די ליידענשאַפט, און זינגען מיאוס׳ע לידער, וועלכע רעדען צו די ניעדריגע אינסטינקטען. זייער געשפּרעך איז אַ ווילדער געשריי, זייער געלעכטער איז אַ ליאַרם פון משוגעים, זייערע אונטערהאַלטונגען — אַ געפּילדער פון וואַהנזיניגע. ניין! ניט צו ערהאָלען זיך קומען זיי אהער, נאָר צו ווערען מעהר אויסגעלאַסען און פער־דאָרבען, צו זינדיגען דאָ פריי, וועהרענד אין שטאדט זיינען זיי געבונדען... זיי פערפּעסטען מיר מיינע בערג! טויזענד דונערען און בליצען! איך פערליער מיין געדולד, און ווי איך וועל מיך נאָר גוט אויסרוהען, וועל איך אָנהויבען צו דענקען, וואָס פאָרצונעהמען געגען זיי.

רוח הטבע (שטיל): ביז ער וועט אַרויס פון זיין שלעפעריגען צושטאַנד, וועלען זיי אין גאַנצען פערכאַפּען די בערג, און ער אַליין וועט דאָ אויך קיין פּלאַץ ניט געפינען... הם, ער וועט אָנהויבען צו דענקען!...

גייסטער זאָלען קענען דענקען, וואָלטען זיי געווען מענשען...

נגד האדם: ראַכע דאַרף מען נעהמען פון זיי!

רוח הטבע: עס איז וואהר, פיעלע פון זיי פיהרען דאָ אַן אונזיניגעס לעבען, אבער פערשטעהסט, די, וואָס זיינען לאַנג געווען געשמיעדט אין קייטען, מוזען ווערען ווילד פון דער פרייהייט... אזוי ווי די אַפען, מאַכען זיי איצט נאָך יערען און ווילען מיט אַ פאַלש געמאַכטער געגענוואַרט אויס־מעקען זייער ביטערע פערגאַנגענהייט. אבער מיט דער צייט וועט דיזער אויסברוך פון ווילדע געפיהלען זיך איינשטילען, די נאַרישע שטרעבונג צו גלאַנץ און אייטעלקייט וועט פאַראיבערגעהן און זיי וועלען ווערען רוהיגע, געזונדע און געלאַסענע מענשען; דיינע רוהיגע בערג קענען אויך זיי בערוהיגען, איינשטילען. עס איז וואהר, זיי וועלען פערניכטען דעם אַלטען גייסט פון די בערג, זיי וועלען אָבער ברענגען אהער דעם פאָרשענדען גייסט, דעם גייסט פון אונטערנעהמונג און טהעטיגקייט.

נגד האדם: זיי וועלען פערניכטען דעם אַלטען גייסט פון די בערג, און איך זאָל קוקען און שווייגען? מיט פרעכהייט דעקען זיי אויף די געהיימניסע פון מיינע בערג, און איך זאָל זיי ניט בעשטראָפען? זיי האָבען פערטריעבען די שטילע רוהיגקייט פון מיינע בערג מיט שרייענדער לוסט און פרעכער פערדאָרבענהייט, און איך זאָל זיי ניט פערפאָלגען? ניין! ווי איך וועל נאָר קענען, וועל איך נעהמען ראַכע פון זיי, פון זייערע פיה און רינדער, פון זייערע פלאַנצען און וואוינונגען; ווען פון זיי איך וועל נאָר קענען, וועל איך פערפיהרען אין די בערג, פערווירען אין די וועלדער, צודריקען צווישען מיינע פעלזען, אראָבשטויסען אין די טיעפע אָבגרונדען, דערטרינקען אין מיינע וואַסערפאַלען, דערשרעקען דורך מיינע נעבלען און וואָלקענס! ראַכע וועל איך נעהמען פון די, וועלכע צושטערען מיין אַלטע היים, פער־לייקנען מיין עקזיסטענץ, שוואַכען אָב מיין קראַפט און ווידערשפרעכען מיין נאַטור. געפיהלען פון אונרוה און שרעק וועלען אויף זיי אָנוועהען מיינע הויכע פעלזען, אַ געפיהל פון אַ מעלאַנכאָלישער בענקעניש וועלען אין זיי איינפלאַנצען מיינע גרויסע בערג, דער שטאַרקענדער באַלזאַם פון מיינע טהאָלען וועט אין זיי וועקען אַ ווילדע אונבעפריעדענדיגע ליידענשאַפט, די שוואַרצע שאָטענס פון מיין וואָלקען וועלען גרייכען ביז זייערע הערצער און וועלען פערדונקלען זייער אונגאַטירליכע פרייד און ווילדען פערגעניגען. טויזענד דונערען און בליצען! האו־האַ־האַ! (ער קלאַפּט מיט זיין אייזער־נעם שטעקען, אַ וואָלקען פאַנגט זיי אָן ביידען איינצואוויקלען).

רוח הטבע: עס וועט דיר ווייניג העלפען... זיי צוריקהאַלטען איז נאָך קיינעם ניט געלונגען, גרעסערע און מעכטיגערע גייסטער פון דיר האָבען

זיי, די מענשען, בעקעמפפט און גיעדערגעשטירצט; אַלטע גייסטער קענען נאָר בייזערען זיך און שרעקען, אומקעהרען צוריק דאָס אַלטע האָבען זיי קיין מאַכט ניט... ארון ההרים! עס איז געשעהן, דער אייביגער וואַנדרער איז געקומען אין די בערג! האו־האַ־האַ!

נגד האדם: אין די בערג? האַ האַ! (מיט צאָרן) האַ־האַ!

רוח הטבע: די בערג! (שרייט מיט פרייד). האַ־האַ! (ביידע צוזאַמען).

דאָס עכאָ: די בערג! האַ־האַ! האַ־האַ! ((דאָס עכאָ הילכט לאַנג אין די בערג. נגד האדם קלאַפּט מיט זיין אייזערנע שטענגע, ביידע ווערען אַרומגעוויקעלט פון די וואָלקענס. ווייט אין די בערג הערט זיך דאָס געזאַנג פון די גנאָמען).

גנאָמען: אנשטאַט די שווערע וואָלקענס
שטיפט יעצט דער זעפיר;
אנשטאַט דעם שטילען שווייגען
הילכט איצט אין די בערג.

(ווייט הערט זיך אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו און דער גלאָק פון אַן אייזענבאַהן־צוג. אין דעם אויגענבליק פערשווינדט אַלץ, דאָס געזאַנג פון די גנאָמען ווערט איבערגעריסען).

(פאָרהאַנג.)

## ערשטער אַקט.

(טאָג. אַ רייכער פּאַרלאָר אין מעלקין'ס קאטעדזש, אין הינטערגרונד גרויסע גלעזערנע טהירען, וועלכע פיהרען אויף דער וועראַנדע, און גרויסע פענסטער, דורך וועלכע מען זעהט טעראסען פון בערג; זייטיגע טהירען פיהרען אין די אינערע צימערען, פערשיעדענעס מעבעל, קאַרפּעט, ראָגס, בריק א בראק, אַ פּיאַנאָ, אויף די וואנד בילדער פון אוילפּאַרב, אין מיטען צימער אַ טיש, אויף וועלכען עס זיינען אָנגעוואָרפען קאָרטען און שטיקער קרייד. אין דערבייאיגען צימער הערט זיך, ווי טעלער און מעסער קלאַפּען, אַ פרעהליכער געלעכטער און אַ הויכער געשפּרעך פון מענער און פרויען. פויזע).

חיים משה (קומט דורך דער וועראַנדע, אַ געזונדער, לעבעדיגער אידעל. מען זעהט ווי ער געהט לאַנגזאַם אויף די שפּיץ פינגער).

קלמן יצחק (אַ קאַלטער איד מיט אַ לאַנגער זעהר שמאָלער שווארצער באָרד מיט צוויי אונטערגעשאָרענע וואָנצעס, פון וועלכע איינע איז גאַנץ שווארץ, די אַנדער האַלב גרוי; ער טראָגט זעהר אַלטע קליידער און נאָך רוסישע שטיוועל, מיט די הויזען אין די כאָליאַוועס, ער מאכט צו די טהיר פאָרזיכטיג און קוקט זיך אַרום פערוואונדערט).

חיים משה (קוקט אויף איהם צופריעדען און גליקליך): נו, וואָס זאָגט איהר? שעהן דאָ, האַ? מיין זוהן האָט דעם רייכסטען קאטעדזש אין די קאָצקעלס. קומט אַריין! וואָס דארפט איהר מורא האָבען? מיין זוהן האַלט זיך ווי אַ פּראָסטער מענש... איהר זעהט דאָס בילד? עס קאָסט דריי־הונדערט דאָלאר כסף מזומן!

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאָר אזוי, פאַר אַ צאַצקע דריי הונדערטער... מעשה גוזמא!

חיים משה: גוזמא? אַי! מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין! דאָס האָט ער געקויפט אויף אַן אָקשען אַ מציאה.

קלמן יצחק: בלי ספק אַ מציאה, אַ כשר'ע מציאה. (שמייכעלט איראָניש).

חיים משה: יאָלד! עס זיינען דאָ בילדער, וואָס קאָסטען נאָך אַ סך, אַ סך טייערער.

קלמן יצחק: וויים איך, גלאַט גערעדט...

חיים משה: מיין זוהן ווייסט שוין וואָס צו קויפען, איהר מעגט זיך פערלאָזען אויף איהם, אזאַ יאָהר אויף מיר. (ער נעהמט זיין מעסענע בארשט, וועלכע ער טראָגט שטענדיג אין קעשענע, און צוקעמט די באָרד, געהענדיג צו דער טהיר פון דייגינג־רום). איצט געה איך איהם פרעגען וועגען אייך... איך מיין, וועגען פערד. (אין צווייטען צימער אַ געשריי און אַ געלעכטער. חיים משה געהט צוריק). על כל פנים געסט... זיי עסען ווארמעס... (ציינט אויפ'ן קאָרטען־טיש). איהר זעהט? זיי האָבען שוין געמאַכט און ווען ווידער מאַכען אַ קערטעל. מיין זוהן גיט אַ מאָל אַ שפיעל אין פויקער און פערשפיעלט 70—90 דאָלאר אויף איין קנאַק. אַ גרויסע ראָלע שפיעלט ביי איהם דאָס געלד! און איהר זעהט דעם קאַרפעט? עס קאָסט 240 דאָלאר, אַ מיליאָנער האָט עס געוואָלט קויפען, האָט עס מיין זוהן אויסגעכאַפט. ביי מיין זוהן איז אַלץ, ווי ביי אַ מיליאָנער. אזאַ יאָהר אויף מיר... זיין קאָפּ מיט זיינע פּלענער! עס איז דען נאָך דאָ אזאַ ריעל־עסטייטניק אויף דער וועלט? אַלזאָ איהר ווילט, איך זאָל איהם געהן פרעגען? (קעמט ווידער די באָרד און געהט צו דער טהיר).

קלמן יצחק: אגב אורחא פערגעסט ניט צו פרעגען, ווען קומט אונזער לאַנדסמיידעל... אוי, וועה איז מיר! זי וועט בלי ספק מיר ברענגען נייעס פון רעזשיצע...

חיים משה: וואָס הייסט, איך וועל פערגעסען פרעגען וועגען פנינה'ן? מיר איז זי אַן אייניקעל, און וואָס זייט איהר פאַר אַ שמעלקע? אָי, מיט אַכט יאָהר צוריק, אַז מיר זיינען אַוועק פון רעזשיצע, איז זי געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר אַכט... אזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַ מיידעל געווען... דעם טאַטען מיט דער מאַמען האָט זי שוין דאַן פערגעסען, וואָרום זיי זיינען אַוועק נאָך מיט פינף יאָהר פריהער און זי איז געבליעבען אַ פיצעלע; נאָכ'ן זיידען אבער פלעגט זי חלש'ען, פשוט שטאַרבען. מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען אזוי לעבען און געזונד זיין. (געהט אַריין אין צווייטען צימער. ווען ער עפענט די טהיר, הערט זיך אַ געשריי און אַ געלעכטער).

קלמן יצחק (קוקט זיך אַרום): די גאַנצע משפחה האָט ליעב מגזם צו זיין. אבער דאָ איז דאָ אַן עשירות. דער זוהן שטאָפּט די קישקע און דער טאַטע קוועלט פון דערוווייטען און ווערט געשוואָלען פון הונגער, ווי אַ מאָנטיין. זאָל זיין, ער פערשפיעלט ניט 90 דאָלאר, נאָר 90 סענט, איז דאָס אַ קלייניגקייט? די אויגען, שונאי ישראל, קריכען גוט אַרויס איידער מען פערדיענט דעם דאָלאר. יאַ, אין רעזשיצע האָט מען איהם גערופען שמואל'יק זאַווערוכע, און דאָ פּלאַקערט ער אַ וועלט. אַי, איך בין חלילה

ניט מקנא, נאָר ביי איהם איז דער שטאָל פול מיט טהייערע פערד און בהמות, זיין ווייב און זיינע קינדער נעבען איהם, מיינע קינדער און מיין ווייב וואַלגערען זיך, נעבעך, דאָרט אין רעזשיצע, און מיין איינציגע שקאַפּע נעהמט גאָר און לאָזט אַרויס איהר כשר'ע נשמה, אַ ריס פונ'ם האַרצען, ערשט בעצאָהלט 28 דאָלאַרעס. שלים־מזל, וואוהין געהסטו ? צו יצחק קלמן נעכאַמקעס. נאָר עט ! גאָט גיט לעבען, וועט ער מוזען געבען צום לעבען... אַ ברירה וועט ער האָבען, דער אַלטער ? (נעהמט אַרויס אַ ביכעל מיט אַ בלייפעדער, רעכענט :) 4 האַלבע טיקעטס צו 22 רובעל, צוויי גאַנצע טיקעטס... אהאַ ! חיים משה בעל מגזם קומט צוריק. (צו חיים משה'ן) וואָס־זשע, זיי האָבען נאָך ניט אָנגעשטאָפּט דאָרט די טרעבוכעס ?

חיים משה : איהר מיינט, מיין זוהן עסט ווי איהר, פּאָמפּעניקעל מיט ציבעלע ? זיי האָבען צו יעדען וואַרמעס ניט ווייניגער, ווי דרייצעהן געריכטען.

קלמן יצחק : עט, עס רעדט זיך אַזוי, קיין דרייצעהן געריכטען איז גאָר אין גאַנצען ניטאָ אויף דער וועלט. זאָל שוין זיין, זיי פערגינען זיך צו עסען געהאַקטע לעבערלעך, רעטיך מיט געגזענע גריוועך, לאָקשען, קוגעל און צימעס, נו, וואָס נאָך ? זיי וועלען דאָך ניט משוגע ווערען און עסען אין־דער־וואָכען געפילטע פיש אויך !

חיים משה : קבצן, ווי קומט איהר דאָס צו פערשטעהן ? זיי עסען גאָלובצעס, געפּרעגעלטע טויבען, זשעלע, אייז־קרים מיט ליידים־פינגער ; ביי זיי איז אַלע טאָג שבת.

קלמן יצחק : אַלע טאָג שבת ? זעהט איהר, אַזאַ לעבען אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרען. עט !

חיים משה : ביי מיין זוהן איז ווי ביי מיליאָנערען... צוויי קעבינס מיט איין אונטערקעכין, דריי מיידלעך צו דערלאַנגען, אַ שוואַרצער מיט אַ ווייסען ביי די פערד.

קלמן יצחק : נו וואָס האָט עס פאַר אַ ממשות ? האָט איהר איהם געפרעגט בעסער מכח'ן פערד ?

חיים משה : מכח'ן גרויען פערדעל, זאָגט ער יאַ ; נאָר איהר דאַרפט קומען שפּעטער, איצטער איז ניט די צייט.

קלמן יצחק : האָט נעבעך קיין צייט ניט ! נו, און ווען קומט פנינה ? מסתמא פערגעסען צו פרעגען, האַ ?

חיים משה : איך וועל פערגעסען ? ניט איך בין דער מענש, וואָס פערגעסט. עוועלין האָט טעלעגראַפירט, זיי קומען היינט דריי אַ זייגער מיט דער טריין. ווי מיינט איהר, וועט די פנינה זיין אַזאַ גרעאָטענע, ווי איהר

עלטערע שוועסטער ? דאָס איז אַן אייניקעל, די עוועלינע, אַזאַ יאָהר אויף מיר ! מיין זוהן האָט איהר געקויפט אַ פּאָרטעפּיאַן פאַר אַכטצעהן הונדערט דאָלאר, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אזוי געזונד זיין !

קלמן יצחק : ביי אונז אין רעזשיצע האָבען אַלע געהאַלטען פון פנינה'ן, און וואָס פאַר אַ פנים זי וועט דאָ האָבען, ווייס איך ניט.

חיים משה : משוגענער, וואָס רעדט איהר ? מען האָט איהר איינגעפּיקסט אַ צימער, זאָל איך האָבען אַזאַ יאָהר, די שפּאַלירען און אַלע זאַכען יאַפּאַנעזיש, אויסגעשריעבען פון טירקיי. העמדער ביי וואַנאַמייקער'ן, און דרעסעס אַ פּאָרטשון. אַ קלייניגקייט, ביי מיין זוהן !

קלמן יצחק : אַ קלייניגקייט ביי זיין זוהן. עט ! וואָס הארט עס מיך ? הייסט עס, איך וועל קומען שפּעטער. (געהט).

חיים משה : יא, איהר געהט אייך און איך בלייב. זיי בעטען מיך זעהר איך זאָל בלייבען, זיי טרינקען איצט שווארצע קאפּע מיט מילך. (געהט ביז'ן טהיר, צוריק). ר' קלמן יצחק, איך געה אויף מיט אייך. מיליאָנערען ! וואָס דארף איך זיך מישען ? אבער זיי בעטען מיך שטאַרק, איך זאָל בלייבען.

קלמן יצחק : עט ! עס רעדט זיך נאָר אזוי. (ווינקט כיטרע מיט איין אויג).

חיים משה : אָי, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אזוי לעבען און געזונד זיין. (ביידע אָב. דאָס גערויש אין דערבייאיגען צימער ווערט גרעסער. די טהיר עפענט זיך).

(מ ל ך  נ ת ן  ט אָ ר ב ע קומט, טראָגט אַ יארמולקע, אַ העלען קאָסטיום, אַ שמוציג ווייס העמד מיט אַ גרויסען סטאַד, גרויסע רינגען אויף די הענד. נאָך איהם : מ ע ל ק י ן, אויסגעפּוצט, טראָגט אויך דיאמאַנטען ; מ אַ ד אַ ם מ ע ל ק י ן, אויסגעפּוצט, בעהאנגען מיט דזשועלערי. אַלע מענער און פרויען טראָגען פיעל דזשועלערי.)

טאָרבע (זעהר אויפגעלעגט) : איך האָב זיך אָנגעגעסען, אַז אויף מיין וואָרט, מיין בויך איז גאָר קיין בויך ניט, עס איז אַ נייע רעגילע קעצקיל מאָנטיין. איהר האָט אַ קעכין, מעג מען איהר אויסקושען יעדעס גליעד, סאָ העלפּ מי גאָד ! (אַלע לאַכען) ככתוב, ווי דער פּסוק זאָגט, ואכלת, האָסטו אָבגעגעבען, ושבעת, זאָלסטו שווערען, אַז דו ביסט הונגעריג, וברכת און זאָלסט אַנטלויפען, פוי ! ווי געפעלט אייך דער נייער באַרג ? (זעצט זיך און גלעט זיין בויך, אַלע לאַכען).

מאַדאַם (צו איינע פון די פרויען) : אַ קלוגער גנב, דער טאָרבע.

מעלקין : מיין כלל איז : אַלץ ערשטע קלאַסע. ניט אַזוי, ווי ?

(נעהמט א באקס סיגארען). רוויכערט א סיגאר, מר. טאָרבע, אימפּאָרטירטע, צוויי־און־דרייסיג דאָלאר א הונדערט.

טאָרבע (גיט א שמעק): דארף זיין ניט שלעכט, סאָ העלפּ מי גאָד! (איין סיגאר אין מויל און צוויי סיגארען אין פּאַקעט. אַלע מענער נעהמען סיגארען. טאָרבע זינגט פאר זיך ונתנה תוקף מיט א וואָלעכעל).

מעלקין (שרייט): סעי, קעטטי! (א קאמער־מיידעל קומט אריין). שטעל אנידער אויפ'ן אייז דריי פּלאַש שאמפּאניער. (מיידעל אב).

טאָרבע: שאמפּאניער אויך? איז דאָך טאַקע ככתוב.

מעלקין: נעווער מאינד! ביי מיר אין קעלער קען מען געפינען וואָס צו טרינקען. אונזער רוסישע טאָכטער קומט היינט און מיר ווילען זי בעשפּריצען מיט שאמפּאניער. זי איז טאַקע אביסעל קרענקעוואַטע, נאָר אמעריקא וועט איהר קלאָר מאכען די געהירען. ניט אזוי, ווי?

מאדאם (צו א פרוי): א פרעהליכער מענש, דער טאָרבע... מיינער... אָי, איהר האָט אמאָל געראַרפּט זעהן, אז ער ווערט אין כעס! (לויט) מיסטער טאָרבע, איהר קענט נאָך ניט אונזער נייע טאָכטער? ערשט ניט לאנג אָנגעקומען פון רוסלאנד... מיר זיינען אוועק אין דער קאָנטרי און עוועלין איז געבליעבען מיט איהר אין ניו יאָרק, איינפּיקסען זי, פערשיעדענע זאכען איהר איינקויפען. זי איז נאָך גאָר א גרינע.

מעלקין: דערווייילע חברה צום טיש... מר. טאָרבע האָט פּארמיטאג פערשפּיעלט פיעל געלד...

טאָרבע: יא, לא פידלתי, איך האָב היינט ניט געפּיעדעלט. (אַלע זעצען זיך צום טיש, מעלקין טאַשט קאָרטען. טאָרבע זינגט פאר זיך ונתנה תוקף מיט א וואָלעך).

מאדאם: דעם אמת געזאָגט, מיר זיינען אליין נאָך אויך זעהר ווייניג בעקאנט מיט אונזער טאָכטער. ווען מיר זיינען אוועק פון רוסלאנד, מיט א דרייצעהן יאהר צוריק, איז זי געבליעבען א קינד פון א יאָהר דריי. מיר האָבען זי איבערגעלאָזט ביי זיינע א שוועסטער. איצט איז זיין שוועסטער געשטאָרבען און דער שוואָגער האָט קיין צייט ניט געהאט און האָט שוין גענומען אן אלמנה מיט קינדער. (קוקט אין איהרע קאָרטען). אָי, א פּאָר פּלאָש!

מעלקין: אונזער טאָכטער האָט פריהער ניט געוואָלט קומען אהער, ווען זי איז אָבער געבליעבען אויף דער גאס, אָהן מיטלען אָהן הילף, האָט זי געמוזט קומען אהער... מיין שוואָגער, א גאנצער משכיל, איז דאכט זיך געוועזן פערליעבט אין מיין שוועסטער און דאָך... טשיפּ!

אַלע: טשיפּ! טשיפּ!

מאַדאַם: טשיפּ! אָי, די מאַנסבילען, זיי זיינען אַלע אַזוי.

טאָרבע: אַ מאַנסביל אַם ווענינסטען וועט מיט פערגניגען מאַכען זיין פּרווי אַן אל מלא רחמים, כאַ, כאַ, כאַ! (זינגט) מי יחיה ומי ימות...

מאַדאַם (שטיל צו אַ פרוי): ער וואָלט טאַקע מיט פערגניגען געמאַכט זיין אידענע אַן אל מלא רחמים. זי איז אַ שמוציגע פערזעהעניש, און ער איז שטאַרקער פון אייזען אַז... (זאָגט איהר עפּעס אויפ׳ן אויער,ביידע לאַכען).

טאָרבע (שפּיעלענדיג): סעי, מעלקין, איהר ווילט זיין אַ פּאַרטנער? איך האָב געקויפט אויפ׳ן באַרג פיער־און־צוואַנציג־הונדערט אַקער לאַנד... דעם וואַלד אויסהאַקען... און...

מעלקין: טראָגט מיר אַריבער דעם באַרג קיין בראָנזוויל, קויף איך... ריעל־עסטייט איז אַ סחורה דאָרטען, דאָ דערווייַלע נאָך ניט. אַי בלאָו...

טאָרבע: וואַרט אויס, מיר ווערען מאַכען אַם ירצה השם דאָ אַ בראָנז־וויל... צוויי קאָרטען. (דריידעלט זיך) אָה, מי יחיה.

מעלקין (קוקט אויפ׳ן זייגער): עי, קעטטי! (מיידעל ערשיינט). מען דאַרף שוין שפּאַנען און פּאָהרען צו דער דיפּאָ נאָך די קינדער. יאַ! זאָג, זיי זאָלען שפּאַנען אין דער וויקטאָריע, דער שוואַרצער זאָל אָנטהאָן זיין נייע יוניפאָרם און דער ווייסער אַלס פוטמען. זאָל די גרינע זעהן, וואָס אין אַמעריקע פערגינט זיך אַ איד, ניט אַזוי, ווי? (מיידעל אב).

מאַדאַם: אָי, אַז אַ קינד, און נאָך אַ מיידעל דערצו, וואַקסט אָהן אַ מאַמען... איך האָב צוויי דזשעקס.

טאָרבע: איהר האָט די דזשעקס? איז לא פידלתי, האָב איך ניט געפּיעדעלט, כאַ־כאַ! (צו מעלקין). און וואָסט זאָגט מאָטי? (דריידעלט זיך) מי בקיצו ומי לא בקיצו...

מעלקין: מיר געהט ניט קיין קאָרט. די וואַרהייט, די נייע טאָכטער האָט מיר שוין געמאַכט עטליכע שפּיצלעך, וואָס געפעלען מיר גאָר ניט. אין רוסלאַנד איז איצט אַ צייט, וואָס יעדער מוז זיין עטוואָס... אַ ציוניסטקע, טעראָריסטקע, ניהיליסטקע... עס וועט זיך פּאָדערען אַ ביסעל אַרבייט איינ־געוואוינען זי צו פערשטעהן, אַז אין אַמעריקע, דאַנקען גאָט, דאַרף מען גאָר ניט זיין. איך קויף דריי קאָרטען.

טאָרבע: אין ראָסיי וואַקסען זיי דאָך, אַזוי ווי די בודיאַקעס ביי אַ חבד׳ניק אין קאָלטענעס... סאָ העלפּ מי גאַד, כאַ־כאַ־כאַ! (אַלע לאַכען). ער זינגט) מי במים ומי באש.

מעלקין: איהר האָט אַ טעות, שעהמען זיך מיט איהר האָבען מיר ניט וואָס. מיין שוואָגער איז געווען אַ ציוניסט, האָט ער זי געלערענט העברע־

איש. זי פלעגט מיר אמאל שרייבען לשון־קודש'דיגע בריעף, פיין! איך פלעג אבער ניט פערשטעהן א ווארט.

טארבע: ווארום האט איהר מיר ניט געוויעזען? איך שטארב דאך נאך א שטיקעל מליצה. סא העלפ מי גאד! (זינגט מיט בעגייסטערונג). מי ברעש ומי במגפה.

מאדאם: און זי שפיעלט זעהר שעהן פיערעל. דער שוואגער האט אונז עטליכע מאל געשריעבען, מיר זאלען שיקען געלד, וועט זי פאהרען קיין ריגא שטודיערען מוזיק.

מעלקין: מען וועט דארפען מאכען ביי אונז א קאנצערט, זאלען אלע זעהן, ווי אונזער טאכטער שפיעלט. ניט אזוי, ווי?

טארבע: אזוי? זי שפיעלט פיעדעל אויך? איז דאך טאקע יא פידלתי... איין קארט... און וואס זאגט מאטי? (זינגט) מי בחניקה ומי בסקילה.

מאדאם (צו א פרוי): ניין, מיין מאן רופט מען ניט מאטי, דאס איז ביי איהם אזא ווערטעל, וואס ער טראכט אויס. (ביידע פרויען לאכען).

מעלקין: איך פאס. סעי טארבע, וועט מען מיר היינט ברענגען אנצוקוקען א טראטער אן אנטיקעל! איך וויל קויפען א טראטער.

טארבע: איהר וועט שוין באלד האבען א מנין פערד ביי זיך אין שטאל, סא העלפ מי גאד. (צו איינעם פון די געסט). סעי, קאנצלער, איהר מעגט אמאל קומען זעהן, וואס פאר אסינאגאג איך האב אויסגעבויט פאר אונזערע אידען. (שטיל) און פאר די בנות ישראל א רעגעלע מקוה כשרה. יעס! ביי דהי ועי, איך האב געארדערט א נייעם ארון קודש... א געשניצ־טען! טאקע א גוד אמעריקען... טאקע א גוד סיטיזען, אבער אידישקייט — האלסייל און ריטייל. איך פערשטעה, א רב, א חזן איז א זאך, וואס מען דארף, אבער א פערד, א טראטער? נא סער! (זינגט) מי ישקט ומי יטרף.

מעלקין: איינעם פון מיינע פערד, דעם גרויען, וואס איך האב געבראכט פון ניו יארק, פערקויף איך. איך קויף א טראטער, ווייל עס איז א כבוד ווען א איד פאהרט מעשה מענש, און צווייטענס, ווען איך פאהר, האב איך פיינט אז יעדער זשלאב זאל מיך אריבעריאגען. ניט אזוי, ווי? (א גערויש).

מאדאם: שא, אונזער וויקטאריע איז צוגעפאהרען, די גוירלס זיינען געקומען. מען וועט דארפען סטאפען די שפיעל, א שאד, איך האב א גוטע קארט.

וועלין (קומט אריין, רייך געקליידעט, מיט פיעל דזשולערי): העללא מאמא! האסטו דא געהאט א גוד טאים? (קושט זי).

מאדאם: איך האב צוגענומען זעקס פונט

עוועלין: העלאָ פּאַפּאַ! האַו דו יו דו, מר. טאָרבע? העלאָ! (גריסט יעדען.

מאַדאַם: און וואו איז נינאַ?

מעלקין: זי בעטראַכט מסתמא די בלומען אין דעם טעניס לאָון. אַ גרינע, זי איז איבערראַשט. ניט אַזוי, ווי?

עוועלין: אָה, שי מייד מי סיק ענד טאַירד. איך האָב אייך פריהער געזאָגט, זי איז ניט ביים פולען זינען. איך וועל אייך שפּעטער דערצעהלען, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען פון איהר אין ניו יאָרק און אויפ׳ן וועג. אבער שטעלט אייך פאָר, מיר קומען אויפ׳ן דיפּאָ, גיט זי אַ קוק אויף אונזער טיעם און זאָגט, וואוהין ווילט איהר מיך פיהרען? אין אַ צירק? ווען זיינען די צוויי לצים? איך שעהם מיך פאָהרען מיט אַזעלעכע לצים, איך וועל בעסער געהן צו־פוס, און לאַכט און שרייט: אָי, די בערג! אָי, די בערג! איך טענה צו איהר אַז, פערקעהרט, עס איז זעהר אַ גרויסע שאַנדע פאַר אונז, אַז זי וועט געהן צוויי מייל צו־פוס, ניין, זי שעהמט זיך פאָהרען. איך האָב איהר געמוזט רינגען אַ באָגי, און זי פאָהרט אַהער ווי אַ סוירוועגט גוירל. איי דיסגרייס!

מאַדאַם: אַ שאַנדע פיר דער דיענערשאַפט. האָסט זי ניט געדאַרפט לאָזען...

מעלקין (זעהר בייז): אין מיין וויקטאָריע צו פאָהרען איז אַ שאַנדע? סעי, מאַדאַם, די משוגעת׳ן וועל איך ניט דולדען. מען דאַרף עס אָבשניידען באַלד פון אָנפאַנג.

טאָרבע: טש... זייט ניט בייז, מעלקין, זי וועט זיך אויסגרינען. אַ גרינע ירקרקת.

עוועלין: דאָס דאַרף זי ניט, קליידער געפעלען איהר... איהר פיערלע און איהרע זאַכען דאַרף זי אַליין טראָגען, וואָרום די אַמעריקאַנער, זאָגט זי, וואַרפען זאַכען אָהן רחמנות, און אַז מען האָט ניט אין אַמעריקא קיין רחמנות אויפ׳ן מענשענ׳ס זאַכען, האָט מען ניט קיין רחמנות אויפ׳ן מענשען אַליין אויך. האָסטו געהערט אַ טהעאָריע? שי איז קרייזי!

מאַדאַם: נו, מיר ווילען אודאי וואָס בעסער; זי מאַכט שטיק, וועט זי ליידען... (קוקט אין איהרע קאָרטען). זאָל איך קויפען?

עוועלין: מאַמאַ, לאָז מיך זעהן דיינע קאָרטען. דו טראָג זיך בעסער אָב, הוש. שש... אָי, מאַמאַ, האָב איך געהאַט אין דער פּאַרלאָר־קאַר אַ מעש, זאָלסט זעהן אַ פעללאָו מיט אַ סמוט פיים און בלאָנדע האָר... שפּיעל ניט.

טאָרבע: איך גיב אַ האַלבען דאָלאַר און וויל וויסען, וואָס זאָגט מאָטי.

מעלקין: אַ האַלבען מיט אַ האַלבען.

טאַרבע: זאָל אַ איד ווייזען וואָס ער האָט.

מעלקין: ניין. פריהער משלם! (אַלע שרייען) משלם, משלם!

עוועלין: אַרוים מיט געלד, ר' איד! פּאַפּאַ לאָז מיך זעהן דיין קאָרט! (זי קוויטשעט און שרייט זעהר עקסייטעט. אַלע שרייען: משלם, יא, ניין?).

פנינה (קומט דורך דער פיאַזאַ. דונקעלע האַלב־קינדערשע קליידער, אַ רוסישע העטקע, ביליגע גלאָווס, טראָגט אין איין האַנד דעם פּוטליאָר מיט'ן פיעדעל און אין דער צווייטער האַנד אַ פּעקעל זאַכען אין אַ פּלעיד פערצוויגען מיט רימענס. זיי בעמערקען זי ניט, זי בלייבט שטעהן איין אויגענבליק ערשטוינט): דאַרף איך אַריינגעהן אַהער? אָדער איך האָב אפשר ניט געטראָפען אַהין וואוהין מען דאַרף? (אַלע בעטראַכטען זי. זי שטעלט אוועק דאָס פיעדעלע, און לעגט אוועק לאַנגזאַם איהרע זאַכען).

מאַדאַם: דו זאָלסט אָבער געהן, וואוהין מען פיהרט דיך, וואָלסטו דאָך ניט געדאַרפט פרעגען, אויב דו האָסט געטראָפען אַהין, וואו מען דאַרף. — דאָס איז אונזער רוסישע טאָכטער. נו, נינאַ, קום אַהער, וואָס מאַכסטו?

פנינה: ווי געהט עס דאָ? גוט? (קושט די מוטער). וואָס מאַכט איהר, פּאַפּאַ?

מעלקין (אַ בייזען קוק): אָלל־ראַיט! קוק אָן אַ הולך! אַ כבוד פאַר מעלקינ'ען.

פנינה: איך זעה, עוועלינע האָט מיך שוין פער'מסר'ט דאָ... נישקשה, ווען איך וועל אייך אַלעם ערקלערען, וועלען מיר פריינד ווערען. איהר וועט זעהן, איך וועל אייך אַלע פאַר אַנדערע מענשען מאַכען. (טהוט אויס איהר הוט גאַנץ רוהיג און זעצט זיך צום פענסטער). אַך, ווי שעהן די בערג זיינען, ווי פּראַכטפול. מען קען די אויגען ניט אָברייסען, עס ציהט, עס שמיעדט צו. אָט אַזוי קוקען אויף אייך שטענדיג די בערג און זיי שווייגען...

טאַרבע (שטיל): די בערג שווייגען? טאַקע אַ חידוש, כאַ־כאַ!

מעלקין (פריינדליך): אַיאָ, שעהן דאָ? מיין קאַטעדזש איז איצט ווערטה דאָ אַכט־און־דרייסיג־טויזענד דאָלאַר.

פנינה: מיך אַרט ניט, וויפיעל דאָלאַר עס איז ווערטה, אבער שעהן איז דאָ. די זון שיינט אַזוי העל, די בערג רופען צו זיך, און איהר זיצט און שפּיעלט אין קאָרטען.

מאַדאַם: מיר זיינען געקומען אַהער צו האָבען פּלעזשור און צו ערהאָלען זיך.

פנינה: איך האָף, אַז איך וועל דאָ לענגער פערבלייבען מיט אייך, וועט איהר זעהן, אַז מען קען שעהנער פערברענגען די צייט.

טאָרבע (שטיל) : א היבשער שטיקעל יאָלד ! סאָ העלפּ מי גאָד. (די געסט לאַכען).

פנינה (קוקט זיך אַרום) : די באָבע מיט'ן זיידען זיינען דאָ גאָר ניטאָ ? זיי זיינען די איינציגע פון אונזער משפחה, וועלכע איך קען גוט נאָך פון דער היים.

מאַדאַם : די אַלטע געפינען זיך אין אונזער צוויייטען הויף איבער'ן וועג, דאָרטען נעבען די סטייבעלס, וואָס דו ביסט פאַרבייגעפאָהרען, זיי בלייבען דאָ אַ גאַנץ יאָהר און גיבען כלומרשט אַכטונג אויף דער בעל־הבתי'שקייט ; אַ סך קען מען זיך אויף זיי פערלאָזען ! קינדער, איהר זייט הונגריג ?

פנינה : איך האָב געגעסען אַ פּאָר פּוטערבראָדען דאָ ערגעץ אויף אַ וואקזאַל און געטרונקען אַ גלאָז מילך. איך בין ניט הונגריג.

עוועלין : יא, מאמא, מיר האָבען פערביסען אין קינגסטאָן. איך האָב איהר געקויפט אַ באקס קענדי, עסט זי ניט קיין קענדי. איהר פּאַסט ניט צו טהאָן אַזא נאַרישקייט.

פנינה : איך עס אַמאָל קאָנפעקטען, יא... אבער האַלטען שטענדיג אין איין קייען, ווי ביי אייך אין אַמעריקא, געפעלט מיר ניט. בהמות זיינען מעלה גרה.

מעלקין : יעדער שנעק זאָגט מבינות אויף אַמעריקא ! דריי קאָרטען.

מאַדאַם : נינאַ, קום אַהער !

פנינה (געהט צו איהר) : מאַמאַ, רופט מיך מיט מיין אידישען נאָמען פנינה, ווי איך האָב אַייך געבעטען. דאָ ביי אַייך שעהמט מען זיך אפשר, אָבער אין רוסלאַנד האָט זיך דער איד איצט אויסגעלערענט צו שטאָלצירען מיט'ן אידישען נאָמען.

טאָרבע : זעהט איהר, דאָס איז זי גערעכט, ווי מען גיט אַ נאָמען אַזוי רופט זיך. ככתוב, ווי דער פּסוק זאָגט, ויקרא את שמו פנינה. כאַ־כאַ.

פנינה (רוהיג) : מען דאַרף זאָגען ויקרא את שמה, ניט שמו. אַזוי פיעל קענטנים מעג אפילו אַן אַמעריקאַנער איד אויך האָבען.

מעלקין (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אונצופריעדען).

מאַדאַם : שש... דאַרפסט האָבען רעספּעקט פאַר דעם מאַן, ער איז ווערטה אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר.

פנינה : אַ האַלבען מיליאָן איז ער ווערטה ? אַ יקרות דאָ ביי אַייך. ביי אונז קען מען אַזעלכע אידען קריגען אַ סך ביליגער.

מאַדאַם : זעה בעסער צו זיין אַ גוד גוירל און ערגער ניט דעם פּאַפּאַ.

זעה, וואָס פאַר אַ פּרעזענט מען האָט דיר געקויפט. (נעהמט אַרויס אַ שאַכטעל מיט אַ דיימאָנד רינג פון טאַש).

פנינה: דיאַמאַנטען? אַך, יאַ, איך וועל עס נעהמען, עס וועט צו־נוץ קומען פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע. איהר וועט זעהן, איך וועל אייך אַלע מאַכען פאַר מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע. איך האָב זיי צוגעזאָגט, מיר וועלען דאָ אַלע זאַמלען געלד אויף ע...

מעלקין: די אַלע דומהייטען זאָלסטו זיך אַרויסשלאָגען פון קאָפּ, דו הערסט? און דעם רינג גיב אַהער! האָסט נאָך קיין שכל ניט צו טראָגען אַזעלכע רינגען. ניט אַזוי, ווי?

פנינה (מיט טרעהרען אין איהר שטימע): העלפען אונזערע ברידער דאָרט איז דוהמהייטען?

מעלקין: יאַ! עס איז זיי שלעכט דאָרטען? זאָלען זיי קומען אַהער צו מיר, איך וועל זיי געבען לאַנד.

פנינה: דער זיידע מיט דער באָבען וואוינען איבער'ן וועג? איך געה זיי זעהן. (זי געהט צו דער טהיר, אנטקעגען קומט קלמן יצחק, זי ווערט פרעהליך). ר' קלמן יצחק, שלום עליכם! (שלעפּט איהם אריין אין שטוב). וואָס מאַכט איהר פאָרט? אָי, וואָס פאַר אַ שמחה!

קלמן יצחק: עט, וואָס זאָל מען מאַכען?

(אַ דיענסט ברענגט אריין אַ גרויסע זילבערנע וואַזע, פלעשער מיט שאַמפּאַניער, ליידי פינגערס, באָקאַלען, צוגיסט דעם וויין. אַלע שפּיעלען אין קאָרטען).

פנינה: מאַכט איהר עפּעס גוטע ביזנעס אין אמעריקא? איהר זייט שוין מסתמא אויך ווערטה אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד, האַ?

עוועלין (זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ און שפּיעלט „וועיטינג עט דהי טשוירטש". אייניגע זינגען נאָך שטיל, אנדערע פייפען דעם מאָטיוו).

קלמן יצחק: זאָל עס דיר צוקומען, רבונו של עולם, וואָס מיר פעהלט. וואָס טהוען מיינע? האָסט זיי געזעהן? אָ, וועה איז מיר! וואָס מאַכט שפרה, די קינדער?

פנינה: זיי לעבען. שפרה פלאַגט זיך נעבעך. אייער עלטערע מיידעל, פרומקע, אַרבייט ביי פּאַפּיראָסען, זי בעלאַנגט צום „פעראיין" און איז אַ הייסע בונדאָווקע. די אינגלעך געהען אין תלמוד תורה און זיינען שוין בראַווע רעוואָלוציאָנערען. הערשקע אַרבייט שטאַרק פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

קלמן יצחק: אָי וועה איז מיר, נאָך ניט בר־מצוה געוואָרען און שוין... זיינען זיי געזונד?

פנינה: קינדער, וואָס דען? וואָס ווייסען זיי, האָבען ניט געגוג צו עסען און זיינען דאָך לעבעדיג און מונטער.

קלמן יצחק: יא? דאַנקען גאָט! און וואָס הערט זיך אזוי אין רעזשיצע?

פנינה: איהר האָט דאָך געהערט מסתמא, אַז דער אַלטער בית מדרש איז אָבגעברענט געוואָרען? (אַלע ווינקען זיך איבער). ירוחם זלמן פּיטאַק איז געשטאָרבען. (אַלע צולאַכען זיך). דער פּאָליציייסקי פּריסטאַוו קוזמיצקי, דער צורר היהודים דערשאָסען געוואָרען. (שטיל). דאָס האָט אונזער אָרגאַניזאַציע געטהאָן. — וואָס שפּיעלסטו דאָס, עוועלינע, פע! אַז איך וועל דאָ זיין, וועט איהר אייך צוגעוואוינען צו אַנדערע מוזיק.

עוועלין: עס געפעלט דיר ניט? דאָס רופט זיך: „וועיטיג עט דהי טשוירטש“.

פנינה: ביי אונז וואָלט זיך אַזאַ מוזיק גערופען — אַ וועהטאָג ביים טראַקטיר.

עוועלין: שי איז קרייזי! (שפּיעלט).

פנינה: זאָגט דעם אמת, ר׳ קלמן יצחק, בענקט איהר נאָך רוסלאַנד?

קלמן יצחק: עט! וואָס דאַרף איך רוסלאַנד? אין רעזשיצע, זעהסטו, וואָלט איך איצט יא געוואָלט זיין.

פנינה: פערדיענט איהר עפּעס? האָט איהר אַ גוט געשעפט?

קלמן יצחק: איך האָב אַ גאָלדענעם געשעפט, איך האַנדעל מיט אַלטען אייזען. גוטע גוים, דימענטענע מענשען, פערקויפען מיר צובראָכענע אויווענס, אַלטען קופּער, בלעך, מעש — חצי חנם. אַמאָל שענקען זיי מיר זאַכען גאָר אומזיסט, איז דאָך גוט? מישט זיך אריין דער רבונו של עולם און נעהמט צו מיין פערדעל. איך האָב געקליבען, געקליבען אויף שיפס־קאַרטען, דאַרף איך איצט גאָר אַ נייעם פערד קויפען ביי דיין טאַטען.

פנינה (שטיל): דער פּאַפּאַ וועט אייך העלפען. גוטע מענשען און געלד שפּיעלט ביי זיי קיין ראָלע ניט, נור מען דאַרף זיי ערקלערען. אַז איך וועל דאָ זיין, וועלען זיי זיך אַנדערש פיהרען, איהר וועט זעהן... (לויט) פּאַפּאַ, ר׳ קלמן יצחק איז אונזער אַ קרוב, דו וועסט איהם געוויס העלפען אין זיין נויט, איאָ?

קלמן יצחק (שטיל): עט; קרובים! אין רעזשיצע געווען אייגענע. דאָ דערקענט ער מיך ניט.

מעלקין (בעטראַכט זי): אַ קרוב! דער באָבעס פערד פוס פּאָדקאָווע. דו קום אהער — מען טרינקט שאַמפּאַניער צוליעב דיר, און אויב דער איד דאַרף עפּעס, וועט ער מעגען וואַרטען דאָרטען אויף דער פּיאַזאַ, אָדער קומען

שפּעטער. (קלמן יצחק שטעהט אויף און ווייס ניט וואָס צו טהאָן).

פנינה: איך האָב קיינמאָל ניט געטרונקען און קיינמאָל זאָגאר ניט געזעהן קיין שאַמפּאַניער.

עוועלין: זי שעהמט זיך ניט צו בעריהמען זיך נאָך מיט אזא זאַך. ווילד!

מעלקין: געוויס, ביים קאַצאַפּ דאָרטען טרינקט שאַמפּיין נאָר אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר. נאַ, טרינק אַ גלאָז וויין און שפּיעל אונז עטוואָס. ניט אַזוי, ווי?

אֶלע: יא, יא, געוויס. (זיי טרינקען שאַמפּאַניער).

פנינה: ענטשולדיגט מיר, פּאַפּאַ, טרינקען וויל איך ניט און שפּיעלען קען מען נאָר דאמאלס, ווען עס שפּיעלט זיך.

מעלקין: שלעכט, שלעכט! איך האָב מורא, איהר קאָפּ איז פול מיט קראַנקע פאַנטאַזיעס.

טאָרבע: איהר גיט בעסער דעם דאָקטשמען אַ גלאָז שאַמפּיין... ר׳ קרוב, איהר מעגט טרינקען, עס איז ניט קיין יין נסך, סאָ העלפּ מי גאָד, ככתוב, ווי דער פּסוק זאָגט, שתיתי, איך האָב געטרונקען, שוסיך מעגסטו אויך טרינקען.

מעלקין: אין רעזשיצע טרינקט מען יין צמוקים און מען איז צופריעדען. אין אַמעריקא קען מען לעבען, ווי אַ מענש, אַז מען האָט שכל.

טאָרבע: איך זאָג אייך, עס איז ניט קיין יין נסך, אַ איד מעג עס זופּען. נאַ, בורא פּרי הגפן!

קלמן יצחק: זייט אייך ניט מטריח — איך דאַרף עס ניט.

פנינה: און איך מיין, אידען מעגען ניט און דאַרפען עס ניט טרינקען, אידען זיינען שטענדיג געווען געגען אַזאַ וויין, וואָס מען גיסט פאַר פרעמדע אָבגעטער.

מעלקין: וואָס? אַ טהעאָריע, האַ? זי איז ביי אונז אַ מענש מיט טהעאָריעס.

פנינה: יא, איך זאָג, שאַמפּאַניער איז אַ טריפ׳ער יין נסך, וואָס ווערט געגאָסען אויפ׳ן מזבח פונ׳ם שרעקליכען עגל הזהב. איך האָף, אַז איך וועל זיין דאָ אין שטוב, וועט מען אַזאַ יין נסך ניט טרינקען.

מעלקין (בייז): ביי מיר אין שטוב וויל איך ניט הערען דיזע אַנאַר־כיסטישע פּראָקלאַמאַציעס דיינע, דו הערסט? דאָ אין שטוב וועסטו זיך מוזען האַלטען, ווי אַ מענש, ווי מיר אַלע! אָרגאַניזאַציע, קאָנפאָדראַציע, די אַלע זאַכען וויל איך ביי מיר אין שטוב ניט הערען.

פנינה (קוקט איהם אָן דערשראָקען. וויל עפּעס זאָגען, בעהערשט זיך. שטיל): איך געה זעהן די באָבע מיט'ן זיידען. (לאַנגזאַם אָב).

עוועלין: איך האָב אייך געזאָגט, זי איז ניט מיט אַלעמען. באַי דזשאָ, זי איז ניט, ווי עס געהער צו זיין.

מאַדאַם: זי האָט ניט קיין מענערס, וועלען מיר זי אויסלערנען. (שטיל). דו ווילסט, דער פּאַפּאַ זאָל שוין אין גאַנצען אַרויס היינט פון די כלים? (רעדען שטיל).

קלמן יצחק: ר' שמואל, איך האָב געוואָלט וויסען מכח'ן פערד.

מעלקין: ווי פיעל קעש האָסטו?

קלמן יצחק: איך האָב מזומן צוויי־און־דרייסיג דאָלאַרעס.

מעלקין: הערסטו! אַ קאַפּיטאַליסט! דער גרויער פערד האָט מיך געקאָסט אַ פערמעגען און איך נעהם ביי דיר פופציג דאָלאַר פאַר איהם, צוויי־און־דרייסיג באַלד און אַכטצעהן וועסטו אויסצאָהלען דורכ'ן זומער... ניט אַזוי, ווי?

קלמן יצחק: דער פערדעל זעהט זיך אָן צו זיין אַ גוט פערדעל און איך בין מרוצה. אבער אפשר וואָלט איהר מיר אַ טובה געטהאָן און גענומען איצט נאָר צוואַנציג? וואָלט איך דערוויל געקענט שיקען אַ פּאָר רובעל צו מיינע. אָי, וועה איז מיר.

מעלקין: ניין! ביזנעס איז ביזנעס. און מיין כלל איז, וואָס מעהר קעש איז זיכערער. (צו די געסט) עס איז ניט קיין פערד פאַר די בערג, נאַ! שרעקט זיך פאַר די וואַסערפאַלען און טראָגט, ווי אַ משוגענער, באַרג אַראָב. כע־כע! ער וועט איהם צוטראָגען מיט די ביינער.

טאָרבע: אַזוי? לסוסתי ברכבו פּרעה? זייט איהר דאָך טאַקע אַ ביזנעס־מאַן, סאָ העלפּ מי גאָד. (זינגט) מי בקיצו ומי לא בקיצו.

קלמן יצחק (האָט דערווייל אַרויסגענומען פון כאַלאַווע דאָס געלד און איבערגעצעהלט): נו, זאָרגען זיך דאַרף מען כלל וכלל ניט, גאָט גיט דאָס לעבען און וועט געבען צום לעבען. אַ ברירה האָט ער, דער אַלטער.

מעלקין: פוי, וואָסערע שמוציגע בילס. אַזאַ געלד איז נאָר גוט צו פערשפּיעלען אין פּויקער. (דאָס קאַמער־מיידעל קומט און זאָגט איהם עט־וואָס). אָי! אָלראַיט. (מיידעל אָב). ליידיס און דזשענטלמען קומט, מען האָט מיר געבראַכט דעם טראָטער. קום אויך, ר' איד, ביסט דאָך אַ מבין אויף פערד.

קלמן יצחק: עט! אויך מיר אַ מבין. ווי לאַנג האָב איך צו טהאָן מיט פערד? אָי, וועה איז מיר, געקליבען סענטענווייז. (אַלע געהען).

עוועלין: אז מיר וועלען האָבען אַ טראָטער, וועלען מיר האָבען אַ גוד טאַים. (טאַנצט אַרוים פון שטוב מיט גרוים שמחה).

מעלקין: מר. טאָרבע, איהר געהט אָנקוקען דעם טראָטער?

טאָרבע: טראָטער! איך בין אַ מבין אויף אידישע זאַכען, אַ ונתנה תוקף, אַ גוטער קבקרת׳ל, אַ פערד אָבער איז אַ גוי׳שער ארטיקעל. איך געה ניט... לסוסתי צו מיין פערדעלע, האַ? (אַלע אָב. ער בלייבט מיט מאַדאַם מעלקין. פויזע).

מאַדאַם: נו, מר. טאָרבע, וואָס הערט זיך ביי אייך אין דער היים?

טאָרבע: דהי סעים טהינג. מיין משולחת מאַכט מיך קראַנק... וואָס העלפט מיר מיין געלד, ווען זי, ווען די קינדער, די שטוב, אַלץ האָט אַ פנים פון חוזק? גאָט האָט מיר געהאָלפען, איך בין רייך, וויל איך לעבען אַ גוטען טאָג און האָבען הנאה... זי זאָל וועלען אַ דיוואָרס... גיב איך איהר פופציג טויזענד... זי וויל אָבער ניט, איז לא פידלתי.

מאַדאַם: אַ נאַר וועט זי זיין און נעהמען אַ דיוואָרס.

טאָרבע: אַ מאָל איז דאָס ניט קיין חכמה. אייבי ליוואַי האָט זיין צרה געוואָלט געבען הונדער־טויזענד — האָט זי זיך געבערעקעלט. העלפט גאָט, זי שטאַרבט אַליין אַוועק און ער פערדיענט ביים געשעפט 110 טויזענד... אין צעהן־טויזענד איז זי געווען אינשורט. יאַ, אַ אידענע טהוט אויך אמאָל צו דער זאַך, הלואי אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען. סאָ העלפ מי גאַד. כי־כי! (נעהמט זי אַרום פרעך).

מאַדאַם: וואָס טהוט איהר? אימיצער קען נאָך אַריינעהן. (זי רייסט זיך אַרוים, דערשראָקען). מיינער איז אַ משוגענער! זאָל גאָט היטען, אַז איהם וועט זיך עטוואָס אויסווייזען.

טאָרבע: זיי זיינען אַלע ביים פערד. איך זאָל האָבען אַזאַ ווייבעל, וואָלט איך ניט גענדאַרפט קיין טראָטער. סאָ העלפ מי גאַד. (ער כאַפּט איהרע הענד און קושט). מיר געפעלט זעהר, וואָס מען טראָגט היינט קורצע אַרבעל. (פנינה עפענט די טהיר, פערשווינדט באַלד צוריק פערשעהמט און איבעראַשט). אָי, אַז מען קומט אויף די בערג, אויף דער פרייער פרישער לופט ווילט זיך אַזוי לעבען און האָבען אַ גוד טאַים. ניין אפשר, האַ?

מאַדאַם: אמת, אין קאָנטרי ווערט מען פרייע מענשען. עס קומען אין קאָפּ גאָר, גאָר אַנדערע געדאַנקען. אין שטאָדט איז מען צו ווייט איינער פונ׳ם אַנדערען, דאָ איז מען צו נאָהענט.

טאָרבע: דער באַלזאַם פון די בערג מאַכט שכור, מאַכט שטאַרק און יונג! (עס הערען זיך שטימען).

מאַדאַם: איך הער, זיי קומען. (אַלע צייגען זיך אויף דער פּיאַזאַ, זיי פיהרען אַ הויכען געשפּרעך).

פנינה (קומט אַריין שטיל און טרויעריג, זעצט זיך ביים פענסטער, און קוקט פערטראַכט אויף די בערג).

טאָרבע (צו פנינה): מים מעלקין, אונזערע בערג געפעלען אייך, האַ?

פנינה (גיט אויף איהם אַ קוק, קעהרט זיך אָב און קוקט אויף די בערג).

טאָרבע: מאַדאַם, אויף מיין וואָרט, אייער טאָכטער איז אַ ביסעל אַ צומישטע. הערט וואָס איך זאָג אייך!

מאַדאַם: אי געהט, וואָס רעדט איהר? פנינה, וואָס ביסטו געקומען אַזוי גיך? האָסט שוין געזעהן די אַלטע?

פנינה (שטיל): איך האָב געזעהן די אַלטע.

מאַדאַם: נו?

פנינה (שטיל): די באָבע איז אַלט און שוואַך.

מאַדאַם: דאָס איז אַלץ וואָס דו האָסט געזעהן דאָרטען?

פנינה: דאָרטען? ניין, דאָס איז ניט אַלץ, איך האָב געזעהן, אַז זיי לעבען דאָרט אין אַ שרעקליכער אָרימקייט. די באָבע, נעבעך, אַרבייט שווער, וואַשט וועש פאַר דעם זיידען, פאַר אַ קראַנקען קוואַרטיראַנט, ווי איהר רופט עס באָרדער, און פאַר ר' יצחק קלמנ'ען, וועלכער צאָהלט נאָר איין דאָלאַר אַ וואָך און איז אַ האַלבער באָרדער.

טאָרבע: האָט איהר, הייסט עס, שוין געהאַט די עהרע צו בעקענען זיך מיט'ן באָרדער, מיט'ן קראַנקען קבצן?

פנינה: יאַ, ער האָט אַ שעהן ליידענד געזיכט. ער זעהט אויס ווי מען מאָהלט אַ מאַרטירער. די באָבע זאָגט, זי האָט איהם ליעב ווי אַ קינד. אָרימע באָבע! זי קאָכט, זי באַקט, זי גיט אַכטונג אויף אייערע בהמות און אייערע היהנער. מיר טהוט זעהר וועה דאָס האַרץ פאַר איהר, פאַר אייך אַלע. (מאַדאַם און טאָרבע קוקען פערוואונדערט איינער אויף דעם צווייטען. טאָרבע צייגט אויף זיין קאָפּ).

וועלין (לויפט אַריין): מאַמאַ, יעצט וועלען מיר האָבען אַ גוד טאַים. מיר וועלען זיך דאַרפען מאַכען נייע קליידער און קעפּס פון דעם זעלבען מאַטעריאַל.

מעלקין: טאָרבע, איך האָב גענומען דעם טראָטער אויף פינף טאָג צו פּראָבירען. מיין כלל איז, קויפט מען וואָס, איז נאָר ערשטע קלאַסע. ניט אַזוי, ווי?

חיים משה (ער קומט אַריין נאָך קלמן יצחק, נעהמט אַראָב זיין הוט,

זאָגט מיט חניפה): אַלץ, וואָס מיין זוהן קויפט, איז נאָר ווי ביי די מיליאָנערען. אָי, אַ „קראָטער“ אַזאַ יאָהר אויף מיר!

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאָר אַזוי.

מעלקין: נו, פנינה, האָסטו שוין אַלץ בעקוקט, אַלץ געזעהן?

פנינה: יא, דאָס הייסט, איך האָב נאָך אפשר ניט אַלעס געזעהן, איך האָב אָבער שוין געזעהן גענוג.

מעלקין: אַיאָ, אַלעס איז ביי מיר ערשטע קלאַסע? וואָס־זשע ביסטו אזוי אומעטיג?

פנינה: איך האָב מורא, דאָס, וואָס איך האָב שוין געזעהן, איבער־צייגט מיך, אַז איך וועל אַמעריקא ניט קענען איבערמאַכען.

טאָרבע: זי וויל איבערמאַכען אַמעריקא! אַ שעהן שטיקעל ארבייט. (ער צייגט אויף זיין קאָפּ און מאַכט אַ גרימאַסע).

מעלקין: וואָס־זשע, דיר געפעלט דאָ ניט?

פנינה (טרויעריג): דאָ? יא מיר געפעלט, די הויכע בערג ציהען מיך צו זיך, מיר ווילט זיך אהין אין דער הויך. אין דערזעלבער צייט אָבער וועהען די בערג אויף מיר אָן אַ שווערעס, מעלאַנכאָלישעס געפיהל, מיך דריקט דיזע דונקעלע מאַסע. (אַלע קוקען זי אָן מיט פערוואונדערונג. זי דריקט איהר האַנד צום האַרצען). מיר ווייזט זיך אויס, דיזע הויכע בערג האָבען מיך אָבגעצוימט פון דער גרויסער פרייער וועלט, עס איז ענג דאָ, איך בענק נאָך אונזערע רוסישע סטעפּען, איך בין אַליין דאָ, אַליין, אַ פרעמדע.

מעלקין: נאָנסענס! וועסט לעבען ביי מיר אין וואוילטאָג און אין רייכטהום. דו זייַ נאָר ניט משוגע!

פנינה: די שוואַרצע שאָטענס פון די וואָלקענס גרייכען מיר טיעף ביז'ן האַרצען, און מיר ווערט אַזוי אומעטיג (געריהרט) אַזוי אומעטיג. (זי שטעהט אויף, געהט לאַנגזאַם איבער'ן צימער מיט פערבראָכענע הענד. פּלוצלינג דערזעהט זי איהר פּיעדעלע, זי נעהמט עס פערטראַכטערהייד, שטימט עס אָן, שפּיעלט עטוואָס זעהר טרויעריגעס, רייסט איבער אין מיטען שפּיעלען, זעצט זיך צוריק צום פענסטער, גיט אַ שווערען זיפץ, לאָזט אַראָב די האַנד מיט'ן פּיעדעלע און בלייבט זיצען שטיל, קוקענדיג אויף די בערג. קלמן יצחק זיפצט שווער. חיים משה קוקט, וואָס דער זוהן וועט זאָגען. אַלע צייגען מיט בעדויערען, אַז זי האָט אַ קראַנקען קאָפּ).

(דער הימעל ווערט רויט און די זון זעצט זיך הינטער די בערג).

(פאָרהאַנג.)

## צווייטער אַקט.

(אַ גרויסע אָרעמע שטוב, דורך די פענסטער און דורך דער אָפענער טהיר זעהט מען די בערג, אַן אַלטער צובראָכענער לאונדזש, אַלטע ביינקלעך, אַ גרויסער טיש, אַן אַלטע קאמאָד, אַן אַלטער אייזערנער אויווען, אין וועלכען עס ברענט פייער, נעבען אויווען איז אַ גרויסע מעשענע שיסעל, וועלכע שטעהט אויף אַ צובראָכענעם ביינקעל, אין וועלכער עס ווייקט זיך וועש, און עס ליעגען אויף דער ערד עטליכע שטיקלעך שמוציגע וועש).

(חיים משה שטעהט ביי אַן אַלטען צובראָכענעם שפּיעגעל און קעמט די באָרד מיט זיין מעשענע באַרשט, ביים טיש זיצט איזי גורעוויטש — אַ בלאַסער יונגער־מאַן, מיט זעהר אַן אינטעליגענטען פּנים, און לעזט אַ בוך. ער טראָגט אַ מאַנטעל, פערשפּיעלעט ביז׳ן האַלז, זעהר זעלטען גיט ער אַ הוסט. קלמן יצחק זיצט אויף דער ערד, אָהן אַ ראָק, און פעררירכט אַ שפּאַן־געצייג, וועלכען ער בעקוקט יעדע מינוט מיט אַ טרויעריגען שמייכעלע. נעבען איהם שטיקלעך לעדער, נאָלען, אַ האַמער, מעסער, זיין פּנים און זיין שטערען זיינען אין עטליכע ערטער צוקראַצט ביז בלוט).

קלמן יצחק (אַרבייטענדיג): עט! עס רעדט זיך נאָר אַזוי.

חיים משה: אֶי, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין. מיין זוהן איז פּלוצלינג אַוועק אין ניו יאָרק, מיין שנור און עוועלינע ליעגען אין שטוב צודרודעלטע, האָב איך באַלד אויסגעפונען... ניט איך בין דער מענש, וועלכען קען ניט אויסגעפינען. איך געפין אַלץ אויס.

איזי (ניט אָברייסענדיג זיך פון בוך): ער געפינט אויס אַלעס, און אַז מען גיט זיך אַ כאַפּ, וואו איז דאָס אויסגעפונענע, איז גאָר נישטאָ.

חיים משה: עס איז יא דאָ, איך האָב אויסגעפונען: ביי זיי איז געוועזען אַ פּערעפּאָלקאַ מיט אַ סקאַנדאַל... אַ סברא מיט פּעטש אויך... און מיין זוהן איז געפּאָהרען צו זיין לאָיער.

קלמן יצחק (קלאַפּט מיט׳ן האַמער): שמואליק זאַווערוכע, ביי איהם איז באַלד הו־האַ!

חיים משה (בייז): ווער איז שמוליק זאַווערוכע? סעי, ר׳ קרוב, מיינט ניט, דאָס איז רעזשיצע! צי יא דיוואָרס, צי ניט דיוואָרס, דאָס איז ביי זיי ניט צום ערשטען מאָל. אַבער אַ לאָיער האָט מיין זוהן דעם גרעסטען. ער פערגינט זיך פּונקט ווי אַלע מיליאָנערען.

איזי: א סקאנדאל מיט א לאיער, מיט פעטש און מיט א דיוואָרס... ביי אייער זוהן איז פונקט ווי ביי די מיליאָנערען.

קלמן יצחק: וואָס איז דער חידוש? אז א איד האָט ניט קיין דאגות, מוז ער משוגע ווערען. למשל, אז מען איז א גאנצע וואָך פערהאָרעוועט, פער׳חשב׳ט, פער׳דאגה׳ט, עס קומט שבת קודש, מען האָט, ווי זאָגט מען, א נשמה יתרה און מען פיהלט גוט אויפ׳ן הארצען... ע... איז מען דאָך ניט מעהר ווי א מענש, קומט אויפ׳ן זינען אן איבריגע זאַך... ביי זיי איז אָבער יעדען טאָג דאָ א נשמה יתרה און יעדען טאָג ווילט זיך זיי אן איבריגע זאַך... נו, הערט מען זיך אויף צו שעהמען פאַר דער וועלט. עט! פע!

חיים משה: וואָס דאַרף זיך מיין זוהן שעהמען פאַר דער וועלט? וואָס איז ער, חלילה, א קבצן?

איזי (סארקאסטיש): אן אָלראַיטניק מעג זיין אונפערשעהמט, דאָס איז די לאָגיק פון די חיים משה׳ס. (לעזט).

קלמן יצחק: נאָר גאָר ניט, וואָס ארט עס מיך? איך וועל מיר בעסער מאַכען עפּעס צו אכל׳ען און וועל פאָהרען צו מיין מסחור. (נעהמט קארטאָפעל און טאָמייטעס פון א רויטער פאַטשיילע). איהר זעהט, דאָס האָט מיר אפּאַרמער נעבטען געשענקט. דרייסיג קארטאָפלעס, איך בין געוועזן א בעלן איבערצוצעהלען, מיט צוויי טאָמייטעס. (וואשט די קאַר־טאָפעל, לעגט זיי אין א קעסעלע, גיסט אָן וואסער און שטעלט אויפ׳ן אויוועז). די טאָמייטעס צושניידען מיט זאַלץ און פעפער, וועט זיין גאָר א סעודת מלך... וואָס רעדן, אין ניו יאָרק איז א מאכל צו שטיקען זיך? דאָ, לכל הפּחות, האָב איך געגוג דרויסען פאַר זיך. אי, פּרנסה? גאָט גיט לעבען וועט ער געבען צום לעבען, א ברירה וועט ער האָבען, דער אַלטער? און אָט דאָ האָב איך א האלבען טוץ אייער, וועל איך עס צוטראָגען צום גביר׳ס קאטעדזש, וועל איך קריגען א גריוועגקע... חלילה ניט צוברעכען. (לעגט זיי אוועק פאָרזיכטיג).

חיים משה: קארגע בריאה! פאַר וואָס קאָכט איהר זיך ניט אָב א פּאָר אייער?

קלמן יצחק: אַלע טאָג אייער? איך בין נאָך ניט קיין מיליאָנער. אָי, וועה איז מיר, מיינע קינדערלעך ראָרטען האָבען אפשר קיין ברויט ניט. (אימיצער קרעכצט ביי דער טהיר). אהא, די באָבע סאָסיע געהט. איהר הערט ווי זי קרעכצט נעבעך? מסתמא שווער אָנגעלאָדען. (עפענט די טהיר. באָבע סאָסיע קומט מיט צוויי פולע עמער וואסער). אָי, וועה איז מיר, איהר דארפט נויטיג שלעפּען צוויי עמער וואסער מיט א מאָל? אי, אי! (ער נעהמט ביי איהר צוביידע עמער וואסער און טראָגט עס צו צום בענקעל,

וואו די וועש ליעגט. די באָבע איז זעהר אַלט און שוואַך, אָרים געקליידעט, און ווען מען רעדט צו איהר, דאַרף מען אביסעל צושרייען).

**איזי:** ביי זיך אין שטוב האָבען די אָלראַיטניקעס וואסער, עלעקטריק, געז. די גאַנצע ציוויליזאציע איז דאָך נאָר פאר די אָלראַיטניקעס. (לעזט).

**באָבע** (שטעלט זיך וואשען): האָסטו געהערט אביסעל! איך האָב געכאַפּט פון דער קעכין אַ שווארצען סוף, מען האָט דאָך אין היהנער־הויף ווידער געפונען פיער דערוואָרגענע היהנער, הערסט? איך פערגין זיך ניט אויף שבת נעהמען אַ גוטע הוהן און ער ווערגט דוקא די בעסטע היהנער. וואָס ער קען נאָר טהאָן דעם מענשען שלעכטס, טהוט ער, דאָס איז זיין מלאכה. (זי רעדט צו זיך אַליין. אָפּט הערט מען: „האָסטו געהערט אביסעל?)

**חיים משה** (פעררויכערט אַ סיגאַר): אַן אימפּאָרטירטע ציגאַר פון וועסט ווירדזשיניא. איהר, קבצנים, קענט ניט זיין קיין מבינים אויף אַזעלכע זאכען... אַ ציגאַר! אַזאַ יאָהר אויף מיר. (רויכערט מיט תענוג).

**באָבע** (נעהמט אצוריסענע העמד): קלמן יצחק, האָסט זיך שוין געמעגט קויפען אַ נייע פּאָר וועש, וועסט דאָך באַלד ארויספאַלען פון העמד ארויס...

**קלמן יצחק:** עט! איך וועל ביז ראש השנה ניט אויסגעבען קיין פּרוטה אויף זיך... באָבע, וואָס מעהר לעבער, בלייבט אייך ווענינער צו וואשען. (שטיל). הפנים די אַלטע ווייס ניט, וואָס דאָרט טהוט זיך.

**חיים משה** (רויכערט): אַן אַלטער גולם! (איזי וואַרפט אויף איהם אַ בייזען קוק). אַזוי ווי זי הערט ניט, אַזוי וועט איהר ניט שאַדען.

**קלמן יצחק:** נו, און פּנינה? איך פּאָהר די גאַנצע וואָך אַרויס פריה און איך זעה זי גאָר ניט.

**איזי:** זי האָט אויפגעהערט געהן צו די קבצנים. זי ווערט מסתמא אַן אָלראַיטניצע.

**חיים משה:** די גרינע איז דאָרטען אויף גרויסע צרות, די דיענסטען האַלטען זי אַ ביסעל פּאַר אַ משוגענע און מאַכען פון איהר חוזק. יא, יא, זיי לאַכען איהר אין פּנים אריין. דאָס ווייסט זי ניט, ווי די עלעקטריק פּער־דרעהט זיך, דאָס געפינט זי ניט דעם דזשינזשיק, ווי אַזוי עפענען די טהיר... אין שטוב איז דאָרט אַזאַ פּערדרעהעניש, אַז זי ליעגט קיינעם ניט אין זינען און בלאָנדזשעט אום אַליין, ווי אַ גלגול... אָי, אַן אמעריקאַנישע ליידי איז אַ מחיה. עס איז גאָר אַנדערע ווערטער... עס לעבט! אַזאַ יאָהר אויף מיר.

**קלמן יצחק:** עט! עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אייערע ליידים לעבען ווינטער אין שטאָדט צו קוויקען דעם יצר הרע און האָדעווען זיך זומער אין

דער קאַנטרי צו געווינען פלייש מיט שמאַלץ מאהבת יצר הרע. אסור זאָל מיר זיין, אויב פנינה וועט זיין אַזוי...

איזי: איך וועל זיך מיט אייך וועטען, אַז איבער אַ יאָהר זומער וועט אייער פנינה אויך האָבען איין אַרבייט, זי וועט באַקען דאָס פנים אויף דער זון, שטאָפּען דעם מאָגען ביים טיש און עפענען דאָס מויל נאָר צו זאָגען: אַ גוד טאַים, אַ נייס פעללאָו.

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאָר אַזוי. (מען קלאַפּט אין טהיר). ווער איז דאָס? (עפענט). טאַקע אונזער פנינה אַליין... אַ מיידעל — שחורה אני ונאה.

פנינה (מאַכט זיך פרעהליך): ניט ונאה נאָר ונאוה. ר׳ קלמן יצחק, איהר טאָרט ניט זיין קיין עם הארץ, איהר זייט ניט קיין היגער.. כע־כע! געכאַפּט, האַ? נו, וואָס מאַכט איהר דאָ אַלע? גאָט! העלף!

איזי (קוקענדיג אין זיין בוך): איינינגע פרויען צייגען זייערע זיידענע זאָקען, אנדערע צייגען זייער לומדות אין העברעאיש.

פנינה: איך ווייס, אייך געפעלען בעסער די זאָקען. מיר געפעלט בעסער העברעאיש. אויף זאָקען, אויף העברעאיש, אויף אַלעס זאָגט איהר מבינות. כע! אַ געפעהרליכער מענש. (שרייט) נו, באָבע, וואָס מאַכסטו?

באָבע: פיער היהנער דערוואָרגען, דאָס האָט ער ווידער אָבגעשפּיעלט אַ שפּיצעל.

חיים משה: אַלע גריינע לאַכען פון אַמעריקע. נישקשה, אַ קאַנטרי, אַזאַ יאָהר אויף מיר.

איזי: פערגעסט אָבער ניט, אַז ניט אַלע מאַכען דאָ אַזעלכע גלענצענדע געשעפטען, ווי איהר.

חיים משה: איך האָב צוגעלעגט צו אַמעריקא מיין באָבעס ירושה... (רויכערט מיט תענוג). זעה נאָר, פון וואָס פאַר אַ וואַסער קומסטו איצט צו־שווימען?

פנינה (מיט אַ געמאַכטער פרעהליכקייט): דאָס איז גאָר ניט, איך בין געזעסען פערטראַכט און די דיענסט האָט הינטער מיר בעגאָסען די בלומען, האָט זי כלומרשט מיך אונגערן אויך אַ ביסעל בעגאָסען. אָדער, אפשר האָט זי מיך גערעכענט פאַר אַ בוים. דאָס רופט זיך אין אַמעריקא „פאָן“. און ווי געהט עס אייך ר׳ קלמן יצחק?

קלמן יצחק: דער טאַטע דיינער האָט געוואָלט האָבען "פאָן", האָט ער מיר אַריינגערוקט אַ פערדעל מיט משוגענע העזיות... נעכטען בארג אַראָב, טראַסק! צוריסען די שלייעס און מיך צוקראַצט און צודראַפּעט. (צייגט

אויף זיין געזיכט, די באָבע בעמערקט עס, ער גרייט זיך אליין צום טיש, וואשט זיך, מאַכט המוציא).

באָבע: דאָס איז זיין מלאכה, דער פערד זאָל זיין אַ היגער, וואָלט ער צוגעהאַלטען דעם וואָגען. ווען דער פערד איז אבער ניט קיין היגער און דער מענש אויך אַ פרעמדער, טהוט ער צו־להכעים: באַרג אַרויף האַלט ער דעם וואָגען איין, באַרג אַראָב שטופּט ער דעם וואָגען. ער האָט פיינט פרעמדע.

פנינה: ווער איז דאָס באָבעניו? (זי ווינקט כיטרע צו קלמן יצחק. מאַכט זיך פרעהליך. ווען זי וויל אַ זיפף טהאָן, קעהרט זי זיך אָב).

באָבע: האָסטו געהערט אַ ביסעל ווער? דער חברה־מאַן פון די בערג, דער גייסט, דאָס שרעקט ער די פערד.

איזי (סאַרקאַסטיש): די פערד שרעקען זיך שטענדיג פאַר'ן גייסט.

פנינה: און איך מיין, אין אַמעריקאַ איז פערקעהרט: דער גייסט שרעקט זיך פאַר די פערד...

קלמן יצחק: דו זעהסט, פנינה, איך קאָך אליין און עס אַליין. (לעגט די קאַרטאָפּלעס אין טעלער און זעצט זיך צום טיש). אָי, ווען איך זאָל נאָך האָבען צו די בולבעס אַ שטיקעל הערינג! נו, ברוכים היושבים, קומט עסען, עסט געזונטערהייט. (עסט).

פנינה: ר' קלמן יצחק, איהר בעט מיך אויף צו'ן אמת, וועל איך טאַקע אויף צו'ן אמת עסען.

קלמן יצחק: געה, געה גנב! מאַכסט חוזק פון מיין סעודה, האַ? עט! זאָל עס מיך אָנהויבען אַרען!

פנינה (מיט אַ גוטען שמייכעלע, שטיל): ניין, ר' קלמן יצחק, איך בין טאַקע הונגעריג. איך האָב ערשט געוואָלט בעטען די באָבע, זי זאָל מיר געבען וואָס עסען.

קלמן יצחק (קוקט זי אָן דערשראָקען): עס אַ בולבע, פנינה. (שטיל) אָי, וועה איז מיר, איך פערשטעה ניט.

פנינה: שש... וואָס איז דאָרט אַזעלכעס? די מאַמע מיט דער שוועסטער זיינען עטוואָס צוטראָגען און האָבען ניט אין זין דאָס עסען, און פון מיר האַלטען די דיענסטען וועניג. (נעהמט אַ קאַרטאָפעל. גאַנץ שטיל) ר' קלמן יצחק, אַ קאַרטאָפּעל דאָ איז מיר אַ סך געשמאַקער, ווי געבראָטענס דאָרטען.

קלמן יצחק: אָי, וועה איז מיר, אָי וועה איז מיר. (עסעןביידע. ער איז זעהר טרויעריג).

פנינה (בריהט זיך מיט דער קאַרטאָפּעל און לאַכט): אַי, ר' קלמן איצע, אייער בולבע בריהט. אַי! אַי!

איזי: אז די אַלע גוטע און פעטע מאכלים עסען זיך צו, שמעקט אַן איינפאַכע קאַרטאָפעל אויך, האַ?

פנינה (עסט): פון וואַנען ווייסט איהר דאָס? איהר האָט טאַקע געטראָפען, פונקט ווי געוועזן דערביי. יאַ, אַז די טהייערע זאַכען קריכען ניט אין האַלז, איז אַ פּראָסטער ביסען אויך גוט. (עסט מיט אַפּעטיט).

חיים משה: מען דאַרף האָבען אַ קבצני׳שע קישקע, מען זאָל קענען דאָרטען עסען און אַהער קומען פערבייסען.

באָבע (פאַר זיך): אַז ער וויל, האַלט דאָ אַ נייער מענש אין איין הונגערען, און אַז ער וויל, פיהלט זיך דאָ אַ נייער מענש, ווי צובראָכען.

איזי: אין ניו יאָרק פאָהרען די מיליאָנערען אַראָב אין טשאַיני־טאַון צו עסען יעדע פאַסקודסטווע, און איהר זייט געקומען צו אונז.

פנינה: יאַ, איך בין געקומען צו אייך, אבער ניט צו עסען פאַסקוד־סטווע, — צו הערען...

קלמן יצחק: עט! וויים איך, וואָס הערסטו זיי? עס און הער זיי אין דער פיאַטע. זאָג מיר בעסער, פנינה, וואָס איז מיט דיר?

פנינה: איך קען ניט מעהר דאָרט. דאָס איז ביי זיי שמחה וששון אָהן אַ שום אורזאַכע, דאָס איז ביי זיי אַ געוויין מיט אַ טרויער אָהן אַ פּאַרוואָס; דאָ איז ביי זיי אַ געלעכטער און געפילדער, ווי ביי משוגעים, און דאָ פלוצלינג אַ שטילקייט, ווי אויף אַ בית עולם; דאָ גרויסאַרטיגע מאַגערען ווי ביי די מאַגנאַטען, און דאָ סקאַנדאַלען מיט פּעטש ווי אין חזיר־מאַרק... אָי!

קלמן יצחק: וואָס־זשע רענקסטו צו טהאָן, פנינה?

פנינה (לויט): רערווייל דענק איך אריבערצוקלייבען זיך אהער און פון דאַנען... פון דאַנען צוריק קיין רוסלאַנד. ר׳ קלמן יצחק, איך וויל צוריק. (אַלע הערען זיך צו, אויסער דער באָבע).

קלמן יצחק: וואָס רעדסטו דאָס, פנינה? וואָס הייסט צוריק? ווענען האָסטו דאָרטען?

פנינה: איך האָב דאָרט קיינעם ניט און האָב דאָ קיינעם ניט. דאָ אָבער בין איך אין דער פרעמד און דאָרט בין איך אין דער היים... זיידע, איהר וועט מיך ניט ארויסטרייבען פון דאַנען?

משה חיים: דו שרעקסט נאָר די גענז, צי דו מיינסט דאָס באמת? וואָס הייסט, איך וועל זיך צוליעב דיר געהן קריעגען מיט מיין זוהן, וואָס איז אַ מיליאָנער?

איזי: עס וועט טאַקע זיין אַ גרויסע עולה! אַ טאַטע דאַרף געגען

זיין זוהן ניט זיין קיין עזות פנים. און ווער רעדט נאָך אז ער איז אַ מיליאָנער!...

באָבע (רעדט צו זיך): דאָס איז נאָך גאָר נישט. אַז ער טשעפּעט זיך צו, קען ער נאָך אָבטהאָן ערגערס... פיער היהנער, האָסטו געהערט אַ ביסעל? איזי, פאַרוואָס טרינקסטו ניט? דאָרט שטעהט אַ גלאָז מילך פאַר דיר.

משה חיים: שעהנע קאַטאָוועסלעך, דאָס קען איינפאַלען נאָר א משוגענעם. ניט אומזיסט זאָגען זיי, אַז ביי דיר איז דער קאָפּ ניט אויפ׳ן ריכטיגען פּלאַץ.

פנינה (ערנסט): זיידע, איך טרייב ניט קיין קאַטאָוועס, איהר קענט איך באַלד איבערצייגען. (עפענט די טהיר און טראָגט אריין איהר פּיעדעלע און אַ פּעקעל זאכען). דאָ איז מיין גאַנץ בעל־הבתי׳שקייט, אַלע מיינע מטלטלים. (שרייט) באָבע, איך וויל דאָ זיין מיט אייך אַ קורצע צייט נאָר. איך וויים, די באָבע וועט מיך ניט טרייבען.

באָבע: טרייבען? האָסטו געהערט אַ ביסעל? וועסט שלאָפען מיט מיר.

משה חיים: נו, יא, איך זאָג דיר! האָסט אַ טאַטען מיט ברייטע פּלייצעס, אַזאַ יאָהר אויף מיר.

קלמן יצחק: פנינה לעבען, בלי ספק דיר איז שלעכט, אָבער וואָס הייסט, נעהמסט און געהסט אַוועק, אַי, אַי!

איזי (מאַכט צו זיין בוך): אין רוסלאַנד געוועזן העלדען און דאָ לויפען זיי.

פנינה (גיט אויף איהם אַ קוק און ווענדעט זיך צו קלמן יצחק): ר׳ קלמן יצחק, איך קען ניט מעהר.

איזי: עס איז קיין קונץ ניט צו זיין אַ העלד דאָרט, וואו די אומ־שטענדען האָבען איצט אַלעמען געמאַכט פאַר העלדען און צוזאַמען מיט אַלע ביסטו אויך אַ העלד. ניין! דו זיי אַ העלד דאָרט, וואו ארום דיר זיינען אַלע קליינליכע, ביליגע, גלייכגילטיגע, מיט זיך אַליין צופריעדענע מענשעלעך, וועלכע זיינען פערזונקען אין ניעדריגע אינטערעסען. (נעהמט זיין בוך און געהט. הוסט). אַ העלד אין רעזשיצע! (אַ קלאַפּ מיט׳ן טהיר, אב).

חיים משה: ער רעדט צו דער זאַך, אַזאַ יאָהר אויף מיר! דו זאָלסט זיין ביים פולען זינען, וואָלסטו דאָס אַליין פערשטאַנען. (טהוט אָן זיין הוט און געהט). עי, סאָסיע, איך וועל זיין אין סטייבעל, איך געה שפּיעלען מיט׳ן דרייוועך אַ פּינאָקעל. (אב).

קלמן יצחק (וועלכער האָט דערווייל בענשענדיג איבערגעוואַשען די

טעלער, אויפגערוימט און אלץ אוועקגעשטעלט אויפ'ן אָרט) : **פנינה**, וועסט אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האָבען, איך מוז דאָ צופאָהרען צו א פארמער, ער האָט אַן אַלטע בעט מיט צוויי שפּרוזשינעס, איך קום באַלד צוריק. (שרייט) באָבע, זאָל איך אייך אַריינטראָגען אַ פּאָר עמער וואַסער? ניין? גערן איך שפּאַנען און פּאָהר. דערווייל, פנינה, נעהם זיך ניט צום האַרצען.

**פנינה**: אָי, ר' קלמן יצחק, ווען איהר זאָלט וויסען, ווי מיר איז דאָרטען שווער.

**קלמן יצחק**: בלי ספק, אָבער דאָך פערגלייך זיך מיט אַנדערע, מיין פרומקע... נעבעך, אויך אַ קינד. אָי, וועה איז מיר. אַ גוטען טאָג. (נעהמט דעם שפּאַן־געצייג. ראש אָב).

**פנינה**: יא, זיין פרומקע, נעבעך, ליידעט נויט און הונגער... דאָך, איך וואָלט זיך מיט פערגעניגען געביטען מיט איהר. אָי! ווען איך זאָל האָבען אַזעלכע עלטערען, ווי זי, וואָס וואָלט איך איצט געזאָרגט? (בלייבט פערטראַכט).

**באָבע**: דיר איז אומעטיג, פנינה? דאָס איז זיין מלאכה. איך בין דאָ פיער יאָהר און גערן שטענדיג אַרום, ווי אַ פער'כשופ'טע. וואוהין איך זאָל זיך ניט קעהרען, קוקען אויף מיר די בערג. ווי ווייט איך זאָל ניט אוועקגעהן, זיי געהען מיר נאָך. ביינאַכט, עס חלום'ט זיך עפּעס, פּלוצלינג, פערשטעלען די בערג אַלץ און איך זעה גאָר ניט... דו הערסט, פנינה?

**פנינה** (געהט צו צו איהר) : יא, באָבעניו, איך האָב ליעב צו הערען, ווען דו דערצעהלסט פון די בערג, פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלעס?

**באָבע** (זעצט זיך נעבען איהר) : האָסטו געהערט אַביסעל, פון וואַנען איך ווייס? איצט פיהל איך און פערשטעה דאָס אַליין, פריהער פלעג איך רעדען דערפון מיט אַן אַלטע היגע פאַרמערקע... זי איז געוועזען אַלט הונדערט און צוויי יאָהר. (ציינגט אויף די בערג). ער איז אַ שטילער... ער איז בייז נאָר דערפאַר, וואָס מען צושטערט די שטילקייט... אַמאָל פערפיהרט ער די בהמות אין וואַלד... דו הערסט, דאַכט זיך, די גלעקלעך קלינגען אויף זייערע העלזער, — קומסט צוגעהן, ניטאָ. פאַר־אַ־יאָהרען זיינען מיר צוויי טעג און צוויי נעכט אומגעלאָפען זוכען די בהמות. אַלע יאָהר טהוט ער אונז אָב דעם זעלבען שפּיצעל. ער רייצט זיך מיט די מענשען און האָט הנאה, ווען זיי בלאָנדזשען אום אויף די בערג. (א י ז י עפענט די טהיר ווי אַ שולדי־גער, געהט אַריין שטיל. די באָבע בעמערקט איהם, פנינה גיט אויף איהם אַ קוק און קעהרט זיך אָב). ער איז דאָ... פנינה, ער גלויבט ניט... האָסטו געהערט אַ ביסעל, אַ מענש זאָל אין קיין זאַך ניט גלויבען... (זי שטעלט זיך ווייערער וואַשען).

**איזי:** אין קיין זאך ניט גלויבען, איז טאקע שלעכט, עס איז אָבער נאָך ערגער אין יעדער זאך יא גלויבען. (פריינדליך).. ווי מיינט איהר, פריילין?

**פנינה:** ווי איך מיין, דארף איך קיינעם ניט דערצעהלען, איהר מיינט, איהר האָט אַ רעכט צו פאָדערען ביי מיר דין וחשבון?

**איזי:** איהר זייט בייז? איך האָב געמיינט, איך האָב אַ רעכט, ווייל מיר זיינען ביידע ניט זעהר איבעריג גליקליך דאָ... ווייל מיר זיינען ביידע אויף די בערג, ניט ווייל מיר ווילען דאָ זיין, נאָר ווייל מיר מוזען דאָ זיין...

**פנינה:** מיר איז געגנוג ביטער אָהן פרעמדע דרשות און אָהן ניט־געבעטענע עצות!...

**איזי:** פריילין, איך האָב זיך אומגעקעהרט פון מיטען וועג, ווייל איך האָב חרטה געקריגען, וואָס איך האָב גערערט צו אייך אזוי אונפריינדליך. איך פיהל און פערשטעה, אַז אייך איז געגנוג שווער און ביטער אָהן מיינע גיפטיגע רייד. איך בין געקומען בעטען, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען. איך בין אַ קראַנקער מענש, און זאָגאַר פריינדשאַפט דריקט זיך ביי מיר אויס אין אַ קרענקליכער פאָרם.

**פנינה:** אמת, דאָרט אין דער היים האָט מיך זאָגאַר דער טויט ניט געשראָקען, עס האָט מיך אָבער פלוצלינג פערוואָרפען אויף אַ זומפּיגען באָדען, וואו אַלעס ווערט ארונטערגעצויגען און פערזונקען אָהן קאַמפף, אָהן פראָטעסט. מיר ווייזט זיך אויס, די בערג זיינען דאָ אַזוי הויך, ווייל די מענשען דאָ האָבען טיעף אַראָבגעזונקען. די באָבע איז גערעכט, די בערג פער'כשופ'ען און פערשלעפערען. אָי... ווי קען מען קעמפפען, ווען מען איז אַליין?

**איזי** (געהט אום): בעוואוסטערהייט קעמפפט נאָר דער, וואָס איז אַליין, די מאַסען קעמפפען בלינד.

**פנינה:** אַ גרויס אונגליק מאַכט דעם מענשען ניט אַזוי אונמעכטיג, ווי די קליינליכע געמיינהייטען.

**איזי:** יא, דער מענש איז פערזונקען אין קליינליכע געמיינהייטען. נאָר מיט'ן מויל קעמפפען מיר פאַר אידעאַלען, אין דער ווירקליכקייט קעמפפען מיר אונזער לעבען־לאַנג אין שמוץ געגען שמוץ, מיר ראַנגלען זיך ביז'ן טויט געגען דער שרעקליכער דומהייט, אונגערעכטיגקייט און מיר שטאַרבען ענדליך אַליין ווי שרעקליך דומע, אונגערעכטע, שלעכטע נאַרען. אַלע שטאַרבען אזוי!

**פנינה:** ניין, ניין! דאָס איז אַ ליגען, דאָס איז ניט וואהר! דאָס אידישע בלוט, וואָס ווערט יעצט פערגאָסען ביי אונז דאָרט אין רוסלאַנד, די

אידישע קרבנות, וואָס פאַלען דאָרט יעדען טאָג, זיי צייגען, אַז ניט אַלע מענשען שטאַרבען ווי דומע, שלעכטע נאַראָנים.

איזי: אידען? שטאַרבען דען דאָרט נאָר אידען? איהר זייט צו נאַציאָנאַליסטיש און איהר זייט פאַנאַטיש, ווי אַלע נאַציאָנאַליסטען.

פנינה: איך בין אַ אידיש קינד און רעד פון מיין פאָלק. אין רוס־לאַנד איז איצט פאַר'ן אידען קיין גרעסערער כבוד ניטאָ, ווי צו זיין אַ איד. הלואי וואָלט איך בעסער איצט געווען דאָרטען. בעסער דאָרט שטאַרבען, ווי דאָ לעבען. עס קען זיין איהר זעהט אין אַלעמען נאָר די שעלכטע זייט, וועיל איהר זייט ערביטערט, ווייל איהר זייט אַ קראַנקער מענש.

איזי (זיפצט שווער): יאַ, איך בין אַ קראַנקער מענש. איך האָב אַזוי שטאַרק געאַרבייט צו געווינען אַ לעבען, ביז איך האָב מיין לעבען פער־שפּיעלט.

פנינה: איהר זייט זעהר קראַנק?

איזי: איך וועל ניט לעבען לאַנג... איך זעה און פיהל, ווי מיט יעדען טאָג קומט דער טויט נעהענטער. דער מלאך המות איז מיין איינציגער לעבענס־בעגלייטער.

פנינה: דאָס ווייזט זיך אייך אויס. הערט בעסער אויף... דער־צעהלט מיר, וואו זיינען אייערע קרובים, אייער משפחה?

איזי: מיין משפחה? איך האָב געהאַט אַ יונגע שוועסטער, איז זי געשטאָרבען מיט דעם טויט, מיט וועלכען איך וועל שטאַרבען. איצט, פריילין, האָב איך קיינעם ניט.

פנינה: אויב איהר ווילט, רופט מיך איינפאַך פנינה, וועט זיך מיר אויסווייזען, אַז איהר זייט ניט אַזאַ שלעכטער.

איזי: איך בין ניט אַזאַ שלעכטער, ווי איהר מיינט.

פנינה: זאָגט דעם אמת, איהר האָט אַ סך גוטע פריינד?

איזי: צו שאַפען זיך שונאים האָב איך שטענדיג געהאַט געלעגענ־הייטען, איך האָב אָבער נאָך קיינמאָל קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו שאַפען זיך אַן אמת'ן פריינד.

פנינה: איך וועל זיין אייער פריינד. (פּויזע).

איזי: איך בין געווען בייז אויף אייך, וואָס איהר זייט עטליכע טעג אהער ניט געגאַנגען.

פנינה: איך שעהם זיך, אבער איך וועל אייך זאָגען די וואַרהייט: עס האָט מיך אַהער געצויגען. אבער דאָך... עס איז ניט אנגענעהם יעדען טאָג קריעגען זיך מיט זיי און הערען זייערע ציניש בעמערקונגען.

איזי: פנינה, איך האָב געבענקט נאָך אייך.

פנינה: טאקע? איך וועל אייך שפּיעלען אויף מיין פּיעדעלע, און איהר טראכט פון אלעס אין דער וועלט, נאָר ניט פון אייער קראנקהייט... (זי שפּיעלט א טהייל פון „די ציגיינער וואיזען").

איזי: איך וואָלט געדעכענט פאר'ן גרעסטען גליק צו שטארבען אונטער די זיסע טענער פון אייער פּיעדעלע. דאָס פּיעדעלע שפּיעלט נאָך און איך בין שוין טויט; איך בין שוין אוועק און די טענער קלינגען נאָך אין דער לופטען...

פנינה (שטיל): איך האָב אייך געזאָגט, איהר זאָלט ניט דענקען דערפון! (טאָרבע עפענט די טהיר).

איזי (נעהמט איהר האנד): אָה, פנינה, ווען איך זאָל קענען ניט דענקען דערפון...

פנינה: אָי, אייער האנד ברענט, אזוי ווי מיט פייער. (לאָזט אראָב דעם קאָפּ פערשעהמט און ציהט ארויס איהר האנד).

טאָרבע (דריידעלט דעם ונתנה תוקף): העללאָ! (ביידע דערשרעקען זיך). קאָנצערט, הא? שיר ושבחה, הלל וזמרה, סאָ העלפּ מי גאָד, די קבצנים האָבען מעהר פּלעזשור פון אונז. (זינגט) מי בחרב, ומי בחיה. אייך איז בעסער פון אונז.

איזי (שטיפענדיג): סאָ העלפּ יו גאָד...

טאָרבע (זינגט): מי ברעב ומי בצמא. וואָס מאכט מים מעלקין? נאָך אלץ מיט די קבצנים מעהר, ווי מיט די אייגענע. (פנינה ענטפערט ניט). באָבע, וואו איז דער אלטער? מיר פּאסט ניט צו געהן אהין אין קאטעדזש, ווען מעלקין איז ניטאָ, האָב איך דעם אלטען געוואָלט שיקען מיט א שליחות. (דריידעלט דעם ונתנה תוקף).

באָבע (הערט ניט, וואשט, רעדט צו זיך אליין): האָסטו געהערט אביסעל?

איזי (שטיל צו פנינה): זי הערט איהם ווי די קאץ.

טאָרבע (שרייט): סאָסיע, וואו איז משה חיים?

באָבע: איהר ווילט מיט איהם ניט שפּיעלען אין קאָרטען, שפּיעלט ער מיט'ן דרייווער אין סטייבעל.

טאָרבע: נו, יא ככתוב, ישמח משה במתנת חלקו. סעי, יונגערמאן, אפשר וואָלט איהר מיר פערשפּאָרט א גאנג? (זינגט) ומי...

איזי (זעהר העפליך): ענטשולדיגט, מר. טאָרבע, איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר זייט אזוי קראנק.

טאָרבע: וואָס פעלט אייך איין? דאנקען גאָט, איך בין ניט קראנק. (זינגט) מי במגפה...

איזי: איהר זייט ניט קראַנק? קענט איהר דאָך געהן אַליין, וואָס דאַרפט איהר שלוחים? (פנינה גיט פלוצים אַ שאָס אויס אַ געלעכטער).

טאָרבע (זעהר בייז): איך קען טויזענד אַזעלכע קבצנים, ווי דו קויפען און פערקויפען! איך וויים ביי דיר איז גאָט גאָר ניט, אַ איד גאָר ניט, ווייל דו ביסט אַן אַנאַרכיסט, אַן אַנטיסעמיט, איבער אייך ווערט דאָס יודענטהום פערשוואַרצט אין אמעריקע... ניט קיין גאָט און ניט קיין געזעצע? האַר אויס! אַי וויל פיקס יו, סאָ העלפ מי גאָד! (אַ קלאַפּ מיט דער טהיר. אב).

איזי: איהר הערט ווי אַייער איד רעדט?

פנינה: ניט דער איד רעדט עס, דאָס רעדט טאָרבע. אין רוסלאַנד הערט מען איצט ניט די שטימע פון טאָרבעס. דאָרט הערט מען די שטימע פון פרייהייט.

איזי: איצט? יא! אבער זעהר גיך וועט קומען די רעאַקציאָן און די טאָרבעס וועלען אויך דאָרט אַרויס אין פראָנט ווי אומעטום, די טאָרבעס, וועלכע פערלייקענען מיט זייערע טהאַטען אַלע מענשליכע און געטליכע געזעצע! זיי נעהמען זיך אָן פאַר גאָט און געזעליכקייט, די אידישע טאָרבעס, וועלכע מאַכען דעם אידען פערהאַסט און פעראַכטעט, זיי זיינען די בעשיצער פון יודענטהום!

פנינה: גענוג. וואָס דאַרף מען רעדען פון אומעטיגע זאַכען? עס איז אַזוי אויך גענוג שווער אויפ׳ן האַרצען. (שרייט מיט בעגייסטערונג און צייגט אין פענסטער). זעהט בעסער, די גרויסע בערג קוקען אַריין אין פענסטער.

באָבע: יא, אַמאָל רוקט ער צו די בערג ביז אין פענסטער... עס ווייזט זיך אויס — מען קען זיי מיט׳ן האַנד דערלאַנגען... און אַמאָל געהען זיי אַוועק ווייט.

פנינה: זיי ציהען צו צו זיך מיט זייער מעכטיגער שעהנהייט און זיי דריקען מיט זייער גרויסער אונבעוועגליכער רוהיגקייט. (גאַנץ שטיל און פערטרוימט). די שטילקייט רעדט אויף די בערג. (פויזע, פלוצלינג הערט מען אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו און דעם גלאָק פון אַן אייזענבאַהן־צוג).

איזי: איהר הערט? די שטילקייט רעדט ניט מעהר אויף די בערג. די שעהנע פאָעטישע לעגענדען־וועלט איז פערשוואונדען, די מאַשין און דער גלאָק פון קאַפּיטאַל רעדט אויף די בערג, אַזוי ווי אומעטום. (בלייבען ביידע זיצען שטיל. דער גלאָק הערט זיך ווייטער און ווייטער, ביז עס ווערט שטיל. עס עפענט זיך שטיל די טהיר און מאַדאַם מעלקין קומט אַריין).

באָבע: אי! וואָס פאַר אַ גאַסט? האָסטו געהערט אַ ביסעל וואָס אין שטוב טהוט זיך. (ווישט אָב די הענד און רוימט. זי איז גאַנץ רוהיג). שרה, וואָס זאָגסטו פאָרט, פיער היהנער דערוואָרגען.
צוגעקעמט, זעהט אויס זעהר טרויעריג און ניעדערגעשלאָגען).
מאַדאַם (זי איז ניט אויסגעפּוצט, אַלץ הענגט אויף איהר, די האָר ניט
מאַדאַם (זעצט זיך מיער): אָי, שוויעגער, דולט מיר ניט דעם קאָפּ דערמיט. מעהר ליעגט מיר גאָר ניט אין זינען. (וואַרפט אַ בייזען בליק אויף איזי'ן).
איזי (שטעהט אויף): פנינה, איבער אייך, האָב איך שיער פערגעסען, אַז איך בין אומעטום אַן איבעריגער. (ראש אָב).
מאַדאַם (בעגלייט איהם מיט אַ בייזען בליק): האָסט דיר קיין שעהנערע קאָמפּאַניע ניט געקענט געפינען?
פנינה: דערווייל נאָך ניט.
באָבע (נעהמט די נאַסע וועש): מען דאַרף אויסהענגען די וועש. אַזאַ אונגליק, פיער היהנער ווי די ריעזען. האָסטו געהערט אַ ביסעל? (אב).
מאַדאַם: וואָס־זשע, ער איז דיין פריינד? פנינה, ביסט נאָך צו יונג צו זוכען פריינד.
פנינה: אויב אַנדערע זיינען ניט צו אַלט צו זוכען פריינד, בין איך ניט צו יונג.
מאַדאַם: וואָס מיינסטו דערמיט?
פנינה: דאָס זעלבע, וואָס איהר מיינט דערמיט.
מאַדאַם: פנינה, פון וואַנען קומט צו דיר אזא חוצפה?
פנינה: דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס קומט אָן גרינג אין אמעריקאַ.
מאַדאַם (בעטראַכט זי פערוואונדערט): דער אַלטער איז מיר געקומען זאָגען, אַז דו האָסט געבראַכט אַהער דיינע זאַכען און רעדסט דאָ נאַריש־קייטען. מיין קאָפּ איז מיר איצט אזוי פערדרעהט, אַז איך קען ניט אויף דיר אַכטונג געבען. זעהר שעהן פון דיר! זעהסט, אַז די מאַמע האָט אזעלכע צרות...
פנינה: צרות? דאָס אונגליק איז, וואָס איהר האָט פערגעסען, וואָס הייסט צרות.
מאַדאַם: דער מאַמען איז געגוג פינסטער און ביטער, ווילסטו מאַכען אַ נייעם סקאַנדאַל? גאָרניט, עס האָט זיך געטראָפען אין שטוב, וועט זיך איבערמאָלען, און עס וועט ווערען שטיל... אַ פאַמיליע קען ניט זיין אָהן דעם. וואָרום אָבער זאָלסטו אונז פערשאַפען בזיונות פאַר דער וועלט?

דאָס וועט דעם פאפא דיינעם נאָך מעהר משוגע מאַכען און עס וועט אויס־גענהן צו מיין קאָפּ. קום אַהיים!

פנינה: אַהיים? איך בין אַקוראַט, ווי מיין אונגליקליכעס פאָלק, — מיר האָבען ניט קיין היים.

מאַדאַם: פנינה, דו ביסט קראַנק און דערפאר רעדסטו ניט, ווי אַלע מענשען. דיין היים איז ביי דיין פאטער און מוטער.

פנינה: איך האָב פון מיין קינדהייט אָן זעהר פיעל געטראַכט און געטרוימט פון פאָטער און מוטער. מיט ליעבע האָב איך גע'חזר'ט דיזע צוויי ווערטער אין מיין לאַנגען וועג אַהער... ווען איך פלעג אויפ'ן שיף אַ טראַכט טהאָן, אַז איך פאָהר צו מיין פאָטער און מוטער, פלעגט מיר דאָס האַרץ אָנהויבען ציטערען פון פרייד און גליק... איצט איז דאָס ניטאָ מעהר — איהר אַלע דאָ האָט מיר ערמאָרדעט מיין פאָטער און מוטער, אַזוי ווי כוליגאַנעס ערמאָרדען ביי אונז אין רוסלאַנד אידישע עלטערן אין די אויגען פון זייער קינדער. איך בין אַ יתומה איצט אויף דער גרויסער וועלט. (וויינט). ערגער פון אַ יתומה! אַ יתומה קען בעוויינען מיט גוטע טרערען איהרע פערלאָרענע עלטערן. איך קען וויינען נאָר מיט טרערען פון פערצווייפ־לונג... אַזאַ יתומה, ווי איך, פערדיענט אפילו ניט קיין רחמנות.

מאַדאַם: פנינה, דיינע רייד שרעקען מיך... איך פערשטעה ניט, וואָס דו רעדסט... וואָס הייסט דו ביסט אַ יתומה? בין איך ניט דיין מוטער?

פנינה: מיין מוטער האָב איך שטענדיג געזעהן פאַר מיינע אויגען אַלס אַ גוטע עהרליכע, כשר'ע פרוי, וועלכע האָט אָנגעבויגען איהר קאָפּ איבער מיין וויעגעלע און וויעגט מיך מיט אַ זיס ליעד. די מאַמע, וועלכע איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, האָב איך דאָ ניט געפונען... (קוקט זי אָן). ניין, איהר זייט ניט עהנליך צו מיין מאַמען.

מאַדאַם (בייז): דער פאפא און די מאַמאַ זיינען דיר ניט געפעלען. ווער דען? דער קראַנקער קבצן? אַ שעהנער פריינד?

פנינה: גלויבט מיר, ער איז אַ סך אַ בעסערער פריינד פון ר' מלך נתן טאָרבע. יאַ, איך מיין, עס איז אַ סך פיינער צו זיין ניט נאָר אַ פריינד, נאָר זאָגאַר צו אָפּפערען דאָס לעבען צו אַזאַ אונגליקליכען, דענקענדען, פיהלענדען און ליידענדען מענשען, וועלכער האָט קיינעם ניט אין דער גרויסער וועלט, איידער צו פערזיסען דאָס לעבען פון אַ פעטען שמוציגען דבר אחר.

מאַדאַם: וואָס? ווילסט איהם אָפּפערען דיין לעבען?

פנינה: שרעקט אייך ניט, איך האָב ביז איצט אפילו ניט געטראַכט

דערפון; דאָס האָט איהר מיך איצט צום ערשטען מאָל ארויפגעבראכט אויף דעם געדאַנקען... זייט רוהיג... איך בלייב דאָ ניט, איך וויל פאָהרען צוריק קיין רוסלאַנד. אָה בלוטיגע, פערפלוכטע, פער׳חושכ׳טע רוסלאַנד, ווי ליעב און טהייער דו ביסט מיר!

מאַדאַם: וואָס הייסט, מען וועט דיך לאָזען צוריק קיין רוסלאַנד? בעטראַכט נאָר, וואָס רעדסטו דאָס?

פנינה (וויינענדיג): יא, יא, איך בעט אייך, אויב איהר האָט רחמנות אויף מיר, שיקט מיך אָב צוריק, איך קען דאָ ניט לעבען, איך וועל דאָ ביי אייך משוגע ווערען, איך וועל שטאַרבען, שיקט מיך אָב צוריק, איך קען ניט לעבען דאָ.

מאַדאַם: אין דעם פערפלוכטען רוסלאַנד איז בעסער צו לעבען?

פנינה: דאָרט איז שלעכט, ביטער, מען איז ניט זיכער מיט׳ן לעבען, אָבער דאָרט איז ניט אומעטיג... דאָס לעבען איז דאָרט ניט מיאוס. דאָ איז דאָס לעבען זיס ווי צוקער, וואָס ליעגט אין שמוץ אויפ׳ן מיסט. דאָ וועל איך שטאַרבען.

מאַדאַם: רעד ניט קיין אונזין, פנינה! דו וועסט, חלילה, ניט שטאַרבען! איך וויים, דו ביסט א קראַנקע, מיר אָבער וועלען געווים ניט שפּאָרען קיין געלד, דיך געזונד צו מאַכען. פאָלג מיך, נעהם דיינע זאַכען און קום אַהיים. (זי נעהמט איהר פיערעלע און איהר פעקעל מיט זאַכען).

פנינה (רייסט אַרוים די זאַכען): מיין היים איז רוסלאַנד! נאָך דעם היים בענק איך און אהין צוריק וויל איך!

מאַדאַם: איך האָב געהערט, די שטוב איז דיר מיאוס געוואָרען, ווייל די דיענסטען ערלויבען זיך... מעגסט מיר גלויבען, איך וועל די קעטטי גוט אויספּאַטשען און אַרויסטרייבען.

פנינה: מאַדאַם, אויב מען וועט פּאַטשען און טרייבען די אַלע, וואָס מאַכען מיר מיאוס די שטוב, וועט דאָרט קיינער ניט בלייבען.

מאַדאַם (קוקט זי אָן פערוואונדערט. מען הערט א גערויש).

עזהעלין (לויפט אריין. איהר טואַלעט אויף זעהר פערנאַכלעסיגט): מאַמאַ, הורריי, מיר האָבען א גאַסט, דער פּאַפּאַ איז געקומען! (שטיל). שש... הי איז אָלראַיט, דיין בריעף האָט איהם געמאַכט ווייך, ווי א וואַקס, ער געהט אַהער. (די מאַדאַם ברענגט איהרע האָר אין אָרדנונג ביים שפּיעגעל). און וואָס טהוט די רוסישע? אַ יאָנג גירל, אנשטאַט צו דענקען פון גירלשע זאַכען, זאָל גאָר האָבען אין זינען משוגענע דומהייטען. פוי! אָרגאַניזאַציע! באַי דזשאָ! ווען איך בין געוועזען דרייצעהן יאָהר אַלט, האָב איך שוין געהאַט אַ באָי...

מאַדאַם: עוועלין, וואָס טהוט מען מיט איהר? זי וויל דאָך ניט געהן אהיים, ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען. (שטיל, אבער פנינה הערט דאָך). זי איז אַ קראַנקע, וועה איז מיר! זי איז אַ קראַנקע! (צייגט אויפ'ן קאָפּ).

עוועלין: האָב איך אייך ניט געזאָגט, אַז זי איז... (אַ גערויש). דער פּאַפּאַ געהט.

באָבע (קומט נאָך מעלקין, רוימט פון די ביינקלעך אוועק אַלץ וואָס ליעגט): ניט געגאַנגען, ניט געגאַנגען אהער מיט אַ פוס, און פּלוצלינג אַזוי פיעל געסט מיט אַמאָל, האָסטו געהערט אַ ביסעל... שמואל, דו האָסט געהערט? פיער היהנער ווי די ריעזען.

מעלקין: איך מיש מיך ניט אין אַזעלכע זאַכען, זאָג סערע'ן, זי איז די ווירטהין. (געהט צו זיין פרוי) העללאָ, סערע! (דריקט איהר האַנד פערליעבט).

מאַדאַם (שטיל): שלעכטער, וואָס האָט זיך דיר אויסגעוויזען? אַזוי פיעל יסורים אומזיסט.

מעלקין: דאָס אַלץ איז דומהייטען. דו זעה בעסער דעם בראָש. (נעהמט פון פּאַקעט אַ שאַכטעל מיט אַ דיאַמאַנטענעם בראָש). פראַנצויזישע אַרבייט, אַ זעלטענער אַרטיקעל; אויב קויפען, דאַרף מען קויפען ערשטע קלאַסע. ניט אַזוי, ווי? (זי נעהמט דעם בראָש ענטציקט, זיי רעדען ביידע שטיל).

פנינה: זי וועט שוין באַלד ניט האָבען וואו צו הענגען אויף זיך די ציערונג... זי וועט מוזען צודינגען אַ פּלאַץ...

עוועלין (צו פנינה): דו געה אַהיים מיט אונז, וועט דער פּאַפּאַ גאָר ניט וויסען.

פנינה: ניין! (מען הערט חיים משה און טאָרבע'ס שטימען).

חיים משה: זיי זיינען אַלע דאָ, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין. (עפענט די טהיר, נאָך איהם טאָרבע). ניין—ניין, וואָס רעדן!

טאָרבע (אַ ביסעל אין פערלעגענהייט): הגם איך וויים, ביי אייך איז איצט תעקר, ותשבר ותמגר —

מעלקין (פרעהליך): העללאָ, טאָרבע! ווי געהט עס, אָלראַיט, האַ?

טאָרבע: אָלראַיט, מר. מעלקין. איהר ווייסט, אי ך האָב שוין אריינגעשטעלט אין מיין סינאַגאָגע דעם נייעם ארון קדוש. אַ צאַצקע! דעם שבת וועלען מיר האָבען אַ צעלעברייישען, להרוג ולאבד, סאָ העלפּ מי גאָד!

חיים משה: פאַר וואָס זיצסטו ניט? (שטעלט אַ ביינקעל, וועלכעס

ער ווישט אָב פריהער מיט דער פּאָלע). זיצט, מר. טאָרבע, ניט אַלע טאָג האָב איך אַזאַ כבוד. (שטעלט איהם אויף אַ ביינקעל). דאָס איז אַן אַלטער שטול, — אַן אַנטיקעל, אויף איהם איז געזעסען פּרעה מלך מצרים, ווען ער האָט גע'משפּט די אידען אין לאַנד כנען. (אַלע לאַכען).

טאָרבע: איך בין געקומען ספּעציעל אייך איינלאַדען, איהר וועט האָבען די בעסטע עליה, און פון ניו יאָרק קומט רעווערענד דאָקטאָר פּוסיק.

מעלקין: און פאַר דער עליה ווילט איהר דאָך מסתמא אַ שעהנע נדבה אויף דער שוהל. ניט אַזוי, ווי?

חיים משה (מיט חניפה): ניין—ניין, וואָס דען? מען קען אונז, אַזאַ יאָהר אויף מיר.

מעלקין: וואָס טהוען מיר דאָ, סערע? קומט אַהיים, קינדער, קומט. איך האָב פאַר אייך אויך געבראַכט אַ לאָט אָף דזשולערי, זאָגאַר פאַר דער גרינער אַן אַנטיקעל. מר. טאָרבע, היינט ביינאַכט האָבען מיר אַ גרויסען פּויקער, דריי דאָלאַר לימיט, איך האָב בעגעגענט אין דער טריין דעם עסעק סטריט ביינקער, מר. קאַלאַמאיקע, האָב איך איהם אויך איינגעלאַדען. קומט! (אַלע געהען אויסער פּנינה). עי, דו רוסישע, קום! וואָס לאָזטו זיך בעטען?

פּנינה: איך האָב בעשלאָסען אַהין צו אייך ניט געהן מעהר, איך פערבלייב דאָ, ביז מיין אָבפאָהרען קיין רוסלאַנד.

מעלקין (פערוואונדערט): ווי? וואָס מיינסטו דאָס? (קוקט זיך אום). זי פאָהרט גאָר קיין רוסלאַנד? (אַלע צוקען מיט די אַקסלען).

מאַדאַם: עס איז איהר פּלוצלינג איינגעפאַלען... אַי, אַזעלכע יסורים!

עוועלין: מיר וואָלטען ענדליך געקענט אויך האָבען אַ גוד טאַים, ווי אַלע דאָ, אויף די בערג, קומט זי מיט איהרע משוגעת'ן, אָרגאַניזאַציע! דער פּאַפּאַ האָט אויף דיר געספּענדט אַזוי פיעל געלד, דאָס איז דיין דאַנקבאַרקייט?

מעלקין: דאָס איז גאָר ניט, אויב דיר פעהלט נאָך וואָס, זאָג מיר, ווילסט נאָך דזשולערי, דרעסעס, ווילסט האָבען אַ פּאָני מיט אַ קליינעם קעררידזש פאַר זיך? ווילסט האָבען אַ טייערע איטאַליענישע פיעדעל? עס איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס דו וועסט ניט האָבען, אַליץ ערשטע קלאַסע, נאָר וואַרף אַרויס פון קאָפּ דיינע קראַנקע פאַנטאַזיעס.

מאַדאַם: זעה, ווי דער פּאַפּאַ איז גוט צו דיר.

פּנינה: איך פאָהר קיין רוסלאַנד גלייך פון דאַנען!

מעלקין (דערשראָקען, צייגט אויפ'ן קאָפּ): אָי שלעכט! זי שרעקט מיך. (ווינקט צו דער פרוי). גוט. נו, ווילסט קיין רוסלאַנד? מיר וועלען זעהען. פאָהרסט דאָך ניט היינט? דערווייל איז ניט שעהן, מען זאָל זאָגען, מעלקינ'ס טאָכטער איז ענטלאָפען פון דער היים... קום, דו פער-

שטעהסט ־דען ניט דעם אונטערשיעד צווישען מיין הויז און דעם הויז דאָ ?

פנינה: יא. איך פערשטעה דעם אונטערשיעד: דאָרט איז א פּאלאץ, און דאָ איז א חורבה; דאָרט גיסט מען שאמפּאניער, ווי וואסער, און דאָ פערגינט מען זיך ניט צו נעהמען אן איבריגען טראָפּען מילך... מיין פּאפּא דאָרט שפּיעלט אין א זאל פּויקער, און דיין טאטע דאָ שפּיעלט אין סטייבעל פּינאָקעל.

מעלקין: שלעכט! פּינאָקעל! סטייבעל! זי איז ניט ביים זינען... רוסלאנד האָט זי אָבגעהרג'עט. דאָ א מיידעל אפילו פון צוואנציג יאָהר איז נאָך א קינד, דאָרט האָבען זיי ניט קיין מעגליכקייט צו זיין קינדער. א זעכצעהן יעהריגער שנעק טראכט פון אזעלכע זאכען, פון וועלכע אפילו א גרויסער קען משוגע ווערען.

טאָרבע (וועלכער שטעהט בעזונדער מיט עוועלין): און פון וואָס טראכט איהר עוועלין? (ער גיט איהר א קניפּ אין האנד קיינער זאָל ניט זעהן).

מעלקין: יא, זי איז קראנק, און זי איז אלט... פנינה, איך וועל זעהן דו זאָלסט ווערען צוריק א קינד, און זאָלסט ווערען געזונד.

טאָרבע: אויסערדעם, דאָ געפינט זיך א חברה־מאן, איך האָב בעמערקט. קומט אקארשט אהער, מיסטער מעלקין. (ער זעצט זיך אויפ'ן לאָנטש, רופט צו זיך צו מעלקינ'ען. א גערויש).

איזי (לויפט אריין זעהר דערשראָקען און אויפגערעגט. צו טאָרבע'ן): זייט אייך מטריח, מען דארף דעם לאָנטש! (שטויסט אוועק טאָרבע'ן, לויפט און ברענגט פון אנדערען צימער א קישעלע. אלע פערוואונדערט). פנינה, וואָס זאָגט איהר פאָרט צו אזא אונגליק? נאָר איך בעט אייך, שרעקט אייך ניט... ר' קלמן יצחק...

פנינה (שפּרינגט אויף פון איהר פּלאץ): וואָס איז געשעהן?

איזי: נעבען האינס פּאָללס האָט איהם דאָס פערד צוטראָגען, דער וואָגען ליעגט צובראָכען אויף שטיקלעך אין אָבגרונד, דאָס פערד געהרג'עט אויפ'ן אָרט, און דעם אונגליקליכען טראָגט מען אהער אין א שרעקליכען צושטאנד; די, וואָס האָבען געדארפט קרעפּירען צוזאמען מיט זייערע פערד דאָרט, געהען זיך אום מיט א קאלטען לונג־און־לעבער דאָ. (לויפט אָב, חיים משה לויפט נאָך איהם).

פנינה (פערצווייפעלט): מר. מעלקין, דאָס האָט אייער „פּאָן" ערמאָר־דעט דעם עהרליכען ארימען מענשען. איהר וועט בעצאָהלען דערפאר! מיסטער מעלקין, איהר וועט בעצאָהלען דערפאר! (ראַש אָב, ווי א פער־ווירטע).

מעלקין: זי איז ניט ביים זינען! ניין, זי איז ניט ביים זינען!

באָבע (געהט אויף): איך האָב עס פריהער געוואוסט, דאָס איז ער, דאָס איז זיין מלאכה. (אב).

מאַדאַם: וואָס זאָגט איהר פּאָרט צו אזא אונגליק?

טאָרבע: עס מאַכט זיך, נישקשה, מען איז דאָך צווישען אידען. מיר וועלען ארויסגעהן מיט מיסטער מעלקין, וועלען מיר מאַכען א קאָלעקשאן, איך וועל אויך געבען א פּאָר דאָלאר. וואָס דען?

מעלקין (דערשראָקען): ווען איך דערמאָהן מיך, איך וואָלט אליין געקענט האָבען דעם זעלבען פּסק... פּס!... קומט אהיים, גיכער.

עוועלין: ניין, עס איז אינטערעסאַנט צו זעהן. פּאַפּאַ, מיר וועלען מאַכען פאַר איהם א קאָנצערט, פּנינה וועט שפּיעלען, איך מיט דער מאַמען וועלען פערקויפען טיקעטס. מיר וועלען עס אראַנזשירען פיין. מאַמאַ, מיר וועלען ענדליך האָבען א געלעגענהייט צו בענייען אונזערע לייסענע דרעסעס...

(א גערויש, עטליכע מענשען טראָגען אריין קלמן יצחק, זיינע קליידער פּער־שטויבט און צוריסען. ער איז שרעקליך צובלוטיגט, בעוואוסטלאָז. איזי, פּנינה, די באָבע, חיים משה, אלע ניעדערגעשלאָגען).

איזי: אהער, אהער, אויפ'ן לאָנטש. אָי, אָרימער ביליגער קבצן. (מען לעגט איהם אוועק אויפ'ן לאָנטש).

טאָרבע (שטיל צו מעלקינ'ען): דאָס איז ער, אנאַרכיסט און אנטי־סעמיט. אוהו! דער איד איז גוט צו'הרג'עט!

משה חיים: ר' קלמן יצחק, איהר זאָלט איך אזוי אָבלאָזען. איהר זייט דאָך א שטאַרקער מענש. (ברענגט וואַסער).

מעלקין: זאָל מען שיקען נאָך א דאָקטאָר, איך צאָהל אלע עקספּענ־סעס. פּנינה, אהער גאה! וואָס נעהמסטו זיך צום הארצען מעהר פון אנדערע?

פּנינה: ר' קלמן יצחק, ר' קלמן יצחק! ער הערט ניט, בעדענקט איך! מיט וועמען וועט בלייבען אייער אָרימע שפרה, אייערע אונגליק־ליכע קינדער? איהר טאָרט ניט שטאַרבען. ער הערט ניט! אמעריקא האָט איהם שוין פערזאָרגט אויף אייביג! ער איז טויט!... ער איז טויט!... ער איז טויט! (זי פערברעכט די הענד).

קלמן יצחק (ערוואַכט, מיט זעהר שוואַכער שטימע): עט! עס רעדט זיך נאָר אזוי, א קבצן שטאַרבט ניט אזוי גיך. פונדעסטוועגען א דאָקטאָר וואָלט ניט געשאַדט צו רופען. וואָרום מיר דאַכט זיך... (ער חלש'ט).

איזי: ר' קלמן יצחק: מען האָט געשיקט נאָך א דאָקטאָר. אָי,

איהר שטילע געדולדיגע אונבעקאַנטע העלדען, ווער ווייסט, ווי שווער איהר קעמפּפט פאַר'ן ביטערען לעבען.

משה חיים (ברענגט וואַסער און וואַשט די גאַנצע צייט דעם קראַנקען'ס קאָפּ).

פנינה: ווי בילִיג ביי איך איז דאָ דאָס לעבען! גלייכגילטיג שטויסט מען דאָ דעם מענשען אין אבגרונד, מיט די פיס טרעט מען דאָ דעם מענשען! (וויינט פערצווייפעלט). מיט בלאָטע פערוואַרפט מען דאָ אַלעס, וואָס איהם איז טהייער און הייליג! אָי, מען קען פון זינען אראָב! מען קען פון זינען אראָב!

טאָרבע: איהר הערט?! (צייגט אויפ'ן קאָפּ).

מאַדאַם (געריהרט): פנינה, זיי אַ גוט קינד...

מעלקין (האַלט זי אָב): שש... לאָז זי אָב, וואָס העלפט דאָס רעדען צו אַ קראַנקע? איך האָב אַ פּלאַן. מען דאַרף זיך בעראַטהען מיט אַ ספּעציאַליסט. מיר וועלען זי פיהרען צו אַ גרויסען פּראָפעסאָר, וועלכער האָט אַ ערשטע קלאַסע פּריוואַטע סאַניטאַריום. אַלע מיליאָנערען שיקען אַהין זייערע קינדער און פערוואַנדטע. פון קיין געלד וועט קיין פראַגע ניט זיין. (ער, טאָרבע, מאַדאַם און עוועלין אין אַ גרופּע, ער ערקלערט זיי זיין פּלאַן, זיי שאָקלען צו מיט'ן קאָפּ).

איזי: פנינה, איך בעט איך, זייט ניט פערצווייפעלט, ער איז ניט דער איינציגער קרבן. מיר זיינע אַלע קרבנות.

פנינה: אין רוסלאַנד איז ניט אַזוי שרעקליך, ווייל מען זעהט דעם פיינד, דאָ איז דעם מענשען'ס פיינד בעהאַלטען, אַזוי ווי דער באָבעס גייסט פון די בערג... זעהט, די בערג האָבען ערשט אַראָב געשטויסען אַ לעבעדיגען מענשען אין אָבגרונד און זיי שטעהען גלייכגילטיג און רוהיג, ווי פריהער. מר. גורעוויטש, איזי... איך האָב מורא פאַר די בערג, איך האָב מורא פאַר די מענשען דאָ! איך האָב מורא, איך וועל דאָס אַלעס דאָ ניט איבערטראָגען, איך וועל פערליערען מיין זינען! אָה, רוסלאַנד, וואָרום האָב איך דיך פערלאָזען, וואָרום האָב איך דיך פערלאָזען! ר' קלמן יצחק, מיר קענען אין ערגעץ ניט געפינען קיין ווינקעלע פאַר זיך, אַזוי ווי אונזער פאָלק! אַזוי ווי אונזער אונגליקליך פאָלק!

איזי (נעהמט איהר האַנד): פנינה, איך בעט איך, בערוהיגט איך, איידעלעס, גוטעס קינד; בערוהיגט איך. (פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צו איהר האַנד און וויינט).

מעלקין (לאָזט ניט די מוטער צו איהר): שש... עס וועט זיין אָלראַיט!

באָבע (שטיל פאַר זיך ביים פענסטער): דאָס איז זיין מלאכה, דאָס איז ער! (צייגט מיט די הענד אויף די בערג. פנינה מיט איזי'ן ווייגען. ווייט פייפט אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ גלאָק קלינגט לאַנגזאַם און עס הערט זיך ווי אַ צוג געהט).

(פאָרהאַנג.)

# דריטער אַקט.

(אַ וואָלקענדיגער טאָג. דאָס זעלבע צימער ביי מעלקין'ען, ווי אין ערשטען אַקט, ניט אויפגערוימט, אויף די טישען און שטולען אָנגעוואָרפען זאַכען, אויף דער פיאַנאָ, אויף אַלע טישען, אויפ'ן פלאָר אָנגעוואָרפען קאָרטען. חיים משה ליגט אויסגעצויגען אויף אַ קושעטקע. קלמן יצחק, זעהר בלאַס, זיצט ביים טיש, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען און רעכענט עפּעס מיט אַ בלייפע־דער. איזי זיצט ביים אָפענעם פענסטער און קוקט אויף די בערג. לאַנגע פּויזע).

חיים משה: אוף—אַ! די פיס זיינען מיר געשוואָלען און גערדראָלען געוואָרען אומגעהענדיג. פאַר סאָסיע'ן איז דאָס אַ געשעפט. שוין צוויי טעג קריכט זי אַרום אויף די בערג און זוכט די בהמות. איך האָב אויך געזוכט, אָבער צורייסען זיך צוליעב אַ בהמה איז ניט כדאי.

איזי: יאַ, ער האָט גוט געזוכט. איך קריך אַריבער איבער אַ פּליוט, איך הער זיך צו, מיר ווייזט זיך אויס אַ בהמה סאָפּעט, ערשט דאָס כראָפּעט ר' חיים משה אונטער אַ בוים, די קאַפּאָטע צוקאָפּענס, דאָס מויל צוויי מייל אָפען, און ביידע נאָזלעכער פייפען, ווי צוויי טרומפּעטען ביי די ווענד פון יריחו. דער באָבע'ס בערג־גייסט האָט געווים געמיינט, אַז דאָס פייפט אַ מאַשין און האָט זיך דערשראָקען אויף טויט.

חיים משה (שטעהט אויף): אַ מענש איז מיעד, לעגט ער זיך צו. ניין—ניין, וואָס רעדן? (זוכט) אַזוי פיעל קאָרטען אָנגעוואָרפען, עס זאָל כאָטש ליעגען אַ האַלבער ציגאַר. וויפיעל קאַרטען!...

איזי (טרויעריג): דאָ זיינען געוועזן מענשען. זיי האָבען געזונגען, געשפּיעלט, געלאַכט, געליטען, זיי זיינען געוועזן געליעבט און געהאַסט, זיי זיינען ניטאָ איצט. נאָר אַלטע אָבגעשפּיעלטע קאָרטען איז פון זיי געבליבען... גאָר ניט בלייבט נאָך אונז, אויסער אַלטע, פערשמוציגטע, אָבגעשפּיעלטע קאָרטען, אויף וועלכע מיר האָבען פערשפּיעלט אונזער געוויסען, אונזער עהרליכקייט, אונזערע מענשליכע געפיהלען, אונזערע יאָהרען. גאָר ניט אויסער קאָרטען!

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך גאָר אַזוי. נו, און אונזערע קינדערלעך, קאָרטען גאָר! און וואו איז אַזאַ יונגאַטש, ווי מיין הערשקע? אַזאַ פּאַמפּישקע, ווי מיין פרומקע? ניט יעדער מענש לעבט דאָך, ווי אַ קאָרטענשפּיעלער, אָי, וועה איז מיר! אַז איך רעד אויס דעם וואָרט קינדער,

גיט מיר אַ שטאָך אין האַרצען. (רעכענט). פיער האַלבע טיקעטס צו צוויי־און־צוואַנציג רובעל, צוויי גאַנצע...

איזי: קינדער? ווען די קינדער זאָלען בלייבען קינדער! דאָס אונגליק אבער איז, זיי וואַקסען אויס און ווערען גרויסע גנבים און געמבלערס.

חיים משה: ביי איהם איז קאָרטען גאָר ניט. אַזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַ קלוגע שפיעל פינאָקעל איז... עס איז דאָ! אַ שפּאָגעל נייער גאַנצער האַלבער ציגאַר. (געפינט אַ האַלבען ציגאַר אויף דער פיאַנאָ און פערדרויכערט). מען האָט געגנוג צרות פון קינדער. מיין זוהן וואָלט דאָך יאָ געקענט זיין צופריעדען, ווי אַ מיליאָנער, שיקט איהם גאָט צו אַ טאָכטער פון רוסלאַנד.

קלמן יצחק: עט! הלואי שיקט מיר גאָט צו צעהן נאָך אַזעלכע טעכטער, ווי זי.

איזי (טרויעריג): ר' קלמן יצחק, עס קען זיין, זיי האָבען זי שוין לאַנג אָבגעשיקט צוריק קיין רוסלאַנד און מיר וועלען שוין קיינמאָל ניט זעהן אונזער פנינה. (פאַר זיך). אַ שטערען פאַלט אַראָב פון הימעל, בעלייכט די וועלט אויף איין אויגענבליק, דאַן ווערט ווידער פינסטער און דונקעל, ווי פריהער.

חיים משה: רוסלאַנד איז ניט דער איינציגער פּלאַץ פאַר משוגעים, מען קען אין אַמעריקא פאַר זיי אויך געפינען אַ פּלאַץ, איך האָב אַלץ אויס־געפונען, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין! (פּויזע).

איזי (קוקט אין פענסטער): די פינסטערע טעג קומען, וואָלקענס ליעגען אויף די בערג, אונטער די בוימער הויפענס מיט טרוקענע בלעטער.

חיים משה: טרוקענע בלעטער שמעקט אַ מחיה, אַזאַ יאָהר אויף מיר.

איזי: יאָ, זיי שמעקען מיט צופוילטקייט און טויט. ר' קלמן יצחק, וועל איך דערלעבען נאָך אַמאָל צו זעהן, ווי אַלעס וועט ווידער אַמאָל אויפ־לעבען און אויפבליהען?

קלמן יצחק: עט! מען קען זעהר וויסען, ווער עס וועט לעבען און ווער עס וועט שטאַרבען. אָט בין איך בלי ספק געווען אַ געזונדער כאָמיאַק, האַ? קומט פלוצלינג אַ פּראָסטער פערדעל און גיט מיך אַ טראַסקע אין שאול תחתיה אַריין! אמת, איך בין אָבגעקומען נאָר מיט ריסוק אברים, אבער וויפיעל האָט מיר געפעהלט, איך זאָל אין גאַנצען צוטראַסקעט ווערען? אַ מענש דאַרף ניט זיין קיין חכם.

איזי: יאָ, עס איז געזינדער ניט זיין קיין חכם. די נאַטור אָבער,

וועלכע שיקט אויפ'ן מענשען אַלע קראַנקהייטען, האָט פאַר איהם בעשאַפען אויך די שרעקליכע חולאת, וואָס רופט זיך חכמה.

חיים משה: אַ קליינינגקייט חכמה! אפילו צו אַ פינאָקעל דאַרף מען אויך האָבען חכמה.

איזי (הערט ניט): עס קען זיין, אז מען וועט שפּעטער אויסגעפינען, אַז די קראַנקהייט — חכמה קומט גראַדע, ווי קאָנסאָמפּשען, פון אַזאַ מין באַקטעריע, וועלכע זיצט ביי אונז אין מוח און אַרבייט. איין באַקטעריע צופרעסט אונזערע לונגען, די אַנדערע פרעסט אויף אונזער מאַרך.

קלמן יצחק: עט! באַקטעריע, חולאת, נאָך וואָס דאַרף מען דאָס אויסגעפינען? אַי איך דאַרף זוכען און אויסגעפינען זיך אַ פּרנסה. אַז גאָט בענשט אַ מענשען מיט אַ ווייב און קינדערלעך, דאַרף מען ניט קיין באַקטעריע מיט קיין כאָלעריע, מען לעבט, ווי אַ מענש.

איזי: צייגט מיר איין מענשען, וואָס לעבט ווי אַ מענש, וועל איך גלויבען, אַז עס זיינען דאָ מענשען אויף דער וועלט.

קמלן יצחק: איך האָב זיך געריכט אויף יום טוב האָבען דאָ מיינע קינדער מיט מיין שפרה, העלפט גאָט איך בלייב אָהן אַ וואָגען, אָהן אַ פערד, אָהן ווייב און קינדער, אָהן אַ פרוטה געלד, מיט צובראָכענע אברים און קיין בריעף פון רעזשיצע האָב איך אויך ניט. פונדעסטוועגען פאַל איך ביי זיך ניט אַראָב. וואָרום איך בין זיכער, אַזוי ווי גאָט האָט מיר געהאָלפען ביז איצט, וועט ער מיר שפּעטער אויך העלפען.

איזי: יאָ, אַזוי ווי ער האָט אייך געהאָלפען ביז איצט, אַזוי וועט ער אייך העלפען שפּעטער.

קלמן יצחק: אַ ברירה וועט ער האָבען דער אַלטער? (אַ גערויש). און אָט לויפט די באָבע, נעבעך.

חיים משה: סעי, גורעוויטש, דערצעהלט איהר ניט קיין בבא־מעשיות מיט קיין רכילות'ן. עס וואָלט איהר עפּעס אַ סך געהאָלפען, איך זאָל אויך אומקריכען, ווי אַ משוגענער, אויף די בערג?

באָבע: האָסטו געהערט אַ ביסעל, ער זיצט! קום, ער האָט אָבגעגעבען די בהמות, איך האָב זיי געבראַכט צו טרייבען. אַלע בהמות מיט לעדיגע אייטער און די רויטע „מילעדי" הינקט. דאָס האָט ער זיי אויסגעמאָלקען. איזי, נעבעך, בלייבט ווידער אָהן מילך.

איזי: יאָ, ער... דאָס הייסט אַ גנב, אַ פאַרמער, האָט זיי צוויי טעג געהאַלטען און געמאָלקען.

קלמן יצחק: באָבע, איהר דאַרפט קיין פאַראיבעל ניט האָבען, וואָס

איך האָב אייך דעם מאָל קנאפּ געהאָלפען זוכען, איך געה נאָך אום ווי אויף קוליעס. (געהט צו איהר אָנגעשפּארט אויפ'ן שטעקען).

באָבע (צייגט אויפ'ן מאַן): איהר געהט... הלואי וואָלט ער שוין אַזוי געאַנגען. קום, ווערסט מיר העלפען צובינדען די בהמות און געבען זיי עסען. עס וועט באַלד ווערען נאַכט און איך וועל גאָר ניט זעהן. די שקצים פאָהרען ערגעץ אום רייטענדיג, זיי זוכען אזוי געטריי, ווי דו האָסט געזוכט. אבער דאַנקען גאָט, אַבי דער שאָדען האָט זיך אָבגעזוכט. זעקס בהמות, האָסטו געהערט אַביסעל? דו געהסט, צי ניין?

חיים משה: איך קום שוין, איך וועל נאָר ענדיגען מיין ציגאַר. (ער נעהמט אַרויס זיין באַרשט און קעמט די באָרד).

באָבע: ער האָט זיך געררייצט און אָבגעגעבען... זעקס בהמות! איך וואָלט משוגע געוואָרען. (אב).

איזי: מיר אַלע, פּונקט ווי די באָבע, זוכען אונזער גאַנצען לעבען פרעמדע בהמות, מיר זיינען אָנגעלאָדען מיט פרעמדע דאגות, מיר לויפען אום, קריכען אויף די בערג, מיר שלעפּען משאות מיט פרעמדע זאַכען, מיט אונזיניגע פליכטען, און מיר שטעלען זיך ניט אָב אויף איין אויגענבליק צו פרעגען זיך: פאַר וואָס? פאַר וועמען? צוליעב וועלכען צוועק? ווי פערפלוכטע שקלאַפען לויפען מיר אום און זוכען פרעמדע בהמות, און אַנדערע דערוויילע מעלקען זיי און טרינקען רוהיג די מילך. (הוסט).

קלמן יצחק: עט! וואָס העלפט דער פרעגען? אַז די באָבע סאָסיע זאָל פרעגען קשיות, וואָלטען דערפאַר די בהמות ניט געבלאָנדזשעט?

איזי: יא, די בהמות וואָלטען זאָ ווי זאָ געבלאָנדזשעט.

קלמן יצחק: אָי, איזי, איהר זייט מיר היינט עפּעס צו פיעל מרה־שחורה'דיג.

חיים משה: איהר ווייסט פאַר וואָס? איך וועל אייך זאָגען, וואַרום איך בין דער מענש, וואָס קען אַלץ אויסגעפינען. ער בענקט נעבעך נאָך דעם רוסישען מיידעל. אַ קראַנקער, אַ קראַנקער... פונדעסטוועגען... ניין—ניין, וואָס דען? (טאָרבע ערשיינט אויף דער פיאַזאַ).

איזי (ווערט זעהר בייז און הויבט אָן הוסטען): איהר אַלטער ציניקער, איך וויל ניט איהר זאָלט... (הוסט).

חיים משה: געטראָפען אין פינטעל? אָי, ש! מיסטער טאָרבע געהט, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין! (ער וואַרפט זיך רוימען. קלמן יצחק שטעהט אויף. איזי, פערקעהרט, זעצט זיך און טהוט אָן זייז הוט).

טאָרבע (געהט אריין. ער טראָגט אַ געלען דזשעקעט און שוואַרצע

הויזען מיט גרויסע פּאסען. פיעל דזשולרי. ער זינגט זיך צופריערען):
מי יחיה ומי ימות. העלאָ חיים משה! איך האָב געקראָגען פריהער א טעלעפאָן פון מעלקינ׳ען, זיי פאָהרען אלע צוריק, מען זאָל נאָך זיי שיקען פערד אויף דעם דיפּאָ, כע־כע! עס וועט דאָ ווייעדער ווערען הלקח והליבוב לחי עולמים. סאָ העלפ מי גאד. (זינגט) ומי יטרף.

חיים משה: אָי, וועה איז מיר, זיי קומען! (שרייט אין צוויטען צימער). עי, שלומפּערקעס! דער באָס מיט דער באָסטע פאָהרט.

טאָרבע: נו, וואָס מאַכט אַ איד? איהר זייט דאמאלס גוט אראָב־געפלויגען, האַ? (אַ מיידעל קומט און רוימט, חיים משה העלפט פלייסיג). דער פערד מיט׳ן וואָגען, דאָס יאָ ככתוב סוס ורוכבו רמה בים. חיים משה, וואָס זשע טהוען זיי אַלע דאָ? (זינגט). מי באש.

חיים משה: מיר האָבען אַלע געזוכט די בהמות, זיינען מיר אריינ־געאַנגען אָברוהען זיך... זיי געהען שוין אַוועק פון דאַנען. (ער ציינט, זיי זאָלען געהן. קלמן יצחק געהט ביז׳ן טהיר).

איזי (שטעהט אויף): מיסטער, בעפאָר איך געה אַוועק, האָב איך אייך געוואָלט פרעגען: וואו איז דעם אידענ׳ס געלד? ער זיצט, דער אָרימאַן, אָהן אַ פערד, אָהן אַ וואָגען, אַ קראַנקער און וואַרט אויף אייך, און איהר געהט זיך אום מיט אַ קאַלטען לונג־און־לעבער און זינגט זיך מי יחיה ומי ימות. איהר האָט צייט, האַ?

קלמן יצחק: אָה, גורעוויטש, וואָס דאַרפט איהר זיך מטריח זיין? ר׳ מלך נתן ווייס מסתמא אַליין.

איזי: ער ווייסט אַליין? דאָס איז שלעכט. אַלע דאַרפען וויסען! ער איז מיט מעלקינ׳ען געגאַנגען איבער אַלע האָטעלען און קאַטערזשעס און האָבען געזאַמעלט געלד פון אייערטוועגען.. יעדען מאָל ביים שפּיעלען פּויקער האָט מיסטער טאָרבע געהאַלטען די „פּינקע" פאַר אייך און האָט גענומען דאָס געלד זיך אין קעשענע. וואו איז דאָס געלד? וויפיעל געלד? פאַרוואָס איז ניטאָ קיין חשבון? פאַרוואָס האַלט מען דאָס געלד, ווען אַ מענש פאַלט אויפ׳ן פּנים? ר׳ איד, פערגעסט ניט, עס איז דאָ אַ קאָורט און עס זיינען דאָ צייטונגען! מיינט ניט, עס וועט אייך שטענדיג געלינגען צו בעהאַלטען זיך אונטער אַ פּרוכת. (הוסט). גאָט פערדאַמטע היפּאָקריטען און קעשענע־שניידער! (בייז אב).

חיים משה: אָי, די קבצנים, די קבצנים, ניט געדאַכט זאָלען זיי ווערען! איך קען שוין פון זיי ניט אויסהאַלטען.

טאָרבע (אין אַ פערלעגענהייט): דאָס געלד, ווער, חלילה? מעלקין וועט קומען, וועלען מיר זעהן געפינען אַ חשבון... מען וועט דאַרפען רופען

א מיטינג פון קאָמיטעט... ווי קויפט מען אזא שלים־מזלניק א פערד? ער וועט נאָך גע׳הרג׳עט ווערען און מיר וועלען האָבען טראָבעל.

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאָר אזוי, ר׳ מלך נתן, ניט יערען מאָל, חלילה, טרעפט זיך אזא סיבה, און ניט איך בין דער מענש, וואָס איך וועל מאַכען טראָבעל, אז איך וועל דער׳הרג׳עט ווערען.

טאָרבע (בייז): אַן אַנטיסעמיט, אַ צורר היהודים! הערסט? אַליין גלויבען זיי אין קיין מצוות ניט, אין קיין גאָט און קיין געזעץ, און נאָר וואָס, לויפען זיי אין קאָורט און שרייען: פּאָליצײַ! גנה טהו א אידען א טובה! בוי איהם אַ שוהל, בוי איהם אַ האָספּיטאַל, מאַך איהם דוקא א געשניצטען ארון קודש! (געהט אום און זינגט בייז) מי בחניקה ומי בסקילה. איהר מעגט געהן, אייער געלד וועט זיין גאַנץ.

חיים משה (רוימט): מיסטער טאָרבע איז אָלראַיט, אזא יאָהר אויף מיר.

קלמן יצחק: בלי ספק. נאָר איהר פערשטעהט, פאַר זיך אַרט מיך ניט, אבער דאָרט... ר׳ מלך נתן. (וויל עפּעס זאָגען, גיט א מאַך מיט דער האַנד). אָי, וועה איז מיר! (אב, אנגעשפּאַרט אויפ׳ן שטעקען).

חיים משה: מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזען, אז מען האַלט אויס פון די קבצנים. (אַ גערויש). שאַ, וואָס איז דאָס, וועה איז מיר, זיי זיינען געקומען אויף אַ געדונגענעם קערידזש מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין! (לויפט צו דער טהיר פון דער פּיאַזאַ, ענטקעגען קומט מעלקין).

מעלקין (ער איז גוט אויפגעלעגט, דאָס דיענסט־מיידעל לויפט אַרויס און טראָגט אין די אינערע צימערען שאַכטלען) אָה, העללאָ מיסטער טאָרבע! (דער טאַטע העלפט איהם אויסטהאָן דעם מאַנטעל). איך דאַרף אייך טאַקע זעהר נויטיג האָבען. וואָס איז דאָ אזאַ חושך? האָסט קייז שכל ניט געהאַט צו פערשטעהן, אַז מיסטער טאָרבע איז דאָ, דאַרף מען אָנצינדען די עלעקטריק? (דריקט אַ קנאָפּ, אַלע שענדעליערס ווערען בעלייכטעט). וואַרום האָט מען נאָך אונז ניט געשיקט די פערד? אַ פולער הויף מיט אומזיסטע פּרעסער. טאָרבע, גאָט אַליין האָט אייך איצט געבראַכט אַהער. (זיפצט). סעי, אַלטער, איך האָב בעמערקט, דער קראַנקער באָרדער איז נאָך אַלץ ביי דיר. מיסטער טאָרבע האָט געזאָגט, איך האָב דיר טויזענד מאָל אָנגעזאָגט...

חיים משה: נו, יא, סאָסיע! אמרו לאלקים, רעד צו דער וואַנד. זי איז פערליעבט אין איהר באָרדער.

מעלקין: שש... העד אויף טענה׳ן, שיק מיר אהער דעם בעל־דבר

אליין, וועל איך מיט איהם מאכען קורץ. (חיים משה געהט, ענטקעגען קומען די פרויען, עוועלין מיט א שאכטעל, פנינה מיט דער מוטער, פנינה טראָגט איהר פיעדעלע, זי איז בלאַס, שעהנער געקליידעט, ווי פריהער).

פנינה (געהט ראַש צום פענסטער, לעבהאַפט): אָה, די בערג, די בערג! יעדעס מאָל זעהען זיי אויס אַנדערש.

טאָרבע: העלאָ, ליידיס, איהר זעהט עפּעס אויס אזוי לאַ עליכם׳דיג, אויסער עוועלין. זי ווערט מיט יעדען טאָג דיקער און געשמאקער, סאָ העלפּ מי גאַד. (זינגט). מי במגפה.

פנינה (שטעלט אוועק איהר פיעדעלע): אָה, די מגפה, די מגפה! (זי גריסט זיך מיט׳ן זיידען).

עוועלין (ביים שפּיעגעל): אָה, מר. טאָרבע, האָבען מיר געהאַט א גוד טאַים, די מאַמאַ איז געווען ד אָ ר ט מיט פנינה׳ן, יו נאָו! (ווינקט און ציייגט אויפ׳ן קאָפּ). און איך מיט׳ן פּאַפּאַ האָבען דערוויייל פערבראַכט אין סאַראַטאָגאַ. יעדער טאָג אויטאָמאָבילס, קערידזשעס, רייסעס, פּאַרטיס, קאָנצערטען. פיין! און וואָס הערט זיך דאָ נייעס?

טאָרבע: מיר נעהמען זיך צו די בערג, קאַלאַמאַיקע געהט מיט מיר בויען דאָ אכטציג קאָטעדזשעס, צוויי האָטעלען און נאָך א סינאַגאָגע, סאָ העלפּ מי גאַד!

פנינה (קוקט אין פענסטער): אָה! גרויסע מאַיעסטעטישע בערג! מיר טהוט וועה דאָס האַרץ פאַר איך. (עס הערט זיך דאָס פייפען און די גלאָק פון אַן אייזענבאַהן־צוג. אלע הערען זיך צו איין אויגענבליק).

טאָרבע: אבער שאַט, עס איז דאָ נאָך א בעסערע נייעס, איהר קענט מיך גראַטולירען. איך האָב געצעטעלט מיט מיין אלטע צרה, א באַרגיין! אויסגעדונגען פאַר פיערציג טויזענד און זי נעהמט נאָך די קלענערע קינדער, און נעהמט אויף זיך דעם חטא. מיינע לאָיערס האָבען שוין די ריכטיגע עדות, אַ גוטען „קאָרנערספּאָנדענט“ און די פייפערס זיינען שוין אין קאָורט, סאָ העלפּ מי גאָד, עס וועט געהן ביי אונז האָריאָפּ, אשר בהבֿרו מערים ערבים.

פנינה (קוקט זיך צו, וואָס פאַר א ווירקונג זיינע רייד מאַכען אויף אַנדערע): א „קאָרנערספּאָנדענט“! האַ!

עוועלין: אזוי? הייסט עס אויפ׳ן מאַרקעט א נייער חתן... באַי דזשאָ, אַ מאַן, וואָס איז ווערטה א האַלבען מיליאָן, איז זעהר א סימפּאַטישע זאַך. מיסטער טאָרבע, א סך מיידלעך וועלען איצט נאָך אייך נאָכלויפען. סאָ העלפּ מי גאַד. כאַ־כאַ־כאַ! (טאָרבע לאַכט זעהר צופריעדען).

פנינה (שטיל): ער קוועלט דער מירלאָ, און זיין פערלאָזענע פרוי,

קען זיין, בעווינט יעצט איהר פערלאָרענע יוגענד, איהר פערלאָרענעס לעבען. (לויט) זיידע, וואָס מאַכען אַלע ביי אייך? וואָס מאַכט... ע... די באָבע?

חיים משה: זי פּאָטיעט, ניין—ניין, וואָס דען?

מאַדאַם (מיט ליעבע): פנינה, דו ביסט געווים מיעד, קום בעסער אין דיין צימער, ועסטו זיך אָברוהען.

פנינה (ניט פריינדליך צו דער מוטער): נאָר איינס הערט מען דאָ: מתים, געהט צו אייער רוה! זיידע, וואָס מאַכט...

חיים משה: וואָס מאַכט איזי? ניין—ניין, וואָס דען? איך וועל ניט אויסגעפינען? איך בין אַן אַלטער היהנער־פרעסער.

פנינה (זעהר פערשעהמט): ניין, ניין! איך וויל פרעגען וועגען ר׳ קלמן יצחק.

מעלקין (וועלכער האָט דערווייל ביי אַ טישעל איבערגעקוקט אַ סך בריעף, וועלכע ער האָט ארויסגענומען פון זיין בוזעם־קעשענע): אָט איז דאָ פאַר דעם אידעל אַ בריעף, פאַר דעם „עט!“ (ווארפט אַ בריעף צו פנינה׳ן).

פנינה: זאָגט ר׳ קלמן איציק׳ען, ער זאָל אַליין קומען נעהמען דעם בריעף, איך וויל איהם זעהן. אָי! (זי בעטראַכט דעם בריעף).

מאַדאַם: פנינה, פאָלג מיך, קום אין דיין צימער, דו זעהסט אויס זעהר מיעד.

פנינה (מעלאַנכאָליש): יאַ, איך בין מיעד, ווען מען איז מיעד פון דעם, וואָס מען טהוט עטוואָס, רוהט מען זיך אָב און די מיעדיגקייט געהט אַוועק; פון מיין מיעדיגקייט אבער קען מען זיך ניט אויסרוהען. (קוקט אויף די בערג).

חיים משה: ער האָט אַ בריעף? דאָס איז אַ מצוה, אַזאַ יאָהר אויף מיר. ער חזר׳ט אַ גאַנצען טאָג: רעזשיצע, עט! רעזשיצע בלי ספק; רעזשיצע, עס רעדט זיך נאָר אַזוי.

מעלקין (פערדרויכערט אַ ציגאַר און גיט טאָרבע׳ן איינע): ביסט אַ חכם, האַ? לאַכסט פון איהם? און אַז דו זאָגסט יעדע מינוט: ניין—ניין, וואָס דען? און: אַזאַ יאָהר אויף מיר. (טאָרבע און עוועלין לאַכען).

פנינה (רוהיג): און אַז איהר זאָגט: ניט אַזוי, ווי? יעדער זעהט נאָר דעם צווייטענס חסרונות. (אַלע קוקען זי אָן ערשטוינט. מעלקין צייגט אויפ׳ן קאָפּ מיט בעדויערן).

עוועלין: איך געה זיך איבערטהאָן. מיסטער טאָרבע, איהר זאָלט ווארטען אויף מיר. איך וועל אייך דערצעהלען, ווי פיעל מעשעס איך האָב געהאַט, און וועלכע פיקאַנטע זאַכען איך האָב ערפאַהרען אין סאַראַטאָגאַ.

(פייפט דעם מאָטיוו פון „וועיטינג עט דהי טשווירטש". אב).

טאָרבע (בעגלייט זי מיט א ציגישען בליק און זינגט:) מי בחניקה ומי בסקילה.

מעלקין (צום פאטער): נו, וואָס דארפסטו דאָ?

חיים משה: וואָס קען איך דארפען צווישען אזעלכע צוויי גדולים? איך נעהם שוין דעם וועג. גיין—גיין, וואָס דען? (געהענדיג) צוויי קעפ, פס!... (אב דורך דער פיאזא).

טאָרבע (בעטראַכט איהם): מעלקין, ביי איך איז שוין עטוואָס ווידער תעקר ותשבר ותמגר, האַ?

מעלקין: טאָרבע, איך וויים, איהר זייט מיר א גוטער פריינד, ניט אזוי, ווי?

טאָרבע (שטיל): אָי, איך האָב מורא, זאוועורוכע האָט זיך שוין ווידער פערדרעהט און ער דארף געלד. (לויט) אלזאָ, ווי האלט עס מיט דער רוסישער טאָכטער?

מעלקין: ניט דאָס ליעגט מיר איצט אין זינען... זי איז מעהר אָדער וועניגער אָלראַיט. מען הערט שוין ניט אָרגאַניזאציע, קאָנפעדעראַציע, ע... איך דארף מיט אייך רעדען, ווי מיט אַן אמת'ען פריינד.

טאָרבע (שטיל): ער דארף געלד, דער גנב. (לויט) הייסט עס געוועזן ביים פּראָפעסאָר, האַ?

מעלקין: ערשטע קלאסע פּראָפעסאָר, סערע איז געוועזן דאָרט מיט איהר, עס האָט געקאָסט א שעהנע פּאָר הונדערטער. איך האָב דאָס אזוי אָבגעארבייט, אז די גרינגע האָט ניט פערשטאַנען. זי איז געוועזן אזוי ווי צו־גאַסט ביי א גרויסען דאָקטאָר. מיך דארף מען ניט לערנען ווי אויסצו־ארבייטען א סקים. ניט אזוי, ווי? אָבער דאָס איז ניט וויכטיג איצט. מיסטער טאָרבע, איך בעט אייך, הערט מיך אוים.

טאָרבע (זינגט): מי ישקט ומי יטרף. וואָס־זשע האָט דער פּראָ־פעסאָר אויסגעפונען?

מעלקין: זי האָט ניט געוואוסט און ער האָט שטילערהייט שטודירט איהר קראַנקהייט... ער זאָגט, זי איז נאָר א ביסעל מעלאַנכאָליש. עס קען זיין, עס קומט פון היים־וועהען. איך האָב שוין געפּלאַנעוועט צו שיקען זי אויף א קורצער צייט מיט דער מוטער צוריק קיין יוראָפּ, האָט זי אליין בעסער געוואָלט צוריק אהער אין די בערג. אבער, מיסטער טאָרבע, הערט מיך אוים, מיר דראָהט איצט א גרויס אונגליק.

טאָרבע: זי האָט ניט געוואָלט קיין רוסלאַנד צוריק? א חידוש! (זינגט) ומי ישקט.

מעלקין: טאַרבע, זייט מיר אַ פריינד, העלפט מיר, איך בין קאַפּוט! איך געה צו גרונד.

טאַרבע (זינגט): ומי יטרף. וואָס איז? ווידער טראָבעל אין די ביזנעס?

מעלקין: איהר ווייסט דאָך די גרויסע טענעמענט־הייזער, וואָס איך האָב געקויפט. מיר שטעהט צו פערדיענען פופציג ביז זעכציג טויזענד דאָלאַר. אין דריי טעג אַרום דאַרף איך אַריינטראָגען פיערציג טויזענד. איהר פערשטעהט, ווען איך וועל האָבען דעם „דיר" וועל איך העכערען דעם רענט, וועל איך קענען הויבען דעם צווייטען מאָרטגיידזש, און וועל זיך אויסדרעהען ביז דער ריכטיגער קונה וועט אָנלויפען. ניט אַזוי, ווי?

טאַרבע: געוויס. וואָס־זשע האָט איהר מורא? איהר וועט געוויס מאַכען געלד ביי די הייזער.

מעלקין: איך האָב ניט די פיערציג־טויזענד און אין באַנק גיט מען מיר ניט איצט... בערעכענט, איך פערליער די פופצעהן טויזענד, וואָס איך האָב שוין איינגעצאָהלט, איך פערליער די זיכערע געלעגענהייט צו מאַכען זעכציג טויזענד, איך פערליער מיין נאָמען, מיין קרעדיט, איך בין באַנקראָט, אַלעס געהט צום טייוועל. גיט מיר פיערציג טויזענד אויף אַ קורצע צייט, קויפט ביי מיר די ווילאַ דאָ, נעהמט אויף אַלעס אַ מאָרטגיידזש, נעהמט צעהן — נעהמט פופצעהן פּראָצענט.

טאַרבע: נעהמען אַ גוטען פּראָצענט, אָך, בכבלי ברזל, אבער וואו וועט בלייבען דער קרן? די ווילאַ דאַרף איך ניט, אַ מאָרטגיידזש אויף דעם אַלעמען קען מען געבען אַכט—ניין טויזענד. איך בין אייך טאַקע אַ גוטער פריינד, אבער ביזנעס איז ביזנעס, און אַ חוץ דעם, וואָס האָט איהר זיך געכאַפּט אזוי שפּעט? איך וואָלט אפשר געזעהן עפּעס מכח אייערע הייזער, איך האָב אָבער פיינט כאַפּעניש, אז מען כאַפּט, בריהט מען זיך אָב. (זינגט) מי בסקילה!

מעלקין: שש... די ווארהייט געזאָגט, איך האָב כמעט געהאַט די גאַנצע סומע. (זיפצט שווער. פנינה עפענט די טהיר). טאַרבע, מיט מיר האָט זיך געטראָפען אַ גרויס אונגליק. (פנינה בלייבט, ווי פּאַראַליזירט). איך האָב אין סאַראַטאָגאַ פערשפּיעלט אין רייסעס אַ פאָרטשון. מען האָט מיך בעשווינדעלט, מיין גאַנצעס פערמעגען. (זעהר אויפגערעגט).

פנינה (הוסט): ענטשולדיגט, איך וויל אייך ניט שטערען. (געהט צו דער פּיאַזאַ).

מעלקין (בייז): וואָס איז? וואוהין געהסטו?

טאָרבע: מסתמא אהין אין קבצנ'ישען קוואַרטאַל. (ווינקט ציניש און זינגט) מי ינוח ומי ינוע.

מעלקין: נאָ סער! זי האַלט שוין איצט ניט פון די קבצנים, ווי אַמאָל, אויס אָרגאַניזאַציע, אויס קאָנפעדעראַציע. ניט אַזוי, ווי?

פנינה (טרויעריג): איך געה ערגעץ ניט, איך וויל זיצען דאָ אויף דער פּיאַזאַ, איך האָב געבענקט נאָך די בערג און וויל זיך זאַט אָנקוקען אויף זיי... (קוקט אויף איהר פיעדעלע). מיין אייניציגער פריינד, מיין פיעדעלע בלייבט דאָ מיט זיי. מיר טהוט וועה דאָס הארץ, ווען עס בלייבט אַליין אין דער פרעמד. (געהענדיג אויף דער פּיאַזאַ). איין פיעדעלע צווישען צוויי אַזעלכע באַראַבאַנען! (אב).

מעלקין (אַ קורצע פּויזע. זיי רעדען איצט פון אָנפאַנג שטילער ווי פריהער. מעלקין ווערט פרעהליך): איהר ווייסט דאָך, אויב איך שפּיעל, האָב איך ליעב צו שפּיעלען ערשטע קלאַסע.

טאָרבע: יא, איך ווייס. (זינגט) מי בקיצו ומי לא בקיצו. מען זאָגט, גלויב בעסער אַ גנב און גלויב ניט דעם, וואָס שפּיעלט. די הויפּטזאַך, איך בין איצט ליידער ניט ביי קיין געלד.

מעלקין: געבראָכען, האַ? נישקשה. אייערער אַ נאָוט איז בעסער פון מזומן, ניט אַזוי, ווי?

טאָרבע: איך גיב ניט קיין נאָוטס. מיין טאַטע זאָל אויפשטעהן פון קבר און נאָך אַמאָל שטאַרבען ביי מיינע פיס, וואָלט ער ביי מיר ניט געקראָגען קיין נאָוט.

מעלקין: מיסטער טאָרבע, איהר ווייסט עס איז ניט צום ערשטען מאָל, איך וועל זיך אויסדרעהען, איך האָב זיך פון גרעסערע צרות אויס־געדרעהט, אויף אַ קורצע צייט... איהר ווייסט דאָך, איך בין אַן עהרליכער מאַן. ניט אַזוי, ווי?

טאָרבע: יא, איהר זייט אַן עהרליכער מאַן, אבער איך בין אויך קיין נאַר ניט. זוכט בעסער אַן אנדער עצה.

מעלקין (פערצווייפעלט): איך האָב ניט קיין אַנדער עצה. (פנינה ערשיינט ביים פענסטער דערשראָקען). ר' מלך נתן, איך שווער אייך ביי גאָט, איך וועל מוזען בעגעהן זעלבסטמאָרד.

טאָרבע: פע! אַ איד דאַרף ניט טהאָן אַזאַ זאַך. (פנינה פער־שווינדט).

מעלקין: נו, דערלאָזט־שע ניט אַ אידען צו טהאָן אַזאַ זאַך, העלפט מיר, איהר קענט אייך בעוואָרענען, ווי איהר אַליין ווילט. איך שווער אייך, איך וועל מוזען זיך אַ מעשה אָנטהאָן.

טאַרבע: עס איז אודאי אַ וועהטאָג, ווען אַ איד דאַרף עס טהאָן, אבער יענעם אונטערלעגען אַ האַנד אונטער'ן קאָפּ קען מען ניט. איך זאָל דאַרפען געבען געלד יעדען, וואָס וויל בעגעהן זעלבסטמאָרד, וואָלט איך זיך אַליין געדאַרפט אויפהענגען. מאַכט אייך ניט צום נאַרען, ניט ביי מיר קריעגט מען געלד, און ניט מיך קען מען איבערשרעקען מיט אזא נאַרישקייט.

מעלקין: איך ווייס, ביי אייך איז דעם אַנדערענ'ס לעבען אַ נאַרישקייט! איהר האָט אייער אייגענעם שוואָגער געבראַכט דערצו, ער זאָל זיך הענגען, איהר לעבט, ווי אַ חזיר, און ציטערט איבער יעדען סענט!

טאַרבע: שאַ, מה תשתוחחי ומה תהמי? וואָס שטורכעט איהר זיך און וואָס שרייט איהר? איך בין אייך עפּעס שולדיג? איך בין אַ סאָלידער עהרליכער ביזנעס־מאַן, אז איך בין שולדיג — צאָהל איך; אז מען איז שולדיג — מאָהן איך, און געלד אין דער בלאָטע וואַרף איך ניט. איך געפעל אייך ניט? איז לא פידלתי. (פנינה ערשיינט ווידער ביים פענסטער).

מעלקין: נו, יא, אַ צדיק, און קריכט צו פרעמדע ווייבער!... איך ווייס אַלעס!

טאַרבע: אַזוי! נעהם איך טאַקע באַלד און גיב אייך געלד!

מעלקין: דו וועסט בעסער אויפהענגען צעהן אידען און קויפען אַן ארון קודש. מען קען דיך!

טאַרבע: יא, מען קען מיך, איך בין ניט דער שווינדלער, שמואליק זאַווערוכע.

מעלקין: ניין, דו ביסט אַ בלאָטיגער, שמוציגער איד!

טאַרבע: יא, איך בין אַ איד, אַן אמת'ער איד; דו אָבער, ביסט אַ גוי, אַ טריפ'ניאַק!

מעלקין: דו גנב, בלוטזויגער! טפוי! (גיט איהם אַ שפּיי אין פּנים. פּנינה פערשווינדט מיט אַ פערשטיקטען געלעכטער).

טאַרבע (ווישט דאָס פּנים): הערסט אַן איינפאַל פון אַ גראָבען יונג!

מעלקין: דו ביסט ניט ווערטה מיין עלעקטריק זאָל דיך בעלייכטען. (דרעהט אויס די עלעקטריק, עס ווערט פינסטער, לויפט ארויס אין גאָרטען).

טאַרבע: נו, ווי געפעלט אייך שמואל'יק זאַווערוכע? וואו איז מיין הוט מיט מיין אָמברעלאַ? (טאַפּט און קען ניט געפינען). סעי, מעלקין, לאָזט זיך רעדען. וואָס זייט איהר משוגע? מעלקין! (לויפט איהם נאָך).

עזוועלין (קומט אויסגעפּוצט): מיסטער טאָרבע, מיסטער טאָרבע! וואָס איז דאָ פינסטער? קומט אַהער צו מיר... ער אַנטלויפט גאָר... ניין, מען דאַרף איהם איצט ניט לאָזען אַנטלויפען. (זינגט „וועיטינג עט דהי טשוירטש". אב. קליינע פּויזע).

**פנינה** (קומט לאנגזאם) : דונקעל דאָ און שטיל, דאָס איז גוט. הם... אונווילענדיג האָב איך בייגעוואָהנט א שעהנע סצענע. קיין נייעס האָב איך גאָר ניט ערפאהרען, דאָס אַלעס איז מיר גוט בעקאנט, און דאָך יעדעס מאָל, גיט עס מיר א נייעם קלאפּ איבער'ן הארצען. — און אונזער פריילין ? זי יאָגט זיך מיט חשק נאָך דער סימפּאטישער זאַך, וואָס איז ווערטה א האלבען מיליאָן. מלך נתן טאָרבע א סימפּאטישע זאַך ! יערע שטונדע, יעדען טאָג, דאָס גאנצע לעבען נאָר איין זאַך : ריעל־עסטייט, קאָרטען, רייסעס, דזשולערי, דאָלארס ! דאָלארס ! מען קען משוגע ווערען ! מען קען משוגע ווערען ! (געהט צום פענסטער, קוקט אויף די בערג). קיין זאַך בערוהיגט ניט אזוי, ווי דיעזע שטילע דונקעלע מאַסע, די וואָלקענס ליעגען ניעדריג אויף די בערג, און דער ווינד טרייבט זיי, זיי וואנדערען, ווי דער איד אין גלות... ווי זאָגט לערמאָנטאָוו : „איהר וואָלקענדלעך אייביגע, הימלישע וואנדערער". א וואונדערבארע זאַך, ווען די זון שיינט, זיינען די בערג א סך העכער. ליכט מאַכט הויך, פינסטערנים מאַכט ניעדריג. צעהן טעג בין איך דאָ ניט געווען, און די גאנצע צייט זיינען די בערג געשטאנען פאַר מיינע אויגען. און עס האָט מיך געצויגען אהער צוריק. (קוקט זיך אום). איך ווייס ניט, וואָס טהוט זיך יעצט מיט מיר ? צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען זיינען מיר געקומען אזעלכע פרעמדע, אזעלכע אונבעקאנטע געפיהלען. טאָרבע האָט געטראָפען : עס האָט מיך געצויגען צו לויפען אהין אין קבצנ'ישען קוואַרטאל, און איך האָב עס ניט געוואגט צו טהאָן. (פערשעהמט). ווייס ער שוין, אז איך בין ווידער דאָ ? אָי, איך האָב מורא צו דערמאָהנען זיין נאָמען, און אז איך גיב א טראַכט פון איהם ווערט מיין הארץ פערשטאָרבען, עס ווילט זיך וויינען און עס ווילט זיך זינגען. איך זאָל האָבען א פריינדין דאָ, אָדער ווען מיין מוטער וואָלט געוועזן א פרוי מיט א ריינער זעעלע, וואָלט איך איהר דערצעהלט, אַלעס דערצעהלט און געפרעגט, וואָס איז דאָס ? ביינאַכט, גאנצע נעכט... (פערשעהמט) ניין ! זי וועט עס ניט פערשטעהן. (ליידענשאפטליך). אָה, מיין פיעדעלע ! איצט, ווען מיר זיינען דאָ אַליין אין דער פינסטער, וועל איך זיך ניט שעהמען צו דערצעהלען דיר, וואָס איך פיהל, דו מעגסט עס וויסען, דו יא. (געהט אום און פאנטאזירט, אמאָל ליידענשאפטליך, אמאָל טרויעריג).

**קלמן יצחק** (עפענט די טהיר פון דער פיאזא) : דאָס ביסטו, פנינה ? (זי הערט ניט). פנינה !

**פנינה** (רייסט איבער, דערשראָקען) : הא ? דאָס זייט איהר, ר' קלמן יצחק ?

קלמן יצחק: דו שפּיעלסט אין דער פינסטער? דאַנקען גאָט, אַבי דו שפּיעלסט.

פנינה: טהייערער ר׳ קלמן יצחק, איך שפּיעל ניט, איך הער נאָר ווי מיין פּיעדעלע וויינט אין דער פינסטער.

קלמן יצחק: וואָס מאַכסטו עפּעס? איך האָב געהערט, איך האָב אַ בריעף, אָי, דאַנקען גאָט!

פנינה: וואָס איך מאַך? פון מיר פרעגט בעסער ניט, פערפּאַלען די קוה מיט׳ן שטריק.

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאָר אַזוי. פאַרוואָס איז דאָ פינסטער? איך וויל זעהן דיין פּנים.

פנינה: אַז איהר וועט דערזעהן מיין פּנים, וועט איך נאָך פינסטערער ווערען. אַז איך בין געוועזן אַ קינד, האָב איך מורא געהאַט פאַר דער פינסטערנים, איצט האָב איך מורא, ווען מען זעהט אַלעס.

קלמן יצחק: אָהן קאַטאָוועס, פנינה, מאַך אויף די עלעקטריקע, איך וויל זעהן דיין פּנים, און איך בעט דיך גיב מיר דעם בריעף.

פנינה (נעהמט זיין בריעף פון טאַש): אָט איז אייער בריעף. איהר מיינט, איך וויים ווי מען מאַכט אויף די עלעקטריקע? זאָל איך אַזוי וויסען פון ווייבערשע צרות. (טאַפּט) אָט דאָ ערגעץ, ווי דער זאָגט, דאַרף מען אַ קוועטש טהאָן אַ דזשימדזשיק. (טאַפּט).

קלמן יצחק (וועגט דעם בריעף אין האַנד): אָי, וועה איז מיר. (קעהרט זיך אַב און קושט דעם בריעף).

פנינה (טאַפּט): נו, שוין אַמאָל יהי אור... אין רעזשיצע וואַקסען מיר אָהן דזשימדזשיקעס... דער דזשימדזשיק פאָלגט מיך ניט. אהא! ויהי אור! (עס ווערט ליכטיג). ידידי ר׳ קלמן, איצט זיצט.

קלמן יצחק: דאַנקען גאָט, דו מאַכסט שפּאַס און רעדסט לשון קודש. (קוקט אויפ׳ן בריעף). איך וועל עס שפּעטער אין דער היים לייענען. (בעהאַלט דעם בריעף אין קעשענע). אָי, פנינה, דו זעהסט אויס שלעכט!

פנינה: און איהר זעהט אויס גוט? ר׳ קלמן איצע, רעזשיצע איז אין אַמעריקא אויף צרות.

קלמן יצחק: עט! מיר וועלען נאָך אַמאָל אויך פלאַקערען אַ וועלט... פנינה, בלי ספק דו האָסט עפּעס ידיעות פון רוסלאַנד, האַ?

פנינה (טרויעריג): רוסלאַנד? ר׳ קלמן יצחק, רוסלאַנד האָט זיך פּלוצלינג ווייט, ווייט אָבגערוקט פון מיר, עס קלינגט מיר פרעמד, דאָרט הערשט יעצט ווידער די פינסטערע מאַכט, אונשולדיג בלוט ווערט פערגאָסען אין די גאַסען, מען לויפט יעצט פון דאָרט, ווי פון אַ פערפּעסטעטע גרוב.

קלמן יצחק (נעהמט ארויס דעם בריעף): דער אדרעס איז עפּעס געשריעבען ניט, ווי מיט מיין פּרומקעס האַנד. אָי, וועה איז מיר! (בעהאַלט דעם בריעף צוריק).

פנינה: דאָרטען איז אונגליק און טרויער, דאָרט לײדט מען און מען וויינט, און איך בין דאָ, וואו מען פרעסט, און מען לאַכט און מען זינגט אין געמיינהייטען, אבער איך וועל שוין דאָרט ניט זיין, איך קען ניט... איך וויים ניט, ווי דאָס איז געוואָרען, מיך ציהט יעצט ניט אַהין... זיי האָבען אַזוי פערשפּאָט און פערשמוצט דאָס, וואָס מיר איז געווען היילִיג, אַז איך שעהם זיך דאָס אין זייער געגענוואַרט אָנצורופען מיט׳ן נאָמען... און דאָך וויל איך בעסער בלייבען דאָ. איך טויג איצט אויף כפּרות. יאַ, יאַ! אַמאָל האָב איך געטראַכט פון גוטע זאַכען. איצט קריכט מיר אין קאָפּ דער רוח ווייסט וואָס. (פערשעהמט זיך). אבער, ר׳ קלמן יצחק, איך דערצעהל אייך פון אַלץ, און איהר דערצעהלט מיר פון קיינעם ניט.

קלמן יצחק: עט! קינד, פון וועמען זאָל איך דיר דערצעהלען? (נעהמט אַרויס דעם בריעף און בעטראַכט איהם).

פנינה: איך מיין, וואָס מאַכט מען דאָרט, ביי דער באָבען?

קלמן יצחק: ווי זאָגט מען: „אין כל חדש תחת השמש“. ביי דער באָבע איז אַלץ ווי געווען.

פנינה: רעדט מען עפּעס אַמאָל פון מיר דאָרט ביי אייך? (ער קוקט אויפ׳ן בריעף און שווייגט). האָט מען אויף מיר ניט פערגעסען?

קלמן יצחק (עפענט דעם בריעף): פאַרוואָס זאָל מען עפּעס אויף דיר פערגעסען? (קוקט אַריין אין בריעף). אָי, וועה איז מיר, עס איז געשריעבען ניט מיט מיין פרומקע׳ס האַנד, דאָס שרייבט גאָר מיין שוואָגער חיים בעל־הבל׳יק. דאָס איז עפּעס ניט אומזיסט.

פנינה: קיינער האָט אייך גאָר ניט געזאָגט וועגען מיר?

קלמן יצחק: גאָט איז מיט דיר, ווער וועט, חלילה, וואָס זאָגען וועגען דיר? (בעטראַכט זי פערוואונדערט). דו דערצעהל מיר בעסער, וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

פנינה: דער פּראָפעסאָר? זעהר אַ גוטער מענש... אַזוי ווי אַ רוסישער דאָקטאָר. ער איז דעם פּאַפּאַ׳ס אַ גוטער בעקאַנטער און מיר זיינען ביי איהם געווען טהייערע געסט. אַזוי ווי אין אַ רוסישע אימעניע — אַ פּולע הויז מיט געסט. איהר פערשטעהט, קיין רוסלאַנד האָב איך שוין זאָ־ווי־זאָ ניט געוואָלט פאָהרען. זיי זאָגען איך בין קראַנק? האָט מיך ניט געאַרט און איך בין געפאָהרען צו זייער פריינד דעם דאָקטאָר. ווייס איך! זיי

האָט זיך נאָר אויסגעוויזען — דער דאָקטאָר זאָגט, מיין האַרץ און מיינע לונגען זיינען געזונד.

קלמן יצחק: עט! נגידים האָבען ניט וואוהין דאָס געלד אַרויסצוּוואַרפען. אָי, וועה איז מיר, מען דאַרף זיין משוגע צו נעהמען אַ קינד און פיהרען אין אַ הויז פון משוגעים.

פנינה (דערשראָקען): האַ? וואו, זאָגט איהר, בין איך געוועןְ? אָי, זעהט נאָר!...

קלמן יצחק: וואָס איז דאָרט אַזוינס? משוגעים זיינען משוגעים, און אַ קלאָרער מענש איז אַ קלאָרער מענש. (נעהמט דעם בריעף). איך וועל בעסער געהן אַהיים זעהן, וואָס מען שרייבט.

פנינה: ניין, געהט ניט אַוועק איצט! לייענט דאָ, וועל איך אויך וויסען, וואָס מען שרייבט פון דאָרט, וואו איך האָב אַמאָל געלעבט און געפיהלט, ווי אַ קלאָרער מענש.

קלמן יצחק: זאָל מיך דער אַלטער פאָטער דאָרט ניט שטראָפען. צעהן משיח'ן זאָלען קומען, וואָלט עס ביי מיר געוועזען ווערטה אַ שמעק טאַבאַק געגען דעם איין בריעף. (לעזט פריהער שטיל און רוהיג, נאָכדעם דערשראָקען, נאָכדעם זיפצט ער און וויערערהאָלט) אָי, וועה איז מיר, אָי, וועה איז מיר!

פנינה (שטיל ביים פענסטער): איצט ערקלערט זיך מיר אַלעס. איך האָב געזעהן, אַז די געסט דאָרט זיינען עפּעס ניט, ווי אַלע מענשען, נאָר איך האָב געדענקט: ווער ווייסט, אפשר זיינען אַלע אַמעריקאַנער אַזוי? איך בין פּשוט געוועזען צווישען גייסטיג-קראַנקע מענשען. איצט דערמאָהן איך זיך... זיי דאָ האָבען שטענדיג געצייגט אויף מיין קאָפּ. זיי האָבען מיך פון דער ערשטער מינוט געהאַלטען פאַר אַ מענש, וואָס איז ניט ביים זינען. ווי האָט זיי דאָס געקענט איינפאַלען? דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט: מיין האַרץ און מיינע לונגען זיינען געזונד. און מיין קאָפּ? הם! וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען געזונדע לונגען מיט אַ געזונד האַרץ, ווען דער קאָפּ איז קראַנק? (גלעט זיך דעם קאָפּ). וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? (פערברעכט די הענד און געהט אום). אָי, דאָס פערוואונדעט מיר דאָס האַרץ...

קלמן יצחק (ברעכט פּלוצלינג אויס מיט אַ שרעקליכען געיאָמער): רבונו דעלמא כולה, פאַר וואָס? פאַר וואָס קומט עס מיר? (וויינט).

פנינה (דערשראָקען): אום גאָטעס ווילען, וואָס איז געשעהן?

קלמן יצחק: אָה, פנינה, זעה מיין אונגליק. אָי, וועה איז מיר! וועה איז מיר! (ער גיט איהם דעם בריעף).

פנינה (לעזט שנעל, זעהר אויפגערעגט, איהרע הענד ציטערען): „ידידי

החכם השוואָגער כמהורר קלמן יצחק, נרו יאר! בעזרת אלקים וועלען מיר נאָך אפשר אמאָל דערלעבען צו הערען גוטע בשורות איינע פון די אַנדערע, דערווייל בעונותינו הרבים איז זעהר שלעכט און דערפאַר האָט דיר אחותי שפרה אזוי לאַנג ניט געשריעבען. זיי וויסען, קלמן איצע, אז דיין טאָכטער פרומקע תחיה זיצט אין תפיסה, מען לאָזט קיינעם צו איהר ניט צו און מען וויים ניט, וואָס פון איהר וועט ווערען, דאָך לכל הפחות זי לעבט און עס איז דאָ א האָפנונג.“ (הערט אויף לעזען). ר׳ קלמן יצחק, זי איז גליקליכער פון מיר.

קלמן יצחק: פנינה, דאָס איז נאָך גאָר ניט. גערעכטער גאָט, פאַר וואָס? פאַר וואָס?

פנינה (לעזט): „אבער, קלמן יצחק, גאָט האָט אונז געשטראָפט מיט א גרעסערען אונגליק, שטאַרק זיך און זיי מקבל באהבה דעם גזר דין פון דעם גרויסען דין אמת. דיין זוהן הבחור צבי הערש האָט געטהיילט אין קאַזאַרמע פּראָקלאַמאַציעס, האָט איהם א סאָלדאַט דערשאָסען אויף טויט און האָט געקראָגען 5 רובעל א נאַגראַדע...“

קלמן יצחק: אָי, וועה איז מיר! מיין הערשעלע, מיין זוהן... מיין קינד, פאַר וואָס, פנינה, פאַר וואָס?

פנינה (וויינט): געפאַלען א יונגער קרבן. א ליעבעס קינד געוועזן. ר׳ קלמן איצע, אייער קינד איז געשטאָרבען, ווי א העלד.

קלמן יצחק: ניין, ניין, איך פרעג: פאַר וואָס? א קינד פון צוועלף יאהר, אַן עופ׳עלע... פאַר וואָס? (וויינט פערצווייפעלט).

פנינה (פאַלט צו זיינע פים): אָה, גוטער מענש, אָרימער מאַן, אונ־גליקליכער פאַטער. איד, אויסגעווייקטער אין צרות!...

קלמן יצחק: פנינה, פאַר וואָס? זאָג מיר פאַר וואָס?

פנינה (וויינט שטאַרק און קושט זיינע הענד): וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיט וואָס זאָל איך אייך טרויסטען? ווי זאָל איך קלענער מאַכען אייערע שמערצען? פריינד, מיט וואָס קען איך גרינגער מאַכען אייערע יסורים? איך קען נאָר וויינען מיט אייך צוזאַמען. (וויינעןביידע). אָה, איד, ווי לאַנג וועסטו פרעגען: פאַר וואָס? פאַר וואָס?

מאַדאַם (זעהר דערשראָקען): וואָס איז דאָ? וואָס האָט פאַסירט?

קלמן יצחק (בעהערשט זיך): הערסט אַ חוצפה, איך האָב דערווייל פערגעסען, וואו איך בין. האָט קיין פעראיבעל ניט, מאַדאַם, דאָס אונגליק איז צו גרויס און עס האָט מיך צוטומעלט. (צו פנינה׳ן). איך געה און וועל כאָטש אַ האַלבע שעה זיצען שבעה נאָך מיין קינד. אַ גוטע נאַכט, מאַדאַם... אָי, וועה איז מיר. (אב).

מאַדאַם: פנינה, וואָס איז?

פנינה: גאָר ניט! אַ גרויסע זאַך! מען האָט ביי דעם קבצן אַ קינד דערשאָסען. אין רוסלאַנד איז גוט, דאָרט טויטעט מען מיט אַ מאָל... דאָ וויל מען פריהער משוגע מאַכען און נאָכדעם טויטען. (גיט אַ מאַך מיט דער האַנד און געהט צו צום פיאַזאַ).

מאַדאַם: וואוהין געהסטו, פנינה, צו זיי? איך וויל ניט... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, דאַרפסט זיך ניט אויפרעגען.

פנינה (בייז): אַזוי? איך דאַרף ניט? עס איז פונקט, ווי מען זאָל גיסען אויף אַ מענשען וואַסער, און זאָגען איהם: דאַרפסט ניט זיין נאַס; ברענען איהם אין פייער און זאָגען: דו דאַרפסט זיך ניט אָבבריהען. איך געה ניט צו זיי! (רוהיג). איך וועל זיצען דאָ אויף דער פיאַזאַ און קוקען אויף די שטילע, רוהיגע, טרויעריגע בערג. (אב).

מאַדאַם: זי ווערט מיט יעדען טאָג מעהר שלעכט צו מיר, און מיט יעדען טאָג ווערט זי מעהר איינגעבאַקען אין מיין האַרצען. אָי, זי פיהלט עס ניט! (קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער). זיצט שטיל און קוקט אויף די בערג. (אַ הויכער געשפּרעך און געלעכטער). (עוועלין, טאָרבע מעלקין, אַלע לאַכען, רעדען מיט אַמאָל. טאָרבע זינגט זיך זעהר אויפגעלעגט „מי יחיה ומי ימות“.)

פנינה (ערשיינט ביים פענסטער).

עוועלין: שאַ! איהר לאָזט מיך רעדען! ביז ער וועט קריעגען דעם דיוואָרס, איז דאָס אַסעקרעט. אבער, דיער מאַמאַ, צווישען אונז איז שוין אַלעס געסעטעלט, הי איז אָלל ראַיט, איך וויים די מאַמאַ גלייכט איהם אויך. לאָמיר זיך צוקושען, מאַמאַ! (צוקושען זיך). איך וועל דאָך ניט געהן חתונה האָבען מיט אַ יונגען שנעק, וועלכער וועט דינגען אַ פלעט ערגעץ אין בראָנקס, און איך וועל אַליין דאַרפען געהן נאָך מילך אין גראָסערי סטאָר. נאָ סער!

מאַדאַם (דערזעהט פנינה׳ן אין פענסטער און בלייבט זיצען, ווי פּאַראַ־ליזירט).

מעלקין: דאָס הייסט פערזאָרגט אַ קינד אויף אייביג. ניט אַזוי, ווי? סערע, ער קויפט ביי מיר די דריי טענעמענט־הייזער אויף עוועלין׳ס נאָמען, אַ שעהנע כלה־מתנה, ניט אַזוי, ווי? (שטיל). ווי גליקליך איך האָב זיך ווידער אויסגעדרעהט!... מיר געהט!

טאָרבע: איהר וועט מיר גלויבען? אַז איך בין געווען פערהאָרעוועט און אָרים, האָב איך מורא געהאַט פאַר פרויען, זינט אָבער גאָט האָט מיר געהאָלפען, איז גאָר אַנדערש. סאָ העלפּ מי גאָד! למשל, איך געה אַריין אין אַ קאַר, בעקוק איך אַלע שעהנע פרויען, גלייך, ווי זיי וואָלטען אַלע געווען

מיינע. יא, גאַנץ פריי. וואָרום, פערשטעהסט איהר מיך, איך בין אַ סך רייכער, ווי איהר מיינט, ווי אַלע מיינען. מעלקין, אַז איך בין געווען אַ יונגער מאַן, בין איך ניט געווען אַזוי יונג, ווי איצט. די בערג גיבען אין מיר אַריין אַ נייעם כח, סאָ העלפּ מי גאָד. (זינגט) מי בחניקה ומי בסקילה.

עוועלין: פינף און פיערציג יאָהר איז ניט אַלט, דזשאָסט דהי טאַים. אַ ניו יאָרקער סענאַטאָר איז געווען מיט דרייסיג יאָהר עלטער, ווען ער האָט גענומען אַ אינגער מיידעל פון מיר. יעס, חתונה האָבען איז זעהר אַ וויכטיגע ביזנעס. קומט, דער פּאַפּאַ וועט הייסען עפענען אַ באָטעל שאַמפּאַ־ניער, און מיר ווע‎לען האָבען אַ גוד טאַים. (נעהמט טאָרבע'ן געאַרעמט, געהט).

מעלקין: קום סערע, הלואי האַלטען מיר שוין אַזוי מיט אונזער גרינע, ווי מיר האַלטען מיט עוועלין. איך האָב ליעב אַלץ ערשטע קלאַסע. ניט אַזוי, ווי? (אַלע אָב אין דייגינג רום).

פנינה (אין פענסטער): אַזוי? קומט דאָך מיר אַ מזל טוב. (זינגט) אָי! מי בחניקה ומי בסקילה... (לאַכט היסטעריש). כאַ־כאַ־כאַ! און די מאַמע קוקט, נעבעך, און שווייגט. גוואַלד, גוואַלד! מיין קאָפּ! מיין קאָפּ! (מען הערט איזי הוסט). שש... איך הער טריט, ווער איז דאָס? אָי! (לעגט צו אַ פינגער צום מויל און פערשווינדט. אין דייגינג רום פרעהליכע געשרייען און געלעכטער).

איזי (קוקט זיך אום): קיינער ניטאָ דאָ? און מיר האָט זיך אויס־געוויזען... (הערט אַ געלעכטער אין דייגינג רום). פרעהליך דאָרט? שטענדיג איז ביי זיי שמחה וששון. די בעלי שמחות פון אונזער וועלטעל זיינען ווי די העלדען פון דער שוואַרצער מאַה, זיי שכור'ען נעבען די טויטע קערפּערס פון זייערע קרבנות. (געלעכטער). האַ? ווי עס ווייזט אויס, מעג איך געהן צוריק... דער לאָרד האָט שוין געוויס פערגעסען, אַז ער האָט מיר געהייסען קומען... און זי... (וויל געהן, פנינה קומט אַנטקעגען).

פנינה (זיי שטעהעןביידע אין אויגענבליק ערשטוינט): איך האָב אייך עטליכע מאָל געוואָלט שרייבען און האָב ניט געקענט. (פּויזע). ר' קלמן יצחק האָט אייך געשיקט אַהער? אָי, אָרימער ר' קלמן יצחק.

איזי: ניין, ער האָט מיך ניט געשיקט... איך האָב איהם ניט געזעהן.

פנינה: ער האָט ערהאַלטען אַ בריעף — סאָלדאַטען האָבען דערשאָסען זיין קינד.

איזי: יאַ? אָרימער מענש! אַבער... וועמען פון זיי דאַרף מען מעהר בעדויערען? דער טויט פון'ם קינד איז געוויס ניט אַזוי שרעקליך, ווי דאָס לעבען פון'ם פאָטער. (פּויזע).

פנינה: איהר האָט אודאי ניט געוואוסט, אַז איך בין געקומען צוריק?

איזי: איך האָב יא געוואוסט; ווען קיינער זאָל מיר ניט זאָגען, וואָלט איך עס געפיהלט.

פנינה (זי פערשעהמט זיך): איהר האָט גאָר ניט געהאַט קיין פערלאַנג מיך צו זעהן?

איזי: אַזעלכע מענשען, ווי איך, דאַרפען גאָר ניט פערלאַנגען און גאָר ניט ווינשען. (פויזע). און איך האָב געמיינט, איהר זייט שוין אַוועק פון אונז צוריק קיין רוסלאַנד.

פנינה: קיין רוסלאַנד? ניין, ווי איך בין נאָר ארויסגעפאָהרען פון דאַנען, האָט מיך שוין אָנגעהויבען ציהען צוריק. וואָס איך זעה דאָ און וואָס איך לעב דאָ איבער! און דאָך אַוועק פון דאַנען האָב איך ניט געקענט. (פויזע). האָט איהר דאָ אַמאָל געדענקט פון מיר?

איזי (קוקט אויף איהר מיט ליעבע און שווייגט).

פנינה: שווייגט ניט, מיסטער גורעוויטש! וואָרום אז איהר שווייגט, האָב איך נאָך מעהר מורא. מר. גורעוויטש, איך ווייס אַליין ניט, פאַר וואָס איך האָב אַזוי מורא.

איזי: מענשען דאַרפען שטענדיג מורא האָבען, זייער גליק זאָל זיי ניט אונגליקליך מאַכען. (פויזע). אַמאָל האָט איהר מיך גערופען איזי, איצט רופט איהר מיך מיסטער גורעוויטש. הפנים מיר זיינען שוין ווידער פרעמדע?

פנינה: פרעמדע? ניין, איהר ווייסט ניט. אַמאָל האָב איך געקענט זאָגען דאָס וואָרט אַזוי גרינג, און איצט, אַז איך וויל עס זאָגען, הויב איך אָן ציטערען, ווי אין פיעבער. די גאַנצע צייט דאָרט האָב איך געזעהן די בערג און... אייך. איהר זייט מיר נאָכגעגאַנגען אַהין און צוזאַמען מיט אייך זיינען נאָכגעגאַנגען די בערג... (פויזע). איהר ווייסט, איך בין געוועזן צווישען גייסטיג־קראַנקע מענשען און האָב זיי אָפט געשפּיעלט אויף מיין פיעדעלע... זיי זיינען געוועזן אַזוי גליקליך, ווען איך האָב געשפּיעלט. זיי זיינען געזעסען טרויעריגע און אין זייערע אויגען האָב איך געזעהן די פערשטאָרבענע שטילקייט פון די בערג... איך האָב ניט געוואוסט, אז מען קען מיט מוזיק ברענגען אַזוי פיעל פרייד די אונגליקליכע מענשען...

איזי: יא, איהר קענט מיט אייער פיעדעלע ברענגען פיעל טרויסט און ערלייכטערונג. איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, מיין גליק, מיין איינציגער וואונש איז: איך זאָל הערען אייער פיעדעלע, ווען איך וועל האַלטען ביים שטאַרבען.

פנינה: ניין, ניין! איך וויל ניט איהר זאָלט שטאַרבען. איזי... איך האָב אייך אזוי ליעב!

איזי (נעהמט איהר האַנד): פנינה, איך האָב דיך אויך ליעב! עס האָט נאָך אַ מענש אויף גאָטעס ערד ניט געליעבט אַזוי, ווי איך האָב דיך ליעב.

פנינה( פערשעהמט): אָי, ער האָט מיך אויך ליעב! אַזאַ קלוגער, אַזאַ אמת'ער מענש, דער איינציגער מענש, וואָס איך האָב געזעהן אין אַמעריקא, האָט מיך אויך ליעב און איך האָב ניט געוואוסט. מיר ווילט זיך וויינען, אבער דאָס איז גוט... אני לדודי ודודי לי — איך געהער צו מיין געליעבטען און מיין געליעבטער געהערט מיר. (פויזע. זי קוקט איהם אין די אויגען). איזי, פאַר וואָס־זשע דריקסטו מיך ניט צו צו דיין האַרצען? פאַר וואָס ווילסטו ניט צובויגען דיין שטאָלצען קאָפּ צו מיינע ליפּען? איך האָב דיך ליעב, איזי, אזוי שטאַרק... מיט'ן גאַנצען אמת. (פויזע). אָה, דו האָסט מורא פאַר זיי דאָרט? (אַ געלעכטער אין דיינינג רום).

איזי: ניין, קינד, ניט פאַר זיי האָב איך מורא, איך האָב מורא פאַר זיך אַליין. פנינה, מיין קוש איז פּעסט, מיין אָטהעם איז גיפט, מיין ליעבע איז טויט! (ער טרעט אָב פון איהר).

פנינה: דאַן גיב מיר אַ טהייל פון דער קראַנקהייט, וועלכע איז ביי דיר אין ברוסט, אָטהעם אריין אין מיר אַ טהייל פון דעם גיפט, וואָס איז ביי דיר אין בלוט! ביי דיר וועט בלייבען וועניגער, און דו וועסט ווערען געזונד, און אַז ניט וועלען מירביידע שטאַרבען. איך דאַרף ניט לעבען אָהן דיר. אָה, איזי, ווי קען עס זיין, אַז די בעריהרונג פון מיסטער טאָרבע איז ניט פּעסט, אַז דער אָטהעם פון מלך נתן איז ניט גיפט, און אַז די ליעבע פון אַזאַ מענשען, ווי דו, איז פּעסט און פערגיפטונג? ניין, וואָס רעדסטו דאָס?

איזי: ווי אַזוי עס קען זיין, און פאַר וואָס עס דאַרף אזוי זיין, ווייס איך ניט, אבער עס איז אַזוי. ער איז געזונד און לעבענספעהיג, און איך בין פעראורטהיילט צום טויט.

פנינה: איזי, מיר טהוט וועה דאָס האַרץ פאַר דיר.

איזי: מיין קאָפּ וועט פערהיטען דיין איידעלעס הערץ פון אַן אונגליק.

פנינה: איך וויל ניט דענקען, וואָס שפּעטער וועט זיין.

איזי (מיט טרערען): טהייערע, דערפון וועל איך ניט דענקען.

פנינה (שעפּטשעט ליידענשאַפטליך): נעהם מיך, איזי, איך וויל זיין דיינע.

איזי: הער, איך בין יעצט גליקליך. איך האָב נאָך אַזאַ פרייד און אַזאַ גליק ניט איבערגעגעלעבט. אַזאַ לייכטענדער שטראַהל האָט נאָך

קיינמאָל ניט בעלויכטען מיין פינסטערעס לעבען. אבער, פנינה, מיין גליק וועט מיך ניט פערבלענדען און וועט מיך ניט וואהנזיניג מאַכען. פנינה, ווען דו ביסט דאָ ניט געווען, האָב איך דיך גערופען. איך פלעג וואַנדערען אַליין אין וואַלד און שרייען: פניניה, פנינה! און דאָס עכאָ פלעג מיר ענטפערען: נאָ... נאָ... ווען איך זאָל ניט זיין קיין עהרליכער מענש, אָה, ווען איך זאָל זיך מעהר ליעב, ווי דיך! ניין, דער איין אויגענבליק איז גענוג פאַר מיר. ווייטער ניט! איך וויל ניט בעגעהן קיין פערברעכען, איך וויל ניט פערגיפטען א יונגעס לעבען, איך וויל ניט ערמאָרדען אַן אונשולדיגעס קינד. מיט טויט זאָל איך דיר בעצאָהלען פאַר דיין ליעבע צו מיר? אַלס אַ כלה־פּרעזענט זאָל אי דיר שענקען קאָנסאָמפּשאַן?

פנינה: איזי, אויב ניט צוליעב דיר, האָב איך ניט צוליעב וואָס און צוליעב וועמען צו לעבען אויף דער וועלט. זעה, עס ווערט פינסטער...

איזי: ניין, פנינה, מיר איז ניט פיעל געבליעבען צו לעבען און צו פלאַגען זיך... דו אָבער ביסט נאָך יונג, דו פאַנגסט ערשט אָן צו בליהען, ריינע גליקליכע טעג קומען ערשט. זיי מיין פריינד זאָלאַנג איך לעב און דאַן... פערגעס מיך און זיי גליקליך!... (ראש אב).

פנינה (זעצט זיך שטיל ביים פענסטער און קוקט אויף די בערג): מיט פרייד און מיט אונגעדולד, מיט האָפנונגען און שרעק האָב איך ערוואַרטעט דיעזע מינוט... (אַ געלעכטער אין דיינינג רום). זיי לאַכען! (כאַפּט זיך אויף פון איהר שטוהל). זיי לאַכען פון אונז! זיי לאַכען פון דער גאַנצער וועלט! טאָרבע לאַכט און איזי דאַרף שטאַרבען! יאַ, ער וועט שטאַרבען און איך וועל פערליערען מיין זינען. אָי, דער טויט איז ניט אַזוי שרעקליך, ווי דאָס לעבען פון אַ וואַהנזיניגען... ער שטאַרבט, ווי אַ קעמפּפענדער גאָט, דער געראַנק אַרבייט, דער זין איז קלאָר, ער געהט צו דער מוטער ערד, דראָהענדיג מיט'ן פויסט צו די הימלען; אַ וואַהנזיניגער אָבער לעבט, ווי אין עולם התהו — געהט אום ווי אַ וואַקסענע פיגור אין אַ מוזעאום. זיינע גלעזערנע אויגען קוקען און זעהען גאָר ניט, זיין ליימענער קאָפּ בעוועגט זיך און דענקט גאָר ניט! (כאַפּט זיך מיטביידע הענד פאַר'ן קאָפּ). איך וויל ניט! איך וויל ניט!

באָבע (קומט מיט אַ לאַמטערנע, אין וועלכער עס ברענט אַ פייערעל).

פנינה: אָט איז די באָבע, אָי, עס קען זיין, די באָבע איז אַ וואַהנזיניגע און קיינער ווייס ניט.

באָבע: גוטען אבענד דיר, פנינה! (קושט זי). נו, וואָס מאַכסטו? וואָס ביסטו עפּעס אַזוי בלייך?

פנינה: מיין קאָפּ, באָבעניו, מיין קאָפּ טהוט מיר זעהר שטאַרק וועה.

באָבע: מיר טהוט וועה דער קאָפּ יעדען טאָג. דאָס איז גאָר ניט. האָסטו געהערט אַ ביסעל, ער האָט געהאַלטען אונזערע בהמות אויף די בערג צוויי טעג און צוויי נעכט, האָב איך מיך אַרומגעשלעפּט אויף די בערג. איצט איז די רויטע „מילעדי“ קראַנק. בין איך געווען ביי איהר שטאַל. (געהט). וואו איז דער טאַטע? דאָרט? איך דאַרף מיט איהם רעדען ביזנעס.

פנינה: באָבעניו, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען: דו האָסט ניט מורא אין וואַלד?

באָבע: אין וואַלד איז שטיל און רוהיג.

פנינה: באָבעניו, האָט מען ווען־עס־איז געזעהן דעם בערג־גייסט?

באָבע (זעצט זיך): דו ביסט פיעל מאָל פאַרבייגעפאָהרען דאָרט אונטען אין טהאָל די געביידע, וואָס רופט זיך דאָס טויטע הויז. יאָהרען לאַנג שטעהען פערקלאַפּט טהיר און טויערען. קיינער וואוינט דאָרט ניט. קיינער וויל דאָס הויז ניט קויפען, דער הויף פערוואַקסען מיט גראָז... דאָרט האָט אַמאָל געוואוינט אַ מאַן, וואָס האָט געוואָלט זעהן דעם בערג־גייסט... אַמאָל שפּעט ביינאַכט האָט ער איהם אנגעהויבען זעהר שטאַרק צו רופען, איז ער געקומען און האָט זיך בעוויעזען צו איהם: אַ הויכער, אַ הויכער, מיט אַ ווייסע לאַנגע באָרד, בעדעקט מיט אַ שאָפּענע פעל, דער מאַן איז געפאַלען און איז געשטאָרבען פון שרעק. (געהט). דער טאַטע איז דאָרט? ער טרייבט איזי'ן גאָר פון מיין הויז. האָסטו געהערט אַ ביסעל? (אב אין דייַנינג רום. ווען זי עפענט די טהיר, הערט זיך אַ פרעהליכער געלעכטער און דאָס קלינגען פון באָקאַלען).

פנינה (גיט אַ גלאַנץ מיט די אויגען. כאַפּט איהר פּיערעלע): דאָרט איז רוהיג און שטיל. אַהין! אויף די בערג!... פערשווינדען ווערען אין דער פינסטערנים, פערלוירען ווערען, קיינער זאָל מיך ניט קענען געפינען. איך אַליין זאָל זיך ניט קענען געפינען. (וויספּערט שטיל). אַהין! (רוקט זיך צו דער טהיר). אַהין! (ראַש אָב). קליינע פּויזע).

מאַדאַם (עפענט די טהיר): פנינה, וואָס זיצסטו דאָ אַליין? (אריין). זי איז דאָ ניטאָ? ביסט אויף דער פּיאַזאַ, פנינה? (לויפט ארויס, באַלד צוריק. עפענט די דייַנינג רום). וואוהין האָט עס פנינה געקענט אוועקגעהן? קעטטי, לויף אַריבער געשווינד אין אַלטען קאַטעדזש, אפשר איז זי דאָרט ביים זיידען? (דיענסטמיידעל לויפט דורך דער פּיאַזאַ). איך האָב ערשט געהערט, ווי זי האָט גערעדט מיט אימיצען. פּלוצלינג איז שטיל געוואָרען און דאָס האַרץ האָט מיר געגעבען אַ קלאַפּ... פנינה! אפשר זיצט זי ביים פּאָנטאַן. (ראַש אָב. מעלקין, טאָרבע, עוועלין קומען).

**באָבע** (קומט נאָך זיי מיט דער לאָמטערנע) : אויב ער קען דאָ ניט זיין, וועל איך אויך מופען. חיים משה זאָגט, ער צאָהלט פיער דאָלאר א וואָך, איך וויים ניט... אָבער לאָזען איהם, וועל איך ניט. האָסטו געהערט אביסעל : א קראַנקער, וואוהין זאָל ער געהן ? האָט ניט קיין מאַמע... קיינעם ניט. (זי זעצט זיך אויף א שטוהל, די ברענענדע לאַמטערנע ביי די פיס. די מאַדאַם מיט דעם דיענסטמיידעל קומען צוריק).

**מאַדאַם** (דערשראָקען) : זי איז ניט געקומען ? דאָרט איז זי ניטאָ. איך האָב מורא, עס זאָל מיט איהר, חלילה, וואָס ניט געשעהן. פנינה ! פנינה ! (זי לויפט אָב. נאָך איהר דאָס דיענסטמיידעל. מען הערט ווי זי רופט : פנינה ! פנינה ! די שטימע אלץ ווייטער און ווייטער).

**מעלקין** : איבער־אַ־יאָהר מאַך איך אונבעדינגט עלעקטריק אין הויף, און אין גאָרטען. יא, מאַכען אַ בעלייכטונג ערשטע קלאַסע... וואו קען זי זיין, האַ ? (אב).

**עוועלין** : זי פאַנטאַזירט געוויס ערגעץ אונטער אַ בוים... איך בין געוועזן די ערשטע, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז זי איז... (ווייט הערט מען ווי די מוטער רופט : פנינה !)

**טאָרבע** : א טעות, איך בין געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט געזאָגט, סאָ העלפּ מי גאד... (ביידע אָב. אויף דער פיאזא הערען זיך שטימען. מען זעהט לאַמטערנעס מיט פייער. קלמן יצחק'ס דערשראָקענע שטימע :) נו, ניטאָ ?

**חיים משה** (אונצופריעדען) : גאָט שיקט צו אַרבייט. ניין—ניין־וואָס דען ? (איזי'ס שטימע : זי איז אין וואַלד ! זי איז געוויס אין וואַלד ! די שטימען דערווייטערען זיך און עס ווערט שטיל).

**באָבע** (שלעפעריג) : אַ גאַנצען טאָג אַרומגעקלעטערט, איך פיהל ניט מיינע פיס. אין וואַלד איז שטיל און רוהיג, און אויפ'ן הארצען ווערט גוט, מען פערגעסט אַלץ, אויף די געדאַנקען קומט רוּר דאָס, וואָס איז געוועזן אַמאָל, ווען מען איז געוועזן אַ קינד, און אַז אַ ווינטעל גיט אַ בלאָז, הערט מען ווי אַ קול זאָגט שטיל איבער די בוימער : שלום עליכם, שלום עליכם ! מען דאַרף ניט ענטפערען, דאָס שעפּטשעט ער... ער... (זי שלאָפט איין. מאַדאַם קומט מיט פנינה).

**מאַדאַם** : איך האָב דיך אָנגעיאָגט, האַ ? מיט מיין הארץ האָב איך געפיהלט דיינע טריט. אָה, פנינה, וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלען, ביי נאַכט געהן אין וואַלד אַליין ?

**פנינה** : וואו דען האָב איך מיר געקענט געפינען אַ פּלאַץ ? דאָ ביי

איך איז אַ קנס־מאָל, פריהער דער מוטער׳ס אַ פריינד, נאָכדעם דער טאָכטער׳ס חתן, האַ?

מאַדאַם: פנינה, איך האָב געוואוסט, אַז דו דענקסט פון מיר עטוואָס שרעקליכעס, איך האָב לאַנג שוין געוואָלט מיט דיר רעדען דערפון. אבער איך האָב זיך געשעהמט, ווי רעדט מען מיט אַ קינד און נאָך מיט אַזאַ קינד, ווי דו? קינד מיינס, איך שווער דיר ביי גאָט, עס איז גאָר ניט געווען. אין קאָנטרי ערלויבען זיך די ווייבער אביסעל צו זיין פריי. אבער... חלילה! און דערצו איז ער אַ מענש, וואָס פרעגט זיך ניט אָן. פנינה, דו ביסט נאָך צו יונג. דו פערשטעהסט ניט וואָס פאַר אַמענש דיין פאַטער איז.

פנינה: איך פערשטעה אַלעס און דערפאַר איז קראַנק מיין הארץ.

מאַדאַם: איידער דו ביסט געקומען אַהער, האָב איך פון דעם טאָרבע זעהר געהאַלטען, איצט ניט. איך ווייס ניט פאַר וואָס, אפשר ווייל איך האָב געפיהלט, אַז איבער איהם, איבער גאָר נישט, קען איך ניט געווינען מיין קינד׳ס הארץ.

פנינה: מאַמע, וואָס דאַרפסטו מיין הארץ?

מאַדאַם: אָה, פנינה, ווען דו האָסט מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט דיין מאַמע, וועלכע האָט דיך אַלס קינד געוויעגט און געזונגען דיר אַ ליעדעלע, דעמאָלט נאָך האָט זיך מיין מוטער־הארץ געעפענט. (וויינט). דו פיהלסט עס ניט, אבער איך בין דיר אַ מאַמע... אַ מאַמע... מיין קינד! און דאָס, וואָס דו ביסט ניט געזונד, פערביטערט מיר מיין לעבען.

פנינה: יאַ. איך בין ניט געזונד. (טרוימעריש). איך בין געפאָהרען אַהער מיט האָפנונגען — מיינע האָפנונגען זיינען צובראָכען. איך האָב געפיהרט אַהער ליעבע פאַר אַלע — די ליעבע איז פערגיפטעט. איך האָב געטרוימט דאָ זיין גליקליך — ביי איך איז קיין גליק ניטאָ. איך האָב געמיינט, איך וועל געפינען דאָ ניצליכע טהעטיגקייט — איך האָב דאָ ניט וואָס צו טהאָן. מיין גלויבען געטויטעט, מיינע שטרעבונגען צובראָכען, מיינע געדאַנקען צושטערט, איך האָב גאָר נישט און קיינעם ניט. ניין, ניט דאָ, ניט דאָרט, ניט ערגעץ־וואו אין דער וועלט. (זעצט זיך ביים פענסטער און פערדעקט איהר געזיכט. עוועלין, טאָרבע, מעלקין קומען. נו?)

מאַדאַם: שש... זי איז דאָ, לאָזט זי בערוהיגען זיך.

פנינה (קוקט זיי אָן לאַנג): אַלעס ווייזט מיר אויס אַזוי קאָמיש, אַז איך וויל לאַכען. (וויל לאַכען, דאָס געזיכט פערקרימט זיך ביי איהר פון קאָנסולוויווע בעוועגונגען. פלוצלינג שרייט זי אויס:) אָי, זעהט! אַלעס האָט זיך פלוצלינג אַ ריהר געטהאָן, און עס האָט אָנגעהויבען געהן! (כאַפּט

זיך אויף און גרייפט אָן די מוטער) מאַמע, זעה נאָר, די בערג געהען, זיי געהען אַהער! (זי ציטערט אין גאַנצען קערפּער).

מאַדאַם (וויינט): גאָט איז מיט דיר, פּנינה, דאָס געהען די וואָלקענס.

(חיים משה און קלמן יצחק קומען מיט פערלאָשענע לאַמטערנעס).

פּנינה: די ווייסע לבנה געהט אַרויס פון די וואָלקענס... דו זעהסט אַ ווייסען גייסט? דאָס איז דער בערג־גייסט, אין אַ ווייסע שאָפּענע פעל, מיט אַ ווייסע לאַנגע באָרד! (איזי ערשיינט ביים פענסטער).

מאַדאַם: גאָט איז מיט דיר, פּנינה, גאָט איז מיט דיר!

פּנינה: ער געהט אַהער, ווען ער וועט צוגעהן ביז דאַנען, וועל איך פאַלען און שטאַרבען. (שרייט) זעהט! זעהט! די בוימער געהען! דער וואַלד געהט! די בערג קומען אַהער. און איבער די בערג שפּאַנט ער מיט גרויסע טריט. ער געהט אַהער, אַלעס געהט אַהער! (די מוטער צוואָוויינט זיך אויפ'ן קול, קלמן יצחק וויינט שטיל). אַלעס געהט אַהער! עס ריהרט זיך! עס קומט נעהענטער! (שרעקליכע קאָנוואולסיען).

איזי (פאַלט צו צום פענסטער מיט אַ היסטערישען געשריי): אָה, פּנינה! פּנינה! פּנינה! (אַלע איבריגע שטעהען טויט דערשראָקען. די באָבע שלאָפט רוהיג, די לאַמטערנע מיט'ן פייערל ביי איהרע פיס).

(פאָרהאַנג.)

## פיערטער אַקט.

(אַ קאַלטער נאָוועמבער־טאָג. דאָס זעלבע צימער ביי חיים משה'ן, ווי אין צווייטען אַקט. אין אויווען ברענט פייער. איזי אין אַן אַלטען ווארעמען מאַנטעל, זיצט ביים פענסטער, וועלכער איז אַ ביסעל אָפען. ער איז נאָך פיעל בלאַסער און מאָ־גערער געוואָרען. קלמן יצחק זעהט אויס געזונד, זיצט ביים טיש, צעהלט פאַ־פיערענע געלד און רעכענט. חיים משה נעהמט אַ קליידער־באַרשט און אַ טעלער מיט וואַסער, פוצט אַן אַלטע פאָר הויזען פון דיקען שטאָף. וויים הערט זיך דאָס פייפען און קלינגען פון אַ צוג).

קלמן יצחק (אויפגעלעגט): דריי האַלבע טיקעטס צו צוויי און צוואַנ־ציג און נאָר איין גאַנצער טיקעט. עט! אַ קלייניגקייט! איזי, עס איז נאָך אַזאַ זאַך ניט געהערט געוואָרען אויף דער וועלט! איך האָב מזומן צוויי־און־זעכציג דאָלאר און האָב אייזען, וואָס איז ווערטה לכל הפחות בלי גוזמא — אַ ניין דאָלאר. קבצנים'לעך מיינע, איך וואַקס אַ גביר! גאָט ברוך הוא גיט טאַקע צרות און שיקט אונז נחמות.

איזי (מיט אַ שוואַכער שטימע): מענשען זאָלען זיך ניט צופריעדענ־שטעלען מיט נחמות, וואָלטען זיי געהאַט װעניגער צרות. פאַר וואָס זאָגט איהר ניט צו גאָט ברוך הוא: האַלט זיך אַליין מיט די צרות און שיק מיר ניט קיין נחמות?

קלמן יצחק: עט! איך זאָל געהן געבען עצות דעם רבונו של עולם כביכול. ער האָט פיינט, אַז מען זאָגט איהם אַ דעה און מען פרעגט ביי איהם קשיות.

איזי: פאַר אַ דעה און פאַר קשיות ווערען זיי דאָרט זעהר בייז. יאַ.

קלמן יצחק: ער האָט מיך טאַקע געשטראָפט מיט מיין קינד'ס טויט, אָי וועה איז מיר! דערפאַר אָבער האָט ער געהאָלפען מיין פרומקען בשלום לויפען אין אַמעריקאַ. אמת, זי פּלאָגט זיך אין ניו יאָרק און איך ליעג אין דר'ערד דאָ. אָבער מיר האָבען זיך געזעהן געזונטערהייט, און אויף פסח קומט מיין שפרה מיט די קינדערלעך. איך האָב אַ פערמעגען מיט גאָלד, אַ וואוילען וואָגען, אַ גוטען פערד, זאָל ער מיר נאָר געזונד זיין. אַי, עס איז דאָ צרות? עט! אַ איד זאָל ניט האָבען קיין צרות, וואָלט ער דאָך משוגע געוואָרען!

חיים משה: ניין, ניין, וואָס דען? אָט האָב איך געפונען ביי מיין

זוהן אויפ'ן בוידעם א פאָר וואָרימע פלודערען, אזא יאָהר אויף מיר. אָי, איזי, דאָס פענסטער... עס בלאָזט!

קלמן יצחק: עט! עס בלאָזט גאָר ניט. (שטיל). ער האָט, נעבעך, ניט מיט וואָס צו אָטהעמען.

איזי: וואָס פאַר איינעם איז גוט, איז פאַר'ן צווייטען שלעכט; פאַר איינעם געזונד און פאַר'ן צווייטען אונגעזונד; פאַר איינעם איז דאָס פרישע לופט, פאַר דעם אַנדערען בלאָזט אַ פערקיהלעכץ. דאָס איז די האַרמאָניע פונ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען! ר' חיים משה, ניט לאַנג וועט איהר ליידען פון מיר... באַלד באַלד... עס קומט...

קלמן יצחק: עט! אַ קלאָג־מוטער!...

איזי: יאַ. אבער דאָס אַרט מיך שוין ניט. נאָר מיר טהוט וועה דאָס האַרץ פאַר איין זאַך...

חיים משה: איך האָב שוין אויסגעפונען די זאַך. זי, הא? ניין—ניין, וואָס רעדן? איך בין פון די אַלטע היהנער־פרעסער.

איזי: איהר זייט אַן אַלטער ציניקער, אבער איך וועל אייך זאָגען גאַנץ אָפען. איהר האָט רעכט. מיר טהוט זעהר וועה דאָס האַרץ, וואָס מיר וועט ניט בעשערט זיין צו זעהן פנינה'ן פאַר מיין טויט. אָי! איך וואָלט זי זעהר געוואָלט זעהן נאָך איין מאָל. אבער איך פערשטעה, עס איז ניטאָ קיין האָפנונג. (ער פערטראַכט זיך).

חיים משה (פוצט): די ליעבע, הא? דאָס איז יאַ ווי ר' יונתן בן זכאי זאָגט: ליובאָוו ניע קאַרטאָשקאַ.

איזי (טרוימעריש): די ליעבע? אַמאָל איז די ליעבע געווען אַ פרוכת איבער אַן ארון קודש מיט רייניגקייטען. יעצט איז דאָס אַ פאָרהאַנג איבער אַ קאַסע מיט געראויבטע משכנות... די היינטיגע אמת'ע ליעבע האָט אָדער אַ שווינדזוכט אָדער אַ משוגעת. קיין געזונדע ליעבע איז ניטאָ יעצט. אַ קראַנקע וועלט.

חיים משה: אַזוי זאָגט אַ קראַנקער. איך אָבער זאָג: אַנו, גיט מיר אַ ליעבע מיט צוויי מאָל הונדערט־טויזענד... אָי, אַזאַ יאָהר אויף מיר!

קלמן יצחק: עט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי! בעל מגזם. אפילו אין עבירות האָט ער אויך ליעב אַ גוזמא. אָט געהט די באָבע, אייער גליק, וואָס זי הערט ניט.

חיים משה: אַזאַ גליק אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען.

באָבע (קומט וואַרים אָנגעטהאָן אין אַ לאַנגע זומערדיגע קאָפּטע און אויבען אַ קורצער ווינטערדיגער רזשעקעט. זי טראָגט פיעל שייטלעך מיט האַלץ און אַן עמער מיט וואַסער): האָסטו געהערט אַ ביסעל?

**חיים משה:** הלואי וואָלסטו געהערט כאָטש אַ ביסעל.

**באָבע:** האַ? מען וועט דאַרפען אָנשלעפען האָלץ און וואַסער. עס וועט היינט אַרויספאַלען אַ שנעע.

**חיים משה:** סאָסיע, וועסט מיר דאַרפען צונעהען אַ פּאָר קנעפּלעך צו די תחתונים. (די באָבע הערט ניט, לעגט צונויף דאָס האָלץ). נו, יאַ, אמרו לאלקים, רעד צו דער וואַנד. (נעהמט זיין באַרשט און קעמט זיך די באָרד).

**באָבע:** אַ שטאַרקער ווינד בלאָזט פון די בערג און עס רייסט זיך אַ שנעע. (זעצט זיך ביים אויווען און שיילט קאַרטאָפעל). באַלד וועט קומען דער ווינטער. די צייט, ווען ער איז רוהיג און גוט. (רעדט צו זיך אַליין).

**איזי:** יאַ, דער ווינטער וועט באַלד קומען, און איך וועל באַלד אַוועקגעהן. באָבע, איהר ווייסט? איך האָב געשריעבען פנינה'ן, אויב זי האָט נאָך אויף מיר רחמנות, זאָל זי וואָס גיכער קומען אַהער.

**באָבע:** דו דאַרפסט זי נויטיג האָבען דאָ? ער וועט זי ווידער קראַנק מאַכען.

**איזי:** די רייכע מאַכען ביי זיך יעדען טאָג קאָנצערטען, איך וויל זיך דאָס פערגעניגען ערלויבען איינמאָל פאַר מיין טויט. איך האָב זי איינגעלאַדען, זי זאָל קומען מיט איהר פיעדעלע, מיר אָבשפּיעלען מיין לעצטעס ליעד. איך האָב אָבער מורא, זי וועט ניט קומען, אָדער זי וועט קומען, ווען ער וועט שוין זיין צו שפּעט.

**חיים משה:** זי זאָל איצט קומען, וועט עס צייגען, אַז זי איז נאָך אַמאָל משוגע געוואָרען. איצט? ווען דאָ איז ניטאָ אפילו אַ לעבעדיגער מענש, מיט וועמען צו שפּיעלען אַ פּינאָקעל!

**באָבע:** צי מען שטאַרבט מיט מוזיקע, צי מען שטאַרבט אָהן מוזיקע, דער טויט איז דערזעלבער. מיין זוהן, אַז מען מוז לעבען, לעבט מען, און אַז ניין, דאַרף מען ניט.

**קלמן יצחק:** איך זיץ און טראַכט. פנינה לעבט ביים אַלען גוטען, און דאָך... עט!... מיין פרומקע האָט געליטען דאָרט צרות, איז געלאָפען פון דאָרט מיט צרות. באַלד געגאַנגען אַרבייטען אין אַ שאָפּ מיט צרות און דאָך, קיין עין הרע, צוויי רויטע באַקען, ווי צוויי גוט צוגעפּלאַמטע פּידפּאָלקעס; און ווי נאָר פון שיף — שוין חברים מיט חבר'טעס, מיט סאָבראַניעס. איזי, זי וועט אפשר אם ירצה השם אויף קריסמאַס קומען צו־גאַסט, וועט איהר זעהן אַ רעזשיצע'ר פּאַמפּושקע.

**איזי:** אויף קריסטמעס! איך וועל שוין דאַמאַלס זיין אין פינסטערען

סוועטיג־שאפ ביי די ווערים. (פערטראַכט). ר' קלמן איצע, פנינה איז דאָרט ניט געוואַקסען אין אַזאַ קרייז, ווי אייער טאָכטער, און איז אָהער פערוואָרפען געוואָרען ניט אין אַזאַ ספערע, ווי אייער טאָכטער. און דערצו איז זי נאָך אַן אַנדער מענש אויך. אין רוסלאַנד וואָלט זי געווים מיט אַלעמען מיטגעקעמפפט. זי איז אָבער פון דער נאַטור ניט געשאַפען צו זיין אַ מענש פון קאַמפף און טהאַט. זי האָט אַ נאָבעלע, שעהנע, פּאָעטישע זעעלע, ביי גליקליכע אומשטענדען וואָלט זי געבליהט, ווי אַ צאַרטע בלום, ביי מעלקין'ען אין הויז וועט זי פערוועלקט ווערען צווישען די דערנער און צוטראָטען ווערען. (פערהוסט זיך שטאַרק).

חיים משה: ביי מיין זוהן אין הויז איז דערנער? קבצן, וואָס איהר זייט! ביי איהם איז דאָך, ווי ביי אַ מיליאָנער. אַזאַ יאָהר אויף מיר. דערנער גאָר ביי מיין זוהן!

איזי: איך פיהל שלעכט, איך וויל זיך בעסער צולעגען... (לעגט זיך אויפ'ן קושעטקע, ביידע הענד הינטער'ן קאָפּ. אַלע בעטראַכטען איהם מיט מיטלייד).

באָבע: ער שטיפט פרעהליך אויף די בערג. זיין שמחה היינט. (מען הערט דאָס יאָמערען פון דעם ווינד. פויזע. אַ געראַויש פון אַ וואָגען).

חיים משה (לויפט צו צום פענסטער): ווער פאָהרט עס אין הויף אריין?

איזי (הויבט זיך אויף אויף אַן עלענבויגען און הערט זיך צו).

חיים משה: אָי, מיינע זיינען געקומען. מיין זוהן מיט זיינע... מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אַזוי לעבען און געזונד זיין. (ער לויפט אָב. איזי לעגט זיך צוריק).

קלמן יצחק: עט! נגידים! געקומען מסתמא זוכען דאָ ווינטער־דיגע מחמרי יום טוב. (שטעהט אויף פון טיש).

מאַדאַם (האַסטיג אַריין, וואַרים געקליידעט): פנינה איז דאָ ניטאָ נאָך? (קוקט זיך אום). ווי אַזוי קען דאָס זיין? איך פערשטעה ניט. איהר האָט זי ערוואַרטעט היינט דאָ? (קיינער ענטפערט ניט).

באָבע (רוהיג): אַ גאַסט, זיץ! (גיט איהר אַ בענקעל). נו, וואָס מאַכסטו, דערפרוירען, האַ? אפשר הונגעריג? אָדער זאָל איך מאַכען אייך אַ פייער דאָרט אין דער גרויסער שטוב?

מאַדאַם: זי האָט געקראָגען אַ בריעף פון דאַנען און איז זעהר אונ־רוהיג געוואָרען. זי איז דאָ ניטאָ? וואָס קען דאָס זיין?

באָבע (רוהיג): וואָס מאַכט פנינה? געזונד?

מאַדאַם: זי איז געווען די גאַנצע צייט שטיל און רוהיג. זי געדענקט

גאָר ניט וואָס האָט זיך מיט איהר געטראָפען אין יענעם אונגליקליכען אבענד.

קלמן יצחק: ראַנקען גאָט, אבי זי איז געזונד. אי, דאָרטען וואָס? עט !...

מאַדאַם (קוקט אויף דער טהיר): וואו זיינען זיי דאָרט? אז ניט דאָ, ווער איז מיר, וואו קען זי זיין? ווען מיר האָבען זיך געכאַפּט, אז זי איז פערשוואונדען געוואָרען מיט איהר פיעדעלע, האָבען מיר אָבגעזוכט דעם אידענ'ס טאָכטער.

קלמן יצחק: מיין פרומקע? אָי, וועה איז מיר!

מאַדאַם: האָט זי אונז געזאָגט, אז פנינה איז געפאָהרען אהער, וועה איז צו מיינע יאָהרען, חתונה האָבען. זי האָט איהר פריינדין אויף געלאַדען צו דער חתונה. וואו קען זי זיין? וועה איז מיר... ר' איד, זייט אזוי גוט, רופט זיי אריין אהער, אויב עס איז ניט קיין טרחה פאַר אייך? (פערברעכט די הענד, געהט אום).

קלמן יצחק: א טרחה? עט! שוין, תיכף ומיד. אָי, וועה איז מיר! (אב).

מאַדאַם (געהט צו איזי'ן): הערט, יונגערמאַן, איהר ווייסט דאָך געווים. דאַרף זי אהער קומען?

איזי (רוהיג): ווי איך מיין, דאַרף זי אהער קומען. ווי זי מיינט אָבער ווייס איך ניט. (עוועלין, טאָרבע און מעלקין קומען אריין).

עוועלין: אויב עס וועט אַרויספאַלען א סך שנעע, וועלען מיר קענען האָבען א גוד טאַים דאָ.

טאָרבע: לא פידלתי. האַ? זי קען ערשט קומען נאָר מיט דער נעכסטער טריין פאַרנאַכט. א דזשאב צו וואַרטען, סאָ העלפּ מי גאָד. האָבען מיר כאָטש קאָרטען? (זינגט ניט־אויפגעלעגט). מי יחיה ומי ימות.

מעלקין: סערע, איז מיין סקים ניט גרוים? מיר זיינען שוין דאָ און זי וועט ערשט קומען. ניט אזוי, ווי? ע... זאָל מען דאָרטען מאַכען א פייער און אַלעס, ווי מען דאַרף. ערשטע קלאַסע.

חיים משה: סאָסיע, נו שוין. זי האָט צייט.

באָבע: יא, אויף יעדע זאַך איז דאָ א צייט. נעהם סירנעקלעך און קום. איך האָב מורא אַליין אין א פוסטע שטוב... ער קען מיר נאָך אָבטהאָן אַ שפּיצעל. (ביידע אָב).

עוועלין (צייגט אויף איזי'ן): מיר האָבען זיך אומזיסט געשראָקען. ער ווייזט ניט אוים ווי אַ מענש, וואָס געהט הייראַטהען.

טאָרבע: אויף אַזעלכען קען מען גלויבען. ער האָט מורא פאַר גאָט, אָדער פאַר מענשען? אָי, עס בלאָזט פון פענסטער, איך וועל זיך נאָך,

חלילה וחס, פערקיהלען. (וויל צומאַכען דאָס פענסטער).

עזוועלין: ניין, ניין! די לופט איז דאָ שרעקליך. (פערבינדט איהם זיין האלזטוך. ער קוועלט). איהר זאָלט אייך אָבער אָנטהאָן, ווי מען דאַרף, וואָלט אייך ניט געוועז קאַלט. האַרט אויס, ביי מיר וועט איהר אייך קליידען אַנדערש, לעבען אַנדערש. פאַפאַ, מיר וועלען איהם רופען ניט טאָרבע נאָר טאָרבעע, קלינגט מעהר פראַנצויזיש. האַרט אויס, איהר וועט זעהן נאָך דער חתונה. אַ יונג ווייב איז זעהר עקספענסיוו. יעס סער!

מעלקין (פעררויכערט אַ ציגאַר און גיט איינע טאָרבע'ן): אַ פער־פעקטוס, קאָסט צוויי־און־פיערציג דאָלאַר אַ הונדערט. זי איז געראַטהען אין פאַפאַ, אַלץ ערשטע קלאַסע, ניט אַזוי, ווי?

טאָרבע: יאַ? איך בין אבער ניט געראַטהען אין איהר פאַפאַ. איך פיהל נאָך דעם טעם, ווען איך האָב געאַרבייט מיט שוויים און בלוט אַלס קאַרפּענטער. (זינגט). אָי, מי במים ומי באש. היינטיגען ווינטער האַק איך אַראָב דעם וואַלד פון מיינע פיער־און־צוואַנציג הונדערט אַקער לאַנד, איהר וועט נאָכדעם ניט דערקענען די בערג דאָ...

מעלקין: איך וועל דאַרפען קאַרפּענטערס. זומער היים איך דאָס הייזעל אַרונטערוואַרפען און פערברענען. איך וועל דאָ אויסבויען אַ כינעזי־שען פּאַוויליאָן צו טרינקען טהעע. די סטייבעלס אַרויפהויבען העכער און דורכשניידען אַ נייעם וועג... עס קען אין גאַנצען קאָסטען ניט מעהר ווי פינף אָדער זעקס טויזענד דאָלאַר. ניט אַזוי, ווי?

טאָרבע: און איך, פערקעהרט, וועל היינטיגען זומער שטעלען מיין סינאַגאָגע ניעדריגער — אויף אַ שטיינערנעם פונדאַמענט. מען וועט דאַרפען מאַכען אַ סובסקריפּשאָן, סאָ העלפּ מי גאָד.

איזי (שטיל): איינער הויבט דעם סטייבעל אַרויף, און דער אַנדערער שטופּט די סינאַגאָגע אַראָב!

מאַדאַם (וועלכע האָט ניט געהערט זייערע רייד, הויבט פּלוצלינג אָן וויינען): מיין קראַנק קינד! איך האָב מורא... מיין האַרץ... (אַלע לויפען צו צו איהר).

עזוועלין: מאַמאַ דיער, זי וועט דאָך שוין ניט הייראַטהען, מיר זיינען דאָ.

טאָרבע: זי וועט ניט געזונד ווערען, ביז איהר וועט איהר ניט חתונה מאַכען. איך ווייס, עס קומט נאָר פון דעם... סאָ העלפּ מי גאָד!

מעלקין: קומט בעסער אַהין. זיי האָבען שוין געוויס געמאַכט פייער אין אויוועז, ניט אַזוי, ווי?

איזי (הויבט זיך אויף אויף זיין עלענבויגען): מאַראַם, אויב איהר

וויינט, ווייל אייער פנינה וועט מיט מיר הייראטהען, דארפט איהר אייך בערוהיגען. איך האָב שוין געהייראטה. מיין כלה איז מאדמאָאזעל טשאַכאָטקע; איך האָב שוין אַ וואוינונג אויך: מיין מאמע, די מוטער ערד, נעהמט מיך אויף קעסט; מיין אונטערפיהרער איז זעהר אַ פּראָמינענטער ריעל־עסטייטניק — מר. מלאך המות... כע־כע! (לאכט און הוסט). מיך וועט מען פיהרען צו דער חופה מיט צוגעמאכט אויגען און מיסטער טאָרבע׳ן מיט אָפענע.

עוועלין: פוי! לעט אָז גאָ. לעט אָז גאָ! (פיהרט די מוטער, אלע זעהר בייז אָב).

איזי (מיט אַ קרענקליכען שמייכעלע): זיי האָבען זיך דערשראָקען, האַ? איך זעה, מיין פריינד, דער מלאך המות, האָט זעהר פיעל שונאים. עס איז דערפאר, וואָס ער חנפ׳עט זיך צו קיינעם ניט. (לעגט זיך צוריק, שליסט צו זיינע אויגען).

קלמן יצחק (קומט): די באָבע האָט רעכט, עס רייסט זיך אַ שנעע. די נגידים האָבען זיך אָבגעטראָגען? דאנקע גאָט, פּטור געוואָרען. עט! שש... דאכט זיך, ער איז איינגעשלאָפען. (געהט אויף די שפּיץ פינגער צום טיש, זעצט זיך און רעכענט. גאנץ שטיל). רבונו של עולם, איך קען דיר זאָגען אַ סוד, אויב אלץ וועט געהן אם ירצה השב בשלום, וועל איך ארום חמשה עשר בשבט האָבען ביי אַ הונדערט דאָלאר. טאטע פאָטער, מאך מיט מיר ניט מעהר קיין קונצען! (חיים משה און די באָבע קומען). שש... ער שלאָפט.

חיים משה (שטיל): פייער ברענט אין אויווען און זיי האָבען זיך דערווייל געזעצט מאכען אַ קערטעל. (ציינט אַ ציגאר). נאָר מיליאָנערען רויכערען דאָס. ניט געלאדכענט... מיין זוהן האָט עס מיר אליין געגעבען, מיין ווייב און מיינע קינדער זאָלען מיר אזוי לעבען און געזונד זיין! (רייבט אָן פייער, זעצט זיך אין אַ ווינקעלע און רויכערט).

באָבע (קוקט לאנג אויף איזי׳ן): יא, מען וועט היינט ניט דארפען האַלטען קיין סך וואסער אין שטוב. (זעצט זיך, שיילט קארטאָפעל, רעדט צו זיך אליין).

קלמן יצחק: ר׳ חיים משה, פון דער אַלטער׳ס ווערטער איז מיר אַ סקרוך איבערגעגאנגען איבער מיינע ביינער.

חיים משה: ביי מיר אויך. נאָר ווי זאָגט מען: קבצן מאך זיך הארץ. (ער רויכערט).

באָבע: דער ווינד יאָמערט אויף די בערג. (פּויזע. אלע זיצען שטיל, מען הערט ווי דער ווינד פייפט. די טהיר עפענט זיך גאנץ שטיל).

פנינה (קומט מיט איהר פיעדעלע. אלע בלייבען ערשטוינט. שטיל): איזי, איך בין געקומען צו דיר. דו האסט מיך גערופען און איך בין געקומען צו דיר.

איזי (עפענט די אויגען): פנינה! ביסט געקומען? אה גוטע, ערדעלע זעעלע. (ער זעצט זיך).

פנינה: יא. איך בין געקומען און וועל בלייבען דא מיט דיר. איזי, דא זאלען איצט ניט זיין קיין פרעמדע, וואלט איך בעדעקט דיין געזיכט און דיינע הענד מיט קושען און טרערען. איזי, איך געדענק ניט, ווי מען האט מיך צוגענומען פון דאנען. איצט אבער וועלען מיר זיך ניט שיידען מעהר. איך בלייב דא מיט דיר, איך וועל קיינעם ניט פאלגען, איך וועל דיך ניט פאלגען!

איזי: ניין, טהייערע, איצט וועל איך דיך ניט טרייבען פון דאנען, וועסט שוין בלייבען מיט מיר, ביז מיין ענדע וועט קומען. פנינה, איך בין גליקליך איצט...

חיים משה: איך פערשטעה ניט. ווי אזוי ביסטו דאס געקומען אהער?

פנינה (שטעלט אוועק איהר פיעדעלע): שש... איך האב זיי געזעהן, זיי מיך ניט! אין איין טריין געקומען מיט זיי. איך בין געזעסען אין לעצטען וואגאן, זיי אין פארלאר קאר. אה! איך קען איצט זיין זעהר פאר־זיכטיג! (זי זאגט עס, ווי א ביסעל א ניט־נארמאלער מענש). כע! זיי איז אפילו ניט איינגעפאלען.

קלמן יצחק: מען דארף זיי געהן זאגען, זיי זאלען ניט האבען קיין יסורים. דיין מאמע, נעבעך, האט געוויינט.

פנינה: ניין, ניין, ניט איצט! שפעטער! איך וועל זיי אליין געהן רופען אהער. זיי וועלען אלע דא מיר מוזען אבגעבען מיין מזל טוב. גענוג צו שטיקען און בעהאלטען אין זיך די געפיהלען, מיט וועלכע יעדעס מיידעל דארף זיין שטאלץ. הערסט א וועלט? עוועלינע שעהמט זיך ניט און איך דארף זיך שעהמען? ניין, דאס איז געענדיגט... איך וויל ליעבען און זיין געליעבט! ע... נו, טהייערע באבעניו, וואס מאכסטו? (קושט זי). וואס מאכט דער זיידע מיט דער צוקעמטער בארד? (קושט איהם). שלום עליכם ידידי היקר ר' קלמן יצחק! (דריקט איהם די האנד). מיין ארימער, מיין אונגליקליכער איזי. ווי בלאס, אבער ווי שעהן דו זעהסט אויס! (אונ־ערוואַרטעט אומארמט זי איהם, קושט איהם ליידענשאפטליך).

איזי: ניין, ניין, פנינה! (רייסט זיך ארויס פון איהר מיט אלע קרעפטען). ניין, זאג איך!

פנינה (שעפטשעט שטיל און ליידענשאפטליך): איך וויל זיין דיינע, איך וויל זיין דיינע!

איזי (הוסט): פנינה, וואס האסטו דאס געטהאן?

פנינה (ווערט זעהר פרעהליך): פערפאלען! איך וועל יעצט קיינעם ניט פאלגען מעהר! ר׳ קלמן איצע, א גרוס פון אייער פרומקע. זי איז א גליקליכע. איך בין איהר מקנא.

קלמן יצחק: עט! עס רעדט זיך נאר אזוי.

פנינה: איך האב ביי איהר די נאכט גענעכטיגט. א גאנצע נאכט גערעדט פון די אמאליגע צייטען. (טרוימעריש). א פערזאמלונג ביינאכט ווייט אין וואלד... בעגייסטערטע רעדעס, זיסע האפנונגען. ווי ווייט דאס אלעס איז געבליעבען הינטער מיר! (לעבהאפט). איהר ווייסט? איך בין געפאהרען אהער און האב מורא געהאט צו דענקען פון די בערג. איך זעה זיי שטענדיג, שטענדיג פאר מיינע אויגען, און איך האב מורא פאר זיי. דא איז אבער יעצט גאר אנדערש, ניט ווי איך האב געזעהן... די בערג זיינען פאר דער צייט גרוי געווארען, שפעטער וועלען זיי ווערען ווייס. ווארום שווייגסטו, איזי?

איזי: איך בין גליקליך, פנינה. עס איז גוט אין אזא אויגענבליק צו זעהן נעבען זיך א טהייערען פריינד.

חיים משה: זעה נאר, ער איז טאקע גאר אן אנדער מענש געווארען. ניין—ניין, וואס דען? (ווינקט כיטרע).

איזי: אמת, איך בין אן אנדערער איצט. איך האב שטענדיג גע׳טענה׳ט, אז אויף דער וועלט איז ניטא קיין גליק. ניט וואהר! עס איז דא גליק. מען דארף נאר אוועקרוימען די הינדערניסע. די וועלט איז שעהן, מען דארף נאר ניט דערלאזען מענשען זאלען זי פער׳מיאוס׳ן.

פנינה: יא, די וועלט איז שעהן, און מיר וועלען נאך זיין גליקליך. (ליידענשאפטליך). איך וועל דיר נאך זינגען דאס ליעד פון שיר השירים: שמאלו תחת לראשי וימינו תחבקני. זיין לינקע האנד איז אונטער מיין קאפ און מיט זיין רעכטער האנד אומארמט ער מיך...

באבע: אויף די בערג איז איצט...

פנינה (דערשראקען): ניין, ניין, איך וויל ניט! פון זיי דערצעהל איצט ניט! דערצעהל מיר בעסער פון איזי׳ן, ווי ער האט דא געלעבט? וואס ער האט דא געטהאן? איזי, טהייערער, ווארום שווייגסטו?

איזי: איך?... איך וויל זיך צולעגען. די אויפרעגונג האט מיך מיעד געמאכט. (לעגט זיך). דא איז ווייניג לופט... פנינה, אויב דו האסט ניט דאגעגען, וויל איך דאס גאנצע פענסטער זאל זיין אפען.

פנינה (עפענט דאָס פענסטער): ניין, טהייערער, איך האָב ניט דאַגעגען. ווען דו זאָלסט ווע‏לען, מען זאָל מיט א מעסער עפענען מיין הארץ, וואָלט איך אויך ניט געהאַט דאַגעגען. עס איז ניטאָ א זאַך אויף דער וועלט, וואָס איך וואָלט ניט געטהאָן פון דיינעטוועגען. (ליידענשאפטליך). דו הערסט? עס איז ניטאָ אזא זאַך.

איזי: יא? נו, זיי אַ גוטע פנינה, און אויב דו ביסט ניט מיעד פון וועג, שפיעל מיר דיזעלבע זאַך, וואָס דו האָסט מיר דאַן געשפיעלט צום ערשטען מאָל.

פנינה: יא, מיין טייערער, איך וועל דיר שפיעלען. איך בין ניט מיעד, איך בין גאָר ניט מיעד, איך וועל דיר שפיעלען אום דו זאָלסט פיהלען נאָך אמאָל, וואָס מיר האָבען דאַן געפיהלט אין יענע גליקליכע מינוטען, אום דו זאָלסט פיהלען, וואָס זאָגט דיר מיין הארץ. קום פיעדעלע, רעד דו צו איהם מיט דיין שעהנע, געטליכע שפראַך! (זי שפיעלט א טהייל פון די „ציגיינער וואַיזען").

איזי (קעהרט זיך אום צום וואַנד, שליעסט די אויגען, בלייבט רוהיג. ווען זי ענדיגט שפיעלען, זעצט זי זיך פון דער־ווייטען אויף אַ שטוהל און בלייבט פערטראַכט. אַלע זיצען שטיל. א לאַנגע פויזע).

פנינה (ערוואַכט): איזי, פאַר וואָס זאָגסטו מיר גאָר ניט? (קיין ענטפער. די באָבע גיט אַ קוק אויף איהם און געהט ראַש צום לאָנטש). איזי, דו הערסט ניט וואָס איך פרעג דיך? (געהט צו צו איהם). איזי!

באָבע: פניניה, רעד צו איהם ניט מעהר פון אונזערע נאַרישקייטען. ער דאַרף עס ניט הערען, ער איז ניט אונזערער מעהר. (חיים משה און קלמן יצחק דערשראָקענע לויפען צו צו איהם).

פנינה (שטיל): הא? וואָס הייסט עס?

חיים משה: שוין? (בעריהרט דעם קערפער). אָי, ווי קען מען דאָס פערשטעהן? (בלייבט זיצען נעבען לאָנטש ניעדערגעשלאָגען).

קלמן יצחק: גערעכטער גאָט, דו ווייסט, וואָס דו טהוסט. אָי, וועה איז מיר. (נעהמט פון זיין קעשענע א תהלים'ל און זאָגט תהלים גאַנץ שטיל).

באָבע: זיין נשמה איז דאָ ניטאָ מעהר. ער איז טויט. (זעצט זיך נעבען לאָנטש אויף אַ בענקעל און פערטראַכט זיך).

פנינה: איזי, מיין אָרימער איזי, דו לעבסט ניט מעהר? קען דאָס זיין, אז דו האָסט געשלאָסען דיינע אויגען אויף אייביג? דו וועסט קיינמאָל ניט הערען, וואָס איך זאָג דיר? דיינע ליפען וועלען זיך קיינמאָל ניט עפענען מיר צו ענטפערען? אָי, ער האָט נאָך ניט געלעבט און איז שוין

געשטאָרבען! ער האָט נאָך קיין גליקליכען אויגענבליק ניט געהאַט אין זיין לעבען, און איז שוין אַוועק פון דער וועלט! ערשט האָט דיין ערעלעס הארץ געפיהלט, איצט האָט זיך עס אָבגעשטעלט אויף אייביג, זיין קלאָרער געדאַנק האָט זיך פּלוצלינג איבערגעריסען... זיין נשמה איז ניטאָ דאָ מעהר, דער כהן גדול איז אַוועק פון זיין קדשי קדשים און נאָך דער חרוב'ער בית מקדש איז געבליעבען... דער העסליכער גאָט פון בלוט און פון אייזען האָט געפאָדערט אַזאַ יונגען, אַזאַ אונשולדיגען קרבן! (וויינט). מיר זיינען אַלע קרבנות, אָרימער איזי, דו האָסט אליין געזאָגט, מיר זיינען אלע קרבנות! מיר זיינען אַלע קרבנות. (וויינט לאַנג, דאַן ווישט זי אויס די טרערען און בערוהיגט זיך). צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען זעה איך דעם טויט. ער איז גאָר ניט אַזוי שרעקליך. צוגעמאַכט די אויגען און איינגעשלאָפען, אַזוי ווי אונזערע שטאַרקע אור־עלטערען פלעגען שטאַרבען אַמאָל. יאַ, ער איז איינגעשלאָפען, דער מאַרטירער. זעהט, ווי עס שיינט זיין הייליגעס געזיכט, אַ גוטער שמייכעלע שפּיעלט אויף זיינע ליפּען. ער איז רוהיג, ער ליידט ניט מעהר. אָרימער איזי, דו האָסט זיך בערוהיגט שוין? מיר וועלען זיך אַלע בערוהיגען. (זי טראַכט וועגען עפּעס. די באָבע געהט צו צום אַלטען קאַמאָד און זוכט וואָס. פּנינה מאַכט אַ כיטרע מינע, ווי אַ ניט־נאָרמאַלער מענש און נעהמט איהר פּיעדעלע). יאַ. יעצט דערווייַלע האָב איך דאָ ניט וואָס צו טהאָן. איך וועל געהן בערוהיגען אונזערע דאָרט, און וועל באַלד קומען צוריק. מיין מאַמע האָט געוויינט, זאָגט איהר? אָרימע מאַמע.. (געהט ביז דער טהיר, שטיל). אָה! אשא עיני אל ההרים, איך הויב אויף מיינע אויגען צו די בערג און איך פרעג: פון וואַנען וועט קומען מיין הילף? פון וואַנען? (אַ בליץ מיט די אויגען). שש... איך געה צו אייך, איהר אייביג־שלאָפענדיג בערג! אהין! וואו דער ווינד קלאָגט מיט אַ ביטערען געיאָמער, און די בוימער שטעהען, ווי מצבות. איך וויל זיין הויך, איבער דעם טהאָל פון טרערען און טרויער. איך וויל זיין העכער פון די וואָלקענס, העכער פון אַלעמען און פון אַלעס. (גאַנץ שטיל מיט אַ ווילדען בליק). אַהין! צו זיי! צו די בערג! (אָהן אַ הוט מיט איהר פּיעדעלע אין האַנד. אַב).

באָבע (געהט צו צום לאָנטש מיט אַ ווייסען שטיק טוך. גאַנץ רוהיג): מיין זוהן, איך האָב ביסלעכווייז געזאַמעלט און צוגעגרייט פון דיינעטוועגען. (מאַכט צו זיינע אויגען). איך מאַך צו דיינע אויגען, זיי זאָלען מעהר ניט זעהן די וועלט, וואו דו האָסט אַזוי פיעל געפּלאָגט זיך און געליטען. (אַלע בלייבען זיצען שטיל, קלמן יצחק זאָגט שטיל תהלים מיט אַ וויינענדיגער שטימע. עס ווערט פינסטער, דאַן הערען זיך די פרעהליכע שטימען און

געלעכטער פון עוועלין, מעלקין, טאָרבע, וועלכע געהען אהער. דאַן פער־שווינדט אַלעס).

פנינה (מען הערט, ווי דער ווינד יאָמערט און רוישט. זי קומט לאַנג־זאַם, איהרע האָאר צואוואָרפען. איהר פיעדעלע אונטער׳ן אָרעם): איך בין אַליין דאָ אין דער הויף. איזי האָט זיך אומגעקעהרט צוריק און איך האָב דאָרט קיינעם ניט. (זי הערט זיך צו). איהר הערט, ווי דאָרט אין די שטעדט קאָכט דאָס לעבען? מען לויפט, מען איילט זיך, מען פרעהט זיך, מען טרוימט. די גרויסע בערג און די קאַלטע וואָלקענס ווייסען דערפון ניט. (עס הויבט אָן זעהר שטאַרק צו שנעען). מיליאָנען מענשען דאָרט אין די טהאָלען אַרבייטען, פּלאַגען זיך, ליידען... נאָך וואָס דאַרפען זיי דאָס? די בערג זיינען רוהיג און גלייכגילטיג. זעה, איך האָב גאָר ניט מורא יעצט. דער ווינד יאָמערט איבער מיר, און די וואָלקענס בעוויינען מיך מיט זייער קאַלטען שנעע און מיך אַרט ניט. איך פיהל גוט. מיר איז וואַרים, דאָס בלוט קאָכט אין די אָדערען און דער ווינד שטיפּט מיט מיר. כאַ־כאַ־כאַ! הער אויף! הער אויף! אני לדודי ודודי לי. (זי זעצט זיך). עי! בערג־גייסט, איך בין דאָ ביי דיר, פערוויקעל מיך אין דיין ווייסען מאַנטעל, דריק מיך צו צו דיין ברוסט, אומאַרעם מיך מיט דיינע מעכטיגע אָרעמס! שמאלו תחת לראשי וימינו תחבקני... איהר הערט אַ גערויש? קול דודי — דאָס איז די שטימע פון מיין געליעבטען, הנה זה בא — ער קומט! מדלג אל ההרים, מקפץ על הגבעות — ער שפּרינגט און שפּאַנט איבער די בערג! שש... זיי ווייסען דאָרט ניט, אַז איך בין דיין כלה. יא, עס איז וואַהר, איך וויל זעהר זיין אַ מוטער, און אָט איז מיין קינד, מיין טהייער, מיין ליעב, מיין אָרים קינד! (דריקט צו זיך איהר פיעדעלע). אַלטער בערג־גייסט, דו הערסט? קום, נעהם מיך!... שש... מיין קינד, זיי רוהיג, ער וועט קומען, ער וועט קומען... ער וועט קומען נאָך אונז, מיר ביידע וועלען איינ־שלאָפען דאָ, און ער וועט קומען צו אונז מיט זיין זילבערנע באָרד און פייערדיגען אָטהעם. (גאַנץ שטיל). ליעבער, ווענסטו קומען צו מיר? אַיאָ? יא!

עכאָ (אָבגעהאַקט און ניט הילכיג): האָ! האָ! (עס הערט זיך דער קלאַנג פון אַ מעטאַלענער שטענגע).

פנינה (נויגט איהר קאָפּ צום פיעדעלע אַליץ ניעדריגער און ניעדריגער, דער שנעע פאַלט און בעדעקט זי. דער ווינד יאָמערט).

(פאָרהאַנג.)